

וויליאַם שעקספּיר
לויט אַ ניי־געפונענעם פּאָרטרעט



װ י ל י אַ ם  ש ע ק ס פּ י ר
די גראַװירונג, װאָס איז בײגעלײגט צו דער ערשטער „פֿאָליאָ"




שעקספּירס קבר אין דער „הייליקער דריי־אייניקייט״ קירכע



דאָס ניי־אויסגעבויטע מעמאָריאַל טעאַטער אין סטראַטפאָרד



דאָס „גלאָוב"־טעאַטער אין לאָנדאָן אין 1612



אַ מיטלאַלטערלעכער מיראַקל־אויפפירונג



יעקב פּ. אַדלער אַלס שיילאָק



מאָריס שוואַרץ אַלץ שיילאָק



ש. מיכאָעלס אַלס קעניג ליר



רודאָלף שילדקרויט אַלס שיילאָק

## פון זעלבן מחבר:

טעאַטראַליאַ, פאַרלאַג יאַטשקאָווסקי, וואַרשע 1929.

פון מיינע וואַנדערונגען, פאַרלאַג בידערמאַן, ניו־יאָרק 1935

דאָס בוך איז דערשינען מיט דער הילף
פון די פאַמיליעס נעקטאָוו, גאַרנער,
טשעלניק, בודיש און ווילנער
אין אָנדענק פון זייער מוטער,
שוואָגער און ברודער
רחל און איזאַ נעקטאָוו

געדרוקט אין 2,200 קאָפּיעס.

A. Teitelbaum — William Shakespeare, Published by Yiddisher Kultur Farband (Ykuf), 189 Second Ave., New York, N. Y. 1946.
*Printed in U. S. A.* 400

# פאַרוואָרט

סוף זומער 1937 בין איך געפאָרן קיין סטראַטפאָרד ביים עוואָן, כדי צו זען די שעקספּירישע פעסטיוואַל־אויפפירונגען, און אויך צו זיין אין דעם געבוירן־אָרט פון דעם גרויסן טעאַטער־דיכטער. ארומוואַנדערנדיק איבער די שטילע געסלעך, און אַרום דעם טייך־ברעג, וואו עס שוועבט נאָך כמעט דער אָפּהויך פון זיין גייסט, האָב איך נאָכגעטראַכט איבער דעם באַדויערנסווערטן פאַקט, וואָס אין אונדזער יידישער ליטעראַטור, וועלכע קאָן שוין אָנווייזן אויף אַ גאַנצער ריי פון שיינע, ווירדיקע דערגרייכונגען, איז אינגאַנצן פאַרנאַכלעסיקט געוואָרן די דערשיינונג וויליאַם שעקספּיר — דער שטאָלץ פון דעם וועלט־טעאַטער און וועלט־דיכטונג. אַ סך וויכטיקע ווערק איבער די גרויסע גייסטער פון געדאַנק, סיי אונדזערע אייגענע, און סיי וועלטלעכע, זיינען שוין אַריינגעברענגט געוואָרן אין דעם יידישן ליטעראַטור־אוצר, אָבער דאָס לעבן און ווירקן פון דעם סטראַטפאָרדער גאון איז געבליבן לחלוטין פרעמד און פאַרשלאָסן פאַר דעם יידישן לייענער.

ס'איז אַן אָנגענומענער פאַקט אין דער קולטור־וועלט, אַז די רייכקייט פון אַ שפּראַך און די חשיבות פון אַ ליטעראַטור ווערן געמאָסטן לויט זייערע וויכטיקע איבערזעצונגען פון דער ביבל און פון די ווערק פון וויליאַם שעקספּיר. איז אויב אויף דעם געביט פון דער ביבל־ און שעקספּיר־איבערזעצונגען זיינען שוין ביי אונדז געמאַכט געוואָרן גאַנץ ווירדיקע התחלות — גענוג אָנצואווייזן אויף די באַזונדערע איבערזעצונגען פון שעקספּירס ווערק דורך די פאַרשיידענע יידישע דיכטער, ווי י. י. שוואַרצס „האַמלעט" און „דזשוליוס צעזאַר", י. גאָלדבערגס „ראָמעאָ און דזשוליעט", „ריטשאַרד דער דריטער", און „האַמלעט", מאַרק שווײדס „אָטעלאָ" (געשפּילט געוואָרן אין ניו־יאָרקער „יידישן קונסט־טעאַטער"), „שטורעם", „מאַקבעט", „מיטזומער־נאַכט חלום" (נאָך אין מאַנוסקריפּט), אהרן ציילינס „שטורעם" (געשפּילט אין לאָדזער און וואַרשעווער יידישע טעאַטערס), דר. אייסענס „קעניג ליר" און ש. האַלקינס איבערזעצונג פון זעלבן שטיק, יעקב מילכס „סוחר פון ווענעדיק", י. באָושאָווערס „שיילאָק" און ה. ד. נאָמבערגס „ראָמעאָ און דזשוליעט"

— איז אויב אויף דיביידע געביטן איז שוין געמאַכט געוואָרן אַ גאַנץ ווײַכטיקער אָנהייב, האָט מען אָבער ווײניק שעקספּירן במעט גאָר־נישט געשריבן אין יידיש. ס'איז קיינמאָל ניט געמאַכט געוואָרן קיין פּאַרזוך צו באַקענען דעם יידישן לייענער מיט דעם לעבן און שאַפן פון דעם, וועמען די גאַנצע וועלט־ליטעראַטור און וועלט־טעאַטער הערן ניט אויף צו באַוואונדערן און באַערן. אַ חוץ אַ צוויי־זייטיקע נאָטיץ־ביאָגראַפיע וואָס איז צוגעגעבן אַלס הקדמה צו ד. הערמאַלינס איבערדערצייי־לונג פון שעקספּירס פּיעסן (1912); אַ גאָר קורצע אָפּשאַצונג־ביאָגראַפיע פון י. י. שוואַרץ און דזשאָזעף איראַן אַלס הקדמה צו דער „האַמלעט"־איבערזעצונג; אַן עסיי „האַמלעט דער גריבלער" פון יעקב גאָרדין; אַ קורצע סעריע עסייען פון דר. א. קאַראַלניק; עטלעכע קאַפּיטלען באַטראַכטונגען איבער „שיילאָק" פון דעם וויִשפּילער־שרייבער אברהם מאָרעוווסקין, און לעצטנס די סעריע „שעקספּירס פּרויען" פון יואל ענטין — אַ חוץ די און נאָך עטלעכע צעוואָרפענע ארבעטן איז, ווי ווייט מיר איז באַקאַנט, במעט גאָרניט געשריבן געוואָרן איבער שעקספּירן פאַר די לעצטע יאָרן זייט אונדזער יידישע ליטעראַטור האָט דורכגעמאַכט דעם אַזוי־שיינעם אויפבלי אירן. אַ פאַקט וואָס קאָן אפשר דערקלערט ווערן דורך די אָדער אַנדערע סיבות, אָבער וואָס בלייבט אַלץ איינס פאַרדריסלעך.

נאָכטראַכטנדיק איבער דעם, האָט זיך אין מיר דערוועקט דער פאַרלאַנג אָנצוהייבן צוגרייטן אַ ביאָגראַפיע פון דעם גרויסן טעאַטער־דיכטער, און די פאָרליגנדיקע ארבעט „וויליאַם שעקספּיר" איז דער רעזולטאַט דערפון. ס'איז פאַרשפּאָרט צו זאָגן, אַז מיין באַזוך אין סטראַטפאָרד, וואָס איז געווען דער אָנשטויס פאַר דער אונטערגענומענער אַרבעט, האָט נאַטירלעכערוויז געהאַט אַ השפעה אויף דער פאָרם, אין וועלכער זי האָט האָט זיך אויסגעשטאַלטיקט. כ'האָב זיך ניט געקאָנט באַפרייען פון דעם פּערזענלעכן איינדרוק, וואָס שעקספּירס געבוירן־אָרט, זיינע באַליבטע שפּאַציר־פעלצער, זיין חתונה־שטוב, זיינע גערטנער פון דעם „גרויסן הויז", וואו ער האָט געלעבט די לעצטע יאָרן, און אויך זיין באַשיידענער קבר האָבן אויף מיר געמאַכט. און איך האָב פּרובירט צו געבן די געשיכטע פון זיין לעבן אויף דעם הינטערגרונט פון די אַלע ערטער, וואָס איך האָב באַזוכט. אַזוי אַז מיר איז אויסגעקומען צו מישן כסדר פאַרגאַנגענהייט מיט קעגנוואַרט; הײַנט־צוטאָגיקע אימפּרעסיעס אַלס נאָכקלאַנג פון אַמאָליקע געשעענישן.

איך האָב זיך ניט געשטעלט קיין אויפגאַבע צו געבן אַן אייגענע,

אינדיווידועלע אויפפאסונג פון, אָדער אַ „נייעם" צוגאַנג צו דעם לעבן פון וויליאם שעקספּיר. ס'איז ניט שייך דאָס צו טאָן ווען ביי אונדז איז נאָך אפילו קיין סימן נישטאָ פון קיין „אַלטן" צוגאַנג צו שעקספּירן; בשעת דער ענין איז נאָך אַזאַ פריש, אומבאַאַרבעט פעלד. איך וויל האָפן, אַז ווען עס איז, וועט ווער פון אונדזערע באַרופענע דיכטערס, אַ שעקס־פּיר־קענער, מאַכן עס פאַר זיין אויפגאַבע אונדז צו געבן אַן אָריגינעלע שעקספּיר־שטודיע דורכאויס אין עכט־יידישן גייסט. אַלס התחלה האָב איך בלויז זיך באַמיט צו געבן אין מיין אַרבעט אַזוי פיל ביאָגראַפישן מאַטעריאַל, צונויפגעזאַמלט סיי פון די אַלטע און סיי פון די נייעסטע קוואַלן, אַז דער יידישער לייענער, האָבנדיק דורכגעלייענט דעם בוך, זאָל — אַזוי האָף איך — קאָנען האָבן אַ גענוגנדיקן באַגריף וועגן וויליאם שעקספּירן, זיין לעבן, זיין עפּאָכע, די מערסטע ווערק, וואָס ער האָט גע־שאַפן, און דעם טעאַטער וואו ער האָט פאַרבראַכט די שענסטע יאָרן.

וואָס שייך דער אַנאַליזירונג פון שעקספּירס פּערזענלעכקייט, אָדער זיינע געשאַפענע טראַגישע און קאָמישע העלדן, זיינען פון די אומצייליי־קע, וואָס האָבן דאָס געטאָן, מיר אָמנעענטסטן געווען געאָרג בראַנדעס, א. צ. בראַדלעי, און ה. נ. האָדסאָן, מיט וועמענס אַרבעטן איך האָב זיך פריי באַנוצט.

פאַרשטייט זיך, אַז אין אַזאַ בראשיתדיקער אַרבעט האָב איך אפילו ניט געזוכט אָפּצוטיילן, וואָס איז זיכער פעסטגעשטעלטער פאַקט, און וואָס איז אָנגענומענע טראַדיציע אין שעקספּירס לעבן. אַ חוץ ספּעציע־לע וויסנשאַפטלער טוען עס אויך ניט די הונדערטער ביאָגראַפן זיינע. זיי רויבן ניט צו ביי דעם לייענער די הנאה, וואָס ער האָט לייענענדיק אפילו די אויסגעפאַנטאַזירטע עפּיזאָדן, וועלכע האָבן זיך אריינגעוועבט אין דער לעבנס־געשיכטע פון דעם, וואָס האָט דער וועלט געגעבן די אַזוי וואונדערלעך־פאַנטאַסטישע „מיטזומער־נאַכט חלום", „שטורעם", „מאַק־בעט" און „האַמלעט". איך האָב נאָר, ווי ווייט מעגלעך, אויפמערקזאַם געמאַכט אויף דעם טראַדיציאָנעלן כאַראַקטער פון געוויסע פאַקטן.

ס'איז ניט אריינגעגאַנגען אין מיין פּלאַן אַרויסצוברענגען די אַלע השפּעהס, וואָס דאָס שעקספּירישע טעאַטער האָט געהאַט אויף אונדזער יידיש טעאַטער. דערצו פאָדערט זיך אַ באַזונדערע, גרינטלעכע אַרבעט. כאָטש דער אויפמערקזאַמער לייענער וועט באַשטימט זיך אָנשטויסן אויף אַ סך ענלעכקייטן צווישן זיי ביידן, סיי אין דעם אַלטן יידישן רעפּער־טואַר, סיי דעם באָמבאַסטישן אופן פון שפּילן, די פאָרמען פון די

אויפפירונגען, און, דער עיקר, אין דער אומגעצוימטער, אוממיטלבארער האלטונג פונעם פובליקום.

בנוגע דער אזוי פיל פובליקירטער פראגע שעקספיר־בייקאן, האב איך זי אינגאנצן אויסגעמיטן. ראשית ווייל איך מיין, אז זי האט בכלל נית קיין ארט אין אן ערשטן ביאגראפישן בוך, ווען דער לייענער ווייסט אזוי ווייניק וועגן שעקספירן. און והשנית, ווייל ביי מיר איז קיין שום ספק נישט, אז דער גאנצער ענין איז ניט מער ווי קינסטלעך אויפגע־בלאזן פון א ריי סענסאציע־זוכערס, וואס האבן פרובירט צו מינימיזירן די גרויסקייט פון דעם „קלאון פון סטראטפארד", ווי זיי רופן שעקספירן חוזקדיק אן.

גאנצע צוויי הונדערט יאר כמעט האט קיינער ניט געוואגט אפצור־פרעגן די אויטענטישקייט פון דעם מחבר פון „אטעלא", אדער „קעניג ליר". ערשט אינמיטן פון 19טן י.ה. האט מען אנגעהויבן צו זוכן פרעטענ־דענטן אויף שעקספירס קרוין. פארשטייט זיך, אז דער פאסיקסטער פרע־טענדענט איז געווען פרענציס בייקאן, דער געלערנטסטער וויסנשאפט־לער און וויכטיקסטער פילאזאף פון דער עליזאבעטישער צייט. אין 1857 האט די אמעריקאנערין דעליא בייקאן אפילו געשאפן די באשטעטיקונג פון איר בייקאן־טעאריע דורך א געוויסן שיפער אין שעקספירס ווערק, לויט וועלכן זי האט באשיינפערלעך „באוויזן", אז דער באהאלטענער שרייבער זייערער איז געווען פרענציס בייקאן. אויך סער עדווין דור־נינג־לאורענץ באנוצט זיך מיט דער שיפער־טעאריע, ווען ער נעמט אן דאס אומדערקלערלעך לאנגע, צעדרייטע ווארט אין דער „פארלוירענער ליבעס־מי"

“HONORIFICABILITUDINITATIBUS”

אלס אנאגראם, וואס דארף אנוויזן, אז די אנגענומענע שעקס־פיר־ווערק זיינען געשאפן געווארן דורך פרענציס בייקאן. די שיפער־טעאריע איז נאך אין 1887 איבערגעחזרט געווארן דורך איגנא־ציוס דעליוסן. אבער דעם בעסטן ענטפער האט געגעבן אויף דעם דער חכם בערנארד שאו, ווען ער האט פארפאסט א שיפער־טעאריע, לויט וועלכער ער האט חוזקדיק באוויזן, אז דער פארפאסער פון שעקספירס ווערק איז ניט קיין אנדערער ווי בערנארד שאו . . .

און ווען די בייקאן־טעאריע האט געפלאצט ביי דעם ערשטן פאר־זוך צו פארגלייכן זיינע, בייקאנס, טרוקענע שריפטן מיט די פאנטאזיע־פולע, קינסטלעריש־באפליגלטע ווערק פון ווילעם שעקספירן, האט מען אנגעהויבן צו זוכן אנדערע פרעטענדענטן אויף דעם כבוד. אזוי ארום האט מען פארזוכט דעם פורפור־מאנטל אנצוטאן אויף די פלייצעס פון

עדוואַרד דע ווער, דעם 7טן אוירל פון אָקספאָרד, וואָס איז געווען קלאַסיש געלערנט, אַן אויסגעצייכנטער לינגוויסט, אין דער זעלבער צייט וואָס ער איז אויך געווען אַ מוזיקער, טענצער און פערד־רייטער. פאַר דעם כבוד זיינען נאָך אויך נאָמינירט געוואָרן עדוואַרד סטענלעי, דער 6טער אוירל פון דערבי, און לאָרד ראַטקליף. אַפּעלטאָן מאָרגאַן (1881) איז שוין גרייט געווען אַפילו צו מאַכן די הנחה, אַז „שעקספּירס" ווערק זיינען ניט געשריבן געוואָרן פון איין שרייבער נאָר פון אַ גאַנצער גרופּע, אַ מין טראַסט, אין וועלכן עס זיינען אַריינגעגאַנגען סיי סאָוטעמפּטאָן, ראַליי, עסעקס, רוטלאַנד, מאָנטגאָמערי און בייקאָן. און זיי אַלע צוזאַמען האָבן עס אויסגעקליבן צוצוטיילן דעם כבוד ביים לעבן און די אומשטערבלעכקייט נאָכן טויט, דעם אומגעבילדעטן אַקטיאָר, וואָס האָט קוים געהאַט געענדיקט אַ מין היינטיקע מיטלשול. לעצטנס האָט אַלדען ברוקס אַרויסגעפירט אַ נייעם יורש אויף שעקספּירס גרויסקייט — סער עדוואַרד דייער, דעם פּאָעט, מעצענאַט, דיפּלאָמאַט און פאַוואָריט פון דער קעניגין עליזאַבעט.

די אַלע פּרעטענדענטן־זוכער האָבן אינגאַנצן איגנאָרירט דעם פאַקט, אַז סיי זיינע קאָלעגן שוישפּילער, וואָס האָבן שעקספּירן געזען טעגלעך ביי דער אַרבעט אין טעאַטער, וואו פּיעסן זיינען געשאַפן און איבערגעשאַפן געוואָרן כמעט פאַר אַלעמען אין די אויגן, און סיי זיינע קאָלעגן־שרייבערס, ווי קריסטאָפער מאַרלאָו, בען דזשאָנסאָן, טאָמאַס העיוואָוד און באָומאָנט און פלעטשער, וועלכע האָבן מיט אים דירעקט מיטגעאַרבעט איבער געוויסע פּיעסן — קיין איינעם פון זיי איז אַפילו ניט איינגעפאַלן, ניט ביי זיין לעבן און ניט נאָך זיין טויט, צו וואַרפן אַ חשד אויף זיין פאַרדינטן רום.

אָבער די אַלע געצוואונגענע טעאָריעס און השערות ווערן געשאַנקען זייער ווייניק ערנסטקייט דורך די געלערנטע, וואָס פאָרשן מיט דער גרעסטער פאַרערונג די ווערק פון דעם „באַרד פון עוואָן". און זיי דאַרפן פונקט אַזוי ווייניק אויפמערקזאַמקייט געשענקט ווערן דורך דעם יידישן לייענער פון דער ערשטער לעבנס־באַשרייבונג פון דעם, וואָס וועט אייביק בלייבן אַ וואונדער און אַ פרייד פאַר דער קולטורעלער מענטשהייט.

* * *

איך וויל דאָ אויסדריקן מיין האַרציקן דאַנק צו די אַלע, וואָס זיינען געווען אַזוי פריינטלעך מיר צו העלפן אין דער פאַרליגנדיקער אַרבעט. נעמלעך — מיין קאָלעגע און פריינט מאַרק שווייד, דעם שוישפּילער און

דיכטער, וואָס האָט ספּעציעל פאַר מיר איבערגעזעצט אַלע ציטירטע שעקספּיר־אויסצוגן; דעם דיכטער י. י. שווארץ פאַר דערלויבן מיר זיך צו באַנוצן מיט די שטעלן פון זיינע „האַמלעט" און „יוליוס צעזאַר"־איבערזעצונגען; מיין פריינט דר. א. אייסען פאַר דערלויבן מיר צו באַנוצן זיינע סאָנעט־איבערזעצונגען; און מיין קאָלעגע משה שאָר, דעם שוישפּילער און דראַמאַטיקער, פאַר זיינע איבערזעצונגען פון די עפּיטאַפן איבער די קברים פון וויליאַם שעקספּיר, ען שעקספּיר, און זייער טאָכטער סוסאַנאַ האָל.

— א. ט.

אויב דיר איז מעגלעך אויסצומיידן די אַלע געוועלבער מיט די פּאַר־שיידנסטע סואווענירן פאַר טוריסטן, וואָס פּילן אָן די שמאָלע, אַלט־צייטיקע געסלעך ; אויב דו קאָנסט „פאַרמאַכן די אויגן" און ניט באַמערקן דאָס איצטיקע, היינטיקע, וואָס רופט דיך צו דער גרויער וואָכעדיקייט — ביזטו אין שעקספּיר־לאַנד. געפינסטו זיך אין דעם פּאַרצייטיקן, כמעט פאַרהייליקטן סטראַטפאָרד ביי דעם עוואָן־טייך. אין דעם ווינקל פון דעם אַלטן ענגלאַנד, אין וואַרוויקשיר־געגנט, וואָס האָט דער וועלט געשענקט די וואונדערלעכסטע מתנה, איינעם פון די שענסטע ליבע־זינגערס, וואָס די מענטשהייט האָט געהאַט — וויליאַם שעקספּיר.

נישט געקוקט אויף די קלוגע געשעפטסלייט, וועלכע באַמיען זיך יעדעס שטיקל אָרט, וואָס האָט געהאַט אַ שייכות מיט דעם „זינגער פון עוואָן" צו פאַרוואַנדלען אין עפּעס, וואָס לאָזט זיך גוט באַצאָלן דורך די טויזנטער באַזוכערס — נישט געקוקט אויף זיי, האָט סטראַטפאָרד נאָך אויפבאַהאַלטן איר גאַנצן חן, איר ליבע אייגנאַרטיקייט, און וואַרעמע, קליינשטעטלדיקע פּשטות, ווי אין יענע טעג, ווען וויליאַם שעקספּיר — דער גרעסטער בינע־דיכטער פון אַלע צייטן — איז געווען איינער פון אירע איינוואוינער.

מען פּאָרט אַהער מיט בענקשאַפט און פאַרכטיקייט. עס איז סטראַטפאָרט ביים עוואָן־טייך. דער נאָמען, וואָס איז אַזוי אומאָפּטיילבאַר פון דעם אַקטיאָר־פּאָעט, וואָס האָט אונדז געשאָנקען דעם גרויסן אוצר טעאַטער־דיכטונגען, אין וועלכע עס ווערן אויף אַ געניאַלן אופן אָנטפּלעקט די געהיימסטע ווינקלען פון דער מענטשלעכער נשמה ; וועלכע רעכענען זיך פאַרן העכסטן, וואָס קאָן געזונגען ווערן וועגן מענטשלעכן האַרץ.

ווייל אָפּגעזען דערפון, וואָס וויליאַם שעקספּיר האָט זיין רום און גרויסקייט דערוואָרבן אין דעם עליזאַבעטישן לאָנדאָן, אויף די ברעטער פון דעם דעמאָלסטדיקן באַרימטן „גלאָוב"־טעאַטער ; אין די קרייזן פון די ליטעראַרישע „פאַלקאָן" און „מערמייד"־קרעטשמעס ; אָדער צווישן

די לאָרדן און דאַמען פון קעניגלעכן הויף, איז עס אָבער פּאָרט געווען זײַן הײמיש שטעטל סטראַטפאָרד, וואָס איז אים געבליבן אײגן און נאָענט זײַן גאַנץ לעבן.

אין סטראַטפאָרד האָט ער דערזען די ליכטיקע שײַן פון גאָטס וועלט, וואָס ער האָט ליב געהאַט, פאַרשטאַנען און באַזונגען אַזוי כשופדיק. דאָ האָט ער זיך אײַנגעהערט, אין זײַן פריסטער יוגנט, אין אַלע באַצויבערנ־דיקע, אָטעם־פאַרכאַפּנדיקע מעשות וועגן ליכטיקע „פעיעס", בײזע רו־חות און גראָטעסקע מכשפות, וואָס האָבן שפּעטער צוגעגעבן אַזוי פיל שײנקײט און פּראַכט זײַנע גרויסע שאַפונגען. דאָ האָט ער געקראָגן זײַן ערשטע אויסבילדונג, און זיך אָנגעלײענט מיט די אַלע ראָמאַנסן און לע־גענדעס, וואָס האָבן שפּעטער געדינט אַלס דיכטערישער מאַטעריאַל פאַר זײַנע געניאַלע ווערק. אין סטראַטפאָרד האָט ער געחלומט זײַנע יונגע חלומות. דאָ האָט ער איבערגעלעבט די ערשטע פּײַנען און פרײדן פון דער ליבע, וואָס זײַנען שפּעטער, אונטערן כשוף פון זײַן ריזיקן דיכטערישן טאַלאַנט, דערהויבן געוואָרן צו די שענסטע האַרץ־געזאַנגען, וואָס די וועלט־ליטעראַטור פאַרמאָגט. די דעראינערונגען פון זײַן הײמיש שטעטל, און דער אַראָמאַט פון זײַנע הײמישע פעלדער און וועלדער אַרום סטראַט־פאָרד באַגלײטן אים און הערן זיך כמעט אין יעדן פון זײַנע ווערק. סײ עס איז אין „אַ מיטזומער־נאַכט־חלום", סײ אין „ווי אײַך געפעלט", אָדער אין „שטורעם"; אומעטום וואו ער באַזינגט נאַטור־סצענעס טוט ער עס תמיד לויט די בילדער פון די וועלדער אין אַרדען, אַרום סטראַט־פאָרד, וואָס זײַנען אים אַזוי ליב. זײַן קינסטלערישער זכרון איז פול מיט די שטימונגען און איבערלעבונגען פון די פאַרחלומטע זומער־נעכט און פּראַסטיקע ווינטער־טעג אַרום דעם שטיל־פליסנדיקן, אָדער מיט אײַז־באַדעקטן עוואָן־טײַך.

שעקספּיר רײַסט קײנמאָל ניט איבער זײַנע פאַרבינדונגען מיט זײַן געבוירן־שטאָט. ווען ער געפינט זיך אויף דער העכסטער הויך פון זײַן באַרימטקײט, נאָך דער שאַפונג פון „האַמלעט", פאָרט ער קײן סטראַט־פאָרד זיך אײַנצוקויפן דאָס „גרויסע הויז", „בײַ־אָרט", און ווערט אײנער פון די חשובסטע בירגער אין שטעטל. און צום סוף פון זײַן לעבן, ווען ער רײַסט איבער זײַנע פאַרבינדונגען מיטן טעאַטער; ווען ער פאַרלאָזט לאָנדאָן זאַט אין כבוד און פאַרערונג, אָנגעפילט מיט גרויסע איבערלעבונ־גען און נצחונות; ווען זײַן האַרץ איז מיד פון אויסשפּינען אָט־די קאָלאָ־סאַלע געוועבן פון מענטשלעכע דראַמעס, טראַגעדיעס און קאָמעדיעס, איז עס אין זײַן אַלטן, ליבן סטראַטפאָרד וואוהין ער קערט זיך אום, ווי אַ פאַר־

בלאָנדזשעט קינד צו דער שוועל פון דעם עלטערן־הויז, כדי די לעצטע יאָרן זיינע צו פאַרברענגען אין רו און אין שטילקייט, אין אַכטונג געבן אויף זיינע בלומען אין גאָרטן, און אין פרידלעכע שמועסן מיט די נאָענטע שכנים. און ווען ער אַנט, אַז דער טויט איז נאָענט, און ער איז גרייט זיך צו באַהעפטן מיט דער ערד פון סטראַטפאָרד, פון וואַנען ער איז געקומען, דריקט ער נאָך אויס זיין לעצטן וואונטש צו בלייבן אומגעשטערט אין זיין היימישן שלאָף אין דעם עפּיטאַף, וואָס געפינט זיך איבער זיין קבר אין דער קליינער, שטילער „הייליקע דריי־אייניקייט“־קירכע:

„געבענטשט דער מענטש וואָס שוינען וועט דעם שטיין
פאַרשאָלטן ווער ס'וועט רירן מיין געביין“.

און צום שבח פון סטראַטפאָרד מוז געזאָגט ווערן, אַז זי האָט ביזן לעצטן אָפּגעהיט אָט־די שעקספּיר־צוואה. נישט געקוקט אויף דער גרויסער באַוועגונג, וואָס איז אָנגעגאַנגען איבערצופירן דאָס געביין פון דעם „באַרד פון עוואָן“ אין דער „וועסטמינסטער עבעי“, די קעניגלעכע קירכע פון לאָנדאָן, וואו עס ליגן די גרעסטע גייסטער, די באַרימטסטע שטאַטסמענער, און די נאַציאָנאַלע דיכטער פון ענגלאַנד, איז אָבער סטראַטפאָרד דאָך געלונגען אויפצובאַהאַלטן דאָס אַש פון איר גרויסן זון ביי זיך אין דער היים. זיין קבר, אין דער סביבה פון זיין פרוי, טאָכטער און איידעם, וואָס ליגן צוזאַמען מיט אים, אויבנאָן ביי דעם אַלטאַר פון דער קירכע, ווערט אויפבאַהאַלטן און אָפּגעהיט, פונקט ווי עס ווערט אָפּגעהיט און פאַרהייליקט דאָס „געבוירן־אָרט“, וואו שעקספּיר האָט דערזען דעם שיין פון לעבן. אַזוי אַז מען קאָן אין סטראַטפאָרד דורכשפּאַצירן דעם גאַנצן לעבנס־שפּאַן, פון וויגל ביז צום קבר, פון דעם געניאַלן באַזינגער פון מענטשלעכע פריידן און ליידן.

און וואָס פאַר אַ זעלטענע פּריווילעגיע דאָס איז צו קאָנען נאָכשפּאַצירן אין די פיס־טריט פון דעם גרויסן מייסטער, ווען ס'איז באַשערט געווען צו באַהעלן די לעבנס פון מיליאָנען מענטשן איבער גאָר דער וועלט פאַר לאַנגע צייטן און דורות; פאַר וועמען די גאַנצע וועלט איז אַ בינע.

דו גייסט אַרום אין די העלע זומער־טעג, און הערסט זיך ניט אויף צו וואונדערן: פון וואַנען אָט־די פלאַמענדיקע פאַנטאַזיע ביי דעם פשוטן זון פון אַ קליינשטעטלדיקן, האַלב־פאַרמעגלעכן וואָל־ און פעל־הענדלער? ווי קומט ער צו די גרויסע, שווינדלענדיקע וויזיעס פון ווייטע לענדער, פלאַקערנדיקע מלחמות און מענטשלעכע נשמה־צוזאַמענשטויסן? שפּאַ־

צירסט אַרום און טראַכסט: ווייניק האָט זיך געחלומט אָט־דעם שמאָלן, געדרייטן, שטיל־פּליסנדיקן עוואָן־טייך, וואָס איז אַזאַ ליבער טייל פון סטראַטפּאָרד, אַז זיין שם וועט זיך צעטראָגן איבער דער גרויסער וועלט אַדאַנק דעם צאַרט־פּנימדיקן, מילד־אויגיקן ייִנגל, וואָס האָט אַזוי ליב געהאַט זיך צו שפּילן אַרום זיינע באַוואַקסענע ברעגן, אַזוי ספּריטנע צו שווימען אין זיינע וואַסערן, אָדער גליטשן זיך אַזוי קונדסיש איבער זיין פאַרפרוירענער אויבערפלאַך.

וואַנדערסט אַרום, און דו דערפילסט ביסלעכווייז, ווי אין דיר אַליין גייט־אויף אָט־די העלע יום־טובדיקייט; ווי דיין אייגן האַרץ ווערט אָנ־געפילט מיט אָט־דער שטילער פרייד. דיין גאַנצע נשמה ווערט אַרומגע־נומען מיט אַזאַ וואַרעמער דאַנקבאַרקייט פאַר דער געבענטשטער שיינ־קייט, וואָס האָט זיך פונדאַנען איבער דער וועלט צעטראָגן . . .

די ערשטע זאַך אין סטראַטפּאָרד, וואָס וואַרפט זיך אין די אויגן און דאָמינירט די גאַנצע געגנט אַרום, איז די, בלויז מיט אַ פּאָר יאָר צוריק אויפגעבויטע, מאָדערנע געביידע פון דעם „שעקספּיר מעמאָריאַל־טעאַ־טער״. זי געפינט זיך אין סאַמע צענטער, דאָרט וואו דער עוואָן־טייך שניידט איבער כמעט ווי אין דער העלפט די געסלעך און פעלדער פון דעם וואַרוויקשיר־שטעטל. מיט ברייטקייט און געמיטלעכקייט צעגיסט זיך דאָ דער געוויינלעך שמאָלער עוואָן צווישן די גרינע ברעגן, באַשאָטנט מיט שטאָלץ שלאַנקעביימער. פון איין זייט שפּיגלט ער אָפּ אין זיינע בלוי־קלאָרע וואַסערן די גלייך־געפורעמטע קאָנטורן פון דעם מעמאָריאַל־טעאַטער, און פון דער צווייטער — דעם באַרימטן „גאָוער״־מאָנומענט, וואָס שטעלט־פאָר שעקספּירן, אַרומגערינגלט מיט די פאַרשיידענע כאַ־ראַקטערן פון זיינע ווערק.

אָבער עס ווילט זיך נישט אָפּשטעלן צוערשט אויף די מאָנומענטן, וואָס זיינען געשאַפן געוואָרן צו פאַראייביקן שעקספּירס נאָמען. עס ווילט זיך בעסער איינהערן מיט אַלע פיבערן פון דער נשמה אין זיין לעבן אַליין. זען דעם וועג, איבער וועלכן דער שיקזאַל אַליין האָט געפירט זיין אויסדערוויילט גאון־קינד. און אָט איז דאָס „געבוירן־אָרט״.

אין דעם שמאָלן, זייטיקן הענלי־געסל שטייט עס, דאָס אַלט־ענג־לישע, צוויי־שטאָקיקע הויז, אַרומגערינגלט פון דעם שטילן, באַשיידענעם גאָרטן. מיט די ווייס־געקאַלכטע ווענט צווישן די טונקעלע הילצערנע באַלקנס און קליינע גראַטירטע פענצטערלעך, צייכנט עס זיך ניט אויס פון

אַ סך אַנדערע, אין טודאָר־סטיל געבויטע אַזעלכע הייזלעך, וואָס זיינען נאָך אָפּגעהיט געוואָרן אין אַלטן סטראַטפאָרד. ס'איז ניט לייכט זיך פאָרצושטעלן אַז אָט־דאָ, אין דעם שטילן הייזל, איז געבוירן געוואָרן דער וואָס וועט תמיד פאַרנעמען איינעם פון די ערשטע ערטער צווישן די ריזן פון גייסט. ס'איז ניט גרינג זיך איינצולעבן אין געדאַנק, אַז אָט־דאָ, צווישן אָט־די טונקעלע פאַרלאָזטע ווענט, האָט די נאַטור אויסגעקליבן צו לאָזן קומען אויף דער וועלט איינעם פון אירע ליכטיקסטע קאַפּריזן — וויליאַם שעקספיר.

און ס'איז באמת געווען אַ נאַטור־קאַפּריז. די אַלט־צייטיקע שעקספיר־פאַמיליעס האָבן זיך מיט קיין זאַך ניט אויסגעצייכנט, און האָבן ווייט ניט געהערט צו די געהויבענע מיוחסים. פאַרקערט, דער ערשטער שעקספיר, וואָס ווערט דערמאָנט אין די אַנאַלן פון קלעפּטאָן, ניט ווייט פון סטראַטפאָרד, איז אין 1428 געהאנגען געוואָרן פאַר רויבעריי. אפילו דער נאָמען אַליין — שעקספיר, שפּיזן־שאָקלער — איז ניט געווען קיין בכבודיקער. אַ פּשוט סאָלדאַטישער. דזשאָן שעקספיר, וויליאַמס פאָטער, איז פון סניטערפילד, אַ דערנעבנדיק דערפל, אָנגעקומען קיין סטראַטפאָרד אין 1551. ער איז אַביסל פאַרמעגלעך און באַזעצט זיך אין דעם הענלעי־געסל, אין דעם „געבוירן־אָרט"־הייזל, וואו ער האָלט אַ קלייטל פון לעדער און וואָל. לויט אַן אַנדערן נוסח איז ער געווען אַ קצב און געהאַלטן אַ פלייש־געשעפט. דער מנהג אין יענער צייט איז געווען, אַז אַ מענטש האָט געהאַט עטלעכע מלאכות. אַ גאַרבער האָט אויך געהאָדעוועט שאָף, געהאַנדלט מיט זייער פלייש, און מיט די זאַכן, וואָס זיינען אויסגעאַרבעט געוואָרן פון זייער לעדער און וואָל. לויט אַן אַנדער נוסח זאָל עס הייסן, אַז דזשאָן שעקספיר האָט אַ חוץ דעם הויז אויף הענלעי גאַס, פאַרמאָגט נאָך עטלעכע הייזער. אין 1557 האָט ער חתונה געהאַט מיט מערי אַרדען, די טאָכטער פון ראָבערט אַרדען, אַ פאַרמעגלעכער פּויער פון ווילמקאָט, דריי מייל פון סטראַטפאָרד, אין וועמענס דירה דזשאָנס פאָטער האָט געוואוינט. דעם 23טן אַפּריל, 1564 ווערט ביי אים געבוירן אַ יינגל, וועלכן ער באַפּטיזירט דעם 26טן מיטן נאָמען וויליאַם.

וויליאַם איז ניט געבליבן דזשאָנס איינציק קינד. עס זיינען צוגעקומען נאָך דריי זין: זשילבערט, באַפּטיזירט דעם 13טן אָקטאָבער 1566, ריטשאַרד, 11טן מערץ 1574, עדמאָנד, דעם 13טן מאַי 1580, און אויך צוויי טעכטער: דזשאָאַן, דעם 15טן אַפּריל 1569, און ען, דעם 28טן סעפּטעמבער 1571. ען איז געשטאָרבן אין איר קינדהייט, פּונקט ווי די אַנדערע צוויי מיידלעך, דזשאָאַן און מאַרגאַרעט, וועלכע זיינען געשטאָר־

בען נאָך איידער וויליאַם איז געבוירן געוואָרן.

שווער צו זאָגן וויפיל דער געניאַלער וויליאַם האָט געירשנט פון פאָטערס כאַראַקטער. אַלץ וואָס מען ווייסט וועגן פאָטער איז, אַז ער איז געווען אַ פליישיקער, אַרבעטזאַמער מענטש, וואָס האָט זיך דערדינט צו פאַרשיידענע אויסצייכענונגען אין דער שטאָט־פאַרוואַלטונג. אין 1557 איז ער געוואָרן דער אָפיציעלער ביר־פאַרזוכער. אין 1561 דער חשבו־נות־האַלטער פון דער געמיינדע. אין 1565 אַ ראַטמאַן, און אין 1568 דער פרעזידענט פון דער שטאָט־קאָרפּאָראַציע. אין 1571 ווערט ער אָפּי־לו אויסדערוויילט צום העכסטן אַמט אַלס מעיאָר פון סטראַטפאָרד, און ער הויבט זיך אָן צו רופן מיטן טיטול „מיסטער". דאָס זיינען אָן ספק סימנים פון ענערגישער טרייב־קראַפט און אומדערמידלעכער אַרבעטס־פייאיקייט, וועלכע וועלן שפּעטער זיין אַזוי כאַראַקטעריסטיש אין דעם לעבן פון זיין געבענטשטן זון. פאַר יענעם איז שפּעטער געווען כאַראַק־טעריסטיש די גרויסע אַמביציע זיך אַרויסצערייסן פון זיין שפּלן מצב, און זיך צו דערהויבן צו דעם שטאַנד פון אָן אָנגעזעענעם, וואוילהאָבנדיקן לאַנד־אייגנטימער. אַזוי האָט אויך דזשאָן געמוזט באַזיצן אַ היפּשע מאָס אַמביציע זיך אַרויסצערייסן פון דעם קליינעם סניטערפעלד־דערפל, וואו ער האָט מסתמא געהאָלפן זיין פויערישן פאָטער אין דער פעלד־אַר־בעט, און אָנקומען וואוינען אין דער פיל־גרעסערער, וויכטיקערער שטאָט, ווערן דאָרט אַ הויז־באַזיצער, פירן געשעפטן, און זיך דערדינען צום העכסטן בירגערלעכן אַמט פון מעיאָר. דזשאָן האָט אָבער געהאַט אַ נישט גלייכע נאַטור. ער איז אָפט געווען קריגעריש, און דאָס האָט גורם געווען, אַז קעגן אים זיינען פאַרפירט געוואָרן עטלעכע פּראָצעסן. ער איז איב־גיכן פאַראָרעמט געוואָרן, אויפגעהערט צו קומען צו די שטאָט־ראָט זי־צונגען, און איז עטלעכע מאָל דערפאַר באַשטראָפט געוואָרן. אין דער זעלבער צייט האָט ער אָבער אויך געהאַט זיינע לייכטערע מאָמענטן, ווען ער איז געווען גוטמוטיק פריילעך, און ליב געהאַט הנאה צו האָבן פון לעבן. אין אַ מאַנוסקריפּט פון מיטן 17טן י.ה. דערציילט דער אַרכידיאַ־קאָן טאָמאַס פּליום פון ראָטשעסטער, אַז אַדמיראַל דזשאָנסאָן מעננעס האָט אין די שפּעטערדיקע יאָרן געטראָפן דזשאָן שעקספּירן — אַ פריי־לעך פּנימדיקן אַלטיטשקן — אין זיין וואָל־געשעפט, און אין אַ געשפּרעך וועגן זיין באַרימטן זון האָט ער זיך אויסגעדריקט, אַז „וויל" איז טאַקע אַ וואוילער און טאַלענטירטער יונג, אָבער אין דערציילן אַ וויץ וואָלט ער זיך מיט אים געקאָנט אויסגלייכן צו יעדער צייט" . . .

דער אונטערשטער שטאָק, וואו עס פלעגט זיין דזשאָן שעקספּירס

וואָל־ און לעדער־געשעפט, איז אַצינד פאַרוואַנדלט אין אַ מוזייאום, וואו עס זיינען אויסגעשטעלט אַ סך זאַכן, וואָס האָבן אַ שייכות מיט וויליאַם שעקספּירס לעבן און שאַפן. דער אויבערשטער שטאָק און די בוידעם־שטיבלעך, וואו עס האָבן זיך געפונען די שלאָפצימערן, זיינען לער. דאָ און דאָרט זיינען צעשטעלט עטלעכע אַלטע מעבל־שטיקער — אַ קליי־דער־שראַנק, אַ קאַסטן, בענקלעך און אַ טישל, אויף וועלכן ס'שטייט אַ ביוסט פון שעקספּירן אין די מיטעלע יאָרן.

אַט דאָ, הייסט עס, צווישן די פאַרחושכטע ווענט, אונטער דעם ני־דעריקן הילצערנעם באַלקן, איז עס געבוירן געוואָרן און פאַרבראַכט זיין יוגנט דער קליינער וויליאַם. דורך די קליינע פענצטערלעך פלעגט עס מיט אַזוי פיל בענקשאַפט אַרויסקוקן דאָס קליינע יינגל, ווען עס האָט אים געצויגן אַרויס צום פריילעכן דרויסן פון דעם פריילעכן אַלט־ענג־לישן לעבן. און סטראַטפאָרד איז דעמאָלט געווען איינע פון די לע־בעדיקסטע ענגלישע שטעטלעך. פול מיט קאָליר און באַוועגונג. ס'פלעגן דאָ פאָרקומען אָפטע יאַרידים, און עפנטלעכע מאַרק־שפּילערייען מיט טענץ, מיט פאָרשטעלונגען פון דראַטן־גייערס, פייער־שלינגערס און בערן־טרייבערס. אַרום אין די וועלדער פלעגן פאָרקומען הינט־ און פערד־געיעגערייען, אין וועלכע אַפילו דער פשוטער עולם האָט גענו־מען אַ גרויסן אַנטייל. און דער קליינער וויליאַם איז געווען פאַרקאַכט אין דעם אַלעם. ער איז געווען איינער פון די ערשטע שטיפערישע יינג־לעך אין שטעטל, וואָס איז דעמאָלט באַשטאַנען בלויז פון 14 הונדערט נפשות. ער איז געווען אַלעמענס ליבלינג צוליב זיין ספּריטנעקייט און געוואַגטקייט ביים פאַרמעסטן זיך אין די פאַרשיידענע שפּילערייען מיט אַנדערע יינגלעך.

דאָ ביי דער ציגעלנער הרובע איז ער אין די לאַנגע ווינטער־חדשים זיכער געזעסן אין די פינצטערע אָוונטן און זיך געוואָרעמט ביים פלאַקערנדיקן פייער, איינקוקנדיק זיך אַ פאַרגאַפטער אין די פונקען־שפּריצנדיקע גלאָווניעס. דאָ האָט ער ביי דער טונקעלער שטוב־באַ־לייכטונג זיך איינגעהערט אין די פאַרשידענע מעשות און דערציילונגען פון דער קלוגער, גוטהאַרציקער מוטער. ווייל כאָטש מערי אַרדען איז געווען אַ האַלבע פויערטע, די טאָכטער פון אַ קליינעם לאַנד־באַזיצער, האָט זי זיך אָבער אויסגעצייכנט מיט אַ פיינער אינטעליגענץ און אַ גע־וויסער אַריסטאָקראַטישקייט, וואָס האָבן זיך גענערט פון דער אַלטער יחוסדיקייט, אין וועלכער איר פאַמיליע איז געווען פאַרוואָרצלט.

ס'פלעגט דעמאָלט זיין דער מנהג אין די לאַנגע ווינטער־נעכט צו

זיצן אַרום פייער, און זיך דערציילן מעשות פון ריטער, גזלנים, מכשפות, קאַרליקעס, פעריעס, ריזן, מלכהס און שרעטעלעך. אַ גרויס אָרט אין די דערציילונגען האָבן אויך פאַרנומען די פאַרשיידענע באַלאַדן און לעגענ־דעס וועגן די אַלע בלוטיקע קאַמפן, וואָס האָבן זיך אין די אַלטע צייטן געפירט אַרום וואַרוויקשיר און סטראַטפאָרד צווישן די באַראָנען אין 13־טן י.ה. און אין דער „מלחמה פון די רויזן" צווישן די קריגערישע פאַמי־ליעס לאַנקעסטער און יאָרק אין 15טן י.ה., קאַמפן אין וועלכע די אַלטע אָרדענס, מעריס עלטער־זיידעס, האָבן אויך אָנטייל גענומען. די אַלע מעשות און דערציילונגען האָבן זיכער געצונדן די פאַנטאַזיע פון דעם קליינעם צוקונפטיקן גאון, און האָבן געמוזט דינען אַלס הינטערגרונט פאַר זיינע שפּעטערדיקע, אַזוי פאַרכאַפּנדיקע ווערק. דאָ, צווישן די טונ־קעלע וועגנט, האָבן זיך שוין, אָן ספק, אָנגעהויבן צו וועבן די ערשטע פע־דים פון זיינע שפּעטערדיקע גוטע און בייזע העלדן, וועלכע האָבן דורך אַזוי פיל דורות פאַרוואונדערט די וועלט מיט דער טיפער אָפּגערונטי־קייט פון זייערע נשמה־איבערלעבענישן.

און ס'ווערט דאָ פאַרשטענדלעך דאָס אַלעגאָריש־געמאָלענע בילד, וואָס געפינט זיך אין סטראַטפאָרדער טעאַטער־מוזייאום, אויף וועלכן די העלדן פון שעקספּירס דראַמעס קומען אין דעם קליינעם בוידעם־שטיבל פון „געבוירן־אָרט" און בוקן זיך פאַר זייער באַשעפערס ביוסט, וואָס איז איינגעהילט אין אַ מאָדנער, גייסטער־אַרטיקער ליכטיקייט . . . דאָס איז דער קליינער שעקספּיר־ביוסט, וואָס שטייט אין דעם זייטיקן ווינקל פון דעם געבוירן־צימער.

ווי אַזוי איז דער קליינער ווילי, דער זון פון דעם קצב־לעדער־ און וואָל־הענדלער שפּעטער געקומען צו דער בינע ? וואָס פאַר אַ וועג האָט עס געפירט פון אָט־די פאַרחושכטע אַלט־ענגלישע צימערלעך צו די ברעט־טער פון לאָנדאָנער טעאַטער, אויף וועלכע ער האָט באַשאַפן בילדער פון אַזעלכע ברייטע, ליכטיקע וועלטן ?

אַ חוץ מיט שטיפערישן, פאַרבן־רייכן לעבנס־שטייגער האָבן נאָך סטראַטפאָרד און די געגנט אַרום, וואַרוויקשיר, צו יענער צייט זיך אויס־געצייכנט מיט דעם אָרט, וואָס זיי האָבן פאַרנומען אין דעם אַלט־ענגלישן טעאַטער־לעבן. ס'פלעגן דאָרט געגעבן ווערן אַלערליי „מיראַקל" און „מאָראַליטעט"־שפּילן. ס'פלעגן אויך פאָרקומען די פאַרשיידנסטע „פּע־דזשענטס" פון די סוחרישע און בעל־מלאכהשע גילדעס. קאָווענטרי, אַ קורצער מהלך פון סטראַטפאָרד, איז אין 17טן י.ה. געווען באַרימט מיט די מיטלאַלטערלעכע רעליגיעזע „מיסטעריעס", די „קאָווענטרי־שפּילן",

וואָס די גרויסע מאַנאַכן פון באַרימטן דאָרטיקן מאָנאַסטיר האָבן אויפגעפירט. שעקספּירס פאָטער האָט אים, דעם קליינעם ווילין, זיכער מיטגענומען קיין קאָווענטרי צו זען אָט־די פאָרשטעלונגען אויפן מאַרק־פּלאַץ. דער קליינער „וויל" איז זיכער אויך מיטגעגאַנגען מיטן פאָטער, ווען יענער פלעגט צוזאַמען מיט די שכנים גיין צופוס אין דעם נישט־ווייטן קענילסוואָרט, צו זען די גרויסאַרטיקע „פּעדזשענטס", די קאָסטיומירטע פּראַכטפולע פּראָצעסיעס פון רייטער און פוסגייער, זינגער און טענצער, וואָס דער אוירל פון לעסטער פלעגט געבן לכבוד דער קעניגין עליזאַבעט, ווען זי איז געקומען צוגאַסט אין זיין באַרימטן שלאָס.

אין דעם היימישן סטראַטפאָרד האָט שעקספּיר אין זיינע יינגל־יאָרן אויך געהאַט די געלעגנהייט בייצוואוינען די פאַרשיידענע פאָרשטעלונגען פון די וואַנדערנדיקע פּראָפעסיאָנעלע אַקטיאָרן, וואָס פלעגן קומען פון לאָנדאָן.

דער שטייגער איז דעמאָלט געווען, אַז די ערשטע פאָרשטעלונג ביים אָנקומען אין אַ שטעטל האָט אַזאַ וואַנדער־טרופּע געגעבן אין דעם גילדע־זאַל פאַרן מעיאָר און זיינע געקליבענע געסט. ערשט נאָכדעם פלעגט דער מעיאָר זיי געבן דאָס רעכט צו שפּילן פאַרן אַלגעמיינעם עולם. דערמיט האָט ער אָפּגעצאָלט דעם רעספּעקט צו דעם לאָרד, אונטער וועמענס פּאַטראָנאַזש די טרופּע פלעגט געוויינלעך שטיין. ווי מיר וועלן עס ווייטער זען, וויל אויב אַ שטעטל האָט ניט גוט באַהאַנדלט די וואַנדערנדיקע טרופּע, האָבן זיי זיך געקלאָגט פאַר זייער פּאַטראָן, און יענער האָט עס געדענקט, ווען דאָס באַטרעפנדיקע שטעטל האָט געזוכט אַ טובה אין קעניגלעכן הויף. נאָכן קריגן די דערלויבעניש צו שפּילן, פלעגט ערשט די גאַנצע טרופּע, אין זייערע טעאַטער־קאָסטיומען און מיט פּענער, זיך אַרויסלאָזן אין אַ מאַרש איבערן שטעטל, איינצולאַדן דעם עולם צו קומען זען זייערע פאָרשטעלונגען אין הויף פון אַן איינפאָר־הויז. ס'האָט זיך אויך געפירט, אַז די קאָרפּאָראַציע פון שטעטל פלעגט דאַרפן שענקען דער טרופּע אַ מתנה אין דער פאָרם פון אַ סומע געלט. ווען דזשאָן שעקספּיר איז געווען מעיאָר פון סטראַטפאָרד האָט ער עטלעכע מאָל אויפגענומען אַזעלכע טרופּעס. ווייזט אויס, אַז ער האָט געהאַט אַ ליבשאַפט פאַר דראַמאַטישע פאָרשטעלונגען, און ער פלעגט דערמוטיקן שוישפּילער צו באַזוכן זיין שטעטל. די ביכער אין „געבוירן־אָרט"־מוזייאום ווייזן טאַקע אָן, אַז דעם ווינטער פון 1568־9, ווי ביי אַנדערע געלעגנהייטן, האָט דזשאָן אויסגעצאָלט פון דער שטאָט־קאַסע אַזאַ געלט־

לעכע מתנה צו דער וואַנדערנדיקער טרופּע פון אוירל פון וואוסטער, וואָס האָט דעמאָלט באַזוכט סטראַטפאָרד.

מ׳קאָן זיך לייכט פאָרשטעלן דאָס פריידיקע פּנים און די ברענענדיקע, צעשטראַלטע אויגן פון דעם קליינעם וויליאַם, בשעת ער האָט זיך צום ערשטן מאָל צוגעקוקט צו די פּרימיטיווע טעאַטער־פאָרשטעלונגען אין קאַווענטרי, אויף די מאַרק־פּלעצער, וואָס זיינען געווען פאַרפּלייצט מיט די שטעטלשע איינוואוינער און מיט די צוזאַמענגעקומענע פּויערים. אָדער שטייענדיק אָנגעלענט אָן דעם פאָטערס שויס, דאָס מויל צעעפנט פאַר פאַרוואונדערונג בשעת איינער פון די פּראָפעסיאָנעלע פאָרשטעלונגען אין גילדע־זאַל. ס׳איז ניט שווער זיך צו שאַפן אַ באַגריף פון זיינע ערשטע יינגלערישע איבערלעבונגען ביי זיין צוזאַמענטרעפן זיך מיטן „טעאַטער״, אויף וועלכן ס׳איז אים שפּעטער באַשערט געווען אַרויפצולייגן זיין געניאַלן חותם, און ווען ס׳איז אים אָנגעצייכנט געווען צו באַשענקען מיט ווערק, וואָס וועלן בלייבן אומשטערבלעך.

דאָס איז זיכער, אַז יענע פאָרשטעלונגען האָבן געדינט אַלס די ערשטע אָנרעגונגען פאַר זיין דראַנג צו דער בינע, וואָס האָט ניט אויפגעהערט צו מאַטערן זיין יונגע נשמה; וואָס האָט זיכער אָנגעפילט מיט שיינע און שרעקלעכע חלומות זיינע נעכט און פאַרוואַנדלט אין העלזעערישע פאַנטאַזיעס זיינע טעג. אָט דער בינע־דראַנג, וואָס האָט זיך שפּעטער אַנטוויקלט אין אַזאַ העל־פלאַקערנדיק פייער, ווען מען שיין עס בלענדט און פאַרווירט נאָך אונדזער וועלט־בינע ביזן היינטיקן טאָג.

אָבער דערווייל זיינען עס נאָך געווען נישט מער ווי יינגלערישע אָנרעגונגען, קינדישע פאַנטאַזיעס אָן באַשטימטע פאָרמען און אָן ממשותדיקן אויסדרוק. ער איז נאָך יונג און מוז נאָך פריער דורכמאַכן דאָס לערנען אין שולע, ווי אַלע יינגלעך פון זיין עלטער און פון זיין מעמד האָבן אין יענער צייט דורכגעמאַכט. וואו האָט שעקספּיר געלערנט? וואו האָט ער געקראָגן כאָטש אַן אָנהויב פון יענער טיפער אויסבילדונג אין אַלע געביטן פון מענטשלעכן קענען און וויסן, וואָס פאַרנעמט אַזאַ אָנגעזעען אָרט אין יעדן ווערק, וואָס ער שאַפט שפּעטער?

אַן אַלטע הילצערנע שול־באַנק, צעראַצט און פול מיט מעסער־שניטן, מיט וועלכע עס זיינען אין טונקעלן האַלץ איינגעקאַרבט פאַרשידענע אַלט־ענגלישע ווערטער, ברענגט אונדז צו דעם טייל פון וויליאַמס לעבן. זי דערציילט אַזאַ פיל־קלאַנגיקע געשיכטע, אָט־די קליינע הילצערנע באַנק. שעקספּירס שול־באַנק רופט מען זי. ס׳איז די באַנק, אויף וועלכער ער איז געזעסן און זיך צוגעהערט צו זיינע לערער אין די

לאַנגע זומער־ אוןווינטער־חדשים, ווען אין דער שול פלעגט מען דאַרפן פאַרברענגען פון זעקס אינדערפרי ביז זעקס אין אָוונט. זי איז אין דעם „געבוירן־אָרט״־מוזעאום ספּעציעל אַריבערגעבראַכט געוואָרן פון דער „גראַמער״־שול, וואו דער קליינער ווילי האָט געלערנט.

די „גראַמער״־שול, אַ מין היינטצייטיקע מיטלשול, איז געווען איי־נע פון יענער גרויסער צאָל פיינע לערן־אַנשטאַלטן, וואָס זיינען געווען אַזוי כאַראַקטעריסטיש פאַר דער עליזאַבעטישער אויפגעקלערטער ענג־לאַנד. ס׳איז געווען די צייט ווען דער איטאַליענישער רענעסאַנס האָט מיט זיין אויפגעאַנגענעם, בלענדנדיקן ליכט פאַרגאָסן אויך די ברעגן פון בריטישן אינדזל. דאָס לאַנד איז געווען רייך, פול מיט שפע, און ענג־לאַנדס גרויסקייט איז געווען אין פולן בלי. בילדונג, אויפקלערונג און געלערנטקייט האָבן פאַרכאַפּט אַלץ ברייטערע קרייזן פון דער באַפעלקע־רונג. ס׳איז געווען פאַרביי די צייט, ווען די מיטלאַלטערלעכע פוריטאַני־שע קירכע האָט מיט אַלע כוחות געזוכט צו פאַרמיאוסן דאָס מענטשלע־כע, ערדישע לעבן, און אָפּצואווענדן אַלע מענטשלעכע חושים בלויז צום „הימלישן קעניגרייך״. ס׳איז געווען די צייט, ווען דאָס לעבן האָט באַקור־מען מער חשיבות; ווען די אויפמערקזאַמקייט פון די בעסערע גייסטער האָט זיך מיט דער פולסטער מאָס געווענדט צום לעבעדיקן מענטשן מיט זיינע לעבעדיקע איבערלעבונגען. מיט זיין פרייד און לייד, מיט זיין גוטס און שלעכטס, מיט זיין געלעכטער און טרערן, מיט זיינע דערהויבענע און קליינלעכע שטימונגען. אויב ס׳איז אָנגענומען געוואָרן, אַז דאָס ער־דישע לעבן איז ניט בלויז קיין צייטווייליקע זאַך, ניט בלויז קיין „פּיר־הויז״ צום מלכות שמים — ווי דער מיטלאַלטער האָט עס געוואָלט איינ־ריידן — איז עס געווען אַ נאַטירלעכע זאַך, אַז וועלטלעכע אויסבילדונג זאָל ווערן דער געבאָט פון טאָג. נאָך הענרי דער 8טער האָט שוין גע־האַט באַפוילן צו עפענען אַ ברייטע נעץ פון גוט־איינגעאָרדנטע שולן. און די פּראָגראַמען פון די אויסגעצייכנטע פּראָווינציעלע מיטלשולן, אַזעל־כע ווי די „גראַמער״־שול אין סטראַטפאָרד, האָבן טאַקע אַנטהאַלטן די פאַרשיידנסטע וועלטלעכע לימודים, וואו די הומאַניסטישע געדאַנקען האָבן פאַרנומען דאָס וויכטיקסטע אָרט.

שעקספּירס לערער, גראַדואירטע פון דעם דעמאָלט באַרימטן אָקספאָרד אוניווערזיטעט, האָבן אים, אַ חוץ דער ביבל, וועלכע ער האָט גוט גע־קענט, און שפּעטער זייער גוט געדענקט, געלערנט אויך לאַטיין, און די לאַטייניש און גריכישע קלאַסיקער, וואָס האָבן אין יענער צייט אָנגע־הויבן צו דערשיינען אין ענגלישער איבערזעצונג. אַ חוץ די לעגענדעס

פון דער קלאַסישער מיטאָלאָגיע האָט שעקספּיר אויך געלערנט מוסטערן פון טערענץ, ציצעראָ, ווירגיל, האָראַס און אָוויד, די וואָס האָבן צוגע־האָלפן אַלץ שאַרפער צו אַנטוויקלען זיין איינגעבוירענעם חוש פאַר דער שיינקייט פון לעבן. די אַלע, וואָס האָבן נאָך מער אויסגעהעלט זיין איינ־געבוירענע אימאַזשינאַציע פאַר דעם וואונדער פון חלום און וואָר־געמיש, מיט וועלכן ס'איז פול די מענטשלעכע נשמה. די איטאַליענישע קלאַסי־קער זיינען עס געווען די, וועלכע האָבן אים געהאָלפן שטאַרקן זיינע נאָך דערווייל ניט קענטיקע פליגל, וואָס האָבן זיך שפּעטער אַזוי מעכטיק צע־וואַקסן, און אים אַזוי פריי געטראָגן איבער דער שווינדלענדיקער הויך פון מענטשלעכן גייסט.

ער האָט אַ וואונדערלעכן זכרון, דער יונגער וויליאַם. מיט דער אויסערגעוויינלעכער פייאיקייט, וואָס עס באַזיצן בלויז געניאַלע גייס־טער, האָט ער דאָס אַלץ וואָס ער האָט אין די קורצע יינגל־יאָרן איינגע־זאַפּט אין דער שול, שפּעטער אַנטוויקלט אין זיך, עס אומצייליקע מאָל באַרייכערט, און געשאַפן דערמיט זיינע אומשטערבלעכע ווערק.

ס'איז אויך ניט אויסגעשלאָסן, אַז אין דער „גראַמער"־שול האָט שעקספּיר, אַ חוץ דעם אָנגענומענעם לאַטיין, געלערנט אויך אַ ביסל גריכיש. פונקט ווי ס'איז זיכער, אַז שפּעטער, ווען ער האָט געלעבט אין לאָנדאָן, האָט ער געלערנט פראַנצויזיש. שעקספּיר האָט קיינמאָל ניט אויפגעהערט צו באַרייכערן זיינע דערפאַרונגען און קענטענישן. נישט אומזיסט האָט די וועלט אין משך פון דריי הונדערט יאָר נישט אויפגע־הערט צו באַוואונדערן די אַלזייטיקייט און די טיפקייט פון שעקספּירס וויסן. נישט געווען קיין איין ווינקל פון יענע וויסנשאַפטן, וואָס זיינען געווען באַקאַנט אין זיין צייט, וואָס זאָל אים געווען זיין פרעמד. דר. י. מ. באַקניל אין זיין „שעקספּירס מעדיצינישע קענטעניש" (1860) זאָגט: „איך בין געקומען צו דער פולסטער איבערצייגונג, אַז דער גרויסער דראַ־מאַטיקער איז געווען אַ פלייסיקער שילער פון דער גאַנצער מעדיצינישער קענטעניש פון זיין צייט. און אין אַ סך וויסנשאַפטלעכע געביטן האָט ער אַפילו איבערגעיאָגט אַלץ וואָס איז געווען דעמאָלט באַקאַנט". דר. א. א. קעלאָג אין זיין „וו. שעקספּיר אַלס פּיזיאָלאָגיסט און פּסיכאָלאָגיסט" שרייבט: „זיין קענען, וואָס ער ווייזט אַרויס איז זייער שטאַרק פאַרגע־שריטן פאַר דער צייט, אין וועלכער ער האָט געלעבט. מ'וואָלט געקאָנט פון זיין שרייבן אויפשטעלן אַ פולשטענדיקע פּסיכאָלאָגישע סיסטעם, וואָס וואָלט אינגאַנצן געשטימט מיט דער, וועלכער מיר פאַרמאָגן אַלס רעזול־טאַט פון וויסנשאַפטלעכן פאָרשן און דערפאַרונג פאַר די לעצטע צוויי

הונדערט יאָר". שעקספּיר איז אַריינגעדרונגען אין אַזעלכע ווינקלען, וואָס זיינען ערשט מיט יאָרן נאָך אים באַרירט געוואָרן דורך די גרויסע גייסטער אין דער מעדיצינישער און אַנדערע וויסנשאַפטן. ער האָט אויף אַ געניאַלן אופן געשילדערט די טונקלסטע פאָרמען פון משוגעת נאָך איידער די פּסיכישע וויסנשאַפט האָט זיך געהאַט אַפילו צוגערירט צו דעם געביט. דר. איסאַק רעי (1847) שרייבט: „אין זיין קענען משוגעת איז ער געווען ווייט פאָראויס זיין צייט און אַלע שפּעטערדיקע צייטן. זיין באַשרייבונג פון משוגעת קאָן זיך פאַרגלייכן מיט די העכסטע טריאומפן פון די גרעסטע גייסטער. הלוואי וואָלט מען שטודירט דעם איינפלוס פון משוגעת אויפן מענטשנס אויפפירונג מער אין דעם ליכט פון שעקספּירן". דר. עדגאַר אוירוויננג אין זיין „שעקספּירס מעדיצינישע קענטעניש" זאָגט: „ער האָט געמוזט האָבן געניי באַטראַכט די פאַרשיידנסטע קראַנק־הייטן און זייערע מאַניפעסטירונגען, איבערהויפּט משוגעת, און דאָס אין דער צייט ווען אַנדערע האָבן באַטראַכט משוגענע ווי באַזעסענע פון טייוול . . . ער פאַרשרייבט זיי רו און מוזיק". ער האָט פאַרשטאַנען די ווענן פון בלוט־צירקולאַציע, אין דער צייט ווען די פּראָפעסיאָנעלע מע־דיצינער האָבן זיך ערשט אָנגעשטויסן אויף דער מאַניפעסטירונג אין יאָרן אַרום. אין „דזשוליוס צעזאַר" זאָגט ברוטוס צו פּאָרשיאַן: „דו ביזט טייער מיר ווי די רויטע טראָפּנס, וואָס באַזוכן מיין טרויעריק האַרץ". ער האָט אויך קלאָר געזאָגט וועגן דעם פיזישן געזעץ פון גראַוויטאַציע, אי־בער 80 יאָר איידער ניוטאָן איז אַרויסגעקומען מיט זיין וועלטן־איבער־קערנדיקער אַנטדעקונג פון דעם נאַטור־געזעץ: „דער שטאַרקער פונדאַ־מענט און געביידע פון מיין ליבע ציט צו, ווי דער סאַמע צענטער פון דער ערד, אַלצדינג צו זיך", שרייבט ער אין „טראָאילוס און קרעסידאַ".

און ס'איז זייער אינטערעסאַנט די אָפּטיילונג אין „געבוירן־אָרט"־מוזייאום, וואו ס'זיינען אויסגעשטעלט די ביכער, מיט וועלכע שעקספּיר האָט זיך שפּעטער אין זיין לעבן באַנוצט. וואָס איז דאָ נישט אויסגע־שטעלט? די פאַרשיידנסטע ביכער איבער אַפּאָטעקאַריזם, קרייטעכצער און פלאַנצונגען, ווי טורנערס „הערבאַל", טאָמאַס ווילסאָנס „די קונסט פון לאָגיק" און „רעטאָריק". פּלוטאַרכס „לעבנס". אייבראַהאַם פראונס' „דעם אַדוואָקאַטס לאָגיק". זשאַן פלאָריאָס איטאַליעניש־ענגלישער ווער־טערבוך. דעמאָקריטוס' (ראָבערט באַרטאָן) „אַנאַטאָמיע פון מעלאַנכאָ־ליע". מאָנטענס „עסייען". קאָלעקציעס פון איטאַליענישע ראָמאַנצן, און זשאַן ליליס „יופועס", „די אַנאַטאָמיע פון שכל", די באַרימטע ענגלישע רייזע־באַשרייבונגען, וואָס האָבן אין יענער צייט באַשאַפן די מאָדע

פון שמועסן און שרייבן אין אַ הויכער, עלעגאַנטער שפּראַך, און פון וואַ־נען עס שטאַמען טאַקע די ווערטער יופואיזם און יופואיסט — אַ מענטש, וועמענס שפּראַך איז רייך און אַפעקטירט. ליליס בוך האָט עס שפּעטער אין אַ גרויסער מאָס געהאַט אַן השפּעה אויף שעקספּירס געפליגלטן, רייך־קלינגענדיקן דיאַלאָג שרייבן.

אַ חוץ די ביכער זיינען נאָך אין „געבוירן־אָרט"־מוזעאום אויסגע־האַנגען קאָפּיעס פון די בילדער און צייכענונגען פון די באַרימטע רע־נעסאַנס־מאָלער, וועלכע שעקספּיר דערמאָנט אין זיינע ווערק.

ווי ווייניק מעגלעכקייטן ער האָט געהאַט צו זען די שאַפונגען פון די גרויסע מייסטערס, האָט ער אָבער ביי פאַרשידענע געלעגנהייטן פּאָרט געזען געוויסע בילדער פון די איטאַליענישע און האָלענדישע מאָלערס, סיי אין דער גילדע־קירכע אין סטראַטפאָרד, סיי אין דער סט. מעריס קיר־כע אין קאָווענטרי, אין קענילסוואָרטער שלאָס, אין עליזאַבעטישן קעניג־לעכן הויף, אָדער אין די באַרימטע לאָנדאָנער סוחרישע גילדע־זאַלן. און אויב ס'איז דאָ וועלכע באַגרינדונג אין דער השערה, אַז שעקספּיר האָט געמאַכט אַ רייזע קיין איטאַליע צוזאַמען מיט זיין פריינט דזשאָן פלאָריאָ — ווי מיר וועלן עס שפּעטער זען — האָט ער זיכער אויסגענוצט די גע־לעגנהייט זיך צו באַקענען מיט די ווערק פון די גרויסע מאָלערס, וואָס האָבן אין יענער צייט געשאַפן דאָרט. יעדנפאַלס האָט ער געמוזט האָבן אַ טיפע פאַרשטענדעניש פאַר די אַלע בילדער, ווייל ער רעדט וועגן זיי מיט אַ סך ליבע און קענטשאַפט.

פאַרשטענדלעך, אַז די אַלע בילדער און ביכער האָבן באַלאַנגט צו זיי־נע שפּעטערע יאָרן, די יאָרן ווען ער האָט שוין געלעבט אין לאָנדאָן, און באַוואוסטזיניק זיך פאַרנומען מיט זיין אויסבילדונג. פאַר די יאָרן, וואָס האָבן אַ שייכות מיט זיין לעבן נאָך אין „געבוירן־אָרט", האָט אַן ספק אַ גרעסערע אָנציאונג די דערמאָנטע שעקספּיר־שול־באַנק, מיט די אויס־געשניטענע מעסער־צייכנס, וואָס דערציילן אַזוי בולט וועגן וויליאַמס יינגלערישע שטיפערישע פירונגען. בישט אַלע שעהן זיינען גלייך געווען פאַרנומען מיטן אויפמערקזאַמען צוהערן זיך צו די לאַטיינישע אָדער גרי־כישע לעקציעס פון די לערער. נישט איינמאָל האָבן דאָס יונגע האַרץ און די יונגע אויגן געבענקט און זיך געריסן אין דעם שיינעם דרויסן אַרויס. נישט איינמאָל האָט מען געמוזט איבעררייסן די מאָנאָטאָנקייט פון 12 שעהאיקן כסדרדיקן לערנען, מיט אויסשניצן כאָטש ווערטער און פיגורן אין דעם האָלץ פון דער שול־באַנק. און נישט איינמאָל האָט דער קליינער, שטיפערישער „ווילי" זיכער געקראָגן געשלאָגן פון זיינע

מדריכים פֿאַר אַזאַ זאַך. כאָטש כדי צו קריגן געשלאָגן פֿון די לערערס האָט מען אין יענער צייט זיך גאַרנישט אַזוי שווער געדאַרפֿט פֿאַרזינדיקן. אין 1622 שרייבט העברי פּיטשעם: „כ׳קען אַ סך לערער, וואָס שלאָגן די קינדער בלויז כדי זיך צו דערוואַרעמען״ . . .

שטאַרק אינטערעסאַנט זיינען אין דעם קליינעם מוזייאום אויך די אַנדערע אויסגעשטעלטע זאַכן, וואָס האָבן אַ שייכות צו שעקספּירס שפּעטערדיקן לעבן. זיינע חשבונות־ביכער, וואָס ער האָט תמיד געפֿירט. ער איז אַ חוץ איינער פֿון דער וועלטס גרעסטע פּאָעטן־דראַמאַטיקער, אויך געווען אַ זייער פּראַקטישער געשעפֿטסמאַן. ער האָט געפֿירט אַ דעטאַלירטע פֿאַרצייכענונג פֿון אַלע זיינע הוצאות און הכנסות. ס׳זיינען אויסגעשטעלט די אָפֿיציעלע ליסטעס פֿון עליזאַבעטישן קעניגלעכן הויף, מיט די פֿאַרצייכענונגען פֿון די שעקספּיר־פּיעסן, וואָס זיינען געשפּילט געוואָרן צו פֿאַרוויילן איר קעניגלעכע מאַיעסטעט. אַן עקזעמפּליאַר פֿון די „קוואַרטאָס״ — די ערשטע געדרוקטע שעקספּיר־פּיעסן. ס׳זיינען אויסגעשטעלט צענדליקע מעדאַל־פּאָרטרעטן פֿון שעקספּירן, וואָס זיינען אַרויסגעגעבן געוואָרן אין פֿאַרשידענע לענדער ביי פֿאַרשידענע געלעגנהייטן. ס׳געפֿינען זיך דאָרט פֿאַרשידענע פּאַרמעט־דאָקומענטן, וואָס האָבן אַ שייכות צו שעקספּירס געריכטלעכע משפּטים, וועלכע ער האָט געפֿירט אין די מיטעלע יאָרן. ס׳איז אויסגעשטעלט דער באַרימטער בריוו פֿון ריטשאַרד קוויני צו שעקספּירן, אין וועלכן ער בעט ביי אים אַ הלוואה פֿון 30 פֿונט, וועגן וועלכן עס וועט שפּעטער דערציילט ווערן.

אַ באַזונדער מאָדנע געפֿיל רופֿט אַרויס די אויסגעשטעלטע צוואה, מיט די דריי חתימות און אונטערשריפֿטן זיינע. די צוואה מיט דעם באַרימטן פּאַראַגראַף, וואו ער לאָזט איבער זיין ווייב „מיין צווייט בעסטע בעט״, וואָס האָט אַרויסגערופֿן אַזוי פֿיל פֿאַרשידענע סברות וועגן שעקספּירס פּערזענלעכקייט און זיין באַציאונג צו זיין פֿאַמיליע. עס הויכט פֿון די אַלע פֿאַרגעלטע פּאַרמעטענע דאָקומענטן מיט אַזוי פֿיל זכרונות און דראַמאַטישע איבערלעבונגען.

דו הויבסט זיך נאָכאַמאָל אויף איבער די שמאָלע געדרייטע טרעפּ, וואָס פֿירן אַרויף צו די אויבערשטע צימערן. ס׳איז אַזוי מאָדנע צו טראַכטן, אַז דו גייסט איבער די זעלבע טרעפּ, איבער וועלכע ס׳איז אומצאָליקע מאָל געלאָפֿן דער יונגער שעקספּיר. אַזוי פֿיל פֿון זיין גייסט איז דאָך דאָ איבערגעבליבן און שוועבט צווישן די פֿאַרטונקלטע ווענט, אויף וועלכע עס הענגען פֿאַרשידענע בילדער פֿון זיין טאָכטער סוסאַנאַ מיט איר מאַן; קאָפּיעס פֿון דירערס „לצנים־פֿעסט״, און עטלעכע שעקס־

פירישע טויטן־מאַסקעס. ווייל ניט נאָר אין זיינע יינגלשע יאָרן האָט שעקספיר פאַרבראַכט אין דעם „געבוירן־אָרט". דאָס הויז איז פאַר אַ לאַנגער צייט געבליבן אין דער משפחה. ווען דזשאָן שעקספיר, און נאָכ־דעם זיין פרוי מערי, וויליאַמס עלטערן, זיינען געשטאָרבן, איז דאָס הויז איבערגעגאַנגען צו וויליאַמען בירושה. און שפּעטער, ווען ער איז צו־ריקגעקומען אַהיים פון לאָנדאָן אויף שטענדיק זיך צו באַזעצן אין זיין גע־בורט־שטאָט, האָט ער דאָס הויז אַוועקגעשענקט זיין שוועסטער דזשאָאַן האַרט. יענע האָט געוואוינט אין דעם ביז איר טויט. שעקספיר איז אין דעם „געבוירן־הויז" זיכער נאָך אַ סך מאָל געוועזן כדי צו באַזוכן די על־טערן און די שוועסטער מיט איר קינדער. ער האָט נאָך שפּעטער זיכער אַליין, אין שטילע שעהן, זיך אײַנגעהערט אין די חלומות און פאַנטאַזיעס פון זיינע פריע יינגל־יאָרן. נאָך דזשאָאַן האַרטס טויט איז דאָס הויז אי־בערגעגאַנגען בירושה צו שעקספּירס טאָכטער סוסאַנאַ. און ערשט נאָך אַ סך גלגולים איז עס אין 1847 דורך אַ נאַציאָנאַלער געלט־זאַמלונג אָפּגע־קויפט און פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ נאַציאָנאַלן מוזייאום. אין 1891 איז דורך אַ ספּעציעלן פאַרלאַמענט־באַפעל געשאַפן געוואָרן די געבורט־קאָרפּאָראַציע פון סטראַטפאָרד, וואָס פאַרוואַלטעט מיט אַלע געביידעס, וועלכע האָבן אַ שייכות צו שעקספּירס לעבן. ווער איז שוין זינט דעמאָלט ניט דורכגעגאַנגען צווישן די־אָ ווענט ? די שענסטע גייסטער פון דער קולטור, טעאַטער און ליטעראַטור־וועלט האָבן זיך געצויגן אַהער, כדי אָפּצוצאָלן זייער רעספּעקט דעם זינגער־פּרינץ פון סטראַטפאָרד. די ווענט פון „געבוירן־אָרט" זיינען פול מיט זייערע אויפשריפטן, און די גלעזער־נע שויבן פון די קליינע פענצטערלעך טראָגן אין זיך די דייטלעכע איינ־קריצונגען פון טאָמאַס קאַרלייל און וואָלטער סקאָט, ענגלאַנדס באַרימ־טע שריפטשטעלער.

דו פאַרלאָזט דאָס „געבוירן־הויז" אין טיפער פאַרערונג, דורכגענו־מען מיט דער אומגעזעענער אויסשטראַלונג פון דער געניאַלער און רע־טענישדיקער פּערזענלעכקייט, וועמענס חשיבות איז ניט פאַרמינערט גע־וואָרן דורך די הונדערטער יאָרן, וואָס טיילן אים אָפּ פון אונדז. אָנגע־רעגט דורך דעם שטאַרקן פאַרלאַנג ווייטער נאָכצופאָלגן זיין לעבנס־וועג איבער די קליינע היסטאָרישע געסלעך פון סטראַטפאָרד ביים עוואָן־טייך.

בלויז איין מינוט גאַנג פון דעם הענלעי־געסל, און מען קומט אויף דער „הויכער גאַס" צו דער באַרימטער „גראַמער"־שול, וואו שעקספּיר

האָט געלערנט. מאָדנע צו גלייבן, אַז די נידעריקע, לאַנגע טודאָר־געביידע מיט די טונקעלע באַלקעס, צווישן וועלכע עס ווייסן זיך די העל־געקאַ־לעכטע מויער־פּאַסן, אָט־די „גראַמער״־שול איז שוין איבער 500 יאָר אַלט. זי איז כאַראַקטעריסטיש ענגליש. מיט די פּאַרגראַטירטע פענצ־טערלעך הויך פון דער ערד, נעענטער צום באַלקן, מאַכט זי אַן איינדרוק פון אָפּגעזונדערטקייט און איינגעשלאָסנקייט. געגרינדעט געוואָרן איז זי אין ערשטן העלפט פון 15טן י.ה. דורך דער שטאָטישער גילדע פאַר די קינדער פון אירע מיטגלידער. די גילדע איז אין יענער צייט געווען אַ מין אַריסטאָקראַטישע צדקה־געזעלשאַפט. זי האָט געהאַט צו זאָגן איבערן צוזאַמענשטעל פון שטאָט־ראַט און אויסקלייב פון שטאָט־באַאַמטע. זי האָט געהאַט די גייסטיקע אויפזיכט איבער אירע מיטגלידער, האָט זיי פאַרזאָרגט מיט אייגענע גלחים, געהאַלטן חתונה מאַכן אָרעמע מיידלעך, איינגעאָרדנט אייגענע מאָראַליטעט־שפּילן. זי האָט אויך געזען, אַז איר „גראַמער״־שול זאָל זיין פאַרזאָרגט מיט די בעסטע לערער, וואָס זיינען אין יענער צייט מעגלעך געווען צו קריגן.

זייער שטאַרק אָנציִענדיק האָט דאָס לערנען אין דער אָפּגעשלאָסע־נער שול פאַר דעם יונגן ווילין ניט געמוזט זיין. נישט איינמאָל געפֿי־נען מיר אין שעקספּירס קאָמעדיעס בייסיקע אָנצוהערענישן אויף די פּור־ריטאַנישע שול־לערערס מיט זייערע ענגהאַרציקע פּירונגען. האָלפאָרנעס אין „פאַרלוירענע ליבעס־מי״, און סער היו עוואַנס אין „די לוסטיקע וויי־בער פון ווינדזאָר״ זיינען אָן שום ספק לעבעדיקע קאַריקאַטורן אויף זיי־נע לערערס, וועלכע ער האָט גוט געדענקט. און נישט געקוקט וואָס די לימודים, וועלכע ער האָט דאָרט געגאָסן זיינען פאַר אים געווען זייער וויכטיק, ווייל זיי האָבן אָוועקגעלייגט אַ געזונטן פונדאַמענט פאַר זיין שפּעטערדיקער אויסבילדונג, אָבער אינדרויסן האָט גערופן דאָס לעבעדי־קע לעבן. נישט ווייט האָט זיך געשלענגלט און געשפּיגלט דער באַליב־טער עוואָן־טייך, און אַרום זיינען געלעגן שמעקנדיקע לאָנקעס. עס האָבן זיך געשפּרייט די פרייע פעלדער, פול מיט דעם כישוף פון זייערע קאָליר־טע בלומען, און די וועלדער, אַרומגענומען מיט דער סודותדיקייט פון דעם ליכט און שאָטן־שפּיל, וואָס האָט זיך אַריינגעריסן דורך זייערע גע־דיכטע בוימער.

ס׳איז ניט אויסגעשלאָסן, אַז די גרויקייט און מאַנאָטאָנקייט פון די שול־יאָרן איז אַביסל באַהעלט געוואָרן דערפון וואָס, ווי אייניקע מיינען, אַזוי ווי דער קליינער ווילי האָט געהאַט אַ פיינע שטימע, איז ער זיכער געווען אַ זינגערל אין דעם קירכן־כאָר, אָדער אין כאָר פון עפּעס אַ נאָבל־

מאַן. דאָס האָט אים געגעבן אַ געלעגנהייט אויף אַ געוויסן אופן אָנצו־קניפּן אַ פאַרבינדונג מיט דעם באַרוף, וואָס האָט נאָכדעם אויסגעפילט זיין לעבן — דאָס טעאַטער. ס׳פלעגט דעמאָלט זיין אַ נאַטירלעכע זאַך, אַז אַ סך יינגלעך כאָר־זינגערס זיינען אַריינגעטרעטן אין דער ריי פון אַקטיאָרן.

יעדנפאַלס, צו לאַנג האָט שעקספּיר אין דער „גראַמער"־שול ניט פאַרבראַכט. ווען ער איז קוים 14 אָדער 15 יאָר אַלט געוואָרן, איז דער פאָטער שוין געווען אַזוי פאַראָרעמט, אַז ער האָט אים מער ניט געקאָנט האַלטן דאָרט. ס׳איז זיכער נויטיק געווען דער אונטערגעוואָקסענער בחורל זאָל צוהעלפן אין דער פּרנסה, וואָס איז איצט געגאַנגען אַזוי שלעכט. דער פאָטער נעמט אים אַרויס פון דער שול, און וויליאַם הערט אויף צו לערנען.

ס׳איז נישט אינגאַנצן קלאָר צו וואָס פאַר אַ מלאכה דער יונגער שעקספּיר איז דעמאָלט אָפּגעגעבן געוואָרן. ס׳איז אַ סברה, אַז דער פאָ־טער האָט אים אָפּגעגעבן אויף דער לער צו אַ קצב, צו ווען ער איז געווען פאַרשולדיקט. אָן אַנדער סברה איז, אַז דאָס קצב־פאַך האָט ווי־ליאַם זיך געלערנט ביים פאָטער אַליין. איינס איז זיכער, אַז זיין נאָמען איז אין יענע יונגע סטראַטפאָרדער יאָרן פאַרבונדן מיט פליישׁ־האַקעריי. און ס׳קלינגט ווי אַ מאָדנע איראָניע פון שיקזאַל, אַז דער צאַרטסטער און לירישסטער זינגער, וואָס איז די קרוין פון דער ענגלישער פּאָעזיע, זאָל האָבן זיינע יינגל־יאָרן פאַרבראַכט אין קוילען און טרייבערן בהמות.

אָבער אַפילו די יאָרן פון שווערער אַרבעט ביי אַט־דער נישט־זוי־בערער מלאכה זיינען נישט אַוועק אָן נוצן פאַר דעם יונגן גאון. זיין נייע באַשעפטיקונג, דאָס זיין אַן אַרויסהעלפער, און אפשר מוזן צעטראָגן די געקויפטע פּראָדוקטן אין פאַרשידענע הייזער, ברענגט אים אין באַרי־רונג מיט פאַרשידענע סאָרטן מענטשן. אין די קיכן אָדער מאַרקן באַ־געגנט ער זיך מיט די פּשוטע קעכערס, דינער, דינסטמיידלעך, וואַש־פרויען, א.אז.וו. ער הערט זיך איין אין זייער אופן רעדן. ער קוקט זיך צו צו זייער לעבנס־שטייגער. זיי האָבן פאַר אים אַ גרויסע אָנציאונג מיט זייער אוממיטלבאַרקייט, און מיט דער פילפאַרביקייט פון זייערע מאַניערן און האַנדלונגען. ער האָט אויך אַ געלעגנהייט זיך צו באַגעגע־נען און זיך צוקוקן צו די אַזוי־אָנציענדיקע טיפּן פון די פאַרשידענע האַנטווערקער און בעל־מלאכות, די קעסל־מאַכערס, סטאָליאַרעס, וועבערס, שניידערס און שוסטערס. ער נוצט זיי שפּעטער אַזוי געשיקט אויס, ווען ער שאַפט זיינע אומגעהייער אַמוזאַנטע גאַלעריעס פון די פאַרשידענע

קאָמישע און גראָטעסקע פיגורן, וואָס פילן־אָן זיינע פּיעסן, און וואָס זיי־נען פּונקט אַזוי קינסטלעריש אמתדיק געשילדערט, ווי די פיגורן פון זיי־נע קעניגן, פּרינצן און הויפלייט.

צי האָט דער יונגער וויליאַם אַ באַשטימטע פאָרשטעלונג וועגן דעם וועג אויף וועלכן עס איז אים אָנגעצייכנט צו גיין ? האָט ער וועלכע עס איז אַנונג וועגן דער הערלעכקייט, מיט וועלכער זיין נאָמען וועט זיך גאָר אינגיכן צעקלינגען אין דער טעאַטער, און דאָך אַזוי ווייטער ענגלישער הויפּטשטאָט ? דאָס איז אָבער זיכער, אַז די גאָלדענע זאָמען, וואָס עס האָבן פאַרפלאַנצט אין זיין יונגער עמפּינדלעכער נשמה אָט יענע וואַנדערנ־דיקע קאָמעדיאַנטן, וועלכע ער האָט באַוואונדערט אין דעם גילדע־זאַל, זיצנדיק אויפן פאָטערס שויס, די זאָמען זיינען נישט פאַרלוירן געגאַנ־גען. זיי צייטיקן זיך אין זיין האַרץ און פאַנטאַזיע. ער איז שוין אַ „באַ־זעסענער״. אַלץ וואָס ער טוט טראָגט שוין אויף זיך דעם אָפּשיין פון „טעאַטער״. ער זוכט שוין מסתמא פאַרשיידענע געלעגנהייטן זיך אַרטיס־טיש „אויסצולעבן״, נאָכמאַכנדיק די באַוועגונגען און האַלטונגען פון די פּראָפעסיאָנעלע אַקטיאָרן. ווי ס'האָט שפּעטער דערציילט דזשאָן אָוברעי — איינער פון די ערשטע, וואָס האָבן אָנגעהויבן צו קלייבן ביאָגראַפישן מאַטעריאַל וועגן שעקספּירס לעבן — ווען וויליאַם פלעגט אין יענע יאָרן דאַרפן קוילען אַ קאַלב, האָט ער עס געטאָן אויף אַ זייער געהויבענעם, טעאַטראַלישן אופן, און דערביי געהאַלטן אַ קאָמישע אָדער טראַגישע רעדע אין הויכן סטיל . . .

כאָטש אַנדערע שעקספּיר־קענער מיינען, אַז אָוברעי מאַכט אַ טעות אין זיין דערציילן דעם געבערענגטן עפּיזאָד. „קוילען אַ קאַלב״ האָט גאָר־ניט געהאַט צו טאָן מיט קצבעריי. דאָס איז פּשוט געווען אַ קאָמישע אונטערהאַלט־סצענע, אין וועלכער דער שפּילער פלעגט מימיש אימיטירן דאָס שטאַרבן פון אַ קאַלב. דאָס איז געווען אַ גראָטעסק, וואָס פלעגט זיין זייער באַליבט אין דעם רעפּערטואַר פון די קליין־שטעטלדיקע אַרומ־וואַנדערנדיקע קאָמעדיאַנטן. אין 1521 איז אַזאַ סצענע פאָרגעשפּילט געוואָרן (לויט אָפיציעלע דאָקומענטן) פאַר דער פּרינצעסין מערי. און נאָך ביזן היינטיקן טאָג ווערט צווישן די פּויערים אין ענגלאַנד געשפּילט אַן ענלעכע סצענע מיטן נאָמען „דער שטאַרבנדיקער חזיר״. מעגלעך, אַז שעקספּיר האָט אַזאַ סצענע געהאַט געזען שפּילן אויפן מאַרק־פּלאַץ אין סטראַטפאָרד, און פלעגט זי נאָכשפּילן ווען ער האָט געוואָלט אַמוזירן זיינע חברים.

ס'איז ניט אויסגעשלאָסן, אַז ער האָט אין יענע יאָרן ווידער געהאַט

אַ געלעגנהייט צו זען שפּילן און זיך דערנעענטערן צו אַ וואַנדערנדיקער טעאַטער־טרופּע, וואָס האָט באַזוכט  סטראַטפאָרד. ער איז מסתמא געקומען אין באַריר מיט די אַקטיאָרן אַרומדרייענדיק זיך אַרום זיי אין די אָרטיקע קרעטשמעס „שוואַן", „קרוין", אָדער „בער", וואו זיי פלעגן שפּילן. ס׳קאָן אויך מעגלעך זיין, אַז ער האָט זיך אַליין באַטייליקט אַלס מיטשפּילער אין די אַמאַטאָרן־אויפפירונגען פון די שטעטל־שע גרופּעס.

ס׳איז אויך קיין ספק נישט, אַז נישט בלויז האָט שעקספּיר אין יע־נע טעג געזוכט אַן אויסדרוק פאַר זיינע נאָך בלייכע שוישפּילערישע שטרעבונגען, נאָר אויך דער דראַמאַטיקער אין אים האָט געלאָזט דער־קענען זיינע ערשטע שפּורן. אויך די פּאָעטישע רעגונגען זיינע האָבן זיך זיכער אָנגעהויבן דורכצורייסן מיט זייערע ערשטע ציטערדיקע שטראַלן. ענגלאַנדס גרעסטער טעאַטער־דיכטער, דער גאָלדענסטער זינגער פון דער ענגלישער פּאָעזיע, האָט זיכער שוין דעמאָלט באַהאַלטענערהייט אָנגע־הויבן אונטערצושרייבן. אַ סך שעקספּיר־פאָרשער ווילן האָבן, אַז זיין „מיטזומער־נאַכט־חלום", איינע פון זיינע צאַרטסטע און גלענצנדיקסטע ראָמאַנטישע פאַנטאַזיעס, איז אין אַ שוואַכער, סקיצירטער פאָרם, אָנגע־שריבן געוואָרן נאָך אין סטראַטפאָרד. שפּעטער, אין לאָנדאָן, ווען ער איז שוין געווען אויף דער הויך פון זיין רום, און האָט באַדאַרפט צושטעלן אַמוזירונגען, צו אונטערהאַלטן זיינע קעניגלעכע און הויפישע פּאַטראָנען, האָט ער זיך צו דער פּיעסע אומגעקערט, און זי באַאַרבעט אין דער ראַ־פינירטער פּאָעטישער פאָרם, אין וועלכער דאָס וועלט־טעאַטער קען זי איצט. אויך אין זיין „ווענוס און אַדאָניס", די ליבעס־פּאָעמע, מיט וועל־כער שעקספּיר האָט זיך, אַ חוץ טעאַטער, ביי זיינע ערשטע דיכטערישע אַרויסטריטן באַלד אַרויסגערוקט אין דער פאָדערשטער ריי פון דער עלי־זאַבעטישער ענגלישער פּאָעזיע, געפינען אַ סך פאָרשער שטאַרקע סמנים פון יינגלערישן תמימותדיקן רייץ, און אומיטלבאַרן ענטוזיאַזם, וואָס שמעקן אַזוי שטאַרק מיט דער אָפּענער נאַטור פון דעם קליינעם שטעטל. זיי מיינען דעריבער, אַז אויך די פּאָעמע איז דורך דעם יונגן וויליאַמען פאַרטראַכט און אָנגעוואָרפן געוואָרן אין יענע סטראַטפאָרדער טעג.

און ס׳איז קיין חידוש נישט. דער גרויסער באַזינגער פון די גע־בענטשטע שיינקייטן פון דער ליבע, האָט זיכער גאַנץ פרי אַליין געמוזט אונטערוואָרפן ווערן איר כישוף. זיין שטאַרק עמפּינדלעך האַרץ האָט אוודאי ניט איינמאָל אין יענעם פריען עלטער זיך געמוזט צוזאַמענדריקן פון אירע גליקזעליקע ווייטיקן. ס׳איז גאָר נישט ווייט די צייט, ווען די

אומקלאָרע רייצן און ליבעס־פּאַרלאַנגען וועלן אים, אַן אכטצן־יאָריקן, אַוועקפירן אין דעם קליינעם שאָטערי־דערפל, צו פאַרבינדן זיין שיקזאַל מיט דער א סך עלטערער פון אים אַנע האַטאַווי, און דערמיט אַליין שאַפן אַט דעם טונקעלן, טרויעריקן שאָטן, וואָס האָט שפּעטער באַגלייט זיין גאַנץ לעבן.

צוזאַמען מיט דער ניט־זויבערער באַשעפטיקונג פון טרייבערן פליישׂ, אויסאַרבעטן לעדער און קעמען וואָל, האָט זיך דער יונגער וויליאַם זי־כער אויך פאַרנומען מיט ווייטערדיקן לייענען און שטודירן די איבער־זעצונגען פון גריכישער און איטאַליעניִשער ליטעראַטור, וואָס זיינען אים נאָר מעגלעך געווען צו באַקומען אין דעם קליינשטעטלדיקן סטראַטפאָרד. ער פאַרטיפט זיך אין די דעמאָלט שטאַרק מאָדישע ווערק פון טערענץ, סענעקאָ און פּלאַוטוס. איבערהויפּט נעמט ער זיך דורך מיט די ליבעס־געזאַנגען פון זיין פאַרערטן אָוויד, וואָס האָט שפּעטער געהאַט אויף אים אַזאַ שטאַרקע השפּעה. עס צייטיקט זיך זיין יונגער גייסט. אָבער אויך זיין קערפּער אַנטוויקלט זיך געהעריק. דער שלאַנקער, פיין־געבויטער וויליאַם נעמט אַ שטאַרקן אָנטייל אין אַלע געוועטן און שפּילן פון קליינ־שטעטלדיקן לעבן. ער פאַרטשעפּעט זיך גערן מיט די מיידלעך פון די אַרומיקע דערפער, וועלכע קומען אָפט אין שטעטל אַריין. און ער האַלט זיך אַפילו ניט אָפּ אָפּצושטאַטן זיי וויזיטן אין די היימישע דערפלעך. דאָס פירט אים איבער די פעלדער און וועלדער אַרום זיין געליבטן סטראַט־פאָרד. ער וואַנדערט לאַנג און גערן צווישן זייערע בליעכצן און בלו־מען, וואָס ער קען אַזוי גוט. ער טרינקט זיך אָן מיט זייער אַראָמאַט און זייערע קאָלירן. ער פאַרשיכורט זיך מיט דעם געזאַנג פון די פייגל, וואָס נעסטן און שפּילן אין זיי. ווי וואונדערלעך לעבעדיק ער וועט דאָס אַלץ שפּעטער איבערזיינגען און איבערמאָלן אין זיינע דראַמאַטישע דיכ־טונגען. ער באַקענט זיך אויף יענע שפּאַצירן מיט די אָרטיקע פּויערים, פעלד־אַרבעטער און גערטנער. ער זאַפּט איין אין זיך מיט ליבער נייגער זייער לעבנס־אַרט. פונקט ווי ער קוקט זיך צו מיט באַהאַלטענער פאַר־ווייטיקטקייט צו דעם לעבן און פירונגען פון זיינע אייגענע שטעטל־לייט.

וויליאַם איז טיילווייז פאַרוויטיקט, ווייל ער איז איצט דער זון פון אַ יורד, דער זון פון אַ פאַראָרעמטן פאַטער. דזשאָן שעקספּיר איז איצט אַזוי געפאַלן, — אפשר צוליב זיין אייגענער שולד, אָדער אפשר צוליב דעם קריזיס אין דער וואָל־אינדוסטריע, וואָס האָט אין יענער צייט געהאַט אויסגעבראָכן — אַז דער שטאָט־ראַט מוז אים אויסשליסן פון דער ליס־טע באַלעבאַטים, וועלכע דאַרפן צאָלן שטייער אויסצובויען די וועגן אַרום

סטראַטפאָרד, אָדער קויפן געוועהר פאַר דער מלוכה. מען מוז אים אויך שענקען די קליינע אָפּצאָלן, וואָס יעדער איינוואוינער דאַרף געבן לטובת די שטאָטישע אָרימעלייט. דאָס אַלץ האָט בשום אופן ניט געקאָנט פאַר־בייגיין אָן ווירקונג אויף דעם איינדרוקספולן און סענסיטיוון וויליאַמען. און ס'איז זיכער, אַז אין יענע טעג האָט זיך עס דערוועקט זיין אַמביציע צו רעאַביליטירן דעם כבוד פון זיין פאַמיליע, וואָס האָט אָנגעהאַלטן זיין גאַנץ לעבן. אַזוי שנעל ווי זיין לאַנדאַנער רום האָט אים שפּעטער אָנ־געהויבן העלפן אַריינצוקריגן די גרויסע געלטלעכע הכנסות, האָט ער זיך גלייך אומגעקערט קיין סטראַטפאָרד, און אַלע זיינע גרויסע פאַרדינסטן אָנגעווענדט צו ווערן איינער פון די רייכסטע און בכבודיקסטע באַלעבאַ־טים פון זיין היימישן שטעטל.

גאַנץ מעגלעך, אַז אָט צוליב דער געקרענקטקייט און באַהאַלטענער אַראָפּגעפאַלנקייט ביי זיך האָט זיך עס וויליאַמס יונגער לעבנס־וועג פאַר־נומען אָן אַ זייט. ער ווערט אַ חתן און האָט חתונה נישט מיט איינער פון די באַלעבאַטישע טעכטער אינעם אייגענעם שטעטל, ווי ס'וואָלט זי־כער געקאָנט זיין דער פאַל מיט עטלעכע יאָר פריער, בשעת דזשאָן שעקס־פּיר איז נאָך געווען פון די אָנגעזעענסטע שטאָט־באַאַמטע. ווען וויליאַם איז 18 יאָר אַלט ווערט ער שטילערהייט, אָן זיינע עלטערנס וויסן, פאַר־לויבט צו אַנע האַטאַוויי, די טאָכטער פון ריטשאַרד האַטאַוויי, אַ פאַר־מעגלעכן לאַנד־באַזיצער אין שאָטערי, אַ דערפל, איין מייל ווייט פון סטראַטפאָרד.

דער גאַנצער שידוך צווישן אַנען און וויליאַמען איז — ווי אַ סך זאַכן אין שעקספּירס לעבן — איינגעוויקלט אין אַ מין סוד. ווי קומט ער צו איר? זי איז עלטער פון אים מיט גאַנצע אַכט יאָר, און איז ווייט פון צו זיין אַ שיינהייט. האָט ער זי ליב געהאַט? אויב אַפילו יאָ, האָט זיך דער ליבעס־פלאַם גאַנץ גיך געמוזט איבערברענען, ווייל כמעט זיין גאַנץ צייטיק לעבן, די גאַנצע צייט פון זיין באַרימטקייט, איז ער געווען ווייט אַוועק פון איר. זי האָט מיט גאָרנישט געטיילט נישט זיין עמאָציאָנעל־קינסטלערישע, און נישט זיין גייסטיק־געזעלשאַפטלעכע וועלט. ערשט שפּעטער, צום סוף פון זיינע יאָרן, אַן אָנגעזעטיקטער מיט איבערלעבע־נישן און דערפאַרונגען, קערט ער זיך אום אַהיים, כדי אָן איינגעשטילטער און גוטמוטיקער צו פאַרענדיקן לעבן איר זיינע מיט לעבנס־חכמה באַ־שטראַלטע טעג.

ווי לאַנג עס האָט אָנגעהאַלטן זייער חתן־כלה־צייט און ביי וואָס פאַראַ באַדינגונגען זייער דערנעענטערן זיך איז פאָרגעקומען, איז ניט

באַוואוסט. מעגלעך, אַז די עלטערע און אַ ביסל פּויעריש־דורכגעטריבענע אַנע האָט געהאַט געוואָרפן אַן אויג אויף דעם יונגן, לעבנסלוסטיקן וויליאַמען. מעגלעך, אַז זי האָט אָנגעווענדט אַלע מיטלען פון איר ווייבערישן שכל, ער זאָל זיך צו איר שדכנען. יעדנפאַלס זייער חתונה האָט לאַנג נישט געקאָנט אָפּגעלייגט ווערן. דעם 28טן נאָוועמבער 1582 האָבן צוויי שכנים פון שאָטערי, די באַלעבאַטים פולק סאַנדעלס און זשאָן ריטשאַרדסאָן, פריינט פון אַנעס פאָטער, וועלכער איז מיט עטלעכע חדשים פריער געהאַט געשטאָרבן, אויף גיך איינגעלייגט ביי די געהעריקע באַאַמטע די נויטיקע סומע פון 40 ענגלישע פונט אַלס ערבות, אַז וויליאַם שעקספּיר ווערט דער מאַן פון אַנע האַטאַוויי. די חתונה איז פאָרגעקומען אַן דער הסכמה און אַן דעם וויסן פון חתנס עלטערן. די איילעניש און די געהיימנישפולקייט פון דער פאַסירונג זיינען גאַנץ פאַרשטענדלעך — דעם 26טן מאַי 1583, 6 חדשים נאָך דער חתונה ווערט געבוירן שעקספּירס ערשטע טאָכטער סוסאַנאַ.

פון דער „גראַמער"־שול נעמט דיך דער קליינער פּראָווינציעלער אָמניבוס אין בלויז צען מינוט צייט קיין שאָטערי. ס'איז אַ שפּעט־זומערדיקער נאָכמיטאָג, און געמיטלעך פאָרט זיך דער אָמניבוס איבער דעם שאָסיי, וואָס איז פון בײדע זייטן פאַרפלאַנצט מיט בוימער, צווישן וועלכע עס זעען זיך די קליינע ענגלישע הייזלעך. מיט דריי הונדערט יאָר צוריק האָט דער וועג געפירט דורך פאַרזייטע שמעקנדיקע פעלדער. און אין אַזעלכע שפּעטע, אַביסל כמורנע נאָכמיטאָג־שעהן, אָדער אָוונטן, פלעגט דער יונגער שעקספּיר זיכער מיט אַ קלאַפּנדיק האַרץ שפּאַצירן קיין שאָטערי צו פאַרברענגען מיט זיין אַנען. און אפשר פלעגט ער שפּאַצירן דאָ צוזאַמען מיט איר, געאָרעמט, ווי עס שפּאַצירן איצט ביי די זייטן פון שאָסיי די אַלע יינגע פּאָרלעך, די הענט אַרומגעלייגט איינער איבערן צווייטנס טאַליע. נו, זיכער איז דאָס בילד געווען אַנדערש און שענער. וויליאַם האָט נישט געטראָגן, ווי איצט דאָ די יונגעלייט, זיין גרויען רעגן־מאַנטל צוזאַמענגעוויקלט איבערן אַקסל, ווי זעלנער זייערע שינעלן. אין זיין עליזאַבעטישן קאָסטיום מיט די קני־הויזן און ווייס־גיפּיורטן העמד, מיט די לאַנגע ברוינע האָר און ברייטן הוט, האָט זיין שלאַנקבחורישע פיגור זיכער אַ סך שטאָלצער און מענלעכער זיך באַוואויגן איבער דעם וועג.

און אָט פאָרט מען אַריין אין דערפל. קליינע, שמאָלע געסלעך,

פאַרבויט מיט הויכע, רויטע ציגל־ווענט, דרייען זיך אַריין איינס אינעם אַנדערן. פון איבער יענער זייט ווענט הויבן זיך און קריכן די שפּיצן פון בוימער און גאָרטן־פּלאַנצונגען. און באַלד ענדיקן זיך די געסלעך. מען שטעלט זיך אָפּ און מען שטייגט אויס ביי אַן אָפענעם ראָג, וואו עס באַווייזט זיך אַ גרין־שמעקנדיקער גאָרטן, פאַרצוימט מיט נידעריקע שטאַכעטלעך — „אַנע האַטאַוויס קאָטעדזש". פון צווישן די בוימער זעט עס זיך, דאָס אַלט־ענגלישע, צוויי־שטאָקיקע פויערים־הייזל, מיט דעם שיפּן שינדל־דאַך, און די כאַראַקטעריסטישע בעלקעס, וואָס רעמען אַרום די ווייס־געפאַרבטע ציגל. דאָס איז עס דאָס הויז פון שעקספּירס ערשטער ליבע, פון זיין ערשטן צוזאַמענשטויס מיטן לעבן. דאָס אָרט פון זיינע יונגע פאַנטאַזיעס און ביטערע אַנטוישונגען.

עס מאַכט איצט אַ זייער ליבן און טיפן איינדרוק, דאָס אַנע־האַטאַוויי־הויז. עס איז איצט — ווי יעדעס הויז, וואָס האָט אַ שייכות צו שעקספּירס לעבן—אַ מוזעאום, און ווערט דורך דער „געבוירן־אָרט"־קאָרפּאָראַציע זייער גוט געפּלעגט. עס באָדט זיך אין גרינס און אין בלומען. אין אַ סך הינזיכטן איז עס פיל מער אַנציענדיק ווי דאָס „געבוירן־אָרט"־הויז. דאָס לעצטע איז שטרענג שטאָטיש־פּוריטאַניש. עס דערדריקט מיט דער גרויקייט פון די אַלטע ווענט. אַנע האַטאַוויס הויז האָט, נאָך דריי הונדערט יאָר, נאָך אַלץ באַוויזן אויפצוהאַלטן די איינלאַדנדיקע וואַרעמקייט פון אַ פויעריש הויז אויפן לאַנד. אַ הויז, וואָס איז זיכער געפירט געוואָרן מיט דער גאַנצער אָפּגעהיטנקייט פון אַ בריהשער פרויענהאַנט. דער אונטערשיד האָט אין שעקספּירס צייט געמוזט זיין נאָך אַ שטאַרקערער. סטראַטפאָרד איז דעמאָלט געווען אַ זייער אומסאַניטאַריש אָרט, פול מיט קאַלוזשעס בלאָטע. דזשאָן, שעקספּירס פאָטער, איז עטלעכע מאָל באַשטראָפט געוואָרן פאַר אויסגיסן שמוציק וואַסער פאַר זיין הויז אין דער הענלעי־גאַס. ס'איז אפשר ניט שווער זיך משער צו זיין, אַז דער יונגער וויליאַם איז צוגעצויגן געוואָרן דורך דער אָנגענעמער און פרישער ריינקייט פון דער דאָרפיש־געזונטער, באַלעבאַטישער היים.

ווי ווייט מעגלעך זיינען אין די עטלעכע חדרים די שטוב־זאַכן און הויז־איינריכטונגען נאָך פאַרבליבן ווי אין דער אַמאָליקער עליזאַבעטישער צייט. אַרום די ווייס־געקאַלעכטע ווענט פונעם עס־צימער שטייען נאָך די מעבל־שטיקער, שענקלעך און פאַלקעס מיט די אַמאָליקע עס־כלים. גרויסע הילצערנע טעלער, מיט קליינע אָפּטיילן פאַר פלייש, קאַרטאָפל, זאַלץ און „פּודינג". שטיינדלעך אויסצוקלאַפּן פייער. ליכט־האַלטערס מיט די שמאַלע רערלעך פאַר די קנויטן, וואָס שווימען אין

בוימל. ביי דער זייט פונעם צימער איז דאָס קליינע אַלקערל, מיטן האַלבן אונטערשטען טירל, דאָרט וואו מען פלעגט האַלטן די בהמה אָדער דאָס קעלבל אין הויז.

אָבער גאָר אַ שטאַרקן איינדרוק מאַכט, נאָכדעם ווי מען הייבט זיך אויף איבער די סקריפּענדיקע הילצערנע טרעפּ, די „בעסט פאַרלאָר" — דאָס וואוין־צימער מיטן ברייטן פייער־קאַמין און די „חתן־כלה־באַנק" מיטן הויכן ווענטל, וואָס שטייט פאַר אים . . . דאָס איז דאָס צימער, וואו שעקספּיר פלעגט די זומער און ווינטער־אָוונטן פאַרברענגען שדכנעדיק זיך, און צערטלענדיק זיינע ערשטע יונגע פאַרלאַנגען.

וואָס האָט ער דאָ איבערגעלעבט ? האָט ער דאָ געשעפּט זיינע ערשטע אינספּיראַציעס פאַר דער ליבע, וואָס איז נאָכדעם אין זיינע דיכטונגען אַזוי טויזנטפאַך פאַרהערלעכטער געוואָרן ? ס'קאָן זיין, אַז אין זיין יונגער, פייערדיק־פּאָעטישער אימאַזשינאַציע האָט די ניט שיינע אַנע, ווען ער האָט דאָ געהאַלטן געאָרעמט, זיך פאַרוואַנדלט אין איינער פון די כישופדיקע פעריעס, אָדער וואונדערלעכע פרינצעסינס, מיט וועלכע ער האָט אָנגעפילט זיינע שפּעטערדיקע פאַנטאַסטישע ווערק. גאַנץ מעגלעך, אַז אין זיין פלאַמיקן ליבעס־עקסטאַז האָט זיך אָט דאָס צימער מיט דעם טונקעלן הילצערנעם באַלקן און קליינע געפלאָכטענע טודאָר־פענצטער, אָנגעפילט מיט אַ פלייצנדיקן צויבער־ליכט, וואָס האָט זיך געמישט מיט איבערערדישן מלאכים־געזאַנג.

עס דאַכט זיך, אַז אויף די ווייסע ווענט זיינען נאָך געבליבן הענגען די אָפּשטראַלן פון זיינע, אויס באַגייסטערונג אויפגעלויכטענע בליקן. מ'האָט דאָס געפיל, אַז אין די ווינקלען שוועבן נאָך די אָפּקלאַנגען פון זיינע, אויס חרטה אַרויסגעריסענע זיפצן. ס'איז די „בעסט פאַרלאָר", וואָס האָט געזען דעם גרויסן דיכטער אין זיינע צאַרטסטע, אינטימסטע מאָמענטן פון יוגנט־חלומות און יוגנט־גליק.

און פונקט אַזאַ רירנדיקן איינדרוק מאַכט דאָס וויטערדיקע גרויסע שלאָף־צימער מיט דעם אַלט־ענגלישן באַצירטן הימל־בעט, מיט די געשניצטע שטאַנגען און ברייטע געזימסן, וואָס האַלטן אונטער די פיין־געשטיקטע חופה־דעק. דאָס חשובסטע און אָנגעזעענסטע מעבל־שטיק אין אַן אַלט־ענגלישן באַלעבאַטישן הויז, וואו די מערסטע פון דער פאַמיליע פלעגן שלאָפן אויף דער ערד, אויסגעבעט אויף שטרוי־זעק. לויט דער אָרטיקער סטראַטפאָרדער טראַדיציע זאָל דאָס זיין דאָס „צווייט־בעסטע" בעט, וועלכעס שעקספּיר האָט אין זיין צוואה איבערגעלאָזט דער אלטער אַנען, און וואָס איז שפּעטער, נאָך זיין טויט, אַריבערגעטראָגן געוואָרן פון

דעם „ניי־אָרט” אָהער אין דעם „האַטאַוויי־הויז”. אין דער זייט שטייען די נידעריקע, מיט אייזן־באַשלאָגענע, בענק־קאַמאָדעס, וואו מען פלעגט געווייגלעך האַלטן די בעסטע זאַכן פון הויז. אין איינעם פון זיי איז זי־כער אויפגעהיט געוואָרן אַנע האַטאַוויס כלה־אויסשטייער, וואָס זי האָט געגרייט צוליב איר יונגן ווילי‏אַמען. און דאָ אין דעם שלאָפצימער איז עס געבוירן געוואָרן שעקספּירס ערשטע טאָכטער סוסאַנאַ, וואָס איז ביז זיין טויט פאַרבליבן זיין געליבטסטע קינד.

ס'איז נישט באַקאַנט צי איז שעקספּיר נאָך דער חתונה פאַרבליבן וואוינען אין אַנע האַטאַוויס שטיבל, אָדער ביי וואָס פאַראַ אומשטענדן ער האָט נאָכדעם זיין ווייב און קינד גענומען אַהיים צו זיינע עלטערן, און געוואוינט מיט זיי אין „געבוירן־הויז” אין דער הענלעי גאַס. יעדנפאַלס, זיין משפחה איז גיך גרעסער געוואָרן. אין קנאַפּע 2 יאָר אַרום, פעב. 1585 באַשענקט אים זיין אַנע מיט אַ צווילינג — אַ זון האַמנעט אָדער האַמלעט און אַ טאָכטער דזשודיט. דער נאָך נישט פּאָליאַריקער ווילי‏אַם ווערט אַזוי אַרום אַ מטופל מיט אַ גאַנץ נישקשהדיקער פאַמיליע. ביי דעם פאָטערס אָרעמקייט און ביי זיין אייגענער ניט־צוגעגרייטקייט, האָט אַזאַ צושטאַנד זיכער געמוזט פאַלן זייער שווער אויף זיין יונג לעבן.

מיט וואָס ווילי‏אַם האָט מפרנס געווען זיין אומגעריכט היפּשע פאַ־מיליע איז נישט באַוואוסט. אייניקע פאַרשער ווילן האָבן, אַז ער איז אַ שטיקל צייט געווען אַנגעשטעלט אַלס געהילף־לערער אין דער „גראַמער”־שול. אָבער קיין פעסטגעשטעלטע זאַך איז דאָס נישט. זיכער איז, אַז זיין געאיילטער שריט, זיין אומגעלונגענער שידוך, האָט נישט געהאַט די בעסטע השפּעה אויף ווילי‏אַמען. גאָר אינגיכן איז ער הפּנים אַריינ־געפאַלן אין נישט קיין גוטער געזעלשאַפט. די טראַדיציאָנעלע פאַקטן, וואָס זיינען באַקאַנט וועגן די עטלעכע יאָר צווישן זיין חתונה האָבן און זיין מוזן פאַרלאָזן סטראַטפאָרד פאַר דער הויפּטשטאָט לאָנדאָן, ווייזן בלויז, אַז דער געניאַלער דיכטער, וואָס האָט געקאָנט אַזוי שיין באַזינ־גען די הערלעכקייטן און די טוגנדן פון לעבן, איז געווען אויך אַ מענטש מיט אַלע מענטשלעכע חסרונות און שוואַכקייטן.

דער ערשטער פאַקט איז, אַז אין אַיין צייט האָבן די שיכורים פון דערבייאיקן שטעטל בידפאָרד, וואָס זיינען געווען באַרימט מיט זייער ביר טרינקען, אַרויסגערופן ווילי‏אַמען ער זאָל קומען מיט זיינע סטראַט־פאָרדער חברים־טרינקערס זיך פאַרמעסטן, ווער פון זיי ס'וועט וועמען איבערשטייגן אין דער טרינק־קונסט. שעקספּיר זאָל האָבן דעם אַרויס־רוף גערן אָנגענומען. ער איז אָבער געווען שטאַרק אַנטוישט, ווען קו־

מענדיק קיין בידפאָרד האָט ער אויסגעפונען, אַז די שיכורים־באַנדע איז גאָר אַוועק אין אַן אַנדער שטעטל, וואוהין זיי זיינען אַרויסגערופן געוואָרן אויף אַ טרינק־געוועט. און אַזוי ווי ער האָט נישט געוואָלט האָבן געמאַכט קיין אומזיסטע נסיעה, האָט ער זיך מיט זיינע לייט אָנגעטרונקען וויפיל ס'האָט נאָר געקאָנט אַריין. פאַר אַ לאַנגער צייט האָט מען אָנגעוויזן אויף אַ בוים לעבן בידפאָרד, וואָס מען האָט אָנגערופן „שעקספּירס חופה"־בוים, ווייל אונטער אים זאָלן שעקספּיר און זיינע לייט, טויט־שיכורע, האָבן אָפּגעשלאָפן גאַנצע צוויי טעג. אין 1762 האָט אַ רייזנדער באַשריבן זיין וויזיט אין סטראַטפאָרד, און דערמאָנט, אַז זייענדיק אין בידפאָרד האָט אים דער ווירט פון „ווייסן לייב"־קרעטשמע אָנגעוויזן אויף דעם „שעקספּירס חופה"־בוים. דער בוים איז שפּעטער באַשריבן און געצייכנט געוואָרן דורך פאַרשידענע קינסטלער. דער ערשטער געניי צו דערציילן וועגן דעם פאַל מיט די בידפאָרדער שיכורים איז געווען דער סטראַטפאָרדער אַנטיקוואַר דזשאָן דזשאָרדאַן אין 1770.

אויב דער דערמאָנטער פאַל האָט ניט געהאַט קיין אומגליקלעכע רעזולטאַטן. ער האָט בלויז געוויזן, אַז שעקספּיר האָט אַ גרויסן טייל פון זיינע שפּעטער־געשאַפענע בינע־העלדן גענומען פון ווירקלעכן לעבן. ער איז געווען גוט באַקאַנט מיט די אַלע טרינקערס און שיכורים, די פאַלסטאַפס און באַרדאָלפס, וועלכע ער האָט מיט אַזוי פיל לעבעדיקייט אַרויסגעפירט אין זיינע קאָמעדיעס. איז אָבער דער צווייטער פאַקט פון יענער צייט געווען פון אַ מער ערנסטן כאַראַקטער, און האָט געהאַט אַ דעצעדירנדיקע ווירקונג אויף זיין גאַנצער צוקונפט. אַ פאַקט, צוליב וועלכן ער האָט געמוזט אַנטלויפן פון זיין היים־שטאָט, צו זיין רום און גרויסקייט — קיין לאָנדאָן. דאָס איז דער פאַל מיט דעם גנבענען הירשן אין דעם יאַגד־פּאַרק פון סער טאָמאַס לוסין.

סער לוסי איז געווען זייער אַ רייכער לאַנד־באַזיצער מיט גרויסע פאַרבינדונגען אין דעם קעניגלעכן הויף. ער האָט אַ גרויסן טייל פון זיינע גיטער אין שאַרלקאָט, נישט ווייט פון סטראַטפאָרד אָפּגעצוימט פאַר אַ פּריוואַטן יאַגד־פּאַרק, וואו ער האָט געהאַלטן אַ סך הירשן. איינער פון די באַליבטסטע ספּאָרטן ביי די סטראַטפאָרדער איינוואוינער, וואָס זיינען כמעט אַלע געווען פאַרקאָכטע יאַגד־ליבהאָבערס, פלעגט דעמאָלט זיין, צו קאָנען זיך אַריינקריגן אין פּאַרק אַריין און אַרויסלטחנען וויפיל הירשן ס'האָט זיך נאָר געלאָזט. ס'איז געווען אַ מין צולהכעיסדיקער פאַרמעסט מיט די באַראָנען און נאָבל־לייט, צו זען אויב יענע זיינען טאַקע באַרעכטיקט צוצונעמען די גאַנצע פרייד און פאַר־

געניגן פון יאַגד בלויז פאַר זיך אַליין. באַזונדערס זאָל זיך האָבן אויסגע־צייכנט מיט דעם לטחנען די הירשן דער יונגער ווילי, וואָס איז בטבע געווען ליידנשאַפטלעך פאַרליבט אין יאַגד, ווי בכלל אין הינט און אין פערד. און אויף אים האָט דאָס דער בייזער סער לוסי אויסגעגאָסן זיין גאַנצן צאָרן קעגן דעם אַריינדרינגען אין זיין פריוואַטן אייגנטום. ער האָט, לויט דער טראַדיציע, וויליאַמען עטלעכע מאָל געלאָזט אַרעסטירן און אַפילו שמייסן. ביז דאָס לעצטע מאָל, ווען כדי זיך נוקם צו זיין אָן זיין פאַרפאָלגער, האָט שעקספּיר פאַרפאַסט וועגן אים אַ חוזק־באַלאַדע, און דער אַלטער נאָבלמאַן האָט אים געסטראַשעט מיט אַ גרויסער שטראָף. האָט וויליאַם געמוזט איבערלאָזן ווייב און קינד. די גאַנצע משפחה און אַנטלויפן קיין לאָנדאָן.

דער אינצידענט מיט דער חוזק־באַלאַדע איז אויך אינטערעסאַנט דערמיט, וואָס זי איז די ערשטע, כאָטש זייער צווייפל־האַפטע, איבערבלייבעניש פון שעקספּירס פאַרשריבענע ליטעראַרישע אָנהויבן. לויט ווי דער אַלטער סטראַטפאָרדער איינוואוינער טאָמאַס דזשאָנס האָט איבערגעגעבן, זאָל די באַלאַדע געווען צוגעקלעפּט געוואָרן צו דעם טויער פון סער לוסיס פּאַרק. זי גייט — לויט אַראָפּגענומענע קאָפּיעס, וואָס האָבן געהערט צו עדוואַרד קאַפּעל און וויליאַם אָלדייס — אַזוי:

„אַ פּאַרלאַמענט מיטגליד, אַ ריכטער פון ווערט,
אין הויז אַ סטראַשידלע, אין לאָנדאָן אַ פערד.
אויב לויזיק מיינט לוסי, ווי טייל מאַכן חוזק,
איז וואָס ס׳זאָל געשען, איז דאָך לוסי שוין לויזיק;
ער מיינט ער איז גרויס, אָט דער אייזל מיט יאָרן,
לויט די אויערן דאַרף ער נאָר מיט אייזלען זיך פּאָרן.
אויב לויזיק מיינט לוסי, ווי טייל מאַכן חוזק,
איז וואָס ס׳זאָל פּאַסירן, זינגט: לוסי איז לויזיק״.

אַ סך שעקספּיר־פאָרשער פּרובירן צו מינימיזירן, אָדער אפילו איג־נאָרירן די גאַנצע געשיכטע פון הירש־גנבענען. ערשטנס האָט גנבענען הירשן, וואָס אַפילו די אָקספאָרדער סטודענטן פלעגן פּראַקטי־צירן, בכלל זיך גערעכנט פאַר אַ פאַרהעלטנישמעסיק אומשולדיקער עבירה. און פון דער צווייטער זייט פּרובירן זיי שילדערן שעקספּירס פאַרלאָזן סטראַטפאָרד אונטער מער גליקלעכע באַדינגונגען. זיי ווילן האָבן, אַז ער האָט זיך צו יענער צייט ווידער צוזאַמענגעטראָפן מיט אַ

וואָנדערנדיקער אַקטיאָרן־טרופּע, וועלכע האָט אים מיטגענומען קיין לאָנ־דאָן. אַנדערע פּרובירן זאָגן, אַז ער איז אומגעצוואונגענערהייט אַוועק פון דער היים, פּשוט דערפאַר ווייל ער איז אין יענער צייט געוואָרן פול־יאָריק און גענומען ערנסט טראַכטן ווי אַזוי מפרנס צו זיין זיין פאַמיליע. און זיינע האָפענונגען האָט ער געזען דאָרט אין דער גרויסער הויפּטשטאָט, וואו עס זיינען דאָ אַזוי פיל מעגלעכקייטן. אָבער די געשיכטע מיט זיין צוזאַמענשטויס מיט דעם בייזן טאָמאָס לוסין שיינט צו האָבן אַ שטאַרקן גרונט. אין אַ צייט שפּעטער, ווען שעקספּיר איז שוין געווען דער באַ־רימטער טעאַטער־שרייבער און דער ליבלינג פון לאָנדאָנער פּובליקום, האָט ער זיך ביטער נוקם געווען אָן דעם בייזן נאָבלמאַן. אין צוויי פון זיינע פּיעסן, אין „הענרי דעם פערטן" און אין „די לוסטיקע ווייבער פון ווינדזאָר" פירט ער אַרויס אַ גאַליקע קאַריקאַטורע אויף אים אין דער פּערזאָן פון דעם ריכטער שאַלאָ. און כדי צו געבן אַ דירעקטע אָנצו־געהערעניש, אַז מיט דעם טיפּושדיקן פּאַרשוין מיינט ער טאַקע סער לוסין, שאַפט ער דעם וואָרט־שפּיל, וואָס אָנשטאָט אויף דעם אמתן העלדס, דעם נאָבלמאַנס, הערב־שילד געפינען זיך דריי לוסעס (העכט), גיט ער דעם קאַריקאַטוריזירטן העלד, דעם ריכטער שאַלאָן, אַלס הערב־שילד דריי לאָוסעס (לייז).

איינס איז אָבער זיכער, אַז איבעריק בייז זיין וועט קיינער ניט אויף דעם אַלטן לוסי, וואָס צוליב זיין ענגהאַרציקייט האָט וויליאַם שעקספּיר געמוזט פאַרלאָזן זיין היים. ווייל, ווי עס דריקט זיך אויס איינער פון די פיינסטע פאַרערער זיינע, מיט שעקספּירס אַנטלויפן פון זיין געבוירן־שטאָט האָט סטראַטפאָרד אפשר פאַרלוירן אַ גוטן וואָל־קעמער, אָבער די וועלט האָט געוואונען איינעם פון אירע אומשטערבלעכסטע פּאָעטן.

צום גליק זיינען די צוויי געבראַכטע פאַקטן בלויז פון די געציילטע, וואָס וואַרפן אַ לייכטן שאָטן אויף שעקספּירס פּערזאָן. אַלע איבעריקע ידיעות און דערציילונגען וועגן זיין נאַטור זיינען פון אַ מער ליכטיקן קאָליר. דורך זיין גאַנץ ווייטערדיק לעבן האָט זיך, צוזאַמען מיט דעם רום וועגן דער גרויסקייט פון זיין טאַלאַנט, אויך געטראָגן זיין שם אַלס צאַרטער מענטש מיט אַן איידעלן כאַראַקטער און וואונדערלעכן טאַקט. אַלע וואָס זיינען נאָר געקומען מיט אים אין באַריר, האָבן תמיד געלויבט זיינע פיינע מאַניערן, זיין אויפריכטיקע גוטמוטיקייט, און זיין שטענדיקע צוגעלאָזטקייט צו מענטשן. ער האָט זיך קיינמאָל ניט געהאַלטן גרעסער פון וועמען נישט איז, און ניט אויסגענוצט קעגן קיינעם זיין העכערע גע־זעלשאַפטלעכע פּאָזיציע אַלס דער גרעסטער פּאָעט און דראַמאַטיקער פון

זײן צײט. נישט נאָך האָבן זײנע קאָלעגן אַקטיאָרן שפּעטער גערעדט װעגן אים, אַז ער איז געװען „אײדל, פרײנטלעך, בראַװ, הײס געליבט — אונדזער שעקספּיר. ניקאָלאַס ראָו, זײן ערשטער ביאָגראַף דער־צײלט: „אַ חוץ דעם װאָס ער האָט זיך אױסגעצײכנט מיט זײן גײסט־רײכקײט, איז ער אַלײן געװען אַ גוטהאַרציקער מענטש, מיט אַ פײנער ליבלעכקײט אין זײנע מאַניערן, און אַ זײער אַנגענעמער קאָמפּאַניאָן". בען דזשאָנסאָן, װעלכער האָט אים בײם לעבן שאַרף באַקעמפט, װײל ער האָט געװאָלט פאַרנעמען דאָס ערשטע אָרט אין עליזאַבעטישן טעאַטער, װאָס האָט אַזױ אומצװײפלהאַפט געהערט שעקספּירן, האָט נאָך זײן טױט געשריבן: „איך האָב ליב געהאַט דעם מענטשן, און איך ער זײן אָנ־דענק כמעט ביז פאַרגעטערונג פונקט װי יעדער אײנער. ער איז באמת געװען ערלעך און געהאַט אַ נאָבעלע, פרײע נאַטור; ער איז געװען באַ־שאָנקען מיט אַ װאונדערלעכער פאַנטאַזיע, בראַװע אײנפאַלן און אײדעלע אױסדרוקן".

די נאָבלקײט פון שעקספּירס כאַראַקטער גײט װי אַ רױטער פאָדעם דורך זײן גאַנץ שפּעטערדיק שרײבן. די גאַנצע ליבטיקײט פון זײן נשמה הײבט זיך אָן אַרױסצואװײזן בײ דער ערשטער געלעגנהײט צו קומען אין דער בעסערער לאָנדאָנער סביבה, און בײ דעם פריסטן צוזאַמענקום מיט די קינסטלערישע פערזענלעכקײטן פון זײן צײט. ס'איז אפשר געװען באַ־טײרלעך זײן צײטװײליקער אַראָפּפאַל אין דער סטראַטפאָרדער שלעכטער געזעלשאַפט, כדי ער זאָל מיט דער גאַנצער פרעכטיקײט זיך קאָנען באַלד נאָכדעם אױפהױבן צו דער פענאָמענאַלער הױך אין דער לאָנדאָנער קינסט־לערישער עליטע.

און אַזױ קומט אָן דערװײל דער קאַלטער פרימאָרגן פון דעם װינ־טערטאָג אין 1585, װען אונדזער װיליאַם געזעגנט זיך מיט זײן װײב און קינדער, אַרױסלאָזנדיק זיך אױף דער װײטער רײזע צו דער גרױסער, מיט טױזנט האָפענונגען פולער שטאָט לאָנדאָן.

שטײענדיק דאָ אין דעם קלײנעם, פײן־געצירטן גאָרטן פאַר דעם אַננע האַטאַװײ־הױז אין שאָטערי, איז גאַנץ גרינג זיך פאָרצושטעלן דעם יונגן, אַנטשלאָסענעם װיליאַם, זיצנדיק אױף דעם פערד, װאָס האָט אים געדאַרפט אַװעקפירן פון דער הײם, און קושנדיק צום לעצטן מאָל די קינדער, װעלכע די װײנענדיקע אַננע האָט צו אים אַרױפגעהױבן. האָט ער געאַנט װעגן דער באַרימטקײט און אומשטערבלעכקײט, װאָס דערװאַרטן אים אױף זײן איצטיקער ערשטע רײזע? האָט זי געפילט, אַז זי פאַרלירט איצט כמעט אױף שטענדיק דעם, לעבן װעמען זי האָט אַזױ שטאַרק גע־

וואָלט זיין, אַז אַ סך שפּעטער, נאָך זיין טויט, ווען זי איז שוין געווען אַ זקנה, האָט זי געבעטן מען זאָל זי אומבאַדינגט באַערדיקן מיט אים אין איין קבר?

אפשר זיינען נאָך דער פּאָטער דזשאָן און די מוטער מערי, צוזאַמען מיט די ברידער און שוועסטער אים געקומען אַרויסבאַגלייטן, אויב ער איז פונדאַנען, און ניט פון זייער הויז אַוועקגעפאָרן. זיכער האָבן זיך די אַרומיקע שכנים, אָדער די איינוואוינער פון זיין היימשטעטל, גאַנץ וויניק געמאַכט דערפון, וואָס עס פאָרט אַוועק דער אָרעמער, און לעצטנס ניט־זייער חשובער „ווילי", דער וואָל־קעמער און פליישׁ־האַקער. גאַנץ אַנדערש וועט דאָס בילד אויסזען אין בלויז צוויי צענדליק יאָר אַרום, ווען ס'וועט זיך אומקערן וויליאַם שעקספּיר, דער באַרימטסטער און באַליבטסטער פּאָעט־אַקטיאָר־דראַמאַטיקער. די שענסטע און חשובסטע סטראַטפאָרדער באַלעבאַטים וועלן דעמאָלט אים אַנטקעגן גיין, און מיט גרויס אַכטונג און דרך־ארץ וועלן זיי אויפנעמען זייער רייכן בן־עיר, וואָס וועט אַהיימקומען כדי אויף שטענדיק מיט זיי צו פאַרבלייבן, און אויסלעבן זיינע יאָרן צווישן זיי אין רו און געמיטלעכקייט.

שעקספיר איז אַצינד אין לאָנדאָן.

זיין לעבן הייבט זיך אָן צו באַוועגן אין אַ גאַנץ אַנדערער ספערע. פון דעם אָרעמען, אומאַנגעזעענעם ווילי, אָדער וויל, ווי זיינע סטראַט־פאָרדער לאַנדסלייט פלעגן אים שפּאָסהאַפטיק רופן, הייבט ביסלעכוויז אָן זיך צו אַנטוויקלען און אויסוואַקסן וויליאַם שעקספיר, דער אַלוועלטלע־כער גאון, וועמענס גלאַנץ און גרויסקייט שטייגן איבער אַלץ, וואָס מענטש־לעכע באַרימטקייט קאָן נאָר אָנווייזן. איבער דריי הונדערט יאָר זיינען אַוועק זייט זיין טויט, און די עטלעכע און דרייסיק בינע־שעדעווורען און לירישע פּאָעמעס, וואָס ער האָט דער מענטשהייט געשענקט אין די איבער צוויי צענדליק יאָר פון זיין לאָנדאָנער שאַפן, הערן ניט אויף צו כישופן און באַגייסטערן אַ דאַנקבאַרע און פאַרגעטערנדיקע וועלט. פאַרקערט, וואָס ווייטער אָט־דער פענאָמענאַלער שטערן דערווייטערט זיך פון אונדז אין צייט, אַלץ העלער און שטראַלנדיקער צעגליט ער זיך. אַלץ מער פרייד און עקסטאַז רופט ער אַרויס מיט די תמיד נייע שיינקייטן, וואָס מען אַנטפּלעקט אין אים. פאַרבליפטע און פאַרחידושטע שטייען די שענסטע גייסטער פון אַלע לענדער פאַר זיין וואונדערלעכן ירושה־אוצר.

ווער האָט זיך אָן זיין פייער ניט געוואָרעמט? ווער האָט זיך מיט זיינע פּראַכטיקייטן ניט אַנטציקט? וועגן קיין אַנדער גאון אין דער גאַנ־צער וועלט־געשיכטע איז ניט געשאַפן געוואָרן אַזאַ ריזיקע און אַלזייטיקע ליטעראַטור ווי וועגן שעקספירן. קיין שאַפונג פון וועלכן ס׳איז וועלט־מייסטער איז נאָך ניט אונטערגעוואָרפן געוואָרן אַזאַ גרינטלעכער פאָר־שונג און פאַרטיפטער אַנאַליזירונג. די פיינסטע דענקער, די ערנסטסטע וויסנשאַפטסלייט און די שאַרפסטע אַנאַליטיקער האָבן בייגעטראָגן זייע־רע בעסטע אַרבעטן צו קאָמענטירן זיינע ווערק. ס׳ווערן שטודירט שעקספירס העלדן אין דעם ליכט פון פּסיכאָלאָגיע און פילאָזאָפיע. זיי ווערן אונטערזוכט אין שיין פון סאָציאַלער עטיק און מאָדערנער פּסיכאָ־אַנאַליז. ס׳ווערט געפאָרשט זיין ביבל־קענטעניש, זיין באַקאַנטשאַפט מיט די לערן און פּראַצעדורן פון דער קירכע. זיין פייַנע פאַרשטענדע־ניש פאַר מוזיק, געזעץ, אַפּאָטעקעריי, זאָאָלאָגיע, באָטאַניק, דרוקעריי־קונסט, און בכלל פאַר אַלץ, וואָס האָט אַ שייכות צום מענטשלעכן לעבן. קיין טייל פון מענטשלעכן דאַ־זיין איז אים ניט געוועזן פרעמד. וואָס איז

דען געווען פֿאַר אים פֿאַרהוילן? וועלכעס ווינקל פֿון דער מענטשלעכער נשמה איז דען געבליבן ביי אים נישט באַלויכטן? וועלכע טיפֿקייטן פֿון מענטשלעכע ליידן, און וועלכע הויכקייטן פֿון מענטשלעכער פֿרייד זיינען דען געווען פֿאַרבאָרגן פֿאַר זיין קינסטלערישן בליק? אַלע מענטשלעכע איבערלעבונגען, ליבע, האַס, פֿריינטשאַפֿט, פֿאַרראַט, געטריישאַפֿט און איפֿערזוכט — ער שפּילט אויף די אַלע עמאָציעס מיט אַזאַ ווירטואָזיטעט און ליידנשאַפֿטלעכקייט, ווי די וועלט האָט עס נאָך ביז אים ניט געקענט.

ביז אין אונדזער צייט איז נאָך קיין איין דראַמאַטיקער נישט אים־שטאַנד געווען זיך צו פֿאַרמעסטן מיט שעקספּירן אין דער אויפֿשיטערנ־דיקער דערהויבנקייט פֿון זיינע טראַגעדיעס, אין דער פֿאַרכאַפּנדיקער שטורמישקייט פֿון זיינע דראַמעס, אין דער צאַרטער פּאָעטישקייט פֿון זיי־נע ראָמאַנטישע פֿאַנטאַזיעס, און אין דער לויטערער גליקזעליקייט פֿון זיינע קאָמעדיעס. אַז ס׳איז פֿאַרשטענדלעך אַלעקסאַנדער דיומאַס התפּעלות ווען ער זאָגט: „נאָך גאָט האָט קיינער אַזוי פֿיל ניט געשאַפֿן ווי וויליאַם שעקספּיר". קיין איינציקער קינסטלער האָט נאָך ווי שעקס־פּיר אַזוי פֿיל ניט צוגעטראָגן צו דער אַלזייטיקער באַפֿרוכפּערונג פֿון דער מענטשלעכער קולטור. קיין דיכטער האָט נאָך מיט אַזאַ שפֿע ניט באַ־רייכערט דעם מענטשלעכן שפּראַך־אוצר. און ס׳איז גאָרנישט איבער־טריבן פֿראַנציס מערעס׳, דעם געלערנטן גלח־קריטיקער פֿון 16טן י.ה., עקסטאַטישע פֿאַרזיכערונג: „אויב די מלאכים אין הימל וואָלטן גערעדט ענגליש, וואָלטן זיי זיכער גערעדט שעקספּירס ענגליש". אָדער בען דזשאָנסאָנס יולאָגיע, ווען ער רופֿט שעקספּירן אָן: די פֿרייד און וואונ־דער פֿון אונדזער בינע".

ס׳איז אָנגענומען, אַז וויליאַם שעקספּיר האָט פֿאַרלאָזט זיין היים־שטאָט אַרום אָנהויב פֿון יאָר 1585. די רייזע קיין לאָנדאָן איז ניט גע־ווען קיין גרינגע. דער וועג וואָס דויערט איצט ביי אַ צוויי שעה צייט, האָט דעמאָלט געדויערט ניט ווייניקער ווי 4 טעג. די וועגן זיינען גע־ווען שלעכטע און פֿול מיט סכּנות. גיין פֿלעגט מען צופֿוס גרופּנווייז. ווער ס׳האָט געקאָנט איז געריטן אויף אַ פֿערד. בלויז פֿרויען און קינדער האָבן געמוזט אָנקומען צו פֿאָרן אין די בויד־וועגענער, אָדער דיליזשאַנסן. דאָס פֿאָרן אין זיי איז נאָך געווען ערגער ווי גיין צופֿוס. ווען די קעניגין עליזאַבעט האָט אין 1568 אויפֿגענומען דעם פֿראַנצויזישן אַמבאַסאַדאָר, האָט זי זיך שטאַרק באַקלאָגט אויף די אונטערגעשלאָגענע זייטן, וואָס זי האָט געקראָגן מיט עטלעכע טעג פֿריער, פֿאָרנדיק אין אַ קאַרעטע צו איי־נעם פֿון אירע שלעסער אין דער פּראָווינץ. אָבער עס איז גאַנץ לייכט

זיך פאַרצושטעלן די שטראַלנדיקע אויגן און דאָס ענטוזיאַסטישע פּנים פון דעם יונגן וויליאַם פאַרבייפאַרנדיק די באַרימטע שטאָט אָקספאָרד, אָדער פאַרביילאָזנדיק די קליינע דערפלעך אויף דעם וועג צו דער גע־גאַרטער הויפּטשטאָט.

די ערשטע צייט פון שעקספּירס אָנקומען קיין לאָנדאָן איז, ווי מען דריקט זיך אויס, איינגעהילט אין טונקלקייט. ס׳איז בלויז באַקאַנט, אַז ער האָט געוואוינט אין דער געגנט פון סאָוטוואַרק ווילעדזש, אויף יע־נער זייט טעמזע, אַרום דער „לאָנדאָן־בריק", ניט ווייט פון דעם „פּאַרי־זער גאָרטן", אַ פּאָפּולערער פאַרוויילונגס־פּלאַץ פאַרן פּשוטן פאָלק, מיט פאַרשטעלונגען פון בערן־טרייבער, קונצנמאַכער און זשאָנגלערן. דאָרט איז אויך געווען די „פאַלקאָן־קרעטשמע", וואָס איז שפּעטער געוואָרן דאָס באַרימטע טרעף־אָרט פון די לאָנדאָנער ליטעראַרישע און קינסטלע־רישע פּערזענלעכקייטן.

צו וואָס שעקספּיר האָט זיך גענומען באַלד ביי זיין אָנקומען אין לאָנדאָן איז נישט באַוואוסט. מיטן טעאַטער איז זיין נאָמען פאַרבונדן געוואָרן ערשט אַביסל שפּעטער. אַ סך מיינען, אַז ער האָט אַ שטיקל צייט זיך געלערנט דרוקעריי ביי זיין סטראַטפאָרדער פריינט ריטשאַרד פילד. פילד איז געווען שעקספּירס אַ שול־חבר. אַלס קינדער האָבן זיי זיך געשפּילט צוזאַמען. אין 1579 איז ער אַוועק קיין לאָנדאָן, וואו ער איז אָנגעקומען צו טאָמאַס וואוטראַליער אין דער דרוקעריי. נאָך וואוט־ראַליערס טויט אין 1587 האָט פילד חתונה געהאַט מיט דער אלמנה, זשאַקלין, און געוואָרן דער אייגנטימער פון דער באַרימטסטער דרוקעריי אין לאָנדאָן. אַנדערע מיינען, אַז שעקספּיר איז דעמאָלט געווען אַ שטיקל אַרויסהעלפער ביי אַן אַדוואָקאַט. סיי די ערשטע, סיי די צווייטע באַ־גרינדן זייערע השערות אויף דעם, וואָס שעקספּיר ווייזט אין זיינע ווערק אַרויס אַזאַ שטאַרקע געניטקייט אין דעם דרוקעריי־פאַך, אַז נאָר אייגער וואָס האָט אַ סך יאָרן פאַרבראַכט ביי דער מלאכה וואָלט געהאַט אַ מעג־לעכקייט זי אַזוי גרינטלעך צו קענען. און פונקט די זעלבע געניטקייט ווייזט ער אַרויס אין אַלע טעכנישע דריידלעך און קאָמפּליצירטקייטן פון געזעץ, וואָס נאָר אַ פּראָפעסיאָנעלער אַדוואָקאַט מיט אַ שאַרפן מוח וואָלט זיך געקאָנט דערמיט באַרימען. אָבער אָט־די השערות האָבן פונקט אַזאַ גרונט ווי די מיינונג, אַז שעקספּיר האָט אין זיין יוגנט געמוזט זיך באַ־שעפטיקן מיט גערטנעריי, ווייל נאָר אַ געניטער גערטנער, וואָס איז גוט באַקאַנט מיט דעם לעבן און נאַטור פון בלומען, וואָלט געקאָנט אימ־שטאַנד זיין אָנצושרייבן די פּראַכטיקע גאָרטן־סצענע אין „ריטשאַרד

דעם צווייטן״.

דער אמת איז, אַז שעקספּירן זיינען געווען באַקאַנט אַלע געביטן פונעם לעבן און דער נאַטור. מיט דער גאָט־געבענטשטער חריפות פון אַן אמתן גאון איז ער אימשטאַנד געווען צו באַמערקן און אויפנעמען פאַקטן און דערשיינונגען אַרום זיך; אויף אַ זייער שנעלן אופן זיי זיך צואייגענען, און נאָכדעם זיי אויסנוצן מיט אַן אויסערגעוויינלעכער באַ־האַוונטקייט. ער האָט זיך זיכער צוגעקוקט צו דער אַרבעט אין דער דרו־קעריי בשעת זיינע וויזיטן צו זיין פריינט, אָדער שפּעטער, ווען פילד האָט פאַר אים אָפּגעדרוקט זיין ערשטע לירישע פּאָעמע „ווענוס און אַדאָניס״. און דאָס אייגענע קאָן געזאָגט ווערן וועגן זיינע קענטעניש אויף אַנדערע געביטן.

ס'איז זיכער דאָ עפּעס אין דער אָנגענומענער טראַדיציע, אַז איידער וויליאַם איז אויפגענומען געוואָרן אין טעאַטער אַלס שוישפּילער און פּיעסן־שרייבער, האָט ער זיך באַשעפטיקט מיט דעם, וואָס אין דער צייט פונעם שפּילן, בשעת אינעווייניק איז אָנגעגאַנגען די פאָרשטעלונג, האָט ער דערוויל אינדרויסן אָפּגעהיטן די פערד פון די דענדיס, וואָס פלעגן קומען צורייטן אין טעאַטער אַריין. עס זאָל הייסן, אַז דער צוקונפטי־קער געניאַלער דיכטער און דראַמען־שרייבער האָט אַרויסגעוויזן אַזאַ געניטקייט און אַזאַ אייפער ביי דעם היטן די פערד, אַז די שטענדיקע טעאַטער־באַזוכער האָבן נאָר אים געוואָלט באַשעפטיקן. אַזוי אַז ער האָט אינגיכן געמוזט דינגען אַ גאַנצע גרופּע יינגלעך, וואָס זאָלן אַרבעטן פאַר אים, און מען פלעגט זיי רופן שעקספּירס יינגלעך. גאַנץ מעגלעך, אַז ער איז געקומען צו זיין פערד־היטעריי צוליב דעם, וואָס דער מנהג פלעגט זיין, ווען איינער איז געקומען קיין לאָנדאָן צו פאַרבלייבן, האָט ער פאַר־קויפט דאָס פערד, אויף וועלכן ער איז געקומען צורייטן. שעקספּיר האָט ביים אָנקומען אפשר פאַרקויפט זיין פערד אין דעם אָרט, וואו דזשיימס באַרבעדזש, דער דעמאָלסטדיקער באַרימטער טעאַטער־דירעקטאָר און שוישפּילער, פלעגט האַלטן זיין פערד־שטאַל. ס'איז אויך מעגלעך, אַז ער איז גלייך אָנגעקומען אין טעאַטער אַריין צו באַרבעדזשן אַלס אָנגעשטעל־טער, וואָס האָט באַדאַרפט אַכטונג געבן אויף דעם רעקוויזיט אויף דער בינע, העלפן אין דער אַדמיניסטראַציע, און אויך אַכטונג געבן אויף די פערד־שטאַלן. אַזוי אַרום איז ער געקומען אין באַריר מיט די פערד־היטערס פאַרן טעאַטער *)

*) ס'איז אויך גאַנץ מעגלעך, אַז „שעקספּירס יינגלעך״ האָט גאָר־

אַזוי צי אַזוי, זיכער איז, אַז די אַקטיאָרן האָבן זייער שנעל געמוזט אויפמערקזאַם ווערן אויף דעם שלאַנקן יונגנמאַן מיט דעם מילדן פּנים און שטאַרקער אינטעליגענץ. זיי האָבן זיך פּאַראינטערעסירט מיט די באַמערקונגען, וואָס ער האָט געמוזט מאַכן וועגן די פּיעסן און וועגן שפּילן. און ס'האָט ניט לאַנג גענומען ביז זיי האָבן אָנגעהויבן אים אויסצונוצן סיי מיט שפּילן קליינע ראָלן, און סיי מיטן צוהעלפן באַאַרבעטן פּיעסן.

לויט אַן אַנדער טראַדיציע איז שעקספּיר לכתחילה אויפגענומען געוואָרן אין טרופּע אַלס אינספּיציענט, וואָס זאָגט־אָן די אַקטיאָרן ווען זיי דאַרפן אויפטרעטן, אָדער אַלס ראָלן־איבערשרייבער, אפשר דורך דער באַמיאונג פון עטלעכע שוישפּילער, וואָס האָבן אים געדענקט פון זייער באַגעגענען אים אין סטראַטפּאָרד. אויף יעדן פאַל איז זיין אָנקומען אין טעאַטער געווען ניט קיין סך אַנדערש פון דעם ווי אַזוי עס זיינען תמיד צוגעקומען צו דער בינע די גאַנצע מחנות אַקטיאָרן איבער דער גאָרער וועלט. אַ שטיקל צייט הערט מען גאָרנישט פון אים. ערשט אין 1592 באַווייזט זיך אין דרוק די ערשטע ליטעראַרישע אָנדייטונג, וואָס האָט אַ שייכות מיט זיין טעאַטער־טעטיקייט.

שעקספּיר איז אָנגעקומען קיין לאָנדאָן אין אַ זייער פּאַסיקן מאָמענט. סיי דאָס טעאַטער, סיי די ליטעראַטור, ווי בכלל דאָס גאַנצע גייסטיקע און עקאָנאָמישע לעבן אין ענגלאַנד, האָבן דורכגעמאַכט אַ זייער שטאַרקן אויפשוואונג. דאָס לאַנד האָט אונטער דער הערשאַפט פון דער „בתולה־קעניגין" עליזאַבעט איבערגעלעבט אַ געוואַלטיקן אויפשטייג. דער ענג־

ניט געמיינט קיין באמת יונגע ייִנגלעך. מעגלעך, אַז דער אויסדרוק „באָיס" איז שוין אויך דעמאָלט גענוצט געוואָרן ווי מיר נוצן אים צייטנ־ווייז היינט, ווען ער מיינט „חברה־לייט", אָנהענגער. אַ באַצייכענונג פאַר די „באָיס", וואָס דרייען זיך אַרום טעאַטער, און זיינען אָנהענגער, „פּאַט־ריאָטן" פון געוויסע בינע־מענטשן. ווי מיר האָבן עס געהאַט אין דער בלי־צייט פון ייִדישן טעאַטער, ווען יאַקאָב פּ. אַדלער האָט געהאַט זיינע „באָיעס", זיינע אָנהענגער, מענטשן פון פּובליקום, וואָס זיינען גרייט גע־ווען צו גיין פאַר אים „ביזן בלוט", און דיזוויד קעסלער האָט געהאַט זיי־נע „באָיעס", זיינע „פּאַטריאָטן". דאָס וואָלט געמיינט, אַז שעקספּיר האָט זיך שוין דעמאָלט אין אַ געוויסער טעטיקייט ביים טעאַטער אַזוי אויסגעצייכנט, אַז ער האָט שוין געהאַט זיינע אָנהענגער, זיינע„פּאַטריאָטן", וועל־

לישער נצחון איבער די שפּאַניער, וואָס זיינען ביז דעמאָלט פאַררעכנט געווען פאַר די וויכטיקסטע הערשער אין אייראָפּע, האָט אין לאַנד גע־שאַפן אַן אומגעהייערע שפע און רחבות, איבערהויפּט פאַרן אויבערשטן טייל פון פאָלק. און די דאַנקבאַרקייט און לאָיאַליטעט צו דער קרוין האָבן זיך אויסגעדריקט אין שטאַרקער פּאַטריאָטישער איבערגעגעבנקייט און, קודם־כל, אין אַ פאַרערונג צו דער קעניגין, וואָס האָט דערגרייכט כמעט ביז צו רעליגיעזער פאַנאַטישקייט. עליזאַבעט איז בפועל־ממש געווען די פאַרקערפּערונג פון ענגלאַנד. אין איר קאַמף מיטן פּויפּסט אין רוים האָט זי געהאַט דעם גרעסטן רוב פון אירע אונטערטאַנען אויף איר זייט. ווען אין אַ געוויסן טאָג האָט אַ קאַטוילישער בירגער אויף דער טיר פון דעם לאָנדאָנער בישאָפס פּאַלאַץ אויפגעקלעפּט די פּויפּסט־לעכע בולא, אין וועלכער עליזאַבעט איז געלייגט געוואָרן אין חרם, איז פאָרגעקומען אַ גאַנצע ריי שווערע אומרוען. דער טומל האָט זיך איינ־געשטילט ערשט דעמאָלט, ווען דער שולדיקער איז הינגעריכט געוואָרן אינעם הויף פון דער סט. פּאָולס קירכע.

דער פּאַטריאָטישער אויפשוואונג און די עקאָנאָמישע זאַטקייט האָבן מיט זיך אויך מיטגעבראַכט אַן אומגעהייערע גייסטיקע און קינסטלערישע שפע. צוזאַמען מיט מאַטעריעלע אוצרות פון פרעמדע לענדער, מיט וועלכע די ענגלישע באַזיגער האָבן פאַרפּלייצט דאָס היימלאַנד, האָבן זיך אויך אָנגעהויבן צו פאַרשפּרייטן די פאַרשידנסטע איבערזעצונגען פון די גריכישע און לאַטיינישע מייסטערווערק, וואָס זיינען אַריבערגע־בראַכט געוואָרן פון דעם רענעסאַנסדיקן איטאַליע. געהאָלפן דערצו האָט זייער שטאַרק, וואָס אַ דאַנק דער פאַרשפּרייטונג פון דער יונגער דרוק־קונסט־דערפינדונג, האָבן מענטשן און לענדער בכלל גיכער געקאָנט קו־מען אין באַריר איינער מיטן צווייטן. אמת טאַקע, אַז מיליאָנען מענטשן האָבן נאָך אַלץ ניט געקאָנט לייענען אָדער שרייבן, אָבער די איבעריקע, דער קלענערער טייל פון דער באַפעלקערונג, זיינען געווען פאַרקאָכט אין פּאָעזיע און ליטעראַטור. דערפאַר אָבער זיינען ביידע, סיי דער געבילדע־טער, סיי דער אומגעבילדעטער טייל, גלייך געווען פאַרליבט אין טעאַ־טער. דער פּוריטאַניזם איז געווען שטאַרק איינגעוואָרצלט ביי דעם מיטל־קלאַס, אָבער סיי די אַריסטאָקראַטיע, סיי דער המון האָבן — פאַרשטייט זיך יעדער אויף זיין אופן — געלעבט אַ פולבלוטיק, פאַרבנרייך, עכט כע מען האָט גערופן „שעקספּירס באַיעס". פונקט אזוי ווי די אָנהענגער און אַרומהענגער בען דזשאָנסאָנען האָט מען שפּעטער אין שפּאַס גערופן די „בעניאַמינער", אָדער דער „בנימין־שבט".

רענעסאַנסדיק לעבן. ס'איז דערפאַר געווען אַ נאַטירלעכע זאַך, אַז דאָס ענגלישע לעבן איז אין אַ גרויסער מאָס געווען דורכגעדרונגען מיט די זעלבע שאַרפע קאָנטראַסטן, וואָס זיינען געווען אַזוי כאַראַקטעריסטיש פאַר דער אַלגעמיינער רענעסאַנס־עפּאָכע.

ס'איז געווען אַ לעבן פול מיט דעם געמיש פון גייסטיקע און זינלעכע עקסצענטרישקייטן. ס'איז געווען אַ צייט, ווען סיי די שענסטע, סיי די נידעריקסטע שטריכן פון מענטשלעכן, פונקט ווי פון נאַציאָנאַלן כאַראַקטער, האָבן געקראָגן זייער בולטסטן אויסדרוק. דער אַוועקגייענדיקער מיטלאַלטער און דער אָנקומענדיקער רענעסאַנס האָבן זיך נאָך נישט געהאַט קלאָר פאַנאַנדערגעשיידט. אין דער זעלבער צייט וואָס מען איז געווען פאַרכאַפּט מיטן דורשט פאַר בילדונג און אויפקלערונג, איז מען נאָך געווען פאַרזונקען אין טיפסטן אַבערגלויבן. פאַרברענען „מכשפות" איז נאָך געווען אַ גאַנץ לעבעדיקער מנהג. נאָך אַזוי ווייט ווי אין 1589 איז אין נאָרוויטש פאַרברענט געוואָרן פאַר אפּיקורסות דער געלערנטער פראַנציס קעט, דער רבי פון דעם דראַמאַטיקער קריסטאָפער מאַרלאָו. צוזאַמען מיט דער לוסט פאַר שיינער פּאָעזיע איז מען אויך געווען אַרומגעכאַפּט מיט דעם קאָכיקן פאַרלאַנג זיך אויסצולעבן אין אַלע תאווהדיקע פאַרגעניגנס. דער דעליקאַטסטער חוש פאַר שיינקייט איז געגאַנגען צוזאַמען מיטן בילקסטן ציניזם. דועלן, געשלעגן און ווילדע הוליאַנקעס אין די איינפאַר־הייזער זיינען געווען אַ געוויינלעכע דערשיינונג. די זעלבע מענטשן וואָס האָבן זיך געקוויקט מיט די שיינקייטן פון די גריכישע און רוימישע עסטעטן, האָבן אין פּריוואַטן לעבן גענוצט די שמוציקסטע רייד און זיך געוואַלגערט אין די ביליקסטע שענקען. אַפילו דער קעניגלעכער הויף איז נית געווען פריי פון דעם אַלעם. אין דער אייגענער צייט, וואָס מען האָט אונטערשטיצט די שיינע קונסטן און טעאַטער, האָבן דאָרט געהערשט די ווילדסטע מאַניערן. די טעמפּעראַמענטפולע קעניגין עליזאַבעט האָט בשעת אַן אַפּיציעלער אויפנאַמע, פאַר אַלע נאָבל־לייט אין די אויגן, אָנגעשפּיגן אין פּנים איינעם פון אירע דזשענטלמענער, אויף וועמען זי איז אין כעס געוואָרן. ביי אַ צווייטער ענלעכער געלעגנהייט, האָט זי עפּנטלעך געפּאַטשט איר פאַוואָריט, דעם אירל פון עסעקס, וועלכער איז אויך געווען דער ליבלינג פון ענגלישן פאָלק.

און ס'איז געווען גאַנץ נאַטירלעך, אַז אָט־די קאָכיקע עקסצענטרישע צייט; אָט־דער שטאַרקער ענטוזיאַזם פון לעבן, און דער איבערפלוס פון נאַציאָנאַלער גייסטיקער ענערגיע, זאָלן זיך אויסדריקן איבערהויפּט אין דער ליבע צום טעאַטער. מענטשן האָבן געזוכט אויפרעגונג, ענטוזיאַזם,

עמאָציאָנעלע אויסלעבונג, און די בינע איז געווען דאָס פּאַסיקסטע אָרט, וואו עס האָט זיך געקאָנט אָפּשפּיגלען דער גאַנצער געמיש פון יענער ליידנשאַפטלעכער, דראַמאַטישער און פילקאָלירנדיקער עפּאָכע. די טעאַטער־פאָרם איז געווען די אַמבעסטן צוגעפּאַסטע איבערצוגעבן די גאַנצע דינאַמישקייט און פאַרענדערלעכקייט פון די פּאַסירונגען אין לעבן פון פאָלק, און אין לעבן פון יחידים. מען האָט געזען דאָס לעבן אַרום זיך אויסגעדריקט אין שאַרפע דראַמאַטישע קאָנפליקטן. דער גורל פון מענטשן פלעגט זיך ענדערן איבער נאַכט. די וואָס האָבן היינט פאַרנומען דעם אויבנאַן ביים טראָן, זיינען מאָרגן געפירט געוואָרן צו דער תליה. אַזוי האָבן געענדיקט העגרי דעם 8טנס ווייבער, מערי סטיואַרט און עליזאַבעטס געליבטע. די וואָס האָבן היינט געלעבט אין רחבות און פאַרערונג, זיינען מאָרגן געשטאָרבן אין אָרעמקייט און פאַרגעסנקייט. און מער ווי אין דער ליטעראַטור, מער אַפילו ווי אין דער פּאָעזיע, האָט מען געקאָנט געפינען די אָפּשפּיגלונג פון דעם אַלעם אויף די ענגע ברעטער פון דער בינע. די בינע האָט שנעל, דירעקט, און אויף אַ זייער רירעוודיקן אופן געקאָנט ווייזן דעם גאַנצן צוזאַמענשטויס פון אומשטענדן, דעם גאַנצן פּלאָנטער פון געשעענישן און איבערלעבונגען, וואָס פירן סיי יחידים, סיי גרופּן צו זייער קאַטאַסטראָפאַלן סוף. מענטשן האָבן איבערגעשטראָמט דאָס טעאַטער, כדי דאָרט מיטצולעבן און מיטצואווירקן מיט די האַנדלונגען און איבערלעבונגען פון די פּערזאָנען אויף דער בינע, און אַזוי אַרום צו געפינען אַ באַפרייאונג פאַר דעם אייגענעם אויפבראויז פון ענערגיע, און דורשט נאָך אַקציע. אָבער כאַראַקטעריסטיש איז געווען, וואָס אָנשטאָט רעאַלע פאַרשוינען פון נאָענטן שטייגערישן לעבן, האָט דער עולם אין יענער צייט ליבער אָנגעהויבן פאַרצוציען כאַראַקטערס פון ווייטע לענדער און ווייטע צייטן. זיי האָט אָנגעהויבן צו געפעלן פּיעסן, וואָס זאָלן רייצן די אימאַזשינאַציע מיט זייערע פּערזאָנאַזשן פון ריטער, קעניגן, מאַגיקער, מכשפות, גייסטער. און צו דער זעלבער צייט האָבן די פּערזאָנען אויך געמוזט ריידן מיט דער הויך־געפליגלטער שפּראַך, וואָס איז דעמאָלט געווען אַזוי זיס פאַרן אויער. אָן אָנהויב פון דעם ראָמאַנטישן דראַנג, וואָס האָט זיך אַזוי צעבליט שפּעטער, אין שעקספּירס בינע־דיכטונגען.

פאַרשטייט זיך, אַז די גרויסע נאָכפראַגע פאַר דראַמאַטישע טעאַטער־פאָרשטעלונגען האָט אויך געשאַפן אַ גרויסע נויטיקייט אין וואָס מער שרייבערס פאַרן טעאַטער. און די פיינסטע דיכטער און שרייבערס פון יענער צייט זיינען געווען באַשעפטיקט מיטן שרייבן פאַר דער בינע. פון

איין זייט איז עס געווען נאַטירלעך, אַז זיי — די דיכטער — זאָלן געפינען אין דער באַהעמישער סביבה פון טעאַטער די צוגעפּאַסטסטע אַטמאָספערע פאַר זייערע אייגענע אומרואיקע און שטורמישע טעמפּעראַמענטן. די גרופּע אַזוי־גערופענע „אוניווערזיטעטלער”; די געבילדעטע שרייבערס, געענדיקטע פון „אָקספאָרד” און „קעמברידזש”, וואָס האָבן באַהערשט די לאָנדאָנער בינע פון 1580 ביז 1590, זיינען אַלע געווען כאַראַקטעריסטישע עליזאַבעטישע רענעסאַנס־מענטשן. פול־בלוטיקע באַהעמיער, וואָס האָבן אַ גרויסן טייל פון זייער לעבן פאַרבראַכט אין די ביליקע שענקען, אין דער געזעלשאַפט פון גנבים און אויסוואורפן.

בען דזשאָנסאָן איז געווען אַ לעביונג און אַ שלעגער. קריסטאָפער מאַרלאָו איז געווען אַ שיכור און אַוואַנטיוריסט. ער האָט אַפילו חתונה געהאַט מיט אַן אָרנטלעכער פרוי און געהאַט מיט איר אַ קינד. אינגיכן אָבער האָט ער פאַרשווענדט איר געלט, זי ברוטאַל באַהאַנדלט, און דערנאָך אינגאַנצן אַוועקגעוואָרפן. ער האָט אויך געהאַט אַן אומגעזעצלעכן זון מיט דער שוועסטער פון זיינעם אַ שענק־חבר, אַ גנב, וועמען מ׳האָט אויפגעהאַנגען אין דער טייבאָרן־תפיסה. צום סוף איז ער אַליין דערהרגעט געוואָרן אין אַ שענק־געשלעג דורך אַ טונקעלן פאַרשוין, ביי וועמען ער האָט געהאַט צוגענומען אַ געליבטע. ראָבערט גרין האָט אַלע זיינע פאַרדינסטן אַלס פּאָפּולערער טעאַטער־שרייבער פאַרשווענדט אין די שענקן און שאַנד־הייזער. ער איז נאָכדעם געשטאָרבן פון אַ מיאוסער קראַנקהייט. גרין האָט שפּעטער אין זיין חרטה ווידוי אַליין דערציילט וועגן זיך, אַז ער פלעגט פאַרברענגען אין אַזאַ געזעלשאַפט, און געטאָן אַזעלכע זאַכן, „וואָס זיינען אָפּשטויסנדיק צו דערציילן”. ערשט שפּעטער אַביסל, אין שעקספּירס און בען דזשאָנסאָנס בליאונג־צייט, זיינען אויפגעקומען די ליטעראַרישע קרעטשמעס, וואו שרייבערס, קינסטלער, אַדוואָקאַטן און הויכגעשטעלטע פּערזענלעכקייטן האָבן זיך אָנגעהויבן צו באַגעגענען.

פון דער צווייטער זייט ווידער האָבן די שרייבערס אין דער סצענישער האַנדלונג און טעאַטראַלער באַוועגלעכקייט געפונען דאָס בעסטע אויסדרוקס־מיטל פאַר זייערע קינסטלערישע שאַפונגען. קאָנען אַרויספירן מענטשן אין זייערע צוזאַמענשטויסן און קאַמפן; קאָנען ווייזן ווי זיי צאַפּלען זיך אין די נעצן פון זייערע אייגענע ליידנשאַפטלעכע איבערלעבונגען, אָדער ווי זיי טרעטן אַרויס אין בונט קעגן די מעכטיקע כוחות, וואָס דראָען זיי אומצוברענגען — אַזאַ מעגלעכקייט האָט שטאַרק געלאָקט זייער פאַנטאַזיע. אַ חוץ דעם איז נאָך דאָס טעאַטער געווען דאָס

בעסטע אָרט פון וואַנען צו שעפּן פּרנסה. פון ביכער אַרויסגעבן האָט מען דעמאָלט קיין סך ניט געקאָנט פאַרדינען. און דאָס טעאַטער האָט, פאַרהעלטנישמעסיק, גוט געצאָלט.

אָבער כדי ריכטיק צו פאַרשטיין דעם כאַראַקטער און דעם צו־שטאַנד פון דעם ענגלישן טעאַטער און דראַמע, ווי שעקספּיר האָט זיי גע־טראָפן בשעת ער איז צוגעקומען אַלס יונגער שרייבער און שוישפּילער, איז נויטיק צו וואַרפן אַ בליק אויף דער קאַלירדרייכער פאַרגאַנגענהייט פון אָט־די ביידן. דאָס איז נויטיק כדי נאָך בולטער אַרויסצוברענגען דעם חידוש, וואָס גאָר אין אַ קורצער צייט אַרום איז אים באַשערט גע־ווען צו דערהויבן סיי דאָס עליזאַבעטישע טעאַטער און סיי די פּאָעטישע דראַמע צו דער העכסטער הויך זייערער, וועלכע איז קיינמאָל נאָכדעם ניט איבערשטיגן געוואָרן, און וואָס איז פאַרבליבן אַלס דער וואונדער פון אַלע שפּעטערדיקע צייטן.

די נאַציאָנאַלע ענגלישע דראַמע, ווי מיר קענען זי אין דעם שעקס־פּירישן גייסט, איז געווען אַ פּראָדוקט פון אַ לאַנגזאַמער אַנטוויקלונג, וואָס האָט זיך געצויגן אין משך פון עטלעכע הונדערט יאָר. אָבער צע־בליט אין איר גאַנצער פּראַכט, און אָנגענומען באַשטימטע, אייגנאַרטיקע פאָרמען האָט זי ערשט אַ פאַרהעלטנישמעסיק קורצע צייט פאַר שעקס־פּירס באַווייזן זיך. ס׳איז געווען ערשט אינגאַנצן אַ פיר צענדליק יאָר זייט עס האָט זיך באַוויזן די גאַנצע פּלעיאַדע פּאָעטן און דראַמאַטיקער, וועלכע האָבן געגעבן דעם ענגלישן טעאַטער אָט־דעם שוואונגפולן, אימ־פּעטיקן אויפשטייג, וואָס האָט דערגרייכט זיין קרוינונגספּונקט אין ווי־ליאַם שעקספּיר.

די געשיכטע פון ענגלישן טעאַטער און דראַמע, פּונקט ווי די ענ־לעכע געשיכטע ביי אַלע פעלקער, איז ענג פאַרבונדן מיט דער קירכע און אירע גאָטעס־דינסטן. שוין פון די פּרימיטיווסטע צייטן, ווען די קירכע האָט געזוכט וואָס מער צו פאַרשפּרייטן איר אָנהאַלט צווישן פאָלק דורכן באַקענען עס מיט דעם אינהאַלט פון די הייליקע שריפטן, האָט זי מיט אַלע כוחות פּרובירט אויסנוצן פאַר איר געברויך דעם טעאַטראַלן אינסטינקט, וואָס איז אַזוי טיף איינגעוואָרצלט אין דער מענטשלעכער נאַטור. מ׳האָט אין די קירכלעכע צערעמאָניעס אָנגעהויבן אַריינצופלעכטן סצענעס, וואָס האָבן פאַרגעשטעלט בילדער פון דער יעזוס־לעגענדע. אויסגעפירט זיינען די סצענעס געוואָרן דורך די גלחים. ביסלעכווייז

האָבן די גלחים אָנגעהויבן דורכצופירן אין דער קירכע גאַנצע ליטורגישע שפּילן, אין וועלכע ס'זיינען געוויזן געוואָרן עפּיזאָדן פון דער ביבל. די שפּילן האָבן זיך אַנטוויקלט אין די אַזוי־גערופענע מיסטעריעס — גע־שעענישן פון די הייליקע שריפטן, און מיראַקלס — לעגענדעס וועגן די קירכן־הייליקע. די פאַרגעשפּילטע סצענעס האָבן געמאַכט אַ גרויסן רושם אויף די פּשוטע קירכן־צושויער, און האָבן אָנגעהויבן צוציען אַלץ אַ גרעסערן עולם. אַזוי אַז ביסלעכווייז זיינען די ווענט פון דער קירכע געוואָרן צו ענג, און מען האָט די פּרימיטיווע פאַרשטעלונגען געמוזט אַרויסטראָגן אויפן הויף פון דער קירכע, און פון דאָרט אַפילו אויף די הינטערשטאָטישע בית־עלמינס, אָדער אויף דעם מאַרק־פּלאַץ אַרויס.

דער דערפאַלג פון די פאַרשטעלונגען האָט אָבער אויך געבראַכט צו דעם, אַז די גלחים האָבן זיך מער ניט געקאָנט באַטייליקן אין זיי אַלס שוישפּילער. אַזוי לאַנג ווי די געשפּילטע סצענעס זיינען געווען בלויז אַ טייל פון דער קירכלעכער גאָטעס־דינסט, איז עס געווען ניט מער ווי רעכט, אַז די גלחים זאָלן זיין די, וואָס זאָלן פערזאָניפיצירן די הייליקע פיגורן. אָבער אַצינד, ווען די שפּילן זיינען שוין געגעבן געוואָרן אַלס אומאָפּהענגיקע פאַרשטעלונגען, וואָס האָבן שוין געטראָגן אַ האַלב־וועלט־לעכן כאַראַקטער, האָט מען אָנגעהויבן צו קוקן קרום אויף די גלחים־שוישפּילער. און אין יאָר 1210 איז אַרויסגעקומען דער פּויפּסטלעכער פאַרבאָט, אַז גלחים טאָרן זיך ניט ווייזן אויף קיין בינעס, און ניט אָנ־טיילנעמען אין די טעאַטער־פאַרשטעלונגען. אַ שטיק צייט האָט מען נאָך דעם פאַרבאָט געזוכט אַרומצוגיין מיט דעם, וואָס אין די פאַרשטעלונ־גען האָבן אָנטייל גענומען בלויז די נידעריקערע קירכן־באַדינער. אָבער ביים סוף פון 13טן י.ה. זיינען די טעאַטער־אויפפירונגען איבערגעגאַנ־גען אין אויסשליסלעכן רשות פון די פאַרשידענע פרומע סוחרישע און באַלמעלאָכישע גילדעס. איבערהויפּט זיינען אָפּגעהיטן געוואָרן די רעלי־גיעזע „קאָרפּוס קריסטי"־פייערונגען, בשעת וועלכע ס'פלעגט געגעבן ווערן אַ גאַנצער ציקל פון פּיעסן, וואָס יעדע פון זיי האָט געשילדערט אַ באַזונדערן טייל פון יעזוס' לעבן. יעדע גילדע האָט זיך אונטערגע־נומען ווי אמרייכסטן און שענסטן אויסצושטאַטן אַ באַזונדערע סצענע, וועלכע איז אויפגעפירט און געשפּילט געוואָרן דורך אירע אייגענע אַמאַ־טאָרן־מיטגלידער. און יעדע גילדע האָט זיך, נאַטירלעך, געפלייסט, אַז איר אויפפירונג זאָל אַרויסקומען וואָס גערעטענער. ס'זיינען אויף די פאַרשטעלונגען אויסגעגעבן געוואָרן אוצרות מיט געלט.

אויפגעפירט פלעגן די באַזונדערע סצענעס ווערן אויף ספּעציעלע

בינע־וועגענער, וואָס זיינען באַשטאַנען פון צוויי טיילן. דער אונטער־שטער, פּאַרמאַכטער טייל, וואו די אַקטיאָרן האָבן זיך אָנגעטאָן, און דער אויבערשטער טייל, די פּלאַטפאָרמע, וואו די האַנדלונג האָט זיך אָפּגע־שפּילט. דאָס פּובליקום פלעגט זיין אויסגעזעצט ביי די פענצטער פון די הייזער, אָדער אויף ספּעציעל־אויפגעבויטע רישטעוואַניעס ביי די באַ־זונדערע „סטאַנציעס" אין די פאַרשידענע גאַסן. און יעדעס מאָל איז צוגעפאָרן אַן אַנדערער בינע־וואָגן, און די אַקטיאָרן האָבן אָפּגעשפּילט זייער באַזונדערע סצענע. נאָכן ענדיקן פלעגט דער וואָגן אַוועקפאָרן צו אַן אַנדער גאַס, און אַהער איז צוגעקומען אַ צווייטער, אויף וועלכן ס׳האָט זיך אָפּגעשפּילט די ווייטערדיקע סצענע. אַזוי ביז אַלע גילדעס האָבן, לויטן סדר, דורכגעפירט דעם גאַנצן ציקל פּיעסן.

פאַרשטייט זיך, אַז כדי אָנצוהאַלטן דעם אינטערעס פון פּובליקום, וואָס האָט דעם גאַנצן טאָג באַדאַרפט פאַרברענגען אין צוקוקן זיך צו די פאַרשידענע פּעדזשענטס, האָבן די ערנסט־רעליגיעזע קירכלעכע סצענעס ביסלעכווייז געמוזט אָנהויבן איבערגעפלאָכטן צו ווערן אויך מיט לייכ־טערע הומאָריסטישע, און צייטנווייז אַפילו מיט גאַנץ דערבע בילדער. די בילדער האָבן עס באַדאַרפט צושטעלן די „קאָמישע אָפּרישונג" נאָך דער ערנסטער אָנשטרענגונג. און די פּאַסיקע פּערזאָנאַזשן, וואָס זאָלן צושטעלן דעם קאָמישן מאַטעריאַל פאַר די בילדער זיינען געווען דער שטן, נח מיט זיין ווייב און טעכטער, פּרעה מלך מצרים, אַפילו פּאָנטיוס פּילאַ־טוס, און איבערהויפּט דער בלוטדורשטיקער קעניג הורדוס, וואָס האָט גע־לאָזן אויסשחטן די אומשולדיקע קינדער. אים האָט מען שטענדיק פאָרגע־שטעלט אַלס שעלטער און באַרימער, וואָס פלעגט אַרומלויפן איבער דער בינע און מיט ווילדע קולות זיך וואַרפן אויפן פּובליקום. פאַר און נאָך יעדער ציקל פלעגט דער „עקספּאָזיטאָר", אָדער דער „קאָנטעמפּלאַ־טשיאָ" דערקלערן דעם אינהאַלט, אָדער מוסר־השכל פון דעם שטיק. פאַרשטייט זיך, אַז דאָס פּובליקום האָט אין די נאַאיווע אויפפירונגען, סיי אינעם אינהאַלט, סיי אינעם שפּילן, ניט געזוכט קיין לעבנס־אמת אָדער נאַטירלעכקייט. דערויף האָבן זיי דאָך געהייסן „מיראַקלס", וואונדער־שפּילן, וואו אַלץ וואָס איז פאָרגעקומען איז געוען אויפגענומען געוואָרן דורך אַ גלויביקן און פאַנטאַזיע־פולן עולם.

ביסלעכווייז אָבער האָבן די מיראַקל־שפּילן, אין וועלכע די האַנד־לענדיקע פּערזאָנען האָבן געמוזט גענומען ווערן נאָר פון די הייליקע שריפטן, איבערגעלעבט זייער צייט. די פאַרשטעלונגען האָבן געמוזט באַלעבט ווערן מיט נייעם אינטערעס און נייעם אינהאַלט. די רעליגיעזע

ביבלישע פיגורן האָבן אָנגעהויבן פאַרביטן ווערן מיט מיטלאַלטערלעכע אַלעגאָרישע העלדן. פון די הייליקע מיראַקל־שפּילן האָבן זיך אַנט־וויקלט די טעאַטראַלישע מאָראַליטעט־שפּילן, אין וועלכע ס׳איז פאַרגע־שטעלט געוואָרן דער קאַמף צווישן די פּערזאָניפיצירטע כּוחות פון גוטס און שלעכטס, אין זייער פאַרלאַנג צו באַהערשן דעם מענטשנס נשמה. אַ קאַמף וואָס הייבט זיך אָן ביים וויגל, ווען דער מענטש ווערט געבוירן, ציט זיך דורך זיין גאַנץ לעבן, און ענדיקט זיך ווען ער דערשיינט ענד־לעך פאַר גאָטס משפט.

די מאָראַליטעט־שפּילן האָבן געהאַט די אויבערהאַנט איבער די מי־ראַקל־שפּילן דערמיט, וואָס זייערע סוזשעטן זיינען ניט געווען געבונדן צו די גרענעצן פון די הייליקע שריפטן. זיי האָבן געקאָנט זיין פרייער, פאַנטאַסטישער און באַוועגלעכער. זיי האָבן אַרויסגעפירט נייע פיגורן, וואָס האָבן סימבאָליזירט יושר, טוגנד און אמת, ווי אויך שלעכטס, היפּאָ־קריטישקייט און לייכטזין. זייער אינהאַלט איז געוואָרן לעבעדיקער, דראַמאַטישער. ס׳איז געווען אַ סך מער טעאַטראַליש־פאַרכאַפּנדיקערס אין דעם פאַרשטעלן ווי דאָס געבוירענע קינד גייט דורך אַלע פאַזן פון לעבן, מיט די פאַרשידענע צוזאַמענשטויסן פון גוטס און שלעכטס, און אַלע בייזע און גערעכטע כּוחות, וואָס ראַנגלען זיך צוליב אים. געוויינט־לעך געווינט, אינעם מאָראַליטעט־שפּיל, צום אָנהויב דער שלעכטער מלאך, וואָס שטייט ביים קינדס געבוירן־וויגל צוזאַמען מיטן מלאך טוב. דער שלעכטער מלאך גיט דאָס קינד איבער צו דער „וועלט". יענע פאַר־טרויט עס צו „קערפּער", „טייוול" און צו די זיבן טויט־זינד. דער גו־טער מלאך טרעט אָבער ניט אָפּ. ער רופט און וועקט צו תשובה דאָס אויסגעוואַקסענע קינד, וואָס איז שוין איצט אַ מאַן. דער גוטער מלאך געווינט אים צייטווייליק פאַר זיך. די „וועלט" רופט אָבער צו הילף „לוסט" און „זינד", וועלכע פאַרנאַרן צוריק צו זיך „מאַן". ער לעבט אין וואוילטאָג און תּענוגים, ביז „טויט" נעמט אים אַוועק פון דער וועלט. דער מענטש קומט פאַר גאָט כּדי געמשפּט צו ווערן פאַר זיינע מעשים. אָבער „אמת", „צדק" און „שלום" שטעלן זיך איין פאַר אים. אַזוי אַז דורך גאָטס רחמנות ווערט די נשמה סוף־כּל־סוף דערלייזט.

דער בעסטער מוסטער פון אַזאַ מאָראַליטעט־שפּיל איז די באַקאַנטע „יעדער מאַן" (דערשינען אין דרוק נאָך פאַר 1531), וואָס ווערט נאָך מיט דערפאָלג אויפגעלעבט אפילו אין אונדזער היינטיקער צייט.

פאַרשטייט זיך, אַז צוזאַמען מיט דער ענדערונג פונעם אינהאַלט האָט זיך אויך געמוזט ענדערן די פאָרם פאַר דעם אויפפירן פון די נייע

טעאַטער־שפּילן. אַנשטאָט וואָס די „מיראַקל" איז געגעבן געוואָרן אין די באַוועגלעכע פּעדזשענטס, וואָס זיינען געפאָרן פון גאַס־צו־גאַס, פון סטאַנציע־צו־סטאַנציע אויף די בינע־וועגענער, האָט זיך די „מאָראַליטעט"־פאָרשטעלונג אָפּגעשפּילט אויף דער אַזוי־גערופענער סימולטאַן־בינע, — אַ סטאַבילע פּלאַטפאָרמע, וואָס איז אויפגעשטעלט געוואָרן אויף דעם מאַרק־פּלאַץ, מיט פיר פאַרשידענע אָפּטיילן — פאַר דער „וועלט", „קערפּער", „טייוול" און „גאָט". און דאָס פּובליקום איז געשטאַנען אַרום דער בינע און אויך ביי די פענצטער פון די אַרומיקע הייזער. אָבער כאָטש פאַר דער דורכפירונג פון די „מאָראַליטעטן" האָט זיך געפאָדערט אַ פיל מער געניטער, שוין דורכאויס פּראָפעסיאָנעלער סאָרט שוישפּילער, איז פונדעסטוועגן דער אַלגעמיינער כאַראַקטער פון די אויפפירונגען נאָך אַלץ געבליבן אַזוי פּרימיטיוו און פריי. ער האָט, ווי שפּעטער, אין די צייטן פון טעאַטערס העכסטער אַנטוויקלונג, הויפּטזאַכלעך זיך געשטיצט אויף דער פאַנטאַזיע און איינבילדונגס־קראַפט פון די צושויער, וואָס האָבן באַלאַגערט דאָס פּלאַץ אַרום, וואו די אויפפירונגען זיינען געגעבן געוואָרן.

סיי די מיראַקל־שפּילן, וואָס זיינען געגעבן געוואָרן דורך די גילדע־אַמאַטאָרן, און סיי די מאָראַליטעט־שפּילן, וואָס זיינען געשפּילט געוואָרן דורך וואַנדערנדיקע פּראָפעסיאָנעלע אַקטיאָרן, און סיי אַפילו די קאָמישע אינטערליודן, אַ מין לייכטערער אָפּצווייג פון די מאָראַליטעטן, — קורצע שפּילן, וואָס זיינען געווען אַ געמיש פון פאַרס, פּאָליטיק, רעליגיע און געשיכטע, און וואָס מ'האָט געקאָנט אויפפירן ביי די פאַרשידנסטע געלעגנהייטן מיט בלויז עטלעכע שוישפּילער — האָבן זיך, אונטער פאַרשידענע אומשטענדן, ביים ענגלישן פּובליקום געהאַלטן אַ זייער לאַנגע צייט. אַזוי אַז שעקספּיר האָט נאָך אין זיינע יינגל־יאָרן געזען עטלעכע פון די באַרימטע קאָווענטרי־פּעדזשענטס, אָדער מיראַקלס.

פון די מאָראַליטעט־שפּילן מיט זייער מער „וועלטלעכע" פּערזאָנאַזשן, איז שוין געווען בלויז איין שפּאַן אָנצוהייבן אַריינצופירן אין די פּיעסן, וואָס זיינען געשריבן געוואָרן נאָך זיי, געוויסע נייע טיפּן פון אַ באַשטימטן סאָציאַלן קלאַס. פּונקט ווי ס'איז געווען בלויז איין טריט איבערצוגיין אין די ווייטערדיקע פּיעסן פון דער מאָראַלער אַלעגאָריע צו סאָציאַלער סאַטירע. אַזוי אַרום האָבן זיך אין די נייע שטיקער, אַנשטאָט אַבסטראַקטע פּערזאָניפיצירונגען, אָנגעהויבן צו ווייזן אויף די בינע־ברעטער לעבעדיקע סאָציאַלע טיפּן, גענומען פון דער דירעקטער נאָענטער סביבה, וועלכע האָבן וואָס ווייטער אָנגעהויבן צו נוצן אַן אַלץ פּשוטערע,

לעבעדיקע שפּראַך. דער טיוּול, למשל, איז אין דעם מיראַקל־שפּיל גע־ווען אַ שרעקנדיקע, און אין דער זעלבער צייט קאָמישע פיגור, וואָס האָט באַדאַרפט אַרויסרופן ביים עולם מורא און געלעכטער. אין דעם אַלעגאָ־רישן מאָראַליטעט־שפּיל איז ער שוין געוואָרן אַביסל נעענטער צום לעבן. ער האָט שוין געקאָנט דערשיינען אין דער פאַרשטעלטער פּערזאָן פון אַ פאַרפירנדיקן אַדוואָקאַט, אָדער שווינדלערישן געלט־באָרגער. אין דעם נייעם טיפּ פיעסן האָט ער, אָן דער אַלעגאָרישער אָנדייטונג אויף זיין טיוּולאָנישקייט, שוין גאָר געקאָנט אַרויסגעפירט ווערן אין דעם געשטאַלט פון אַ היימישן טיפּ, לאָמיר זאָגן, שול־לערער, קרעטשמע־האַלטער, מיט זייער שטייגערישן הומאָר, און היימישער באַקאַנטער פּראָזע. דאָס זעל־בע אויך מיט אַלע איבעריקע, ערנסטע טיפּן, וועלכע האָבן שוין געקאָנט גענומען ווערן פון דעם אַרומיקן שטייגערישן לעבן, און צוזאַמענגעבונדן ווערן דורך רעאַליסטישע, לעבנס־אמתע אינצידענטן.

דער ערשטער באַקאַנטער שרייבער, וואָס האָט געשאַפן אַ פּיעסע מיט לעבעדיקע, רעאַליסטישע טיפּן, און האָט אַזוי אַרום אַוועקגעלייגט דעם פונדאַמענט פאַר דעם אָנהויב פון דער ענגלישער וועלטלעכער דראַ־מע און קאָמעדיע, איז געווען דזשאָן העיוואוד, דער צערעמאָניע־ און מו־זיק־מייסטער פון הענרי דעם 8טן, מיט זיין „פריילעכע שפּיל צווישן דעם מחילה־געבער און דעם מאָנאַך, דעם קוראַט און דעם שכן פּראַט". (1533). און „די פריילעכע שפּיל צווישן דזשאָן דעם מאַן, טיב דאָס ווייב, און סער דזשאָן דעם גלח". העיוואוד איז געווען אַ קלוגער וויצלער און ווערטל־זאָגער. ער האָט געהאַט אַ שאַרפן חוש צו באַאָבאַכטן אַלעס קאָ־מישע און לעכערלעכע אין די באַציאונגען צווישן די מענטשן סיי פון זיין אייגענער און סיי אַרומיקער סביבה.

מיטן אָנטשטיין פון רענעסאַנס, ווען פון אַלע זייטן האָט מען זיך פאַרנומען מיטן ברענגען צום לעבן די פאַרגראָבענע און פאַרגעסענע מוס־טערן פון דער אַלטער וועלט, איז אויך די ענגלישע דראַמע אַריינגעטראָטן אין אַ נייער פאַזע. די געלערנטע שרייבערס האָבן זיך אָנגעהויבן צו באַ־נוצן מיט די איבערזעצונגען פון סענעקאָן און פּלאַוטוסן אַלס מאָדעלן פאַר דער דראַמאַטישער קונסט אין דער טראַגעדיע אַזוי גוט ווי אין דער קאָמעדיע. אויב די מיטלאַלטערלעכע „מיראַקל", אָדער „מאָראַליטעט"־שפּילן, און אַפילו די שפּעטערדיקע שטייגער־קאָמעדיעס, זיינען געווען פּשוטע פּרימיטיווע שאַפונגען, אין וועלכע די האַנדלענדיקע פּערזאָנען אָדער סצענעס זיינען ניט געווען פאַראייניקט צווישן זיך דורך אַ פעסט־אויסגעאַרבעטן אינהאַלט; וואו די פּאַסירונגען האָבן זיך ניט אַנטוויקלט

לויט באַשטימטע דראַמאַטישע געזעצן, און די אַנטיילנעמענדיקע פיגורן האָבן מיט זיך ניט פאַרגעשטעלט קיין בולט־געשילדערטע כאַראַקטערן, האָבן די ערשטע ענגלישע פּיעסן, וואָס האָבן זיך באַוויזן אַלס רעזולטאַט פון דעם באַקענען זיך מיט די רוימישע קלאַסיקער, שוין געהאַט גאַנץ פעסטע סימנים פון דעם אַלעם.

אַלס מוסטערן פון דער פּלאַוטוסישער קאָמעדיע־נאָכאָמונג זיינען באַקאַנט סיי „ראַלף ראָיסטער דאָיסטער", געשריבן אין 1540 פון ניקאָלאס אודאל, אַ שול־לערער אין עטאָן, און סיי „גאַמער גורטאָנס נאָדל", געשריבן אַרום דער זעלבער צייט דורך דזשאָן סטיל, דער וויצע־קאַנסלער פון קעמברידזשער אוניווערזיטעט. הן די פּאַסירונגען פון דעם שוטה און באַרימער ראָיסטער דאָיסטער, וואָס רעדט זיך איין, אַז אַלע ווייבער זיינען פאַרליבט אין אים, און הן דער קאָמישער פּלאָנטער, וואָס שאַפט זיך ווען גאַמער גורטאָן פאַרלירט די נאָדל בשעת זי פאַרריכט איר מאַנס הויזן, זיינען זייער אַמוזירנדיק און שאַרף. פאַר אַ גאַר פיינעם מוסטער פון דער סענעקאַאישער טראַגעדיע־השפּעה ווערט גערעכנט די ערשטע ענגלישע טראַגעדיע „גאָרבאָדוק", געשריבן דורך די צוויי שותפים־שרייבער טאָמאַס נאָרטאָן, אַ באַרימטער אַדוואָקאַט, און טאָמאַס סעקוויל, אַ געלערנטער מיטגליד פון קעניגלעכן הויף. „גאָרבאָדוק" איז אין 1562 געשפּילט געוואָרן צום ערשטן מאָל אין „אינער טעמפּל" פאַר דער קעניגין עליזאַבעט. דער אינהאַלט פון דעם שטיק איז גענומען אויס דער לעגענדאַרער געשיכטע פון פריען בריטאַניען, און דערמאַנט שטאַרק אָן שעקספּירס שפּעטערדיקן „קעניג ליר". גאָרבאָדוק, דער קעניג, צעטיילט ביים לעבן זיין פאַרמעג צווישן זיינע צוויי זין, פערעקס און פאָרעקס, און דאָס פירט שפּעטער צו פאַרשידענע פאַרברעכנס און קריג. אויפגעהאַלטן עפּעס פון דער פריערדיקער מיראַקל־שפּיל־טראַדיציע האָבן די מחברים דערמיט, וואָס אָנשטאָט דעם אַמאָליקן „קאָנטעמפּלאַטשיאָ", וועמענס עובדה ס'פלעגט זיין פאַר יעדן שפּיל־ציקל צו דערקלערן און אַרויסברענגען דעם מוסר־השכל פון דעם פאַרגעשטעלטן שטיק, האָט יעדער אַקט פון „גאָרבאָדוק" זיך אָנגעהויבן מיט אַ פּאַנטאָמימע, וואו עס איז שטומערהייט אָפּגעשפּילט געוואָרן דער אינהאַלט, וואָס דאַרף פאַרקומען, און די ערשטע פיר אַקטן האָבן זיך געשלאָסן מיט אַ כאָר, וואָס האָט דערקלערט דעם מוסר־השכל פון דעם, וואָס האָט זיך אָפּגעשפּילט.

נישט געקוקט וואָס „גאָרבאָדוק", ווי „ראַלף ראָיסטער דאָיסטער" און „גאַמער גאָרטאָנס נאָדל" זיינען ניט מער ווי אַ נאָכאָמונג פון פרעמדע שאַפונגען, ווייזן אָבער סיי אודאַל און סטיל, סיי נאָרטאָן און סעקוויל

אַרויס אַ שטאַרקן פאַרלאַנג פאַר אייגנאַרטיקייט, מיט דעם וואָס זיי באַמיען זיך צו געבן דער האַנדלונג און די ווירקנדיקע פּערזאָנען אַ בולטע ענגליש־שטייגערישע באַפּאַרבונג. אַזוי אַז די פּיעסן קאָנען מיט רעכט באַטראַכט ווערן אַלס דער אָנהויב פון דער נאַציאָנאַל־ענגלישער טעאַטער־שאַפונג. אָבער דער גרעסטער פאַרדינסט וואָס „גאָרבאָדוק" פאַרמאָגט פאַר דער געשיכטע פון דער ענגלישער דראַמע איז דאָס, וואָס זיינע פאַר־פאַסערס האָבן צום ערשטן מאָל אָפּגעשאַפט די ריימען, אין וועלכע אַלע ביז־דעמאָלטדיקע פּיעסן זיינען געשריבן געוואָרן, און אָנשטאָט זיי אַריינ־געפירט דעם בלאַנקן פערז, אויפן שטייגער פון די גריכישע און רוימישע טראַגעדיעס. אַזוי אַז אויך די מחברים פון דער ערשטער ענגלישער טראַ־געדיע איז אויסגעפאַלן דער גורל צו זיין די דערפינדער פון דעם פרייען פערז, וואָס האָט זיך שפּעטער אַזוי צעבליט אונטער דעם מעכטיקן טאַ־לאַנט פון קריסטאָפאַר מאַרלאָו, און געפונען זיין העכסטן אויסדרוק אין וויליאַם שעקספּירן. אין בלאַנקע פערזן זיינען אויך געשריבן געוואָרן די ווייטערדיקע קלאַסישע נאָכאַמונגען „יאָקאסטא" פון דזשאָרדזש גאַסקאָן, און „אַרטורס אומגליקן" פון טאָמאַס יוז, וואו עס ווערט דערציילט וועגן די אינטריגעס און ליבעס־מאָרדן אין לעגענדאַרישן אַלט־ענגלישן קעניג־לעכן הויף. די דערמאָנטע פּיעסן זיינען געווען אַן אָנהייב פון דער אַזוי־גערופענער „געלערנטער" דראַמע, וואו עס זיינען שטרענג אָפּגעהיטן גע־וואָרן די געזעצן פון דער גריכישער און רוימישער טראַגעדיע.

אָבער אין דער זעלבער צייט איז אויך אויפגעקומען און זיך אַנט־וויקלט אַן אַנדערע דראַמאַטישע פאָרם. די פאָרם וואָס האָט געלייגט דעם יסוד פאַר דער עליזאַבעטישער ראָמאַנטישער, אָדער אַזוי־גערופענער גאָ־טישער, אומרעגלמעסיקער דראַמע. די פאָרם וואָס האָט זיך אַזוי גוט צו־געפּאַסט צו דעם כאַראַקטער און גייסט פון דעם ענגלישן נאַציאָנאַל־גע־שטימטן פּובליקום, און זיין ליבע פאַר דראַמאַטישער שפּיל. די דראַמעס, געשריבן דורך אַ גאַנצער ריי איצט שוין פאַרגעסענע שרייבערס, זיינען געווען באַזירט אויף די אומצאָליקע איטאַליענישע, שפּאַנישע און פראַנ־צויזישע מעשהלעך און לעגענדעס, דורכגעמישט מיט פאַרשידענע ביל־דער פון ענגלישן שטייגער־לעבן. זיי זיינען דורך די פּראָפעסיאָנעלע אַקטיאָרן געשפּילט געוואָרן סיי אין די איינפאַך־הייזער פאַרן ברייטן עולם, און סיי אין די רייכע זאַלן פון די גרויסע נאָבל־לייט, און שפּעטער פאַר דער קעניגין אַליין. אָט־די פּאָלבלוטיקע פאָלקס־דראַמען האָבן לחלוטין איגנאָרירט די קלאַסישע געזעצן פון דער הויכער טראַגעדיע. זיי זיינען יודער געשריבן געוואָרן אין ריימען, און זיינען — ענלעך צו די אַמאָלי־

קע „מיראַקל״ און „מאָראַליטעטן״—געווען אַ געמיש פון ערנסטן און קאָ־
מישן מאַטעריאַל, דורך וועלכן מ׳האָט געזוכט צו געבן בילדער פון לעבן
און קאַמף אין די פאַרשידנסטע אומשטענדן. דער דערפאָלג פון דעם
לעצטן סאָרט טעאַטער־שטיקער איז געווען אומגעהייער גרויס. דעם פּוב־
ליקום איז אָט־די לעבעדיקע, באַוועגלעכע פאָרם פון דראַמאַטישער האַנד־
לונג געווען אַ סך מער צום האַרצן. זי האָט א סך געשיקטער און אמת־
דיקער אויסגעדריקט זייערע אייגענע צאַפּלענדיקע איינדרוקן און באַגריפן.
זי איז געווען אַ סך צוגעפּאַסטער צו זייער נאַציאָנאַלן טעמפּעראַמענט. די
איינפאַר־הייזער, וואו אָט־די פּיעסן זיינען געשפּילט געוואָרן פלעגן זיין
געפּאַקט. און אַ דאַנק אָט דער טעאַטראַלער אויפלעבונג, און אויך אַ דאַנק
דעם פאַקט, וואָס עס האָבן ביסלעכווייז אָנגעהויבן איינגעפירט צו ווערן
פּערמאַנענטע טעאַטערס, זעען מיר ווי מיטאַמאָל איז אויסגעוואַקסן די
גאַנצע גרופּע קולטורעלע און געבילדעטע שרייבערס, וואָס האָבן אין משך
פון אַ קורצער צייט געשאַפן די אַזוי רייכע, פיל־געשטאַלטיקע, עליזאַ־
בעטישע דראַמע.

פון דער גרופּע האָבן זיך אויסגעצייכנט — דזשאָן לילי (1606־
1554), דער שאַפער פון דעם נייעם טיפּ „הויכער קאָמעדיע״ מיט איר
געפליגלטן, יופואיסטישן דיאַלאָג, פון וועמען שעקספּיר האָט שפּעטער
איבערגענומען די גראַציעזע פאָרם פון פיין פּאָלירטער פּראָזע. אין 1579
האָט לילי פאַרעפנטלעכט זיין פּראָזע־ראָמאַנס „יופואוס״, „די אַנאַטאָמיע
פון קלוגשאַפט״. און באַלד דעם צווייטן פרילינג איז פאַרעפנטלעכט גע־
וואָרן דער צווייטער טייל פון דעם ראָמאַנס „יופואוס אין ענגלאַנד״, אַ מין
קאָלעקציע פון מעשהלעך, בריוו, עסייען, אין וועלכע לילי זאָגט אַרויס זיין
מיינונג איבער ליבע, פריינטשאַפט, געזעלשאַפטלעכער מאָראַל. ער גיט
אויך איבער איינדרוקן פון רייזעס אין פרעמדע לענדער,וואָס איז דעמאָלט
געווען שטאַרק אין דער מאָדע. און דערביי איז זיין שרייבן געווען פול
מיט אַלעגאָרישע אָנדייטונגען, שאַרפזיניקע וואָרט־שפּילן און וויציקע
פלוידערייען. „יופואוס״ האָט געהאַט אַן אומגעהייערן דערפאָלג. די גע־
פליגלטע שפּראַך, אין וועלכער ס׳האָבן גערעדט די העלדן פון דעם ראָ־
מאַנס, האָט שטאַרק אַפעלירט צו דער הויכער געזעלשאַפט, וועלכע איז
געווען אַרומגעכאַפּט מיט דעם פאַרלאַנג צו מאַכן דעם איינדרוק פון זיין
וואָס געלערנטער און ראַפינירטער, און ביי וועמען גוטער טאָן האָט באַ־
טייט ציטירן די רוימישע קלאַסיקער, און באַנוצן הויכע פראַזן, דורכגע־
פלאָכטן מיט די נעמען פון מיטאָלאָגישע העלדן. מ׳האָט איבערהויפּט
ניט געקאָנט האָפן צו זיין דערפאָלגרייך און צו אַוואַנסירן אין קעניגלעכן

הויף, אויב מען איז ניט געווען געאיבט אין די וועגן פון יופואיזם ; אויב מען האָט ניט געקאָנט זיך אויסצייכענען אין פירן פיינע יופואיסטישע גע־שפּרעכן.

די השפּעה פון ליליס „יופואוס" האָט זיך אַפילו אויסגעדריקט אויך אין דעם, וואָס די דעמאָלטדיקע הויכע געזעלשאַפט האָט זיך אָנגעהויבן צו קליידן אין משונהדיקע קליידער, און זיך האַלטן אויף אַ משונהדיקן אופן, אַלץ צוגעפּאַסט צו דעם עקזאָטישן סטיל פון די ראָמאַנטישע העלדן. צוליב זיין דערפאָלג האָט לילי פּרובירט אויך אָנהייבן צו שרייבן פאַר דער בינע, מערסטנס פאַר די קעניגלעכע הויף־אויפפירונגען. די 8 פּיעסן, וואָס זיינען נאָך אים פאַרבליבן זיינען אַלע כמעט פון מיטאָלאָגישן אינהאַלט. זיי זיינען ניט שטאַרק וויכטיק דראַמאַטיש, אָבער זיי צייכענען זיך אויס מיט זייער גראַציעזקייט. די אָנטיילנעמער באַנוגענען זיך בלויז מיט פירן זייער פיינע דיאַלאָגן. ליליס הויפּט־פאַרדינסט איז געווען, וואָס ער האָט אין זיינע קאָמעדיעס אָנגעהויבן צו נוצן פּראָזע, וועלכע זיינע העלדן האָבן צווישן זיך גערעדט אויף אַ זייער וויציקן און לעבעדיקן אופן. אַ צווייטער וויכטיקער אויפטו זיינער איז געווען, וואָס ער האָט אין זיינע קאָמעדיעס אויך אַריינגעפירט לידער אַלס מוזיקאַלישע אָפּוועקסלונג, עפּעס וואָס שעקספּיר האָט אויך פון אים איבערגענומען, און שפּעטער גע־נוצט מיט זיין געוויינלעכער מייסטערשאַפט.

ראָבערט גרין (1558־1592) איז געווען איינער פון די פּרוכטבאַר־סטע שרייבער פאַר דער בינע. ער האָט זיך אויסגעצייכנט סיי פון לי־ריק, סיי פון זיינע איבעריקע קאָלעגן מיט דעם, וואָס ער האָט זייער פלינק געקאָנט דערציילן אַ געשיכטע אין דראַמאַטישער פאָרם, און דער־ביי אויך שילדערן כאַראַקטערס. איבערהויפּט האָט ער זיך אויסגעצייכנט אין אידילישע ליבעס־סצענעס. ער איז געווען דער ערשטער איינצופירן סוזשעטן, אין וועלכע די ליבע צווישן גאַלאַנטע, העלדישע מענער און שאַרמאַנטע, צערטלעכע פרויען פאַרנעמען דאָס הויפּטאָרט. ער איז אויך געווען דער ערשטער פון די „געלערנטע" שרייבערס, וואָס האָט אויף אַ זייער דערפאָלגרייכן אופן קינסטלעריש פאַרבונדן סצענעס פון אמתער קאָמעדיע מיט די אַנדערע ערנסטע עלעמענטן אין זיינע פּיעסן.

טאָמאַס קיד (1558־1594) איז באַרימט געוואָרן מיט זיין ערשטער פּיעסע „היעראָנימאָ", וואָס איז שפּעטער געווען באַקאַנט אַלס „די שפּאַ־נישע טראַגעדיע", און מיט זיין „האַמלעט", אין וועלכן, ווי אין שעקס־פּירס שפּעטערדיקער פּיעסע מיטן זעלבן נאָמען, דער הויפּט־אָנרעגער פון דער דראַמע איז געווען אַ גייסט פון אַ געשטאָרבענעם, וואָס פאָדערט

נקמה פאַר אַ באַגאַנגענעם מאָרד. קיד איז געווען אַ מייסטער אויסצו־טראַכטן שטאַרקע סוזשעטן מיט פאַרכאַפּנדיקע אינטריגעס און דראַמאַ־טישע סיטואַציעס. ער האָט עס איינגעפירט, אַז דער קאַמף צווישן הויפּט־העלד און זיין שונא, דעם אינטריגאַנט, זאָל דינען אַלס הויפּט־אַקציע פון אַ שטיק. זיינע אויפרעגנדיקע סצענעס פלעגן אָנצינדן דעם עולם אין טעאַטער. זיין שפּאַנישע טראַגעדיע" האָט געהאַט אַ ריזיקן דערפאָלג ביים לאָנדאָנער פּובליקום. און אַ דאַנק אים האָט עדוואַרד עלעין זיך באַרימט געמאַכט אַלס הויפּט־אַקטיאָר אין שטאַרקע עמאָציאָנעלע ראָלן.

צו דער גרופּע האָבן נאָך אויך געהערט טאָמאַס נעש (1567־1601), דער ערשטער סאַטיריקער פון זיין צייט, און דזשאָרדזש פּיעל (1597־1558), וועלכער האָט פאַרמאָגט אַ זייער פיינעם עלעגאַנטן סטיל פאַר צאַרטע נאַטור־בילדער און מיטאָלאָגישע סצענעס.

מיר קומען אָצינד צו דעם וויכטיקסטן פון שעקספּירס פאָרגענגערס, דעם וואָס האָט מיט זיין ריזיקן טאַלאַנט איבערגעשטיגן אַלע איבעריקע אין דער גרופּע, וועלכע האָבן אויסגעצייטיקט דעם באָדן פאַר שעקספּירס געניע — קריסטאָפער מאַרלאָו (1564־1593). אויב שעקספּיר האָט, אויף דעם אָדער יענעם אופן, געהאַט אַ סך צו פאַרדאַנקען יעדן פון זיינע פאָרגייערס און מיטצייטלערס, ביי וועמען ער האָט אַ סך געלערנט אין דער קונסט פון שרייבן פאַרן טעאַטער, איז אָבער מאַרלאָוס השפּעה אויף דעם גרויסן מייסטער געווען אומגעהייער. מאַרלאָו האָט אין זיין קורץ, אָבער שטורעמדיק לעבן — ווי שוין דערמאָנט איז ער דערהרגעט גע־וואָרן דורך איינעם אַ פרענציס אַרטשער בשעת אַ געשלעג אין אַ קרעטש־מע, ווען ער איז קוים 29 יאָר אַלט געווען — אַזוי פיל אויפגעטאָן פאַר דער ענגלישער דראַמע: ער האָט זי באַרייכערט מיט אַזוי פיל איבער־גענומענע און נייע פאָרמען, וועלכע שעקספּיר האָט נאָכדעם פיל ווייטער אַנטוויקלט, אַז אַ סך געלערנטע גיבן זיך אָפּ מיט דער ספּעקולירונג: וווּ־ווייסט צו וועלכע הויכקייטן מאַרלאָוס טאַלאַנט וואָלט זיך נאָך דערהויבן, ווען ער וואָלט געלעבט נאָך אַ פאַר יאָר, און געהאַט די מעגלעכקייט ווייַ־טער זיך צו אַנטוויקלען.

מאַרלאָו איז געווען דער ערשטער אַרויפצופירן העראָאיש־טראַגישע פיגורן אויף דער ענגלישער בינע. און דערביי האָט ער זיי געגעבן מיט אַזוי פיל ליידנשאַפט, מיט אַזוי פיל קראַפט, וואָס האָט אַרויסגערופן אַ שטורעם פון באַגייסטערונג ביים טעאַטער־פּובליקום. זיין פּיעסע „טאַמ־בערליין" האָט אים געמאַכט פאַר דעם אָפגאָט פון לאָנדאָנער פּובליקום. ס'איז געווען עפּעס בלוט־צינדנדיקס אין דער דראַמאַטיש־העראָאישער

פיגור פון דעם סקיטישן פאַסטוך טאַמבערליין, וואָס העלפט פריער צו דעם ווידערשפעניקן קאָסראָן אָפּצונעמען די קרוין פון זיין שוואַכן ברו־דער מיצעטעס, און נאָכדעם טרעט ער אַליין אַרויס קעגן קאָסראָן און באַ־קעמפט אים; דער טאַמבערליין, וואָס פאַרמעסט זיך איינצונעמען די גאַנ־צע וועלט, און ווערט באַזיגט בלויז דורכן טויט. פונקט אַזוי פאַרכאַפּנ־דיק אינטערעסאַנט איז געווען זיין פּיעסע „דאָקטאָר פאַאוסטוס", וועלכע איז מיט אַזוי פיל יאָרן שפּעטער דורך געטען באַאַרבעט געוואָרן אין זיין וועלט־באַרימטער „פאַאוסט"־טראַגעדיע. די לעגענדע וועגן דר. פאַאוסט שטאַמט נאָך פון פריען מיטלאַלטער. זי פלעגט זיין איינע פון די באַ־ליבטסטע מעשות, וואָס מען פלעגט זיך נאָכדערציילן וועגן דעם דאָקטאָר, וואָס האָט זיך אָפּגעגעבן מיט כישופמאַכעריי; און ווי צוליב זיין דורשט נאָך מאַכט האָט ער פאַרקויפט זיין נשמה אויף 24 יאָר צו מעסיפטאָפע־ליסן, דעם דינער פון אויבער־טייוול לוציפער; און ווי ער האָט שפּעטער ביטער חרטה געהאַט און געזוכט אומזיסט הילף אין הימל.

די זעלבע שפּאַנונג, כאָטש פון אַן אַנדער כאַראַקטער, איז אויך גע־ווען אין מאַרלאָוס פּיעסע „באַראַבאַס" אָדער „דער איד פון מאַלטא", וואָס רעכנט זיך אַלס דער פאַרלויפער פון שעקספּירס שפּעטערדיקן „שיילאָק", און וואָס האָט געהאַט אַ געוואַלדיקן דערפאָלג אויף דער לאָנדאָנער בינע. מאַרלאָו שילדערט באַראַבאַסן אַלס גאַנץ סימפּאַטישע פיגור, אָבער שפּעטער, ווען זיין טאָכטער אַנטלויפט מיט אַ קריסט, און דער גובערנאַ־טאָר פון מאַלטאַ באַרויבט אים נאָך דערצו פון זיין געלט, ווערט ער פאַר־וואַנדלט אין אַ חיה, וואָס האָט נאָר איין געפיל — נקמה. אין זיין ראַכע־דורשט פאַרפּלאָנטערט באַראַבאַס דעם גובערנאַטאָרס זון, ער זאָל זיך פאַרליבן אין זיין טאָכטער אביגיל, כדי איר פריערדיקער געליבטער, מאַ־טיאַס, זאָל אים טויטן. אביגיל שמדט זיך אויס פאַרצווייפלונג. באַראַ־באַס שיקט אַ טערקישן שקלאַף ער זאָל זי פאַרסמען. ער פאַרסמט אויך דעם מאָנאַך, וועלכער האָט געהאָלפן אין אביגילס שמד. אַזוי אָן אַ סוף. מאַרלאָו מאָלט זיינע העלדן מיט זייער העלע און שטאַרקע פאַרבן. און דערביי טוט ער עס מיט אַזוי פיל דראַמאַטישער שפּאַנונג, מיט אַזאַ פּאָעטישער קראַפט; ער גיט זיינע פרייע פערזן אין וועלכע זיי דריקן אויס זייערע געפילן און איבערלעבונגען, אַזאַ ספּאָנטאַנקייט, אַזאַ פריי־קייט, אַזאַ מוזיקאַלישקייט, אַז ניט אומזיסט ווערט ער פאַררעכנט פאַר דעם פאָטער פון דער ענגלישער דראַמאַטישער פּאָעזיע. קריסטאָפער מאַרלאָו האָט די פאָרם פון פרייען פּאָעטישן פערז, וועלכן די פאַרפאַסערס פון דער ערשטער ענגלישער טראַגעדיע „גאָרבאָדוק" האָבן אויף אַ גאַנץ

פּרימיטיוון אופן געהאַט אַרויפגעפּירט אויף דער ענגלישער בינע, אַנט־וויקלט ביז אויף אַן אומגעאַנטער מדרגה. אַזוי אַז בלויז שעקספּיר מיט זיין גענויאַליטעט האָט אים געקאָנט איבערשטייגן און פאַרפולקאָמען אָט־די פאָרם, זי זאָל אָננעמען די פּערפעקטקייט, אונטער וועלכער זי איז דער וועלט באַקאַנט ביים היינטיקן טאָג.

אין אַ געוויסן זין רעכנט זיך מאַרלאָו פאַר דעם, וואָס האָט אַריינ־געבראַכט אין דער ענגלישער טעאַטער־דראַמע דעם מאַקיאַוועלישן מאָ־טיוו, אַז דער העלד איז דורך זיין קראַפט, ווילן און מוטיקייט באַפרייט פון יעדער שטערונג פון געוויסן און געזעץ. מאַרלאָו רעכנט זיך אויך פאַר דעם, וואָס האָט געשאַפן דעם איינפּיר, אַז זיין יעדע פּיעסע איז אַזוי געבויט דער גאַנצער דראַמאַטישער אינטערעס זאָל זיך דרייען אַרום דעם הויפּט־העלד און זיין טראַגישן קאַמף מיט דער סביבה אַרום. דאָס וואָס האָט שפּעטער געדינט שעקספּירן אַלס מוסטער פאַר זיין „אָטעלאָ", „ליר" און „מאַקבעט".

ווי מיר זעען איז די עליזאַבעטישע בינע אין יענער צייט געווען פאַרטראָטן דורך אַ גאַנצער ריי גרויסע און וויכטיקע טאַלאַנטן. אָבער ערשט וויליאַם שעקספּירן איז באַשערט געווען צו געבן איר די ריזיקע באַדייטונג זי זאָל זיך קאָנען פאַרגלייכן מיט יענער גאָלדענער עפּאָכע, ווען פאַרן טעאַטער האָבן געשריבן סאָפאָקלס, עסכילוס און עוריפּידוס. נאָר אויף זיין געניע איז אויסגעפאַלן צו זיין דער „אויסטייטשער פון זיין צייט און די קרוין אירע".

אָבער ווי חידושדיק עס זאָל ניט קלינגען איז עס פאָרט אַ פאַקט, אַז אָפּגעזען דערפון וואָס דאָס טעאַטער האָט אין עליזאַבעטישן ענגלאַנד פאַרנומען אַזאַ חשוב אָרט אינעם גייסטיקן און געזעלשאַפטלעכן לעבן, און די וויכטיקסטע שרייבער האָבן זייערע אַרבעטן געווידמעט דער בינע, האָט זיך שרייבן פאַרן טעאַטער פאָרט גערעכנט פאַר אַ גאַנץ נידעריקער מדרגה. טעאַטער־שטיקער זיינען ניט באַטראַכט געוואָרן פאַר קיין שאַ־פונגען אָדער ווערק. דזשאָן מאַרסטאָן האָט זיך שפּעטער, ווען מען האָט אַרויסגעגעבן זיין פּיעסע „דער מאַלקאָנטענטער", באַקלאָגט: „בלויז איין זאַך ערגערט מיך. צו טראַכטן, אַז סצענעס וואָס זיינען געשאַפן געוואָרן בלויז גערעדט צו ווערן, זאָלן געצוואונגענערהייט אַרויסגעגעבן ווערן צום לייענען". בען דזשאָנסאָן, שעקספּירס צייטגענאָסע, איז אויסגעלאַכט גע־וואָרן, ווען ער האָט אין 1616 דער ערשטער געוואַגט אָפּצודרוקן זיינע

פּיעסן אין פּאָליאָ־פאָרמאַט, און זיי באַצייכנט אַלס „ווערק". ווען סער טאָמאַס באָדלעי האָט אין 1600 איבערגעבויט זיין באַרימטע אוניווערזי־טעט־ביבליאָטעק, האָט ער בפירוש אָנגעזאָגט, אַז אַזעלכע שמאַטעס ווי טעאַטער־פּיעסן זאָלן קיינמאָל אַהין ניט אַריינגענומען ווערן. אין זיין דערקלערונג פאַר זיין פאַרבאָט שרייבט ער: „זאָל עס אַפילו זיין אַז עפּעס אַ קליינע טובה זאָל קאָנען אַרויסקומען (וואָס גאָט ווייסט, אַז ס'איז זייער אַ קליינע) פון געוויסע טעאַטער־פּיעסן אונדזערע, וועט דער פאַרדינסט דערפון זיין אַ גאָרניט אין פאַרגלייך מיט דער רעה, וואָס דער סקאַנדאַל וועט ברענגען פאַר דער ביבליאָטעק . . . וואָס מער איך טראַכט דערפון, אַלץ מער באַליידיקט עס מיך, אַז פאַר אַזעלכע סאָרט ביכער זאָל אָפּגעגעבן ווערן אַ צימער אין אַזאַ נאָבעלער ביבליאָטעק".

בכלל איז דער מצב פון טעאַטער און אַקטיאָרן דעמאָלט געווען זייער אַ מאָדנער. ניט געקוקט אויף דעם, וואָס בשעת שעקספּירס אָנקומען קיין לאָנדאָן איז די דראַמאַטישע קונסט געווען אין איר פולן בלי, איז אָבער די טעאַטער־אינסטיטוציע בנוגע ספּעציעלע שפּיל־הייזער נאָך גע־ווען זייער און זייער יונג. געביידעס ספּעציעל געבויט, מען זאָל אין זיי געבן סצענישע פאָרשטעלונגען, זיינען נאָך געווען גאָר אַ נייעס. ווען שעקספּיר איז געזעסן אויף זיין באַנק אין דער סטראַטפאָרדער „גראַמער"־שולע, זיינען נאָך אין לאָנדאָן קיין ספּעציעלע טעאַטער־בנינים ניט גע־ווען. פאָרשטעלונגען פאַרן אַלגעמיינעם פּובליקום פלעגן דעמאָלט דורך וואַנדערנדיקע, אָדער אַפילו שטענדיקע טרופּעס געגעבן ווערן אין די הויפן פון די איינפאָר־הייזער. די עטלעכע טעאַטער־געביידעס, דאָס „טעאַטער" און דער „פוירהאַנג", און באַלד דערנאָך די „רויז", וועלכע שעקספּיר האָט שוין געטראָפן ווען ער איז אָנגעקומען אין דער הויפּט־שטאָט, זיינען נאָר וואָס געהאַט אויפגעבויט געוואָרן. און נישט געקוקט וואָס סיי די ברייטע באַפעלקערונג און סיי די העכערע קלאַסן, אין לאָנ־דאָן ווי אין די פּראָווינץ־שטעט, זיינען געווען פאַרכאַפּט פאַרן טעאַטער און פאַר די שוישפּילער, איז אָבער דער סטאַטוס פון אַקטיאָרן געווען זייער אַ נידעריקער. זיי זיינען געשטאַנען אויף דער זעלבער מדרגה ווי גנבים, בעטלער און וואַגאַבונדן. מען האָט זיי געקאָנט אָן יעדן משפּט לאָזן שמייסן און אַרויסטרייבן פון שטאָט. זיי האָבן ניט געקאָנט באַ־גראָבן ווערן לויטן קריסטלעכן געזעץ. זייערע טויטע קערפּערס פלעגן גאַנץ אָפט איבערגעגעבן ווערן צו די מעדיצינישע סטודענטן פאַר אַנאַ־טאָמישע צוועקן.

און דער אמת איז, אַז זיי האָבן צייטווייז גאַנץ ערלעך פאַרדינט זייער

רעפּוטאַציע. די ערשטע וואַנדערנדיקע אַקטיאָרן, וואָס פלעגן זיך אַרומ־שלעפּן איבער די יאַרידים, און באַגרענעצן זייער קונסט צו זשאָנגלעריי, גיין אויף שטריק, שלינגען פייער און באַווייזן פּאָקוסן, האָבן זיך טאַקע צייטנווייז ניט אָפּגעזאָגט פון אויסליידיקן די קעשענעס ביי זייערע צו־שויער. אַ סך מאָל האָבן זיי זיך ניט אָפּגעשטעלט אַפילו פאַר גנבענען פערד, וואָס האָט זיך צו יענער צייט גערעכנט פאַר אַ שרעקלעכן פאַר־ברעך. און די שלעכטע רעפּוטאַציע איז זיי נאָך פאַרבליבן אַפילו דע־מאָלט, ווען פון די וואַנדערנדיקע מאַרק־שפּילערס זיינען אויסגעוואַקסן סטאַבילע און אויך באַרימטע טעאַטער־טרופּעס. דערצו האָבן שוין צו־געהאָלפן די נאָך גאַנץ מעכטיקע פּוריטאַנער. כדי צו קאָנען פּראַקטי־צירן זייער פּראָפעסיע האָבן אַקטיאָרן דעריבער געמוזט האָבן ספּעציעלע דערלויבענישן, און שטיין אונטער דער השגחה פון עפּעס אַ לאָרד, אָדער אַנגעזעענעם לאַנד־באַזיצער. נאָך אין 1571 איז אָנגענומען געוואָרן אַ געזעץ אין פּאַרלאַמענט, אַז אַקטיאָרן מוזן האָבן דערלויבענישן אַלס שפּי־לער פון עפּעס אַ נאָבלמאַן. און אַזוי שפּעט ווי 1598 איז נאָך ווידער אַמאָל אַרויסגעגעבן געוואָרן דער באַפעל, אַז „אַלע פעכטערס, בערן־טריי־בערס, פּשוטע שפּילערס פון אינטערליודן, און מינסטרעלס וואָס וואַנ־דערן אַרום איבער די וועגן (אַ חוץ די שפּילערס פון אינטערליודן וואָס באַלאַנגען צו עפּעס אַ באַראָן פון קעניגרייך, אָדער וועלכער אַנדערער ערנווירדיקער פּערזענלעכקייט פון העכערער מדרגה, וואָס זיינען אויטאָ־ריזירט צו שפּילן אונטער דעם שוץ און זיגל פון אַזאַ באַראָן אָדער פּער־זענלעכקייט) זאָלן פאַרהאַפּטעט, פאַראורטיילט און פאַררעכנט ווערן ווי גנבים, וואַגאַבונדן און שווינדלערישע בעטלערס".

פון דער צווייטער זייט ווידער איז עס דעמאָלט געווען אַ זייער פאַר־שפּרייטער מנהג, אַז יעדער וויכטיקער גראַף, יעדער אוירל, וואָס האָט געזוכט צו שפּילן די ראָלע פון אַ מעצענאַט, פון אַן אונטערשטיצער פון קונסט און בילדונג, זאָל נעמען אונטער זיין פּאַטראָנאַזש אַ טרופּע שויש־פּילער. די אַקטיאָרן פלעגן דעמאָלט ווערן דעם גראַפס „דינער", אָדער „מענער". זיי פלעגן טראָגן זיין ליווריי מיט זיין הערב־אָפּצייכענונג אויפן אַרבל, און אַזוי אַרום דערהויבן ווערן צו דער מדרגה פון אָרנטלעכע ביר־גער. אַזאַ טרופּע פלעגט דעמאָלט קאָנען שפּילן אין די איינפאָר־הייזער, אָדער שטאָט־ראָט־געביידעס. זי פלעגט אויך גאַנץ אָפט מוזן אויפטרעטן אין גראַפישן שלאָס, ווען זייער פּאַטראָן האָט זיך פאַרגלוסט אונטערצו־האַלטן זיינע געסט. אַזעלכע מעצענאַטן זיינען געווען לאָרד דערבי, לאָרד סטרענזש, די גראַפן סאָסעקס און האָונדסאָן. אָבער די באַרימט־

סטע פּאַטראָנען זיינען געווען די גראַפן פּעמבראָק, וואוסטער, דער לאָרד טשאַרלס האָוארד, און איבערהויפּט דער אוירל פון לעסטער, וואָס איז געווען דער קעניגין עליזאַבעטס ליבלינג. ער האָט תמיד געהאַט אונטער זיין פּאַטראָנאַזש די בעסטע אַקטיאָרן, כדי צו באַלעבן די רייכע סעודות, וואָס ער פלעגט אָפט מאַכן.

אייגנטלעך פלעגט זיין דער מנהג אין די פריערדיקע צייטן, אַז יע־דער באַראָן האָט געהאַט צווישן זיינע דינער עטלעכע, וואָס האָבן פאַר־מאָגט טאַלאַנט צום זינגען אָדער שפּילן, און האָבן געקאָנט אונטערהאַלטן זיינע געסט ביי פאַרשידענע געלעגנהייטן. פון אָט־די אַמאַטאָרן, זינגערס און טענצערס, האָבן זיך עס שפּעטער רעקרוטירט די וואַנדערנדיקע אַק־טיאָרן־טרופּעס. מיטן פאַלן פון פעאָדאַליזם האָבן די באַראָנען ניט גע־קאָנט מער אויפהאַלטן קיין אייגענע דינער־אַמוזירער, האָבן זיי זיך גע־מוזט באַגניגענען בלויז מיטן פּאַטראָניזירן די עקזיסטירנדיקע טרופּעס. בלויז דער קעניגלעכער הויף איז געווען דער איינציקער, וואָס האָט זיך געקאָנט פאַרגינען צו האָבן טיילווייז אַן אייגענע טעאַטער־טרופּע. אין 1583 ווען די רעאַקציע קעגן די טעאַטער־שפּילן האָט זיך שטאַרק צע־בושעוועט, האָט קעניגין עליזאַבעט, וואָס האָט שטאַרק ליב געהאַט טעאַ־טער, און האָט ביי זיך אין הויף תמיד געלאָזט אויפפירן מאַסקן־שפּילן און דראַמאַטישע ספּעקטאַקלען, אויסגעקליבן די 12 בעסטע אַקטיאָרן פון פאַרשידענע טרופּעס, און צוזאַמענגעשטעלט איר אייגענע טרופּע, וואָס האָט זיך גערופן „די קעניגינס דינער". זי האָט זיי געגעבן די ספּעציעלע דערלויבעניש צו שפּילן אין לאָנדאָן און אומגעגנט. צווישן די אַקטיאָרן זיינען פאַר אַ שטיק צייט געווען דזשיימס באַרבעדזש און דער באַרימ־טער קלאָון טאַרלטאָן. אָבער אַפילו די טרופּע האָט נאָר טיילווייז באַ־דינט דעם קעניגלעכן הויף. אפשר דערפאַר ווייל אויסהאַלטן אַזאַ טרו־פּע וואָלט פאַרהעלטנישמעסיק געקאָסט אַ שלל מיט געלד, און עליזאַבעט האָט ליב געהאַט צו עקאָנאָמיזירן. האָט מען דערפאַר די אַקטיאָרן דער־לויבט צו שפּילן אויך פאַרן אַלגעמיינעם פּובליקום, כדי זיי זאָלן פאַרדי־נען אויף צו לעבן. די טרופּע האָט געגעבן אירע פאַרשטעלונגען אין הויף ביז 1591. אין לאָנדאָן האָט זי נאָך געשפּילט ביז אַרום 1594, ווען זי איז זיך צעפאַלן אָדער אַוועק שפּילן אויף דער פּראָווינץ.

דזשיימס באַרבעדזש, אַ געוועזענער סטאָליאַר, וואָס איז אַ לאַנגע צייט געווען דער הויפּט־אַקטיאָר און אַ ליבלינג ביים אוירל פון לעסטער, האָט אין 1576 ביי אים אויסגעפּועלט די דערלויבעניש אויסצובויען די ערשטע טעאַטער־געביידע אין ענגלאַנד. באַרבעדזשס באַמיאונג זיך צו

פאַרזאָרגן מיט אַ ספּעציעלער טעאַטער־געביידע איז געווען נישט נאָר צוליב דער אומבאַקוועמלעכקייט פון שפּילן אין די איינפאָר־הייזער, וואָס זיינען קוים האַלבוועגס געווען צוגעפּאַסט פאַר טעאַטער־פאָרשטעלונגען. מערסטנס האָט ער אין זין געהאַט זיך צו באַפרייען פון די גרויסע שווע־ריקייטן, וועלכע די פּוריטאַנישע שטאָט־רעגירער האָבן כסדר אַרויפגע־לייגט אויף די איינפאָר־הייזער, וואו די אַקטיאָרן האָבן געגעבן זייערע פאָרשטעלונגען. די שטאָט־רעגירער האָבן געהאַט דאָס רעכט צו רעגו־לירן די עפנטלעכע אונטערהאַלטן אין דעם שטח פון די שטאָט־ווענט. זיי האָבן אויך געהאַט דאָס רעכט צו צענזורירן די געשפּילטע פּיעסן לויטן געזעץ, וואָס די קעניגין עליזאַבעט האָט אַרויסגעגעבן דעם 16טן מאַי, 1559. באַרבעדזש האָט דערפאַר געזוכט צו בויען זיין טעאַטער אויסער דער שטאָט, אויף אַן אָרט וואוהין די ממשלה פון די שטאָט־טאַטעס זאָל ניט קאָנען דערגרייכן. און אַזאַ אָרט האָט ער געפונען אין די אַזוי־גע־רופענע „ליבערטיס“, דעם פרייען פּלאַץ שאָרדיטש נאָך בישאָפּסגעיט, וואָס איז געווען אויסער דער יוריסדיקציע פונעם שטאָט־קאָונסיל. אַמאָל, אין מיטלאַלטער, האָבן אויף יענעם פּלאַץ הינטער דער שטאָט זיך געפונ־נען פאַרשידענע רעליגיעזע אַנשטאַלטן. קלויסטערס און מאָנאַסטירן פון די „שוואַרצע מאָנאַכן“ און אַנדערע. די אַלע געביידעס מיט זייערע פּראַכטפולע גערטנער זיינען געווען פריי פון אַלע פאַראַנטוואָרטלעכקייטן צו די לאָקאַלע שטאָט־רעגירער. זיי זיינען בלויז געווען אונטערגעוואָרפן דעם קעניגלעכן הויף. ווען הענרי דער 8ער האָט פאַרכאַפּט אַלע רעלי־גיעזע געביידעס, זיינען די „ליבערטיס“ אינגאַנצן איבערגעגאַנגען צו דער קרוין. הענרי האָט די פאַרשידענע געביידעס און פּלעצער צעשענקט צו זיינע פריינט און אָנהענגער. אָבער דאָס אַלטע געזעץ איז נאָך אַלץ געבליבן, אַז די פּלעצער זיינען פריי פון דער לאָקאַלער רעגירונג.

דזשיימס באַרבעדזש האָט זיין ערשט־אויסגעבויטע געביידע פאַר טעאַטער־פאָרשטעלונגען טאַקע אַנגערופן מיטן פּשוטן נאָמען דאָס „טעאַ־טער“, וואָס האָט אויפן דירעקטסטן אופן אָנגעוויזן וואָס זי איז. באַלד דערנאָך האָט זיך אין יענער געגנט אויסגעבויט אַ צווייט שפּיל־הויז, דער „קוירטן“, דער „פוירהאַנג“. דער נאָמען האָט זיך גענומען דערפון, וואָס די אַרומיקע געגנט, נאָענט צו דער שטאָט־וואַנט, האָט זיך אַזוי גערופן. (אָדער אפשר איז עס געווען געמיינט פּשוט צו באַצייכענען דאָס שטיקל ערד, אויף וועלכן די געביידע איז געשטאַנען, פון דעם לאַטיינישן „קור־טינאַ“, אַ קליינער הויף). אַ שטיק צייט האָט באַרבעדזש אַפילו אָנגע־פירט מיט ביידע טעאַטערס. אַ פּאָר יאָר שפּעטער האָט פיליפּ הענסלאָר

אויפגעבויט אין דער „בענקסייד"־געגנט אַ נײַ טעאַטער, די „רויז", וואו עס האָבן געשפּילט די „לאָרד אַדמיראַל מענער", מיטן באַרימטן דראַ־מאַטישן אַקטיאָר עדוואַרד עלעין בראש. הענסלאָו איז פריער געווען אַ לאָמבאַרד־האַלטער און געלט־באָרגער. שפּעטער, ווען ער איז געוואָרן אַ טעאַטער־דירעקטאָר האָט ער זיך אַלץ ניט אָפּגעזאָגט פון דער אַלטער געוואוינהייט. ער האָט געשאַפן אַ מין טעאַטער־ביוראָ. ער פלעגט שרײַ־בער באָרגן געלט אַלס אַוואַנס פאַר זייערע פּיעסן, און גענומען דערבײַ גור־טע פּראָצענטער. בײַ אַקטיאָרן פלעגט ער נעמען זייערע גאַרדעראָבן אַלס משכּנות פאַרן געבאָרגטן געלט. דאָך אָבער איז די טעאַטער־פאָרשונג שולדיק אַ גרויסן דאַנק אַט דעם הענסלאָון, ווייל ער האָט געהאַט די גליקלעכע געוואוינהייט צו פירן אַ דעטאַליזירטן טאָג־בוך פון זיינע טעאַ־טער־געשעפטן, אין וועלכן ס'זיינען פאַר יאָרן לאַנג פאַרצייכנט געוואָרן סיי די נעמען פון די פּיעסן, וואָס זיינען געשפּילט געוואָרן טעגלעך, סיי די הוצאות פאַר טאַנטיעמע און אַנדערע זאַכן. אַזוי אַז זיין טאָג־בוך האָט געהאָלפן דערגיין אַ סך איינצלהייטן פון טעאַטער־לעבן אין יענער צייט.

אָבער ניט בלויז אין די אָפיציעלע טעאַטערס אָדער אין די לאָרדיי־שע פּאַלאַצן זיינען געגעבן געוואָרן טעאַטער־פאָרשטעלונגען. אַ חוץ די זעקס אַנדערע טרופּעס, וואָס האָבן נאָך געשפּילט אין די אַלטע איינפאָר־הייזער בשעת שעקספּירס אָנקומען קיין לאָנדאָן, זיינען דראַמאַטישע אויפפירונגען אויך געגעבן געוואָרן אין די „אינז אָוו קאָורטס", די באַ־רימטע געזעץ־שולעס, וואָס האָבן געהאַט דעם זעלבן סטאַטוס ווי די אָקס־פאָרד אָדער קעמברידזש אוניווערזיטעטן. די שילערס פון די שולן האָבן געקאָנט זיין נאָר מיטגלידער פון די העכערע געזעלשאַפטלעכע קלאַסן. זיי האָבן אַלע געמוזט וואוינען און לעבן צווישן די שול־ווענט. זיי האָבן גע־מוזט לערנען טאַנצן און הויף־מאַניערן, ווייל זיי האָבן גאַנץ אָפט גע־דאַרפט דערשיינען אין הויף. צווישן זייערע פליכטן איז אויך געווען צו אַראַנזשירן בײַ זיך מאַסקן־שפּילן און טעאַטער־פאָרשטעלונגען כדי צו פאַרוויילן די קעניגין, אָדער אַנדערע איינגעלאַדענע הויכע געסט. באַ־זונדער אויפמערקזאַמקייט פלעגט אין די „אינז אָוו קאָורטס" געשענקט ווערן דער פייערונג פון דעם „נאַרן־יום־טוב" אין דער קריסטמוס־וואָך. די „גרויסע פאַרוויילונגען", ווען איינער פון די תּלמידים פלעגט אויס־געקליבן ווערן אַלס „לאָרד פון אומאָרדענונג" (אַ מין יידישער פּורים־רב). מ'פלעגט דעם אויסגעקליבענעם אַוועקזעצן אויף אַ קאָמישן טראָן מיט אַ סוויטע אַרום. דערבײַ פלעגן געהאַלטן ווערן קאָמישע רעדעס, און מען האָט געלייענט פייערלעכע פּראָקלאַמאַציעס, אין וועלכע ס'זיינען אויף

אַ וויציקן אופן דערמאָנט געוואָרן אַלע שאַנד־הייזער פון לאָנדאָן. די ממשלה פון דעם נאָרן־פּרינץ האָט זיך געצויגן דורך דער גאַנצער קריסט־מוס־וואָך, ביז דעם 28טן דעצעמבער, ווען אַלס קלימאַקס פלעגט די וויכטיקסטע טעאַטער־טרופּע איינגעלאַדן ווערן צו געבן אַ ספּעציעלע פאָרשטעלונג פאַר די מיטגלידער און זייערע איינגעלאַדענע געסט. אַזוי איז פאַרצייכנט, אַז ביי אַזאַ ענלעכער געלעגנהייט, קריסטמוס 1594, האָט די לאָרד טשעמבערליין־טרופּע געשפּילט אין „גרעיס אין" שעקספּירס „טעות קאָמעדיע". פּונקט ווי ס'איז באַקאַנט, אַז שעקספּירס אַנדערע פּיעסן זיינען אַ סך מאָל אויפגעפירט געוואָרן אין די „גרעיס אין" און „טעמפּל אין"־שולן.

ס'איז אָנגענומען, אַז אין 1587 איז שעקספּיר אָנגעקומען צו דזשיימס באָרבעדזש' אין „טעאַטער", וואו עס האָט נאָך אפשר געשפּילט די „אוירל פון לעסטער"־טרופּע, אַלס אַרויסהעלפער אויף צוויי יאָר, ווי דער מנהג איז געווען. ס'איז אויך ניט אויסגעשלאָסן, אַז אין „טעאַטער" האָט דע־מאָלט גאָר געשפּילט די טרופּע פון „לאָרד האָונדסאָנס מענער", אָדער גאָר די טרופּע פון די „קעניגינס שפּילער". באָרבעדזש איז ניט תמיד גע־ווען דער דירעקטאָר פון דער טרופּע. צייטנווייז איז ער בלויז געווען דער באַלעבאָס פון דער געביידע, וועלכע ער פלעגט פאַרדינגען צו גאַסט־ראָלירנדיקע טרופּעס. מעגלעך אויך, אַז שעקספּיר איז אָנגעקומען אין דעם „פוירהאָנג", צו די „פּעמבראָק־מענער", וואו געבריעל ספּענסער איז געווען דער הויפּט פון דער טרופּע, און קריסטאָפער מאַרלאָו איז גע־ווען דער אָפיציעלער פּיעסן־שרייבער. דאָרט האָט ער אפשר געהאַט די ערשטע מעגלעכקייטן מיטצואַרבעטן מיט מאַרלאָון ביים איבערמאַכן גע־וויסע אַלטע פּיעסן, און דערביי באַאיינפלוסט ווערן פון יענעמס סטיל. אַן אַנדער השערה איז, אַז שוין אין 1589 האָט שעקספּיר געדינט אין דער לאָרד סטרענדזש־טרופּע. מסתמא אַלס קליינער אַקטיאָר און מיטהעלפער ביים איבעראַרבעטן אַלטע פּיעסן, און אַפילו אַלס שרייבער פון נייע (אפשר „די צוויי דזשענטלמענער פון וועראָנא"). אַזוי אַז אין 1591 אַר־בעט ער שוין מיט מיט מאַרלאָון, וועלכער איז צו יענער צייט שוין גע־האָט אַוועק פון דער פּעמבראָק־טרופּע, אויף איינעם פון די טיילן פון „הענרי דער 6טער", אין וועלכן די „לאָרד סטרענדזש מענער"־טרופּע האָט געהאַט אַ ריזיקן דערפאָלג. לויט דריטע קוואַלן קומט אויס, אַז מיט־געאַרבעט מיט מאַרלאָון אויף „הענרי דער 6טער" האָט ער נאָך זייענדיק אין דער „לאָרד פּעמבראָק מענער"־טרופּע, וועלכע האָט געוואָלט קאָנקו־רירן מיט דער לאָרד סטרענדזש'־טרופּע, וואָס האָט דעמאָלט געהאַט גרויס

דערפאָלג מיט אַ פּיעסע „העענרי דער 6טער", געשריבן פון דזשאָרדזש פּיעל, אָדער ראָבערט גרין. אין 1589 האָט לאָרד סטרענדזשס טרופּע אָנגעהויבן צו שפּילן אין דעם „רויז"-טעאַטער, ווען זי האָט זיך פאַראייניקט מיט דער „לאָרד אַדמיראַל מענער"-טרופּע, אין וועלכער שעקספּיר האָט געהאַט די געלעגנהייט צו זיין צוזאַמען מיט עדוואַרד עליין, וואָס האָט זיך גערעכנט פאַר אפשר דעם וויכטיקסטן אַקטיאָר פון יענער צייט. אין דער „רויז" האָט עס שעקספּיר געזאָלט האָבן זיינע ערשטע דערפאָלגן סיי אַלס אַקטיאָר, און נאָך מער אַלס יונגער דראַמאַטיקער אין זיינע באַאַרבעטונגען פון אַלטע פּיעסן. אָבער די טרופּעס האָבן זיך גיך צעטיילט, און שעקספּיר האָט קיינמאָל מער מיט עליינען ניט מיטגעאַרבעט.

טרופּעס זיינען בכלל אין יענער צייט, ווי אין אַלע צייטן און אומעטום, אָפט זייער גיך צונויפגעשטעלט געוואָרן, און נאָך גיכער זיך צעפאַלן. אַקטיאָרן זיינען איבערגעגאַנגען פון איין טרופּע צו דער אַנדערער. כאָטש אין דער זעלבער צייט האָבן אַלע עקזיסטירנדיקע טרופּעס אָנגעפירט אַ שטאַרקע טעטיקייט זיך אויסצוצייכענען, כדי צו ווערן אָנערקענט אַלס די בעסטע, זי זאָל קאָנען קריגן דעם וויכטיקסטן פּאַטראָנאַזש. אַמאָל פלעגט גאָר טרעפן, אַז צוויי טרופּעס האָבן זיך פאַראייניקט און האָבן אויפגעהאַלטן אין דער זעלבער צייט די נעמען פוןביידע פּאַטראָנען. אַזוי אַז אין דעם ענין הערשט אַ שטאַרקע צעמישעניש, און די בעסטע שעקספּיר-פאָרשער פאַרלירן זיך אָפט בנוגע די נעמען פון די דעמאָלסטדיקע טרופּעס, און אין דעם אַנווייזן אין וועלכן טעאַטער זיי האָבן געשפּילט אין אַ געגעבענעם מאָמענט. עס איז אויך באַשטימט, אַלזאָ, ניט מעגלעך צו זאָגן, אין וועלכער טרופּע שעקספּיר איז צום ערשטן מאָל אָנגעקומען. פּונקט אַזוי איז אויך ניט מעגלעך גענוי צו באַשטימען, וועלכע פּיעסן ער האָט צום ערשט געשריבן. מ'דענקט, אַז „פאַרלוירענע ליבעס מי" איז געווען זיין ערשטע אייגענע פּיעסע. פּונקט ווי אַנדערע מיינען, אַז צום ערשט האָט ער בלויז מיטגעאַרבעט אויף „טיטוס אַנדראָניקוס" און די דריי טיילן פון „העענרי דער 6טער".

שעקספּיר האָט די ערשטע יאָרן פון זיין אָנקומען אין לאָנדאָן זיכער גוט אויסגענוצט. דאָס קאָנקורירן צווישן זיך פון די טעאַטערס, ווען מען האָט כסדר געמוזט האָבן וואָס מער נייע פּיעסן, האָט אים געגעבן אַ מעגלעכקייט צום ערשטן מאָל צו פּראַקטיצירן און אויסצופּרוון זיינע דראַמאַטורגישע פעיִקייטן. פּונקט ווי די נייע גרויסע שטאָט האָט אים גע־

געבן אַ מעגלעכקייט זיך איינצושאַפן די נויטיקע ביכער, וואָס ער האָט באַדאַרפט, צו פאַרברייטערן זיין וויסן און אויספיינערן זיינע קענטעניש. ער האָט מסתמא גוט באַנומען די ערנסטקייט פון דער אויפגאַבע, וואָס ער האָט זיך געשטעלט: אָנצויאָגן די אַלע פּיעסן־שרייבערס וואָס זיינען שוין געווען עטאַבלירט פאַר אים. ער ארבעט אַ סך. שווער צו זאָגן ווי וויט ער האָט זיך אויך אָנגעשטרענגט כדי צו דריאָגן אַלס שוישפּילער יענע פון זיינע בינע־קאָלעגן, וואָס האָבן שוין פאַרנומען גאַנץ אָנגעזעענע ער־טער, און זיינען אַפילו געווען באַרימט. אָבער די געבענטשטקייט פון זיין פעדער הייבט זיך אָן אַרויסצואווייזן מיט יעדער נייער אויפפירונג פון זיינס אַן אָריגינעל אָדער באַאַרבעט שטיק אַלץ בולטער און שאַרפער. זיין נאָמען אין די טעאַטער־קרייזן הייבט אָן אַרויסצורופן נייגער און באַ־וואונדערונג. די עלטערע שרייבערס הייבן מיט שטוינען אָן צו זען, ווי דער יונגער, אומבאַקאַנטער אַקטיאָר־דראַמאַטיקער פאַרנעמט זיך צו באַדראָען זייער פעלד. און דאַן, אום זומער 1592 באַווייזט זיך אין שריפט די ערשטע אָנדייטונג אויף שעקספּירס שייכות צום טעאַטער, וועגן וועל־כער ס׳איז פריער דערמאָנט געוואָרן.

די אָנדייטונג איז געקומען אין אַ ביטערער אַטאַקע, אַ פּאַמפלעט מיטן נאָמען „פאַר 4 פּענעס־ווערט שכל, געקויפט מיטן פּרייז פון אַ מיליאָן חרטה", וואָס ראָבערט גרין האָט אָנגעשריבן, ווען ער איז שוין אַן אָרע־מער און פאַרלאָזטער געלעגן אויפן טויטן־בעט. גרין, ווי שוין פריער דער־מאָנט, איז ביז דעמאָלט געווען זייער דערפאָלגרייך און פּאָפּולער, און האָט פאַרדינט אַ סך געלט. אָבער אַ דאַנק זיין צעלאָזן און אומבאַרעכנט לעבן איז ער לסוף אַריינגעפאַלן אין אָרעמקייט. און ס׳איז געווען גאַנץ נאַטירלעך, אַז ער זאָל זיין פאַרביטערטקייט אויסלאָזן אויף די קעפּ פון די אַקטיאָרן, וועמען ער האָט געהאַלטן פאַר אומדאַנקבאַר דערפאַר, וואָס זיי האָבן אים פאַרלאָזט אין זיין נויט. ער האָט אין זיין חרטה־פּאַמפלעט גע־וואָרנט זיינע קאָלעגן דראַמע־שרייבערס — מאַרלאָו, פּיעל און נעש — זיי זאָלן זיך אָפּקערן פון טעאַטער מיט זיין פאַרגענגלעכן גלאַנץ, און פון די פאַלשע אַקטיאָרן, די פּאַפּוגייען וואָס פּלאַפּלען נאָך דאָס, וואָס די שריי־בער־פּאָעטן שרייבן פאַר זיי אָן. ער וואָרנט זיי, אַז זיי וועלן זיין „...בני־דערטרעכטיקע מענטשן, איר אַלע דריי, אויב איר וועט זיך נישט אָראָפּ־נעמען קיין מוסר־השכל פון מיין אומגליק. ווייל אָן קיין איינעם פון אייך, ווי אָן מיר, האָבן אָט־די טומלערס זיך ניט געזוכט אָנצוהאַלטן; אָט־די ליאַלקעס, מיין איך, וואָס ריידן דורך אונדזערע מיילער; די קאָמעדיאַנטן, וואָס שמינקען זיך אין אונדזערע פאַרבן. — — — יאָ, געטרויט זיי ניט.

ווייל ס'איז פאַראַן אַן אויפגעקומענע קראַ, וואָס פוצט זיך אין אונדזערע פעדערן; וואָס איינהילנדיק זיין טיגעריש האַרץ אין אַן אַקטיאָרישער הויט רעדט ער זיך איין, אַז ער איז פונקט אַזוי אימשטאַנד אויסצושמידן אַ בלאַנקן פערז, ווי דער בעסטער פון אייך. און זייענדיק אַן אַבסאָלוטער „יאָהאַנעס פאַקטאָטום" (כל ולך, איינער וועמען מען נוצט צו אַלע מלאכות) האַלט ער זיך אין זיין איינגערעדקייט פאַר דעם איינציקן בינע־שאָקלער אין לאַנד . . . "

ווי מיר זעען דערמאָנט גרין דעם אויפגעקומענעם פאָעטס נאָמען ניט דירעקט, נאָר ווי דער שטייגער איז געווען אין יענער צייט פון אַטאַקעס און פאַמפלעטן, דורך אַנדייטונגען. ער באַנוצט דאָס וואָרט „בינע־שאָק־לער", אַנשטאָט שפּיזן־שאָקלער, וואָס שעקספּיר באַדייט. אויך די פראַזע „טיגעריש האַרץ איינגעהילט אין אַן אַקטיאָרישער הויט" איז אַ פּאַראָ־פראַזירונג פון שעקספּירס אַ זאַץ אין „הענרי דער 6טער": „טיגערס האַרץ איינגעהילט אין אַ פרויען־הויט". גרינס צאָרן אויף שעקספּירן ווערט נאָך פאַרשטענדלעכער, ווען מען נעמט אין אַנבאַטראַכט, אַז אין יע־נער צייט איז שעקספּיר געווען דער „דראַמע לייענער" אין זיין טרופּע. ער האָט געהאַט די דעה איבערן גאַנצן רעפּערטואַר, און גרין האָט אים זיכער חושד געווען, אַז ער האָט געשטערט אַנצונעמען זיינע פּיעסן.

ווי מיר וועלן נאָך שפּעטער זען איז דאָס ניט געווען די איינציקע אַטאַקע אויף שעקספּירן, וואָס ער האָט געהאַט אויסצושטיין אין פאַרלויף פון זיין גלענצנדיקער קאַריערע. זיין גאַנץ לעבן לאַנג אין לאָנדאָן איז ער כסדר אַטאַקירט געוואָרן פון די אַזוי־גערופענע „דזשענטלמענער שרייבערס", די געלערנטע דראַמאַטיקער, וואָס האָבן שטאָלצירט מיט זייער אוניווערזיטעט־בילדונג, און געקוקט פון אויבן אַראָפּ אויף דעם האַלב־געבילדעטן פּראָווינציאַל, וועלכער האָט ניט געקענט קיין פּערפּעקטן לאַטיין אָדער גריכיש. פון דער צווייטער זייט איז שעקספּיר אויך נישט געווען דער איינציקער, וועמען דער תמיד־פאַרביטערטער גרין איז באַ־פאַלן. אין יענער הייס־בלוטיקער און אויפגערעגטער צייט איז אַן אַנ־פאַל פון אַ שרייבער אויף שרייבער קיין נייעס ניט געווען. ווען קריסטאָ־פער מאַרלאָו האָט איינגעפירט די נייאיקייט פון באַנוצן בלאַנקן פערז אין זיין „טאַמבאָרליין", איז אים גרין ביטער באַפאַלן פאַר אַזאַ געוואַגטקייט זיך אַזוי נידעריק אַראָפּצולאָזן. גרין האָט אין דעם קאַמף אַריינגעצויגן אויך טאָמאַס נעשן, וועלכער האָט אויסגעלאָזט זיין גאַנצן כעס אויף „די אידיאָטישע קונסט־מייסטערס, וואָס דרינגען זיך אַרויף אויף אונדזערע אויערן אַלס די אַלכעמיסטן פון עלאָקווענץ; וועלכע (דערהויבן אויף דער

בינע פון אַראַגאַנץ) מייגען אויסצובראַווירן בעסערע ווערק מיט דער אָנ־געשוואָלענער באָמבאַסטיק פון אַ באַרימערישן בלאַנקן פערז". ווען דער נייער איינפּיר האָט אָבער אַזוי שטאַרק אויסגענומען ביים טעאַטער־פּוב־ליקום, האָבן סיי גרין און סיי נעש זיך געפילט געצוואונגען שלום צו מאַכן מיט דעם וואַגנדיקן רעפאָרמאַטאָר. גרין האָט נאָכדעם אַליין פּרובירט צו שרייבן אין נייעם פריי־פערזיקן סטיל. און שפּעטער האָט זיך, דורך גרינס באַמיאונגען, די גרופּע פון די געבילדעטע פּיעסן־שרייבערס פאַר־אייניקט אין אַ מין קלוב, אָדער יוניע, וואָס האָט קאָנטראָלירט דאָס טעאַ־טער־פעלד, און מיט אַלע כוחות זיך באַמיט צו באַקעמפן דעם נייעם אויפ־גייענדיקן שטערן, שעקספּירן, פאַר וועמען זיי האָבן זיך אַזוי געשראָקן.

אָבער מען קאָן ניט זאָגן, אַז גרינס לעצטע אַטאַקע האָט מיט עפּעס געשאַדט שעקספּירס נאָמען. ער האָט אַרויסגעוויזן צופיל טאַלאַנט, און צופיל האָפענונגען האָבן זיינע טעאַטער־קאָלעגן, די שוישפּילער, אויף אים געלייגט. אויך זיין פּערזענלעכער מאַגנעטיזם און אומגאַנג מיט מענטשן האָבן געהאָלפן, אַז זיין רעפּוטאַציע זאָל באַפעסטיקט ווערן. העטרי טשעטעל, דער פאַרלעגער, וואָס האָט געהאַט אָפּגעדרוקט גרינס אַטאַקע אויף שעקספּירן, און וועלכער איז שפּעטער אַליין געוואָרן אַ באַקאַנטער דראַמע־שרייבער, האָט באַלד חרטה געהאַט, און האָט זיך עפנטלעך אַנט־שולדיקט. „איך האָב אַזוי חרטה — האָט ער געשריבן אין זיין „חלום פון אַ פריינטלעך האַרץ"—גלייך ווי די אָפּגעטוענע עוולה וואָלט מיין גע־ווען. ווייל איך אַליין האָב געזען זיין (שעקספּירס) באַנעמען זיך, וואָס איז ניט ווייניקער אָנשטענדיק ווי אויסגעצייכנט ער איז אין זיין שפּילן. אַ חוץ וואָס פאַרשידענע פאַרערער האָבן איבערגעגעבן וועגן דער אויפ־ריכטיקייט און ערלעכקייט פון זיין האַנדלען, און זיין ליבלעכער צויבער אין שרייבן, וואָס באַווירדיקט זיין קונסט". זייער ווייניק פון די איבערי־קע שרייבערס האָבן גענומען ערנסט גרינס וואָרנונג, און מאַרלאָו האָט נאָך ניט איינמאָל מיטגעאַרבעט מיט שעקספּירן, ביז יענער האָט אָנגעהויבן אַרויסצואווייזן זיין פולשטענדיקע אומאָפּהענגיקייט, און ענדלעך צו פאַר־נעמען די בינע־ברעטער מיט זיינע אַליין־געשריבענע פּיעסן. אַזעלכע זיינען וואַרשיינלעך געווען די „טעות קאָמעדיע", „פאַרלוירענע ליבעס־מי", „די צוויי דזשענטלמענער פון וועראָנאַ", און זיין ערשטע היסטאָ־רישע פּיעסע „ריטשאַרד דער דריטער".

שעקספּיר איז נאָך אין די ערשטע פּיעסן נישט יענער פולשטענ־דיקער מייסטער ווי אין זיינע רייפערע גאָלדענע קאָמעדיעס אָדער גרויסע

טראַגעדיעס. זיין טעכניק איז נאָך ניט אומפּעלערהאַפט, און זיין שיל־דערן מענטשלעכע כאַראַקטערס באַזיצט נאָך ניט די טיפקייט און פולרונ־דיקייט, וועלכע זיינען פון די הויפּט־עלעמענטן אין זיין שפּעטערדיקן שאַפן. אָבער זיין לייכט געמיט שוועבט הויך. זיין לוסטיקער וויץ שפּרודלט פריי. ער איז שטיפעריש, איינפאַלעריש און געוואַגט. ער שטעלט זיך ניט אָפּ פאַר קיין שוועריקייט צו פאַרבינדן אַ טעאַטראַלע אינ־טריגיע.

סיי אין דער „פאַרלוירענער ליבעס־מי", וואו פערדינאַנד, דער קע־ניג פון נאוואר מיט זיינע דריי פריינט טוען אַ נדר צו פאַסטן, תפילה טאָן, און איבערהויפּט זיך צו דערווייטערן פון פרויען, כדי צו קאָנען זיך אינ־גאַנצן אָפּגעבן צום לערנען און שטודירן. אַ נדר וואָס ווערט אַזוי וויציק צעשטערט דורך דעם אָנקומען פון דער יונגער פראַנצויזישער פרינצעסין מיט אירע דריי קאַמער־דאַמען, אין וועלכע דער קעניג מיט זיינע פריינט פאַרליבן זיך ביז צום פאַרלירן זייערע קעפּ, און דער גאַנצער פּלאָנטער, וואָס קומט נאָכדעם אַרויס מיט די פאַרביטענע ליבעס־בריוו. סיי אין דער „טעות קאָמעדיע", וואו ער איבערשטייגט פּלאַאוטוסעס „דער צווי־לינג" — פון וואַנען די טעמע איז גענומען — מיט דעם, וואָס ער שאַפט דעם פּלאָנטער פון דעם טאָפּעלטן צווילינג־פּאָר, די אַנטיפאַלוס־ברידער, און זייערע דינערס, די דראָמיאָ־ברידער, אַנשטאָט וואָס אין אָריגינאַל איז נאָר דאָ איין צווילינג. דער גאַנצער מישמאַש מיט די פאַרלוירענע ברי־דער און זייערע תמעוואָטע דינערס, וואָס זוכן זיך שטענדיק אָפּ נאָר כדי צו פאַרגרעסערן די מיספאַרשטענדעניש פון דער האַנדלונג און די איי־פערזוכט פון די ווייבער. און שפּעטער דאָס צוזאַמען ברענגען אויף אַ זייער אַמוזאַנטן אופן די גאַנצע פאַמיליע, פאָטער, מוטער און ברידער, וואָס זיינען אַלע צעשיידט געוואָרן בשעת אַ שיפסברוך. סיי אין די „צווי דזשענטלייט פון וועראָנא", וואו ער שאַפט די לוסטיקע אינטריגע, ווען פּראָטעאוס, קומענדיק פון וועראָנא קיין מילאַן, פאַרליבט זיך אין זיין היי־מישן חבר וואַלענטינאָס געליבטער, סילוויאַן, און פאַרגעסט זיין אייגענע יוליאַן, וועמען ער האָט איבערגעלאָזט אין וועראָנא. ער פאַרראַט וואַלענ־טינאָס סוד צו סילוויאָס שטרענגן פאָטער, און וואַלענטינאָ איז געצוואונ־גען צו אַנטלויפן און ווערן דער פירער פון אַ באַנדע וואַלד־רויבער. יוליאַ פאַרקליידט זיך אַלס פאַזש, קומט אָן אין מילאַן, אַלס דינער צו פּראָטע־אוסן, און מוז צוזען ווי ער זוכט צו געווינען די פאַרצווייפלטע סילוויאַן. און לסוף ווערן אַלע צוזאַמענגעפירט אין דעם וואַלד פון מאַנטוא, וואו זיי זיינען אַלע געפאַנגען דורך דער רויבער־באַנדע. עס קומט פאַר אַן

אַלגעמײנע דערקענונג און איבערבעטונג. פּראָטעאוס האָט חרטה אויף זײַנע זינד און װאַלענטינאָ איז אים מוחל.

אין אַלע די פּיעסן זײַנען סײַ די שאַרמאַנטע מענטשן און סײַ די לוסטיקע געשעענישן געזעען דורך די אויגן פֿון געבענטשטער צאַפּלענדי־קער יוגנט, און אָנגערעגט דורך די געפֿילן פֿון געגאַרטער, נאָך נישט אויסגעלעבטער ליבע. האָט זי, די ליבע, איצט ניט פֿאַר אים אַ נײַע באַ־דײַטונג, נאָך די ערשטע הימישע, אַזוי פּאַרדריסלעכע אַנטוישונגען? יאָ, איבער אַלעם הערט זיך שאַרף און פֿריש זײַן, שעקספּירס, באַגער נאָך לי־בע. דער באַגער, װאָס װעט זיך אין אַ קורצער צײַט שפּעטער פֿאַרװאַנד־לען אין אַזאַ שטורמישן, פֿאַרצערנדיקן פֿלאַקער פֿון גליק און אונטער־גאַנג־ברענגענדיקער לײדנשאַפֿט. דער באַגער, װאָס לאָזט אים זאָגן דורכן מויל פֿון זײַן פֿאַרליבטן בירָאָן („פֿאַרלוירענע ליבעס־מי"):

אַ דיכטער טאָר ניט אָנרירן קײן פּען צום שרײַבן
ביז ס'איז זײַן טינט מיט ליבעס־זיפֿצן דורכגעזאַפּט.

אַזוי װאַקסט דער לעבנסלוסטיקער שעקספּיר אין זײַנע יונגע דער־גרײכונגען, און שאַפֿט פֿאַר זײַן טרופּע אַלץ װיכטיקערע און רײַכערע דערפֿאָלגן. און װען שפּעטער, אין 1594, פֿאַראײניקט זיך זײַן טרופּע (מעגלעך די פֿון די „לאָרד סטרענדזש־מענער", װאָס האָט שוין דעמאָלט געהאַט געביטן איר נאָמען אויף די „אוירל פֿון דערבי־מענער"), מיט דער באַרימטער „לאָרד טשעמבערלײן־מענער"־טרופּע (װעלכע איז איצט פֿון איר זײַט געװען אַ פֿאַראײניקונג מיט די פֿריערדיקע „אוירל פֿון לעסטער־מענער"), װאו דער הױפּט־אַקטיאָר איז געװען ריטשאַרד באַרבעדזש, װאָס האָט אין דער צײַט אָנגעהויבן באַרימט צו װערן אַלס גרויסער דראַמאַטי־שער שױשפּילער אויפֿן אָרט פֿון זײַן שױן אַלט־געװאָרענעם פֿאָטער דזשײמס באַרבעדזש, — געפֿינען מיר װיליאַם שעקספּירן אַלס אײנעם פֿון אירע חשובסטע אַקטיאָרן און אָפֿיציעלן פּיעסן־צושטעלער.

שעקספּיר איז ניט געװען דער אײנציקער אַקטיאָר־פּיעסן־שרײַבער פֿון זײַן צײַט. אַזוי װי דער פֿאַרלאַנג פֿאַר נײַע פּיעסן איז, צוליב דעם װאָס דער עולם האָט אַזױ אָפֿט און גערן באַזוכט דאָס טעאַטער, געװען זײער גרויס — הענסלאָו, למשל, האָט אין משך פֿון די יאָרן צװישן 1591 און 1603, בלויז פֿאַר זײַן טעאַטער, פֿאַרצײכנט די נעמען פֿון 270 נײַע און באַאַרבעטע פּיעסן — האָט יעדער טרופּע געהאַט אַרום זיך עטלעכע

דראַמאַטיקער, וואָס פלעגן שרייבן אויסשליסלעך פאַר איר. און כמעט אין יעדער טרופּע האָט זיך געפונען אַן אַקטיאָר, וואָס איז אויך געווען אַ שרייבער. ער פלעגט אָדער באַאַרבעטן און איבערמאַכן אַלטע פּיעסן, צוהעלפן די דראַמאַטיקער ביים שרייבן נייע, אָדער גאָר אַליין שרייבן איי־גענע טעאַטער־שטיקער, וואָס האָבן זיך געפּאַסט פאַר דער געגעבענער טרופּע. אַזעלכע זיינען געווען דזשאָרדזש פּיעל, וואָס האָט אַליין געשפּילט און אַ סך געשריבן נאָך איידער שעקספּיר איז צוגעקומען צום טעאַטער. טאָמאַס לאָדזש, וואָס איז נאָכן ענדיקן אָקספאָרד געוואָרן אַן אַקטיאָר און דראַמאַטיקער. ער איז שפּעטער נאָך געוואָרן אַדוואָקאַט און דאָקטאָר. קריסטאָפער מאַרלאָו איז די ערשטע צייט אויך געווען אַן אַקטיאָר. ער האָט אָבער געמוזט אויפגעבן דאָס שפּילן, ווייל ער האָט געהאַט צעבראָכן אַ פוס אויף דער בינע בשעתן שפּילן. און אַזוי איז אויך געווען טאָמאַס העיוואוד, דער פּיעסן־צושטעלער פון דער „לאָרד אַדמיראַלס", און שפּע־טער פון דער „אוירל פון וואוסטער"־טרופּע. ער האָט אין זיין לעבן אָנ־געשריבן 220 טעאַטער־שטיקער. אָבער אין זיין „אַפּאָלאָגיע פאַר אַק־טיאָרן" (1612) באַרימט ער זיך, אַז ער איז שטאָלץ מיט זיין שוישפּי־לערישן באַרוף, און איז גליקלעך, וואָס ער איז קיינמאָל ניט געוואָרן אויס אַקטיאָר. אויך בען דזשאָנסאָן, וואָס האָט שפּעטער געשפּילט אַזאַ ראָלע אין שעקספּירס לעבן, האָט — איידער ער האָט איינגאַנצן זיך אָפּגעגעבן צום שרייבן פאַרן טעאַטער — אָנגעהויבן ווי אַן אַקטיאָר.

אַ טרופּע פלעגט אין יענער צייט געוויינלעך באַשטיין פון אַרום 10 ביז 14 שוישפּילער. ס'איז זעלבסטפאַרשטענדלעך, אַז ווען ס'איז גע־קומען אויפצופירן אַ שטיק, אין וועלכן ס'זיינען געווען עטלעכע צענדליק באַטייליקטע, ווי למשל אין שעקספּירס קראָניקל־דראַמעס, אָדער אין זיי־נע טראַגעדיעס, האָט מען זיך געמוזט האַלטן אָן דעם איינפיר צו טאָפּלען די ראָלן, ד.ה. יעדער פון די שוישפּילער — פון די קלענערע באַטיילעך — האָט געמוזט שפּילן צו צוויי, דריי, אָדער אַפילו מער ראָלן, אין דער זעלבער פאָרשטעלונג. אין יעדער טרופּע זיינען אַ חוץ דעם געווען עט־לעכע ייִנגלעך, וואָס האָבן געשפּילט די פרויען־ראָלן. קיין פרויען־שוי־שפּילערינס זיינען אין שעקספּירס צייט ניט געווען. אַן איבערבלייבעכץ נאָך פון אַן אַלטצייטיקן מנהג, לויט וועלכן קיין פרויען האָבן אין כמעט אַלע איראָפּייאישע און אויך אַזיאַטישע לענדער ניט געטאָרט זיך ווייזן אויף דער בינע. דער מנהג האָט זיך אין ענגלאַנד געהאַלטן פאַר אַ לאַנ־גער צייט. אַ סך לענגער ווי אין אַנדערע איראָפּייאישע לענדער. ווען אַ פראַנצויזישע טרופּע האָט אין 1629 גאַסטראָלירט אין לאָנדאָנער

„בלעקפרייערס" טעאַטער, האָט מען די פרויען־שוישפילערינס באַוואָרפן אויף דער בינע מיט פוילע עפל און זידל־אויסגעשרייען. מ'האָט געקוקט אויף זיי ווי אויף אויסטערלישע באַשעפענישן.

וווייזט אויס, אַז די יינגלעך, וואָס האָבן געשפילט פרויען־ראָלן האָבן געמוזט שטאַרק אויסנעמען ביים פובליקום, ווייל זיי זיינען געווען עקס־פּערטן אין זייער פאַך. סעמועל פעפּי שרייבט אין זיין באַרימטן טאָג־בוך וועגן אַ יינגל, עדוואַרד קיינאַסטאָן, וואָס האָט געשפּילט פרויען־ראָלן (1661־1660), אַז ער איז געווען „די ליבלעכסטע דאַמע וואָס איך האָב אין מיין לעבן געזען". ער האַלט דעם יונגן אַקטיאָר פאַר „זיכער די שענסטע פרוי אין גאַנצן טעאַטער". אויך דזשאָן דאָונס, וואָס איז אַ לאַנגע צייט געווען דער סופלער אין בעטערטאָנס רעסטאַווראַציע־צייט־טרופע, און שפּעטער געוואָרן דער בוכפירער און דירעקטאָר פון דעם באַרימטן טעאַטער אין „דרורי לעין" (1708־1662), שרייבט אין זיין „ראָסציוס אַנגליקאַנוס", די באַשרייבונג פון דער ענגלישער בינע אין זיין צייט, וועגן דעם זעלבן קיינאַסטאָן: „זייענדיק דעמאָלט זייער יונג, איז ער געווען אַ פולשטענדיקע פרויענלעכע בינע־שיינהייט, שפּילנדיק זיינע ראָלן אַזוי גוט . . . ראָלן וואָס האָבן באַדאַרפט אַרויסרופן שטאַרק מיטגעפיל און רחמנות, אַז צווישן מבינים איז עס דעמאָלט געצווייפלט געוואָרן אויב וועלכע עס איז פרוי נאָך אים האָט אַזוי גערירט דאָס פּובליקום ווי ער האָט עס געטאָן". קיינאַסטאָן איז, אגב, געבליבן ביי דער בינע ביזן סוף פון זיין לעבן, איבערגייענדיק אין די שפּעטערדיקע יאָרן צו שפּילן מענער־ראָלן.

אין דער צייט פון דער רעסטאַווראַציע האָט מען ערשט ביסלעכווייז אָנגעהויבן ברעכן דעם מנהג און אַרויספירן פרויען־שוישפּילערינס אויף דער ענגלישער בינע. אין דעצעמבער 1660 ווען טאָמאַס קיליגריו האָט געעפנט זיין ניי טעאַטער, האָט מען ספּעציעל אַנאָנסירט, אַז די ראָלע פון דעזדעמאָנאַ אין שעקספּירס „אָטעלאָ" וועט צום ערשטן מאָל געשפּילט ווערן „נישט פון אַן איבערגעטאָן יינגל נאָר פון אַן אמתער פרוי". דאָס איז אָבער געווען נאָר אַן אָנהויב פון אַן איינפיר, וואָס האָט ביט איינגאַנצן פאַרטריבן די יינגלישע פרויען־שפּילערס. נאָך אַזוי ווייט ווי אין 1786 באַשרייבט געטע, אין זיין איטאַליענישער רייזע, דעם שטאַרקן איינדרוק, וואָס אויף אים האָבן געמאַכט די יינגלעך, וועלכע פלעגן שפּילן די פרויען־ראָלן אויף דער בינע.

דער פאַקט וואָס פרויען־ראָלן האָבן געמוזט געשפּילט ווערן דורך יינגלעך, אָדער דורך יונגע מענער, האָט אויך, נאַטירלעכערווייז, מיט זיך

מיטגעבראַכט געוויסע שוועריקייטן. ווי וואונדערלעך די ייִנגלעך האָבן ניט אימיטירט פרויען, האָט מען אָבער די אילוזיע ניט געטאָרט אויס־נוצן צו שטאַרק. מ'האָט געמוזט זיין זייער אָפּגעהיטן. און אַ סך פאַר־שער שרייבן צו צו שעקספירס גרויסקייט און זיין פיינעם טעאַטער־חוש, דעם אופן ווי אַזוי ער האָט געשריבן זיינע ליבעס־סצענעס. ער האָט גוט פאַרשטאַנען ווי גרינג זיינע פאַרליבטע פרויען קאָנען ווערן לעכערלעך אין דער נאָענטקייט פון זייערע מענער־געליבטע. ער האָט זיי דערפאַר קיינמאָל ניט געשטעלט אין קיין צו דעליקאַטער לאַגע. זעלטן געפינט מען ביי אים אַ ליבעס אָדער אומאַרמונג־סצענע ווי מיר געפינען זיי אין די היינטצייטיקע פיעסן. ער האָט זיינע פרויען קיינמאָל ניט געלאָזט זיין צו נאָענט אין זייערע ליבע־סצענעס מיט זייערע מענער. ער האָט שטענ־דיק געשאַפן צווישן זיי עפּעס אַ שטערונג, אַ מחיצה. ווי למשל די באַ־רימטע באַלקאָן־סצענע אין „ראָמעאָ און דזשוליאַ", וואו ביידע געליבטע זיינען אָפּגעטיילט און דערוווייטערט. און צוליב דעם זעלבן טעם האָט ער אַ סך מאָל אַזוי גערן אָנגעווענדט דאָס באַקאַנטע מיטל פון פאַרקליידן זיך, ווען זיינע פרויען — ראָזאַלינד, וויאָלאַ, דזשעסיקאַ, אימאָגען און פּאָר־שיאַ — פאַרשטעלן זיך פאַר ייִנגלעך. נאַטירלעך האָט שעקספיר מיט זיין מייסטערשאַפט פאַרוואַנדלט אָט דאָס נויטיקע מיטל אין עפּעס שטאַרק שפּאַסהאַפטעס, וואָס העלפט אים תמיד צו צו דער לוסטיקייט פון די סי־טואַציעס.

פאַרשטייט זיך, אַז די ייִנגלעך פרויען־שפּילערס זיינען ספּעציעל דערצו טרענירט געוואָרן, און האָבן, ווי בכלל אַלע ערנסטע שוישפּי־לער, געמוזט אַדורכגיין אַ לאַנגע און גרינטלעכע שולונג. ס'איז געווען אַן אָנגענומענער מנהג, אַז יעדער פון די עלטערע אַקטיאָרן האָט געהאַט די אויפזיכט איבער איינעם פון די ייִנגערע, ניי־צוגעקומענע, ווען ער האָט באַדאַרפט דערציען און לערנען אין זיין פאַך. יעדע טרופּע האָט אָבער אַ חוץ דעם אויך געהאַט אַ באַזונדערן רעזשיסער — איינער פון די הויפּט־שוישפּילער, וועלכער האָט זיך אָפּגעגעבן מיט דעם איינשטודירן די ראָלן מיט די איינצלנע אַקטיאָרן, און מיטן צוגרייטן און אויפפירן די פיעסן. אין שעקספירס טרופּע איז ער אַליין מסתמא איני־גיכן געוואָרן דער רעזשיסער און אויפפירער. אַז ער איז געווען אויסער־געוויינלעך טאַלאַנטירט אויף דעם געביט, און אַז ער האָט פאַרשטאַנען ווי אַמבעסטן אָנצופירן אַ קאַמף קעגן געוויסע שלעכטע געוואוינהייטן ביי אַ סך דעמאָלסטדיקע אַפילו באַרימטע שוישפּילער, דערציילן זיינע אָנווי־זונגען, וואָס ער גיט אין „האַמלעט" צו דער וואַנדערנדיקער אַקטיאָרן־

טרופּע. אַנווייזונגען וועלכע זיינען נאָך ביזן היינטיקן טאָג אַ מוסטער פון רעזשיסאָרישער מייסטערשאַפט, און זיינען נאָך דורך קיינעם פון די מאָדערנע טעאַטער־לערערס נישט איבערגעטראָפן געוואָרן:

„איך בעט אייך", ברענגט אַרויס דעם מאָנאָלאָג ווי איך האָב אייך געלערנט: לייכט און ניט אָנגעצויגן. און אויב איר וועט זיך פּאַנאַנ־דערלאָזן אויפן העכסטן טאָן — ווי פיל פון אייער חברה טוען עס — וועט עס מיר זיין אַזוי צום הארצן, ווי ס'וואָלט דער גאַסן־הענדלער מיינע פּערזן אויסשרייען. ניט זעגט די לופט צופיל מיט אייערע הענט, אַזוי; זאָל אַלץ זיין מיט אַ מאָס. אפילו אין רעכטן מיט פון מבול־שטורעם, און, ריכטיק געזאָגט, אין רעכטן שטורעם־דראַנג פון אייער לייד — מוזט איר געמעסיקט זיין. עס באַליידיקט ביז צו דער נשמה צוצוזען ווי אַ געזונ־טער, לאַנג־האָריקער יונג צעפּליקט אַ צער אויף שטיקער, אויף פּיצלעך, אום אויסצוגעמען ביים דעם עולם, וואָס האָט קיין געשמאַק פאַר עפּעס אַנדערש, בלויז פאַר אומדערקלערבאַרע פּאַנטאָמימען און דונער־געשרייען. אַזאַ מין יונג וואָלט איך לוסט געהאַט פאַר זיינע ווילדע שטיק און קולות אויסצופּאַטשן. איך בעט אייך, היט זיך אויס דערפון. — אויך זאָלט איר ניט שפּילן צו נאַכלעסיק. זאָל אייער געשמאַק אייך לערנען. זשעסט און וואָרט מוזן זיך צופּאַסן איינע צום צווייטן. איבערהויפּט גיט אַכטונג, ניט איבערצוגיין די ראָמען פון נאַטירלעכקייט. אַלץ וואָס איז אומנאַ־טירלעך גייט אין קעגנזאַץ צום טעאַטער, וועמענס ציל ס'איז געווען, איז איצט, און וועט אויך אימער זיין — אָפּצושפּיגלען די נאַטור אין זיך. גוטס, שלעכטס, צייט און מענטשן מוזן קלאָר זיך אָנזען ווי אין שפּיגל. שטעלט זיי אַרויס צו שטאַרק, אָדער צו שוואַך, וועט איר, פאַרשטייט זיך דעם גראָבן געשמאַק קיצלען, דערפאַר וועט עס דעם מבין ערגערן; און פאַר אייך איז זיין מיינונג וויכטיקער ווי דעם גאַנצן טעאַטערס. איך האָב שוין געזען שוישפּילער, וואָס מען האָט ביז צום הימל געהויבן — און אין זייער אויספּראַך און אין זייער באַנעמונג זיינען זיי ענלעך געווען — ניט אויף קריסטן, ניט אויף יידן, ניט אויף געצנדינער, און בכלל אויף קיין מענטשן ניט; האָבן אַזוי אַרויסגעטרעטן און אַזוי געשריגן, אַז איך האָב געמוזט טראַכטן: עפּעס אַ נאָכקרימער פון דער נאַטור האָט מענטשעלעך אָנבאַשאַפן, און זיי פאַרקריפּלט — אַזוי שווידערהאַפט האָבן זיי אַ מענטשן נאָכגעקרימט".

ווי אייניקע פאָרשער — קאַרל מאַנטציוס למשל — ווילן האָבן, זאָל שעקספּיר מיט זיין פּראָטעסט קעגן אַקטיאָרן־קוליסן־רייסער האָבן אָנגע־דייט אויף עדוואַרד עלעין, וועלכער פלעגט שפּילן די העלדן פון מאַרלאָוס

טראַגעדיעס אויף אַ זייער באַמבאַסטישן אופן. פונקט ווי, ווען ער דריקט אויס, אין אַ צווייט אָרט פון די זעלבע אָנווייזונגען, זיין ווידערווילן קעגן די קאָמיקערס, וואָס דערלויבן זיך מיט זייערע אייגן אַריינגעשטעלטע וויצן קאַליע צו מאַכן די בעסטע סיטואַציעס פון אַ פּיעסע, האָט ער אין־זינען געהאַט וויליאַם קעמפּן, דעם באַרימטן קאָמיקער, וואָס האָט צוליב אַזאַ פאַל, מיט אַ שטיקל צייט צוריק טאַקע פאַרלאָזן שעקספּירס טרופּע, וואו ער איז געווען פון די וויכטיקסטע מיטגלידער.

אויב עס רעדט זיך וועגן שעקספּירס רעזשיסאַרישן, פונקט ווי דראַמאַטורגישן טאַלאַנט; וועגן זיין צוגאַנג צו דעם, וואָס מיר רופן שוישפּילערישע און דראַמאַטישע קונסט; וועגן זיין גאַנצער אויפפאַסונג בנוגע דעם אַקטיאָרס אָרט אויף דער בינע, איז זייער כדאַי זיך בכלל אָפּצושטעלן אויף דער באַזונדערקייט און אייגנאַרטיקייט פון דעם עליזאַבעטישן, שעקספּירישן טעאַטער. ווייל אויב מען וויל האָבן אַ טיפערן באַגריף פון שעקספּירס טעכניק, מוז מען זיך שאַפן אַ בילד פון דעם פּובליקום, אַקטיאָרן און בינע, פאַר וועלכע ער האָט זיינע ווערק געשאַפן.

קיין פאַרמאַכטע, געדעקטע טעאַטער־געביידעס ווי מיר האָבן זיי היינט, זיינען ניט געווען.ביים אויפשטעלן די ערשטע טעאַטער־בנינים האָבן זייערע בויערס געקאָנט זיך באַנוצן בלויז מיט די דערפאַרונגען, וואָס זיי האָבן שוין געהאַט פון דער צייט, ווען טעאַטער־פאָרשטעלונגען זיינען געגעבן געוואָרן אין די הויפן פון די איינפאָר־הייזער. ביי וועלכע באַדינגונגען זיינען יענע פאָרשטעלונגען געגעבן געוואָרן? אַ גרופּע אַקטיאָרן, וואָס איז אָנגעקומען קיין לאָנדאָן מיט זייער ביסל קאָסטיומען און טעאַטער־מכשירים פלעגט אָפּדינגען פאַר אַ געוויסע סומע, אָדער פאַר אַ פּראָצענט פון די קומענדיקע איינגאַמעס, דעם הויף פון אַן איינפאָר־הויז, זיי זאָלן דאָרט מעגן געבן אַ ריי פאָרשטעלונגען אין די נאָכמיטאָג־שעהן. דער איינפאָר־הויף איז געווען אַן אידעאַלער פּלאַץ פאַר אַזאַ געלעגנהייט, ווייל ער האָט אָן שום איבעריקע אָנשטרענגונגען געקאָנט פאַרוואַנדלט ווערן אין אַ שפּיל־אָרט. מען האָט בלויז באַדאַרפט אויפשטעלן אויפן הינטערשטן טייל אַ שטיקל פּאָדיום פאַר די אַקטיאָרן צו שפּילן. דער עולם צושויער איז געשטאַנען אין הויף אַרום דער פּלאַטפאָרמע און זיך צוגעקוקט צו דער פאָרשטעלונג. די בעסערע געסט האָבן געקאָנט זען די פאָרשטעלונג אַרויסקוקנדיק פון די פענצטער אין זייערע צימערן, אָדער פון דער הילצערנער גאַלעריע, וואָס האָט זיך געצויגן איבער דעם הויף

אונטער דעם ערשטן גאַרן, וואו ס'זיינען געווען די טירן צו די צימערן. אַזעלכע אכסניהס, וואוהין די אַקטיאָרן פלעגן פאַרפאָרן צו געבן טעאַטער־פאָרשטעלונגען, זיינען געווען „דעם מאַכמעדאַנערס קאָפּ", „דער רויטער לייב" און „דער חזיר־קאָפּ" אין דער אומגעגנט פון לאָנדאָן, אָדער „דער גלאָק" און „דער אָקס" אין שטאָט גופא.

שפּעטער, ווען ס'איז געקומען צו בויען די ערשטע ספּעציעלע היל־צערנע געביידע פאַר טעאַטער־פאָרשטעלונגען, איז עס געווען אַ נאַטיר־לעכע זאַך, אַז די בויער זאָלן אַדאַפּטירן דעם פּאַרטיקן פּלאַן, וואָס זיי האָבן איבערגענומען פון די איינפאָר־הויפן. די טעאַטערס זיינען מער־סטנס געווען געבויט אין אָוואַלער פאָרם, אָן אַ דאַך. בלויז דאָס שפּע־טערדיקע „גלאָוב" טעאַטער איז געווען געבויט מער קיילעכדיק, אַ נאָכ־מאַכונג פון דעם רינג, וואו עס פלעגן פאָרקומען די אַמאָליקע בערן־קאַמפן, כדי דאָס פּובליקום זאָל האָבן אַ גרעסערע מעגלעכקייט צו זען פון אומע־טום אַרום.

פאַרשטייט זיך, אַז אויך אין די אויסגעבויטע טעאַטערס איז די בינע ניט געווען קיין אָפּגעזונדערטער איינגעמויערטער קאַסטן, ווי מיר קענען זי אין אונדזער היינטצייטיקן טעאַטער. זי איז באַשטאַנען פון אַ פּאָדיום, וואָס איז געווען אָפן פון אַלע זייטן, און האָט זיך געצויגן גלייך אין דער מיט טעאַטער אַריין. קיין פּוירהאַנג האָט די בינע ניט פאַרמאָגט. האַרט ביי דער וואַנט פונוואַנען דער פּאָדיום האָט זיך אָנגעהויבן, איז געווען אַ ניט־זייער טיפע נישע, די אַזוי־גערופענע „אינעווייניקסטע בינע". אי־בער דער אינער־בינע איז געווען אַן אויבער־שטיבל וואו די אַקטיאָרן האָבן זיך אָפּגערוט, אָדער וואו ס'האָט זיך געפונען דער קליינער אָרקעס־טער. בלויז אַט דאָס שטיקל זייט פון דער אינער־בינע איז געווען גע־דעקט מיט אַ קרומלעך שטרוי־דעכל, אָדער ווי מען פלעגט עס רופן אין דער בינע־שפּראַך, דער „הימל", אָדער גאָר דער „שאָטן", וואָס האָט באַ־שיצט די אַקטיאָרן פון רעגן. די פאָרשטעלונג פלעגט דאָס רוב געשפּילט ווערן אויף דער „פאָרבינע", אויף דעם פּאָדיום, האַרט צווישן פּובליקום. די אַקטיאָרן פלעגן מאַכן זייערע „אויפטריטן" דורך די צוויי טירן, וואָס האָבן זיך געפונען בייביידע זייטן פון דער „אינעווייניקסטער בינע".

דערמיט דערקלערט זיך דער טעכנישער אופן, ווי אַזוי שעקספּיר הייבט אָן און ענדיקט זיינע פּיעסן בכלל, און געווויסע סצענעס בפרט. ווייל ס'איז קיין פּוירהאַנג ניט געווען, און די אַקטיאָרן האָבן געמוזט אַרויפקומען אויף דער בינע פאַר די אויגן פון פּובליקום כדי אָנצוהייבן שפּילן — נישט ווי אין אונדזער היינטיקן טעאַטער, וואו דער פּוירהאַנג

גייט אַרויף, און די שוישפּילער ווערן דערוּוישט אויף דער בינע — דער־פּאַר הייבן זיך כמעט דאָס רוב פּיעסן ביי שעקספּירן אָן מיט איינעם אָדער צוויי שוישפּילער, וואָס קומען אָן פון ערגעץ. זיי רעדן געוויינלעך צווישן זיך גאַנץ אומוויכטיקע רעפּליקן, ביז זיי דערגרייכן דעם צענטער פון דער פאָרבינע. ביסלעכווייז הייבן אָן אַרויפצוקומען די איבעריקע אַקטיאָרן, און עס הייבט אָן אויסצוואַקסן די וויכטיקייט פון דער האַנדלונג. דאָס זעלבע קומט פאָר פאַרקערט, ווען מען דאַרף אָנהייבן אָפּצולייזיקן די בינע פאַרן סוף פון אַ סצענע, אָדער פאַרן סוף פון אַ שטיק. ביסלעכ־ווייז גייען געוויסע אָנטיילנעמער אַראָפּ פון דער בינע, און די סצענע ענ־דיקט זיך מיטן זינגען אַ קופּלעט, אָדער אַ סענטימענטאַל לידל, כדי אָנ־צוצייכענען, אַז ס׳איז דער סוף פון אַ בילד — דער אַזוי־גערופענער עמאָ־ציאָנעלער פוירהאַנג־פאַל. צי גאָר ביים סוף, ווען די פּיעסע דאַרף זיך ענדיקן, בשעת ס׳קומט פאָר דער אַלגעמיינער טריאומף־צוג, און אַלע אָנ־טיילנעמער מאַרשירן אַראָפּ פון דער בינע; אָדער די טויטן־פּראָצעסיע, ווען די דערשטאָכענע, און פאַרסמטע העלדן ווערן אַראָפּגעטראָגן פון דער בינע אין אַ טראַגעדיע; צי אין אַ קאָמעדיע, ווען אַלע טאַנצן אַראָפּ פון דער בינע אָנשטאָט דעם, וואָס דער פוירהאַנג זאָל אַראָפּגעלאָזט ווערן.

פון דער צווייטער זייט איז צוליב דעם, וואָס מען האָט ניט געקאָנט אָנהייבן אַ פּיעסע דורכן אויפהייבן דעם פוירהאַנג, שעקספּירן גאַנץ אָפט אויסגעקומען זיך צו באַנוצן מיטן פאַרקערטן טעכנישן מיטל — אָנהייבן די האַנדלונג מיט אַ גרויסן טומל און גערויש. כדי איינצושטילן דעם עולם אין טעאַטער, וואָס איז געווען פאַרנומען אין זייערע געשפּרעכן און ניס־קנאַקן, און ווענדן זייער אויפמערקזאַמקייט צו דער בינע, איז אויס־געקומען צו באַנוצן זיך מיט פייערלעכע פּראָצעסיעס און טראָמפּייטן־שאַלן, ווי אין „ריטשאַרד דער 2טער", אָדער „העינרי דער 5טער". צי גאָר מיטן געשלעג פון די באַדינער אין די הייזער פון מאָנטאַגיו און קאַ־פּולעט אין „ראָמעאָ און דזשוליעט", אָדער דעם ווירוואַר און געלויף אין „אָטעלאָ".

בלויז געוויסע סצענעס אין אַ פּיעסע פלעגן זיך אָפּשפּילן אין דער נישע פון דער אינער־בינע. אַנדערע סצענעס פלעגן געשפּילט ווערן אויף דעם אויבערשטיבל, איבער דער נישע, ווי למשל די באַלקאָן־סצענע צווישן ראָמעאָ און דזשוליאַן, אָדער די פעסטונג־סצענע אין „ריטשאַרד דעם 2טן". ביי געוויסע סצענעס האָט מען זיך אויך באַנוצט מיט אַן עפע־נונג אין דעם דיל פון דער פאָרבינע, אַ מין פאַרזינקונג־טיר, דורך וועל־כער ס׳פלעגן אויפשטייגן און אַראָפּזינקען די פאַרשידענע גייסטער און

פּעריעס אין שעקספּירס טראַגעדיעס אָדער פאַנטאַזיעס. קיין דעקאָראַ־ציעס האָבן ניט עקזיסטירט. בלויז די „אינער־בינע" פלעגט פאַרהאַנגען ווערן, ביי אַ טראַגעדיע מיט שוואַרצע פוירהענגלעך, און ביי אַ קאָמעדיע מיט בלויע, אָדער העלע פוירהענגלעך.

מען וואָלט בכלל קיין גרויסן געברויך ניט געקאָנט מאַכן פון קיין דעקאָראַציעס, וואָס זוכן צו באַשאַפן אילוזיעס פון אַ באַשטימטן האַנדלס־אָרט, ווייל די פאָרשטעלונגען פלעגן געגעבן ווערן אויסשליסלעך ביי טאָג־ליכט. צווישן צוויי און פינף, אָדער, זומער־צייט, צווישן דריי און זעקס באַכמיטאָג. און אַ חוץ דעם האָט מען קיין דעקאָראַציעס ניט באַדאַרפט. דער כאַראַקטער פונעם פּובליקום אין שעקספּירס טעאַטער איז געווען אַזאַ, אַז עס האָט זיך ליבער צופרידן געשטעלט מיט דער פּאָעטישער אויסמאָלונג פון דעם האַנדלונגס־אָרט, וואָס זיי האָבן געהערט פון די אַק־טיאָרן, ווי ווען עס זאָל דאָס זען בולט אויסגעמאָלט דורך אַ מאָלער־דע־קאָראַטאָר. צייטנווייז פלעגט מען זיך אויך באַנוצן מיט דעם, וואָס אַ פּאַזש האָט דורך איינער פון די זייטן־טירן אַרויסגעטראָגן אַ ברעטל מיט אַן אויפשריפט, וואו די האַנדלונג קומט פאָר. און דער עולם איז געווען געוואוינט זייער שנעל מיטצואוואַנדערן, אין דמיון, מיט די אַקטיאָרן פון אָרט־צו־אָרט. פּונקט ווי לייכט ער האָט זיך געקאָנט אַריבערטראָגן פון שטימונג־צו־שטימונג. פּונקט ווי ער איז געווען געוואוינט אָנצונעמען און גלויבן, אַז די האַנדלונג אין געשפּילטן שטיק קומט פאָר אין אַ פינצ־טערער נאַכט, כאָטש אַרום איז געווען ליכטיקער, העלער טאָג.

מערסטנס אָבער פלעגט מען זיך באַנוצן מיט די אַזוי־גערופענע „גע־שפּראָכענע דעקאָראַציעס", ד.ה. דער אַקטיאָר פלעגט אין זיין שפּילן זאָגן: איצט גייען מיר אַהין און אַהין. אָדער מיר זיינען אָנגעקומען אַהער און אַהער. אָבער וואָס פאַר אַ וואונדערלעכן פּאָעטישן אָדער דראַמאַטישן נוץ האָט שעקספּיר געמאַכט פון די אָרעמע, פּשוטע טעכנישע מיטלען, וואָס זיינען דעמאָלט געווען אָנגענומען אויף דער בינע, און וועלכע ער האָט גענוצט כדי צו באַצייכענען אָרט און אפילו צייט. דאָ וואו דער היינטצייטיקער דראַמען־שרייבער אָדער רעזשיסער וואָלטן באַדאַרפט אָנ־קומען צו דער גאַנצער קענטעניש און דערפינדערישקייט סיי פון דעם דעקאָראַטאָר און סיי פון דעם עלעקטראָטעכניקער, האָט שעקספּיר גענוג געהאַט בלויז אין איינפאַכע באַשרייבונג:

„דער שלאָס געפינט זיך אין אַ פיינעם אָרט;
די לופט מיט זיסער מילדקייט שמייכלט זיך

צו אונדזערע צאַרטע חושים".

(קעניג דונקאַן אין „מאַקבעט".)

אָדער:

„ווי רופֿט זיך דער וואַלד?" פֿרעגט דער אַרצבישאָף פֿון יאָרק אין „קעניג הענרי דער 4טער".

„דאָס איז דער גאַולטרי־וואַלד", ענטפֿערט העיסטינגס, און לאָזט אַזוי אַרום וויסן דעם עולם וואו די האַנדלונג קומט פֿאָר.

אָדער:

„ווי רופֿט זיך דער שלאָס וואָס שטייט דאָ דערנעבן?"

„זיי רופֿן אים אַדזשינקאָרט", אינפֿאָרמירט מאָנטדזשאָי אין „העני דער 5טער".

אַ סך מאָל זײַנען די אָנווייזונגען פֿול מיט פּאָעטישן שוואונג און דראַמאַטישער באַדײַטונג. דער בלינדער עדגאַר אין „קעניג ליר" בעט זיך, מ'זאָל אים פֿירן צום פֿעלדז פֿון דאָווער:

„דאָרט איז אַ פֿעלדזן־שטיין, וועמענס הויכער און אַראָפּהענגענ־
דיקער קאָפּ
קוקט מוראדיק אין דער שווידערלעכער טיף;
ברענג מיך נאָר צו דעם סאַמע ראַנד זײַנעם".

דאָס זעלבע טוט שעקספּיר אויך בנוגע צײַט־באַצייכענונג. גלאָס־טער אין „קעניג ליר" זאָגט:

„די נאַכט פֿאַלט צו, און די אומעטיקע ווינטן
ברויזן אַזוי עלנט".

האָראַציאָ אין „האַמלעט":

„אָבער זע, דער מאָרגן, אין רויטלעכן מאַנטל געקליידט
שפּאַצירט איבערן טוי פֿון דעריבערדיקן הויכן מזרח באַרג".

באַנקאָ אין „מאַקבעט":

„ווי זעט די נאַכט אויס, ייִנגל?

פֿלינס: די לבֿנה האָט אַראָפּגענידערט. כ'האָב דעם זייגער ניט געהערט.

באַנקאָ: און זי זעצט זיך אַרום 12.

פֿלינס: כ'מיין ס'איז שוין שפּעטער, סער".

אָדער מאַקבעטס שטימונגספֿולע באַצייכענונג:

„דאָס ליכט ווערט געדיכטער, און די קראָ
פֿאַרנעמט אירע פֿליגל אין טונקעלן וואַלד אַריין".

שעקספּיר האָט כּסדר געוועקט די פֿאַנטאַזיע פֿון זיין פּובליקום. ער האָט זיי כּסדר אַריינגעצויגן, זיי זאָלן מיטשאַפֿן און מיטווירקן אין דער האַנדלונג.

דערפֿאַר אָבער, ווייל ס׳איז נישט נויטיק געווען קיין איבעררייסן פֿאַר דעקאָראַציע־ענדערונגען, איז מעגלעך געווען אָנצוהאַלטן די קאָנטי־ניואיטעט און די דראַמאַטישע גאַנצקייט פֿון אַ פֿאַרשטעלונג. עס איז אויך מעגלעך געווען אָן צוריקהאַלט אָנצוהאַלטן דעם שנעלן, דינאַמישן טעמפּ אינעם שפּילן. אַזוי אַז אַזאַ לאַנגע דראַמע ווי דער אָריגינעלער, ניט געקירצטער „האַמלעט״, למשל, האָט געקאָנט, אָן איבעררייס, גע־שפּילט ווערן אין משך פֿון בלויז דריי שעה. קיין אַנטראַקטן בשעת אַ פֿאַרשטעלונג זיינען אין עליזאַבעטישן טעאַטער ניט געווען. ערשט שפּע־טער איז איינגעפֿירט געוואָרן דער מנהג צו מאַכן איבעררייסן, אַנטראַקטן, מיט מוזיק.

אינגאַנצן נאַקעט איז פֿונדעסטוועגן די שעקספּירישע בינע ניט גע־ווען. ס׳זיינען באַנוצט געוואָרן פֿאַרשידענע רעקוויזיט און מעבל־שטי־קער. טישן, בענקלעך און טראָגן. די נישע פֿון דער אינער־בינע פֿלעגט אָפֿט באַצירט ווערן מיט טעפּיכער און געוואַנטן. אויף וואָס מען האָט אָבער געלייגט גאָר גרויס געוויכט אין אַן אויפֿפֿירונג איז געווען די קאָס־טיומען. זיי זיינען געווען געמאַכט פֿון דעם טייערסטן שטאָף, באַלייגט מיט די פֿיינסטע באַצירונגען. אָבער אויך אין זיי האָט מען ניט געזוכט קיין היסטאָרישע פּינקטלעכקייט. מערסטנס האָבן די קאָסטיומען לחלוטין ניט געהאַט צו טאָן מיט דער פּעריאָדע, וואָס דאָס שטיק האָט פֿאַרגע־שטעלט. אַזוי האָבן די ווענעציאַנער פּערזאָנאַזשן, פּונקט אַזוי גוט ווי די אַלט־רוימישע העלדן, אַלע געטראָגן די דעמאָלסטדיקע ענגלישע קאָס־טיומען פֿון דער עליזאַבעטישער צייט. דאָס איז געווען אינגאַנצן אין דער טראַדיציע פֿון דעם פֿריצייטיקן ענגלישן טעאַטער, ווען אין דעם „מי־ראַקל״, אָדער „מאָראַליטעט״־שפּילן זיינען אַלע פּערזאָנאַזשן געווען גע־קליידט אין די ענגלישע קאָסטיומען פֿון יענער צייט.

געזען די פֿאָרשטעלונגען האָט דאָס פּובליקום, ווי שוין דערמאָנט, שטייענדיק אַרום דעם פּאָדיום פֿון אַלע זייטן. ערטער צום זיצן זיינען אונטן, אין „פּיט״ (אין אָפּגרונט, וואו ס׳איז דער פּאַרטער אין היינטצייי־טיקן טעאַטער) ניט געווען. בלויז אַרום די ווענט אין דער הויף איז גע־ווען געצויגן די גאַלעריע, און אויך אַ ריי לאָזשן, וואו פֿאַר אַ באַזונדערן צוצאָל פֿון עטלעכע פּענעס — אַ חוץ דעם פּרייז פֿון צוויי פּענעס, וואָס מ׳האָט געצאָלט פֿאַר דעם אַריינגיין אין טעאַטער — האָט מען געקראָגן

אַן אָרט צום זיצן. פּרויען פלעגן גאַנץ גערן באַזוכן דאָס טעאַטער, אָבער דער מנהג פלעגט זיין, אַז אין די לאָזשן האָבן די דאַמען פון דער בעסע־רער געזעלשאַפט ליבער פאַרשטעלט די פּנימער מיט האַלבע מאַסקן. די אַריסטאָקראַטן, מענטשן פון דעם העכערן קלאַס, פונקט ווי די מעצענאַטן און קריטיקער, האָבן געהאַט זייערע ערטער אויף דער סאַמע בינע, אַרום די זייטן פון די ווענט, וואו ס'האָבן זיך געפונען די טירן, דורך וועלכע די אַקטיאָרן פלעגן מאַכן זייערע אויפטריטן. די טעאַטער־באַדינער האָבן שוין געהאַט אַנגעגרייט פאַר זיי ספּעציעלע בענקלעך; האָבן פאַר זיי פאַררויכערט זייערע ליולקעס, און דערלאַנגט זיי דערפרישנדיקע געטראַנ־קען, בשעת זיי זיינען געזעסן און זיך דורכגעשמועסט אויפן קול. נישט איינמאָל פלעגט אויסקומען, אַז די אַקטיאָרן פלעגן דאַרפן שפּילן, פּלאָנ־טערנדיק זיך צווישן די אויסגעצויגענע פיס, וואָס די אַריסטאָקראַטן האָבן געהאַלטן אויסגעשטרעקט אַזש ביז אויף דער סאַמע בינע אַרויף.

דער איינפיר, אַז דער „בעסערער עולם" זאָל האָבן זייערע זיץ־פּלע־צער אויף דער בינע און ניט איינמאָל שטערן די אַקטיאָרן אין שפּילן, האָט נאָך אין ענגלישן טעאַטער אָנגעהאַלטן אַ לאַנגע צייט. אַזוי איז באַקאַנט אַ פאַל, ווען דער אַקטריסע פּעג וואָפינגטאָן איז אויסגעקומען אָפּ־צושפּילן כמעט די גאַנצע ראָלע פון קאָרדעליאַ בשעת איינער פון בגלופינ־דיקע בינע־זיצערס האָט זי געהאַלטן אַרומגענומען ביי דער טאַליע. סיי די טעאַטער־דירעקטאָרן און סיי די אַקטיאָרן אַליין האָבן זיך ניט געוואָלט אָפּזאָגן פון דער הכנסה, וואָס אָט־די „צוועלף־פענעס־זיץ־ערטער", ווי מען האָט זיי גערופן, האָבן אַריינגעבראַכט. ביז ווייט אַרום 1762 ווען דייוויד געריקן האָט זיך, נאָך לאַנגע באַמיאונגען, איינגעגעבן דעם איינ־פיר אָפּצושאַפן. אויך אין פראַנצויזישן טעאַטער איז דאָס זיצן פון דעם אַריסטאָקראַטישן פּובליקום ביי די זייטן פון די קוליסן אויף דער בינע געווען איינגעפירט פאַר אַ לאַנגער צייט, ביז וואָלטער האָט אָנגעפירט אַ שאַרפן קאַמף קעגן זיי, און געמאַכט אַ סוף צו דעם מנהג.

ס'איז איבעריק צו זאָגן, וואָס פאַר אַ שווערע פאַראַנטוואָרטלעכקייט אַזאַ סאָרט בינע־איינריכטונג האָט אַרויפגעלייגט אויף די שוישפּילער. וויפיל שטאַרקן דראַמאַטישן טאַלאַנט, און די פייאיקייט זיך צו קאָנצענ־טרירן, אַ שוישפּילער האָט באַדאַרפט באַזיצן, כדי זיך צו קענען איינ־לעבן אין אַ נויטיקער סיטואַציע, און נאָך אַרויסשטראַלן פון זיך אַזוי פיל אַקטיאָרישן צויבער, מיטצורייסן אַ טויזנט־קעפּיקן עולם, ער זאָל גלייבן און מיטלעבן מיט דער געגעבענער סיטואַציע. און ס'איז קיין שום ספק ניט, אַז דאָס באַנוצן זיך אין יענער צייט מיט שרייבן די טעאַ־

טער־דראַמען אין גערייַמטע אָדער פרייַע פערזן האָט, אין אַ גרויסער מאָס, געהאַט צו טאָן מיטן גאַנצן כאַראַקטער פון דעם דעמאָלסטדיקן טעאַטער־שפּילן. אויף אַ בינע וואו מען מוז אָנקומען בלויז צום שוישפּילער ער זאָל שאַפן די אילוזיע, האָט די זינגעוודיקייט פון פּאָעטישן ריטם געהאַט אַ גרויסן חלק אינעם העלפן איינוויגן, אָדער אויפבראַיזן די עמאָציעס פונעם פּובליקום. אָבער די פּאָעטישע ריימען, אָדער האַלב־פּאָעטישע פּראָזע האָבן דורך די אַקטיאָרן געמוזט פאַרגעטראָגן ווערן אויף אַ באַזונדערס קינסטלערישן אופן, כדי מיט די בלויזע ווערטער, מיטן בלויזן קלאַנג, אימשטאַנד צו זיין אַרויסצורופן ביי די צוהערער די נויטיקע שטימונגען און איבערלעבונגען. מיט זיין בלויזער אינטאָנאַציע און זשעסטן האָט דער שוישפּילער געמוזט אַרויסברענגען דעם געווינטשטן דראַמאַטישן עפעקט. און נישט אומזיסט הערן די בעסטע פון די היינטצייטיקע טעאַטער־רעזשיסאָרן, ווי די טעאַטער־פאָרשער און טעאַטער־טוער, נישט אויף מיט אַזאַ איפעריקייט צו שטודירן די מיטלען און אופנים פון שפּילן אין אַלטן עליזאַבעטישן טעאַטער.

פּונקט אַזוי אייגנאַרטיק ווי דאָס שפּילן און דאָס אויסזען פון דער עליזאַבעטישער בינע, זיינען אויך געווען די פאָרשטעלונגען אין דעם טעאַטער, און דאָס פּובליקום, וואָס האָט זיי בייגעוואוינט. באַשטאַנען איז דער עולם פון די פאַרשידנסטע שיכטן פון דער גרויס־שטאָטישער באַפעלקערונג. שוין פון אַ שטיק צייט איידער די פאָרשטעלונג האָט זיך באַדאַרפט אָנהייבן, איז דער פּלאַץ אַרום טעאַטער געווען באַלאַגערט מיט די, וואָס האָבן געוואָרט צו קאָנען וואָס גיכער אַריינגיין און פאַרנעמען אַ שטיי־אָרט נעענטער צו דער בינע. די פאָן, וואָס האָט געפלאַטערט אויף דעם העכסטן שפּיץ פון דער טעאַטער־געביידע אַלס סימן, אַז היינט ווערט געגעבן אַ פאָרשטעלונג, האָט אַרויסגערופן אַ באַזונדערע דער־וואַרטונגס־פרייד. ס'האָבן זיכער ניט געפעלט די פאַרשידענע טומלדיקע סצענעס, וואָס שפּילן געוויינלעך זיך אָפּ אויף מאַרק־פּלעצער, וואו גרויסע מענטשן־מאַסן קומען זיך צונויף. הענדלער האָבן פאַרקויפט פרוכטן, ניסלעך און ביר־געטראַנקען, וועלכע דער עולם האָט גערן פאַרצערט. די געלעכטערס און פריילעכע שטימונג זיינען גאַנץ אָפט פאַרביטן געוואָרן אויף געשרייען און געוואַלטן, ווען ס'האָבן אויסגעבראָכן געשלעגן און צוזאַמענשטויסן צווישן דעם פילפאַרביקן עולם. די הייטערע און טומלדיקע סצענעס זיינען נאָך אויך פאַרגעזעצט געוואָרן שוין אַפילו אינעווי־

ניק אין טעאַטער, בשעת מען האָט געוואַרט אויפן אָנהייב פון דער פאָר־שטעלונג. דאָס ניס־קנאַקן און די קליינע געשלעגן האָבן בכלל געהערט צו דער טראַדיציע פון טעאַטער־גיין, און האָבן גאַנץ ווייניק שאָקירט אימעצן.

ענדלעך, אַ פּאָר מינוט פאַר דער באַשטימטער צייט, האָבן זיך באַוויזן די צוויי טעאַטער־פּאַזשן פון ביידע זייטן בינע, אָנגעטאָן אין די טראַדיציאָנעלע ענגלישע קאָסטיומען, און דורך טראָמפּייטן־שאַלן געגעבן צו וויסן, אַז די פאָרשטעלונג דאַרף זיך באַלד אָנהייבן. דער טומל ביי די „אויף דער ערד־שטייער", ווי מען פלעגט רופן דעם טייל עולם, וואָס האָט זיך געפונען פאַר דער בינע, הייבט זיך אָן איינצושטילן. די גאַלעריע־זיצערס, פּונקט ווי די אין די אויבערשטע לאָזשן, פאַרנעמען זייערע ערטער, און אויך די אַריסטאָקראַטישע דענדיס אויף זייערע צוגעשטעלטע בענקלעך ביי די זייטן פון דער בינע, מאַכן אַ פאַרזוך איבערצערייסן זייערע געשפּרעכן און געבן אַ מעגלעכקייט די אַקטיאָרן אָנצוהייבן די שפּיל. אין באַשטימטן מאָמענט באַווייזט זיך אויף דער פאָדיום־בינע דער „פּראָלאָג", איינער פון די שוישפּילער אָנגעטאָן אין אַ שוואַרצן מאַנטל, און אין אַ ספּעציעלן, מערסטנס אין ריימען געשריבענעם מאָנאָלאָג בעט ער דעם עולם, זיי זאָלן אַזוי גוט זיין און זיך קאָנצענטרירן אויף דעם גאַנג פון דער פאָרשטעלונג, וואָס הייבט זיך איצט אָן. ער פאַרגעסט אויך ניט צו בעטן מען זאָל דאָס שטיק אויפנעמען מיט חסד. און גלייך נאָך דעם פּראָלאָגס אַוועקגיין הייבט זיך די פאָרשטעלונג אָן.

דער פּראָלאָג איז ניט געווען אויסן וועג, ווען ער האָט אַפּעלירט צום פּובליקום זיי זאָלן זיך פריינטלעך באַציען צום געשפּילטן ווערק. ווייל אויב די פּיעסע האָט זיי געלאַנגווייליקט, האָבן זיי זיך ניט געשעמט אָפן אויסצודריקן זייער אומצופרידנהייט און פּראָטעסט, וואָס איז אין עקסטרעמע פאַלן דערגאַנגען אַזוי ווייט, אַז זיי האָבן בפועל ממש צעטראָגן די בינע. דאָס פּובליקום פון שעקספּירס, ווי בכלל פון דער עליזאַבעטישער צייט, האָט געזוכט אין טעאַטער שטאַרקע איבערלעבונגען, גייסטיקן ענטוזיאַזם, עמאָציאָנעלע אויפטרייסלונג, און אויך פריילעכע אַמוזירונג. זיי זיינען געווען מענטשן פון זייער צייט. טעמפּעראַמענטפול, פולבלוטיק, אימפּולסיוו. זיי האָבן לייכט געקאָנט איבערגיין פון געלעכטער צו טרערן און פאַרקערט. און דאָס זעלבע האָבן זיי געזוכט ביי די העלדן, וואָס מ׳האָט פאַר זיי אַרויסגעפירט אויף די ברעטער פון דער בינע. ס׳איז זיי ניט שווער געווען זיך צו אידענטיפיצירן און מיטצולעבן מיט אָט־די לעבעדיקע אַקטיאָרן־העלדן, וואָס האָבן געשפּילט

זייערע ראָלן ניט ערגעץ ווייט אַוועק, אָפּגעטיילט אין אַ פֿאַרשלאָסענעם בינע־קאַסטן, נאָר אָט דאָ אויף דעם פּאָדיום נאָענט צו זיי, זייט־ביי־זייט מיט זיי, צווישן זיי . . .

שעקספּירס פּובליקום האָט מיט טיפֿער פֿאַראינטערעסירטקייט זיך צוגעקוקט צו דער געשפּאַנטער האַנדלונג, און זיך צוגעהערט צו די געפֿליגלטע טיראַדן, וואָס די אַקטיאָרן־העלדן האָבן פֿאַר זיי פֿאָרגעטראָגן. זיי האָבן געהאַט אַ שטאַרקן, ליידנשאַפֿטלעכן דורשט צו הערן די האַרץ־פֿאַרכאַפּנדיקע מאָנאָלאָגן און געשפּרעכן, וואָס זיינען געווען פֿול מיט לירישע אויסגוסן, פֿיינע וואָרט־שפּילן, בלענדנדיקע אימאַזשן און אַמורזירנדיקע שאַרפֿזיניקייטן. זיי האָבן זיך פֿאַרשיכורט מיט די גאָלדענע פּאָעטישע שטעלן אין אַ דראַמע, ווייל זיי האָבן געהאַט אַזוי ווייניק מעגלעכקייטן צו לייענען, און דאָס טעאַטער האָט ביי זיי פֿאַרנומען דאָס אָרט פֿון דער שול אָדער בוך. זיי האָבן די פּאָעטישע שיינקייט, וואָס האָט תמיד איינגעהילט די דערהויבענע, האַרץ־אויפֿטרייסלענדיקע האַנדלונג, אויפֿגענומען דירעקט, אוממיטלבאַר. ס׳האָט זיך געשאַפֿן אַ שטאַרקע אינטימקייט צווישן די צושויער אַרום דער בינע, און די אַקטיאָרן, וואָס האָבן אויף איר געשפּילט. מיט דער הילף פֿון די „סאָלילאָקוויס״, די מאָנאָלאָג־געשפּרעכן, וואָס די העלדן פֿירן מיט זיך אַליין, — וועלכע מיר געפֿינען אַזוי פֿיל סיי ביי שעקספּירן און סיי ביי זיינע מיטצייטלער — האָבן די אַקטיאָרן אַריינגענומען דעם עולם דירעקט אין דעם גאַנג פֿון דער האַנדלונג. סיי די סאָלילאָקוויס, און סיי די „אַפּאַרטן״ — ווען דער שוישפּילער רעדט אַן אַ זייט, אַז די מיטשפּילער זאָלן ניט הערן — וואָס ווייזן זיך דעם היינטצייטיקן צוהערער אויס אַזוי אומגעלומפּערט און ניט קינסטלעריש, זיינען דעמאָלט געווען אַ גאַנץ נאַטירלעכע זאַך. די דעמאָלסטדיקע שוישפּילער האָבן דאָך ניט גערעדט „אין דער ליידיקייט אַריין״, ווי אין היינטיקן נאַטוראַליסטישן, אָדער אַפֿילו רעאַליסטישן טעאַטער, וואו אויף יענער זייט ראַמפּע איז כלומרשט קיין פּובליקום ניטאָ. די עליזאַבעטישע אַקטיאָרן האָבן זייערע אַפּאַרטן גערעדט צו דעם טייל עולם, וואָס איז געשטאַנען האַרט ביי זייער זייט. זיי האָבן דאָס פּובליקום געמאַכט פֿאַר זייערע פֿאַרטרויטע און מיטשפּילערס.

און זעלטן ווען האָט אַ טעאַטער געהאַט אַ פּובליקום, ביי וועמען די הערצער זיינען געווען אַזוי וואַך, און די אימאַזשינאַציע אַזוי לעבעדיק, ווי עס האָט עס געהאַט דאָס עליזאַבעטישע טעאַטער. אין דער הינזיכט איז ניט געווען קיין חילוק צווישן דעם פּשוטן עולם, וואָס האָט

שטייענדיקערהייט אַנגעפּילט דעם פּאַרטער פון טעאַטער, אָדער די „בע־סערע”, וואָס האָבן זיך געקאָנט פאַרגינען צו זיצן אויף דער גאַלעריע אָדער אין די לאָזשן. און אָט צו דער וואַכער אימאַזשינאַציע פונעם פּוב־ליקום האָט עס שעקספּיר אַפּעלירט, ווען ער לאָדט זיי איין מיטצואווירקן און מיטצושפּילן דורך זיין „פּראָלאָג”, אָדער „כאָר” אין „הענרי דעם 5טן”:

„דאָך איידללייט, האָט איינזען
מיט גייסטער פלאַך, וואָס האָבן זיך דערוועגט
אויף אומווירדיקע ברעטער אויפצופירן
די גרויסע זאַך. קאָן דאָס טעאַטער האַלטן
די ברייטע פעלדער פראַנקרייכס? קאָן מען דען
אין אָט דער האָלץ־געביידע אָנפּאַקן
די טרונעס פול מיט שווידער נאָך פון אַזשינקאָרט?
אָ, פּאַרגיט! ווייל בלויז אַ קרומער ציפער
קאָן אויף אַ שטיקל אָרט באַדייטן אַ מיליאָן;
און לאָזט אונדז, נולן אין דער גרויסער רעכנשאַפט,
די קראַפט פון אייער פאַנטאַזיע באַווירקן.
צום ביישפּיל, ווען אין אומקרייז פון די ווענט
געפינען זיך דאָ מעכטיקע מאָנאַרכיעס צוויי,
וואָס זייערע הויכע אויסגעבויטע פראָנטן
צעטיילט געפערלעכער און שמאָלער ים:
פאַרריכט אונדז בלויז אין אייערע געדאַנקען;
און יעדן מאָן צעטיילט אויף טויזנט טייל
און גיט אים כבוד אָפּ בלויז אין פאַנטאַזיע;
מען רעדט פון פערד, דאַן שטעלט זיך פאָר איר זעט זיי
אָפּדריקן די קלאָען אין דער ווייכער ערד;
ווייל אייערע געדאַנקען דאַרפן איצט
די קעניגן באַדעקן, טראָגן זיי
פון אָרט־צו־אָרט, אַריבערשפּרינגען צייט,
וואָס קערן די דערגרייכונגען פון יאָרן פיל
אין בלויז אַ שטונדן־גלאָז: וואָס איך, דער כאָר,
האָב איך געבראַכט צו דער געשיכטע דאָ:
איך בעט אייך אונטערטעניק, נאָר געדולד, געפיל,
צאַרט אויסצוהערן, גיטיק משפטן די שפּיל”.

אַזוי אַז ניט אומזיסט ווערט אָנגענומען, אַז דער אויסדרוק די צייט פון „זינגענדיקע פייגעלעך", וואָס מען באַנוצט געוויינטלעך צו כאַראַקטעריזירן דעם מצב פון דער ליטעראַטור און טעאַטער אין דער עליזאַבעטישער פּעריאָדע, באַצייכנט ניט בלויז די דראַמאַטישע פּאָעטן, נאָר אויך די טעאַטער־צושויער, וואָס האָבן מיט אַזוי פיל גיריקייט זיך צוגעהערט צו זייער פּאָעזיע.

אָבער ניט בלויז הויכע פּאָעזיע און דערהויבענע האַנדלונג האָט דער עליזאַבעטישער צושויער געזוכט אין טעאַטער. ער האָט זיך אויך ניט געוואָלט אָפּזאָגן פון דעם פאַרווייליקנדיקן טייל, וואָס עס פלעגן אים צושטעלן די ערשטע אַרומוואַנדערנדיקע קאָמעדיאַנטן־אַקטיאָרן, וועלכע האָבן זייערע פאָרשטעלונגען געגעבן אויף די מאַרק־פּלעצער. פאָרשטעלונגען דורכגעפּלאָכטן מיט דערבע קופּלעטן, געפּעפּערטע וויצן און אַקראָבאַטישע קונצן. דער פאַרווייִלונג־טייל איז פאַר דעם עליזאַבעטישן צושויער אויף קיין פאַל ניט געווען מינדערווערטיק אָדער ווייניקער אינטערעסאַנט. און די עליזאַבעטישע דראַמען־שרייבער — פונקט ווי שעקספּיר האָט עס געטאָן אויף זיין געניאַלן אופן — געצוואונגען נאָכצוקומען דעם פאַרלאַנג פון דעם עולם, האָבן אין זייערע פּיעסן אַריינגעפירט די פאַרשידענע קלאָונען, פּאַיאַצן און וויצלערס, וואָס האָבן געדאַרפט אַמוזירן דאָס פּובליקום אין די סצענעס פון „קאָמישער דערלייכטערונג", נאָך אַ שטאַרקער דראַמאַטישער אָדער אַפילו טראַגישער סצענע. אַ סך מאָל האָבן זיי, כדי אַנציענדיקער צו מאַכן די האַנדלונג, אויך אַריינגעפירט קונצן־מאַכער, טענצערס און פעכטערס. שעקספּיר האָט עס געטאָן ווען ער לאָזט דועלירן מערקוטשיאָ מיט טיבאַלדן אין „ראָמעאָ און דזשוליעט", האָטספּאָרן און פּרינץ האַל אין „הענרי דעם 4טן", און אַפילו האַמלעטן מיט לאַערטעסן. ער האָט עס געטאָן ווען ער פירט אַריין דעם זייער אינטערעסאַנטן גערעגל פון דעם פּרינץ אין „ווי איך געפעלט". ער האָט זיך דאָ בלויז געהאַלטן אָן דער אָנגענומענער טראַדיציע. פונקט ווי ער האָט זיך געהאַלטן אָן דער טעאַטער־טראַדיציע, ווען ער האָט געלאָזט זינגען קאָמישע טיפּן זינגען זייערע קופּלעטן אין די פאַרשיידענע קאָמעדיעס און אַפילו טראַגעדיעס. אויף אָט־די אַלע דועל־ און גערעגל־סצענעס האָבן די שוישפּילער געלייגט גרויס געוויכט. זיי זיינען פאָרגעטראָגן געוואָרן מיט גרויס מייסטערשאַפט, פונקט ווי זיי זיינען דורכן פּובליקום נאָכגעפאָלגט געוואָרן מיט געשפּאַנטן אינטערעס. און ס'איז זיך לייכט פאָרצושטעלן, אַז דער עליזאַבעטישער אַקטיאָר האָט געמוזט זיין אַן עקספּערט נישט בלויז אין זיין פיאיקייט פאָרצוטראָגן די

פּאַטעטישע טיראַדן, אָדער אויסשפּילן די טראַגישע סצענעס פון אַ פּיעסע, נאָר אויך אין אַלע פיזישע געשיקטקייטן, וואָס זיין פּראָפעסיע האָט פון אים געפאָדערט.

פאַרשטייט זיך, אַז עס האָבן אויך ניט געפעלט קיין פאַלן, ווען אַט־די פאָדערונגען זיינען אויסגענוצט געוואָרן צום שלעכטן. שעקספּיר אַליין האָט אָפט געקעמפט קעגן די אַקטיאָרן, וואָס זיינען שוין דעמאָלט געווען באַקאַנט אַלס „קוליסן־רייסער", אַזעלכע וואָס מאַכן מיטן אומנויטיקן שרייען אַ תל פון דער שיינקייט פון דער פאַרגעטראַגענער פּאָעזיע אָדער פּראָזע. מיט זייערע איבערטריבענע זשעסטן פאַרקריפּלען זיי דעם כאַראַקטער, וועלכן זיי שטעלן פאָר, אָדער די וואָס טרייבן איבער די קאָמישע סצענעס ביז דערווידערקייט. ווי מיר האָבן עס געזען אין זיינע אָנווייזונגען צו די וואַנדערנדיקע אַקטיאָרן אין „האַמלעט". בדרך כלל אָבער איז דער קלאָון, דער קאָמיקער געווען איינער פון די אָנגעזעענסטע פּערזאָנאַזשן, צוגלייך מיט די וואָס האָבן געשפּילט די הויפּט־דראַמאַטישע אָדער טראַגישע ראָלן.

עס פלעגט זיין געווּנג, אַז טאַרלטאָן, דער באַרימטסטער קלאָון פון יענער צייט, אָדער וויליאַם קעמפּ, וואָס האָט פאַרנומען זיין אָרט נאָך יענעמס טויט, זאָלן זיך באַווייזן אויף דער בינע, אַז דאָס טעאַטער זאָל קראַכן פאַר געלעכטער, נאָך איידער זיי האָבן אַפילו אַ וואָרט אויסגערעדט. און מען מוז צוגעבן, אַז זיי זיינען אין זייער קלאָונישן געביט געווען אַזוי געשיקט און אויסגעצייכנט, פּונקט ווי באַרבעדזש אָדער עלעין זיינען עס געווען אין זייער דראַמאַטישן געביט. וויליאַם קעמפּ האָט זיך געהאַט געוועט, אַז ער וועט גיין פון לאָנדאָן קיין נאָרוויטש, ניט פאַרלירנדיק קיין איין מינוט דעם ריטם פון דעם מאָריס־טאַנץ, אין וועלכן ער איז געווען באַרימט און באַליבט. הונדערטער מענטשן האָבן אים נאָכגעפאָלגט אויף זיין טאַנץ־גאַנג, ווען ער האָט זיך אַליין באַגלייט מיט זיין פייפל און פּייקל. אַן אויפזעער האָט אָפּגעהיטן זיין יעדן שריט איבערן גאַנצן וועג. אָנקומענדיק אויפן ניינטן טאָג קיין נאָרוויטש איז אים די גאַנצע שטאָט, מיטן מעיאָר אין זיינע אָפיציעלע קליידער בראש, אַנטקעגן געגאַנגען יום־טובֿדיק אויסגעפּוצט. מען האָט אים געגעבן די פרייהייט פון שטאָט, געמאַכט פאַר אים רייכע סעודות, געגעבן אים 40 פונט אַ מתנה, און אויך אַ יערלעכע סטיפּענדיע.

צום שלוס פון יעדער פּיעסע, אַפילו אין די הויכע טראַגעדיעס, נאָכדעם ווי דער „עפּילאָג", געוויינלעך איינער פון די אָנטיילנעמער אין דער פּיעסע, האָט געבעטן דעם עולם אַרויסצואווייזן זייער אָנערקענונג

פאַר דעם שטיק דורך אַפּלאָדירן, האָט דער קאָמיקער־קלאָון געמוזט אַרויסקומען און אָפּשפּילן אַ „דזשיג” — אַזאַ זינג־ און טאַנץ־סצענע — כדי דעם עולם אַהיימצושיקן אין אַ גוטער שטימונג. מיט דער צייט איז אָט דער פאַרס, דער דזשיג, איינגעשלאָסן געוואָרן אין דעם סוף פון דער האַנדלונג. ער איז אַזוי צו זאָגן, געוואָרן אַ טייל פון דעם אינהאַלט, און איז אויסגעפירט געוואָרן דורך עטלעכע שוישפּילער.

אַזוי האָט זיך פאַרענדיקט די פאָרשטעלונג, וואָס האָט אין משך פון דריי שעה, אויף דעם רירעוודיקסטן, שאַרפסטן און אוממיטלבאַרסטן אופן פאַנאַנאַדערגעוויקלט די טראַגישע און קאָמישע, דערהויבענע און אַמור־זירנדיקע בילדער, וועלכע האָבן מיט זיך פאַרגעשטעלט די עליזאַבעטישע דראַמע. און פונקט אַזוי טומלענדיק און רוישנדיק ווי ביים אַנקומען אין טעאַטער אַריין, איז דער עולם זיך צעגאַנגען, דערפילנדיק ערשט איצט ווי מען איז גוט דורכגעברענט דורך דער זון, אָדער דורכגעווייקט דורך דעם רעגן, וואָס האָט געגאָסן בשעת מען האָט זיך איינגעקוקט און איינ־געהערט צו דער פאָרשטעלונג.

ס'איז גאַנץ פאַרשטענדלעך, אַז דער גרויסער איינפלוס, וואָס דאָס טעאַטער האָט געקראָגן איבער די אַלע ברייטערע און פאַרשידנאַרטיקע שיכטן פון דער באַפעלקערונג, האָט אַרויסגערופן אַלץ אַ שטאַרקערע קנאה ביי די פרומע פוריטאַנער, פאַר וועמען די בינע־פאָרשטעלונגען זיי־נען תמיד געווען אַ דאָרן אין די אויגן. זיי האָבן מיט אַלע מעגלעכקייטן געזוכט צו פאַרשוואַרצן די אַקטיאָרן און אונטערברענגען דאָס טעאַטער. זיי האָבן ניט אויפגעהערט זיך צו באַקלאָגן, אַז אום דעם הייליקן זונטיק, ווען די קלויסטער־גלעקער רופן צום גאָט־געבעט, זיינען די קירכעס האַלב ליידיק, ווייל דער גרעסטער טייל פון עולם פילט אָן די זינדיקע טעאַ־טערס, כדי צו זען די גאָט־לעסטערנדיקע פאָרשטעלונגען, וואו ייִנגלעך פאַרקליידן זיך פאַר מיידלעך. זיי האָבן פּרובירט פאַרביטן די טעאַ־טער־פאָרשטעלונגען צוליב דעם, וואָס אַרום טעאַטער פאַרזאַמלען זיך אַזעלכע טומלענדיקע מאַסן מענטשן, און דאָס שטערט דעם אַרומיקן גאַסן־פאַרקער. דער טומל אַרום די טעאַטערס פלעגט באמת זיין זייער גרויס נאָך צוליב דעם, וואָס געוויסע באַנדעס וואוילע־יונגען האָבן ליב געהאַט זייערע געשלעגן צו פאַרפירן דווקא אַרום די טעאַטערס. אין דער הקדמה וואָס דער שטאָט־קאָונסיל פון לאָנדאָן האָט אין 1557 צוגעשטעלט צום געזעץ וועגן טעאַטער־שפּילן זאָגט זיך: „פאַרן טעאַטער קומען פאָר

געשלעגן, אויסגעלאַסנהייטן. מיידלעך ווערן פאַרפירט סיי אין די אַרו־מיקע שענקען, סיי אַפילו אויף די גאַלעריעס און לאָזשן פון די טעאַ־טערס. מ׳הערט שמוציקע רייד. מ׳גיט אויס איבעריק געלט. דער קאָונסיל פאָדערט דעריבער איינצופירן אַ שטרענגע צענזור אויף די פּיעסן. אין דער צייט פון דער קירכן־דינסט זאָל מען ניט טאָרן שפּילן. אַ חוץ דעם זאָלן די טעאַטערס מוזן אָראָפּגעבן אַ טייל פון זייערע איינ־נאַמעס לטובת די אָרעמע". איין שטאָט־מעיאָר האָט זיך געקלאָגט, אַז אַקטיאָרן און טעאַטערס האָבן דער מאַכט פאַרשאַפט מער צרות ווי וועלכע אַנדערע אינסטיטוציעס אין ענגלאַנד.

אַ חוץ די אַנגעוויזענע געפאַרן האָבן נאָך די טעאַטערס געבערענגט די סכנות פון שרפות. און נאָך גרעסער איז געווען די געפאַר, אַז אַזוי פיל צוזאַמענגעלאָפענע מענטשן קאָנען ברענגען מגפות, וואָס זיינען ביי די דעמאָלסטדיקע אומסאַניטאַרע באַדינגונגען געווען אָפטע געסט. אמת טאַקע, ס׳איז שוין פון פריער געווען איינגעפירט, אַז בשעת אַ מגפה האָט זיך צעבושעוועט, און די צאָל קרבנות האָט איבערגעשטיגן דרייסיק אַ טאָג, זיינען די טעאַטערס געשלאָסן געוואָרן. אָבער אין אַ דרשה אין „סט. פּאָולס קרייץ־קירכע", דעצעמבער 1576, פאָדערט דער פּרעדיקער מען זאָל בכלל פאַרמאַכן די טעאַטערס כדי זיי זאָלן ניט ברענגען די מגפות. ער פרעגט: „וואָס איז דער שכל פון פאַרמאַכן זיי (די טעאַטערס) אין צייטן פון מגפות? די סיבה פון מגפה איז זינד. די סיבה פון זינד זיינען טעאַטער־פאַרשטעלונגען. לכן זיינען די סיבות פון מגפות — טעאַטער־פאַרשטעלונגען".

אַממיינסטן אָבער האָבן די קירכן־פאַרשטייער טאַקע אַטאַקירט די טעאַטערס, ווייל יענע זיינען פאַר זיי געוואָרן אַ שאַרפע קאָנקורענץ. רעוו־רענד דזשאָן סטאָקוואוד האָט אין 1578 געביטערט: „ווען אַ שמוציקע טעאַטער־שפּיל ביי דעם שאַל פון טראָמפּייט גיכער ניט צוזאַמענרופן אַהין אַ טויזנט, ווי דאָס קלינגען אין גלאָק אַ שעה צייט וועט ברענגען אין קירכע אַריין אַ הונדערט?" . . .

אין 1586 קלאָגט אַ לאָנדאָנער פּרעדיקער: „ווי איז מיר! די שפּיל־הייזער זיינען באַלאַגערט, ווען די קלויסטערס זיינען פּוסט. אין איינעם איז ניט מעגלעך צו קריגן אַן אָרט, אין די אַנדערע זיינען דאָ ליידיקע פּלעצער לרוב. ווען דער גלאָק קלינגט רופנדיק צו דעם פּרע־דיקער, שאַלט דער טראָמפּייט צו די טעאַטערס". אַן אַנדער פּוריטאַני־שער פּאַמפלעטיסט אין „קעגן טעאַטער און פּיעסן" קלאָגט זיך: „וואָס איז ניט באַשמוצט דורך זיי? אונדזערע הערצער מיט פּוסטע מחשבות;

אונדזערע אויגן דורך לייכטזיניקע בילדער, זשעסטן און שפּילערייען; אונדזערע אויערן דורך שמוציקע רייד, זינדיקע לצנות און נבול־פּה; אונדזערע קערפּערס דורך אומריינקייט, אונדזערע נשמות דורך דעם דינסט פון שטן; אונדזערע הייליקע טעג מיט גאָט־לעסטערונג; אונדזער צייט מיט פּוסטעפּאַסטקייט. אַלע אונדזערע ברכות, געזונט, עשירות און שפע ווערן דאָרט אויסגענוצט צו פאַרגרעסערן דעם טייוולס ממשלה".

די פּוריטאַנער האָבן אין די טעאַטערס געזען בלויז אַפּיקורסות, גאָט־לעסטערונג און זינד. ווען אין 1583 איז אין „פּאַריזער גאָרטן" בשעת אַ בערן־פאַרשטעלונג איינגעפאַלן דער דאַך איבערן פּובליקום, האָבן זיי עס דערקלערט פאַר אַ גאָטס שטראָף.

אַ חוץ פון די פּוריטאַנער, האָבן די אַקטיאָרן נאָך שטאַרק געליטן פון די שטאָט־קאָרפּאָראַציעס, וועלכע זיינען מערסטנס באַשטאַנען פון סוחרים און באַלעבאַטים. יענע האָבן שטאַרק באַקעמפט דאָס טעאַטער, ווייל די פאַרשטעלונגען האָבן באַלאַמוטשעט די בעל־מלאכות, אָוועקגענומען די צייט פון די משרתים, און דערצו נאָך פאַרדאָרבן זייער מאָראַל. אין איין צייט האָט די שטאָט אַפילו אַרויסגעגעבן אַ באַפעל צו די גילדעס, אַז זייערע מיטגלידער זאָלן פאַרבאָטן זייערע „דינערס, געזעלן, אַרבעטער אָדער קינדער" צו גיין זען די טעאַטער־פאַרשטעלונגען.

אַ סך מאָל זיינען די פּוריטאַנער געווען דערפאָלגרייך אין זייערע באַמיאונגען. די שטאָט־טאַטעס פלעגן גאַנץ אָפט אַרויסגעבן פאַרבאָטן צו שפּילן טעאַטער אין שכנות פון די שטאָט־ווענט. אָבער די אַקטיאָרן האָבן תמיד געהאַט שטאַרקע באַשיצער אין דער רעגירונג. גאַנץ אָפט פלעגט דער פּריווי קאָונסיל, וואָס האָט רעפּרעזענטירט די קעניגין אָדער די נאָבלליט, זיך אָננעמען פאַר די אַקטיאָרן און זיך קעגנשטעלן דעם מעיאָרס, אָדער דעם שטאָט־קאָונסילס גזרות. „מיר פאַרשטייען אַז איר קעניגלעכע מאַיעסטעט מוז אין געוויסע צייטן באַדינט ווערן פון אָט־די סאָרט מענטשן", שרייבט דער לאָרד מעיאָר פון לאָנדאָן צום אַרצבישאָף וויטגיפט דעם 25טן פעברואַר 1592. דער פּריווי קאָונסיל האָט כמעט תמיד שוין באַזאָרגט, אַז די פאַרשיידענע גזרות זאָלן פאַרלעגן און ניט אויסגעפירט ווערן. אין זיין וויכטלעכן רעפּאָרט צום לאָרד בורלעי אויף יענעמס טענות, פאַרוואָס מען פירט ניט דורך דעם באַפעל צו פאַר־מאַכן די טעאַטערס, שרייבט דער רעקאָרדער פליטוואוד, אַ שונא פון אַקטיאָרן, אַז ס'איז דערפאַר ווייל זיי האָבן באַשיצערס אין קעניגלעכן הויף. „ווען דער הויף איז אַמווייטסטן פון לאָנדאָן, דאַן ווערט די בעסטע גערעכטיקייט געטאָן אין ענגלאַנד". לרוב פלעגט עס אויסגיין צו דעם,

אַז די אַקטיאָרן האָבן זיך מתחייב געווען צו געבן געוויסע סומעס לטובת די שטאָטישע אָרעמע לייט. אָבער אָט איז אָנגעקומען די גרויסע מגפה פון אָנהייב 1592, ווען גאַנץ ענגלאַנד איז אַריינגעוואָרפן געוואָרן אין פּאַניק. אין לאָנדאָן האָט זיך די מגפה אַזוי צעשפּילט, אַז עס זיינען געפאַלן ניט ווייניקער פון 15 טויזנט מענטשן. צווישן די אומגעקומענע זיינען אויך געווען דער שטאָט־מעיאָר און 4 אַלדערמענער. און די טעאַטערס, וואָס האָבן דעמאָלט דורכגעמאַכט אַ גרויסן אויפשטייג, סיי עקאָנאָמיש, און נאָך מער קינסטלעריש, דורך די שאַפונגען פון דער גאַנצער ריי פּראָדוקטיווע דראַמאַטיקער, האָבן זיך געמוזט שליסן. די טרופּעס זיינען זיך צעפאַלן, און אַ סך פון די אַקטיאָרן האָבן זיך אַוועק־געלאָזט וואַנדערן אין דער ווייטער פּראָווינץ. דעם קומענדיקן זומער זיינען געוויסע טרופּעס זיך ווידער צוזאַמענגעקומען און פּרובירט אָנ־הייבן צו שפּילן. אָבער די טעאַטערס זיינען ווידער פאַרמאַכט געוואָרן. דאָס האָט אַזוי אָנגעהאַלטן צוויי יאָר צייט. אַזוי אַרום איז פאַרגעקומען אַ געצוואונגענער איבעררייס אין שעקספּירס אָנגעהויבענער גלאַנצנער קאַריערע.

ס׳איז ניט שווער זיך אַריינצולעבן אין שעקספּירס געמיט־צושטאַנד אין יענער צייט, אין די ערשטע דערפאָלגרייכע יאָרן פון זיין שאַפן פאַרן טעאַטער. ס׳רופט אַפילו ניט אַרויס קיין דערשטוינונג די גרויסע ענ־דערונג, וואָס איז איבער אים געקומען. ס׳קאָן נאָר זיין באַוואונדערונג, ווען מיר באַטראַכטן ווי שנעל און לייכט ער האָט זיך באַפרייט פון דער געדריקטקייט און דעם אַראָפּפאַל, אין וועלכע ער האָט זיך געפונען די לעצטע יאָרן איידער ער האָט פאַרלאָזט זיין היים־שטאָט. נישט קיין חלוק צי דער אַראָפּפאַל איז געקומען צוליב זיין פאַרביטערטקייט און חרטה אויף זיין אומגליקלעכער חתונה, צי צוליב אַנדערע סיבות. אָבער איצט איז ער אין לאָנדאָן, וואָס איז זיכער געווען דער ציל פון זיינע חלומות. אין צענטער פון קונסט און געלערנטקייט. און ווי אַנדערש איז די סביבה זיינע איצט פון דער, אין וועלכער ער איז געצוואונגען גע־ווען צו לעבן אין דעם קליינעם פּראָווינציעלן סטראַטפאָרד. אמת, ער קומט נאָך ניט אין דער העכסטער געזעלשאַפט, וואו ער וועט אין גאָר אַ קורצער צייט מיט אַזוי פיל כבוד אַריינגעבראַכט ווערן. ער איז נאָך ניט דער אָפיציעל אָנערקענטער גרויסער פּאָעט, פּאַטראָניזירט דורך לאָרדן און הויפלייט. ער איז נאָך ניט איינגעלאַדן צו שפּילן פאַר איר מאַיעס־

טעט, דער קעניגין עליזאַבעט, וועלכע באַערט ניט צו קומען זען די גע־ווײנלעכע טעאַטער־פֿאָרשטעלונגען צוזאַמען מיטן אַלגעמיינעם פּובליקום, נאָר לאָזט ברענגען די אויסגעקליבנסטע אַקטיאָרן צו שפּילן אין פּאַלאַץ. ער האָט נאָך נישט די געלעגנהייט זיך צו באַגעגענען מיט די גאַלאַנטע, נאָבעלע דאַמען פֿון דער העכסטער געזעלשאַפֿט, וועלכע האָבן אים גע־דינט אַלס אָזעלכע אויסגעצייכנטע מוסטערן פֿאַר זיינע שפּעטערדיקע גייסטרייכע און זוניקע פֿרויען־טיפּן. ער איז נאָך דערווייל בלויז אַן אָנ־פֿאַנגער, וועלכער ווייזט אַרויס גרויס טאַלאַנט, און אויף וועמען מען לייגט גרויסע האָפֿענונגען. אָבער ער איז שוין אַן אָנגעלייגטער גאַסט אין די ליטעראַרישע איינפֿאַר־הייזער, וואָס האָבן זיך אין יענער צייט אָנגע־הויבן צו פֿאָרמירן, וואו עס קומען זיך צוזאַמען די שענסטע פּערזענלעכ־קייטן פֿון דער ענגלישער קינסטלערישער און ליטעראַרישער וועלט, און אויך אין די קינסטלערישע פֿאַרזאַמלונגס־ערטער פֿון דעם רוישיקן, פֿיל־פֿאַרביקן לאָנדאָן.

לאָנדאָן איז אין יענער צייט געווען איינע פֿון די אינטערעסאַנט־סטע וועלט־מעטראָפּאָליעס. פֿול מיט בונטן, לעבנסלוסטיקן שוואונג און טומל. די פּוריטאַנער זיינען נאָך אין אַ געוויסן זין געווען גאַנץ שטאַרק, אָבער זיי האָבן שוין געהאַט פֿאַרלוירן דעם הויפּט־קאָנטראָל איבערן אַל־געמיינעם לעבן, און די לאָנדאָנער זיינען געווען גאַנץ שטאַרק אַריינגעט־טאָן אין עולם־הזהדיקע, ערדישע תּענוגים. ס׳איז געווען שטאַרק אין דער מאָדע זיך צוזאַמען צו קומען אין געזעלשאַפֿטלעכע ערטער. אין די איינפֿאַר־הייזער, וואו מען האָט זיך געקאָנט אָנטרינקען מיט דעם פּריי־פֿליסענדיקן, שפּרודלדיקן ביר און וויין. אין טעאַטער, וואו מען האָט גע־קאָנט זיך אָנטרינקען מיט די שטאַרקע עמאָציאָנעלע איינדרוקן און אי־בערלעבונגען. אין די ליטעראַרישע קרעטשמעס, די „פֿאַלקאָן", די „מערמייד", אָדער „אַפּאָללאָ", וואו די יונגע אַריסטאָקראַטן, וואָס האָבן זיך געוואָלט איינקויפֿן אין קינסטלערישן יחוס, האָבן אָנגעהויבן איינצו־אָרדענען באַנקעטן און אונטערהאַלטן פֿאַר אַקטיאָרן און שרייבערס. ביי די צוזאַמענקומען פֿלעגן זיך טרעפֿן סיי די באַרימטע שוישפּילער באַר־בעדזש, עלעין און קעמפּ, סיי די שרייבער דזשאָן לילי, מייקל דרייטאָן, טאָמאַס נעש, דזשאָרדזש טשעפּמען און דזשאָן פֿלאָריאָ, וואָס פֿלעגן צווישן זיך אָנפֿירן זייערע ליטעראַרישע מלחמות, און זייערע גייסטרייכע גע־שפּרעכן פֿול מיט פֿאַנטאַזיע און עלעגאַנץ. איבערהויפּט זיינען געווען אינטערעסאַנט די צוזאַמענטרעפֿן אין דער באַרימטער „סט. פּאָולס־קיר־בע", וואָס איז דעמאָלט געווען דאָס מאָדישסטע שפּאַציר־אָרט. מיט אַ

שטיקל צייט איידער שעקספיר איז געקומען קיין לאָנדאָן האָט אַ בליץ געהאַט געטראָפן דעם טורעם פון דער „סט. פּאָול", און די קירכע איז אינגאַנצן פאַרברענט געוואָרן. מען האָט זי אינגיכן צוריק געבויט. אָבער זי איז דערווייל געוואָרן דאָס באַגעגעניש־אָרט פאַר די לאָנדאָנער. פאַר דעם הויפּט־אַלטאַר האָט מען טאָקע יעדן טאָג געדאַוונט, אָבער דער צענטער־דורכגאַנג איז געוואָרן אַ מין קאָמבינאַציע פון אַ בערזע און שטאָט־קלוב, אַזוי אַז מ'האָט אים אָנגעהויבן רופן סט. פּאָולס שפּאַציר־וועג. סוחרים פלעגן זיך אָפּריידן צו טרעפן ביי דעם אָדער יענעם זייל. אייך זייל האָט געדינט פאַר אַרבעטלאָזע, וואו זיי פלעגן אויסהענגען צעטלען מיט מעלדונגען, אַז זיי זוכן אַרבעט. יונגע דאַמען און מענער פלעגן דאָרט פאַראַדירן כדי זיך צו ווייזן מיט זייערע נייע קליידער און קאָסטיומען. אַפילו גאַסן־פּרויען האָבן זיך ניט אָפּגעשטעלט צו האָבן דאָרטן זייערע נעסטן און פאַרנאַרן זייערע קרבנות. דער קירכן־הויף איז אויך געווען אַ וויכטיקער עפנטלעכער פּלאַץ, אָבער פון אַ גאַנץ אַנדערן כאַראַקטער. דאָרט האָט זיך געפונען דער ביכער־מאַרק. אַרום די ווענט זיינען געווען אויסגעלייגט די פאַרשיידנסטע נייע און אַלטע ביכער. און דעם גאַנצן טאָג איז דער הויף געווען באַלאַגערט סיי פון דעם פּשוטן עולם, וואָס האָט זיך איינגעקויפט די פּאָפּולערע העפטן פון די לעצטע ראָמאַנען, פּאָעזיע אָדער דראַמאַטישע אויסגאַבן, און סיי פון די שרייבערס אַליין, וואָס פלעגן זיך דאָרט באַגעגענען מיט זייערע קאָלעגן.

מ'קאָן זיך גאַנץ גרינג פאַרשטעלן, אַז דער יונגער שעקספּיר האָט ניט פאַרפעלט צו באַזוכן אָט־די אַלע לעבהאַפטע, רוישנדיקע פּלעצער. מיט זיין געבענטשטער נאַטור, וואָס איז שטענדיק געווען הונגעריק נאָך פרישע איינדרוקן און גיריק נאָך נייע איבערלעבונגען, האָט ער זיכער מיט אַ סך אייפעריקייט זיך אַריינגעוואָרפן אין דעם נייעם לעבן. זיך צוזאַמענגעטראָפן מיט נייע מענטשן, זיך אָנגעשטויסן אויף נייע כאַראַקטערס, זיך צוגעהערט צו זייערע רייד, און זיך איינגעקוקט אין זייערע נשמות. פאַר אים זיינען געווען געוואַלדיק אינטערעסאַנט די נייע פריי־וואַקס־מענטשן מיט זייער בונטן לעבנסשטייגער און גרויס־שטאָטישע אויפפירונגען. און נאָך אינטערעסאַנטער זיינען פאַר אים געווען די ליטעראַטן, מיט וועלכע ער האָט זיך אָנגעהויבן צוזאַמענצוקומען אין און אַרום דעם טעאַטער. עס זיינען דעמאָלט געווען ביי אים די גאָלדענע יאָרן פון קינסטלערישן נייגער און זוכעניש. **און זיין געמיט האָט זיך** געבאָדן אין זוניקער ליכטיקייט. ניט איינמאָל האָט ער געמוזט קלוג שמייכלען צו זיך אַליין, טראַכטנדיק וועגן זיין איצטיק לעבן, און דערמאַ־

נענדיק זיך אָן דער געזעלשאַפֿט, מיט וועלכער ער איז געווען אַרומגע־רינגלט אין זיין היים־שטאָט. די ביר־טרינקער און הירשן־גנבהנער . . . אָבער ער ווייסט אַליין, אַז יענע זיינען געווען בלויז פֿאַרבייגייענדיקע, יוגנטלעכע מאָמענטן. מאָמענטן פון אומרואיקן רייסן זיך צו עפּעס נייעם און אומבאַקאַנטן. און ס'איז זיכער דאָ אַ סך אויטאָביאָגראַפֿישעס, ווען ער שילדערט שפּעטער אין די היסטאָרישע דראַמעס איינעם פון זיינע נאָבלסטע כאַראַקטערס, הענרי דעם 5טן, דעם נאַציאָנאַלן העלד פון דער ענגלישער געשיכטע. שעקספּיר גיט זיך אָפּ מיט אַ באַזונדערער ליבע צו שילדערן ווי יענער איז אין זיין יוגנט אַריינגעפֿאַלן אין שלעכטער גע־זעלשאַפֿט; האָט זיך געחברט מיט שיכורים, ליגנער, באַרימער און וואַ־גאַבונדן. אָבער דאָס האָט אים ניט געשטערט ער זאָל שפּעטער, דורך זיין איינגעבוירענער איידלקייט, זיך דערהויבן צו דער שענסטער שטופע פון אַ נאַציאָנאַלן העלד.

ס'איז גאַנץ נאַטירלעך, אַז דאָס אָנרעגנדיקע געפיל פון וועלן אויס־קויפן די אַמאָליקע באַגאַנגענע נאַרישקייטן זאָל העלפן שעקספּירן עס זאָלן שטייגערן אין אים די אַ סך העכערע, קינסטלערישערע אַמביציעס. שעקספּיר שטרעבט צו פֿאַרנעמען זיין אָרט צווישן די זינגער־פּאָעטן פון זיין צייט, נישט בלויז זיך צו באַגניגענען מיט דער נידעריקערער מדרגה פון זיין אַ שרייבער פֿאַרן טעאַטער. ער פילט עס נישט, אַז דורך זיין שרייבן וועט זיך דאָס עליזאַבעטישע טעאַטער אויפהייבן אויף אַזאַ הויך, וואָס וועט ווערן די באַוואונדערונג און באַניידונג פון לאַנגע צייטן. ער קאָן ניט פֿאָראויסזען, אַז דורך אים וועט די ענגלישע טעאַטער־דראַמע באַקומען אַזאַ פּאָעטישן שוואונג און אַזאַ דיכטערישע באַפֿליגלטקייט, וואָס וועלן ווערן די צירונג און די קרוין נישט בלויז פון דער ענגלישער, נאָר פון דער אַלוועלטלעכער טעאַטער־דיכטונג. ער פילט אָבער יאָ, אַז זיין יונגע ברוסט איז פול מיט אַזעלכע קלאַנגפולע, יוגנטלעכע געזאַנגען; אַז זיין יונג האַרץ איז פול מיט אַזעלכע צאַרטע און ליבעפולע מעלאָדיעס, מיט וועלכע ער קאָן זיך פֿאַרגלייכן מיט די בעסטע פון זיין קרייז און זיין צייט. און פונקט ווי אויפן טעאַטער־געביט האָט ער זיך ניט צופרידנגע־שטעלט זיך בלויז צו פֿאַרמעסטן מיט די אוניווערזיטעטלער־דראַמאַטיקער, נאָר געזוכט איבערצושטייגן אַפילו דעם גרעסטן פון זיי — קריסטאָפֿאָר מאַרלאָו, אַזוי אויך אויפן געביט פון ריינער פּאָעזיע איז אים ניט גענוג געווען זיך צו פֿאַרמעסטן מיט ראָבערט גרין, טאָמאַס לאָדזש, טאָמאַס נעש, דזשאָדזש פּיעל און אַפילו מאַרלאָו, וועלכע זיינען אַ חוץ דראַמאַטיקער געווען אויך גאַנץ באַדייטנדיקע פּאָעטן. אין זיין שטאַרקער אַמביציעז־

קייט, וואָס האָט אים דעמאָלט באַהערשט, האָט וויליאַם שעקספּיר דורכ־אויס זיך געזוכט צו פאַרמעסטן מיט דער גרופּע ערשט־ראַנגיקע טיטר־לירטע פּאָעטן, וועלכע האָבן אויך פאַרנומען דעם אויבנאָן אין דער גע־זעלשאַפטלעך־פּאָליטישער וועלט, און געהאַט אַ צוטריט צום קעניגלעכן הויף — ווי סער פיליפּ סידנעי, סער וואָלטער ראַלעי, און איבערהויפּט עדמאַנד ספּענסער.

ספּענסער (1553־1599) האָט אין יענער צייט געהאַט אַרויסגערופן די אַלגעמיינע באַוואונדערונג מיט די דערשיינענע ערשטע בענדער פון זיין גרויסער אַלעגאָריע „די פעריען קעניגין", וואו ער האָט, אויפן מוס־טער פון אַריאָסטאָן און טאַסאָן, באַזונגען די הערצאישע און אידעאַלע טאָטן פון דעם לעגענדאַרן בריטישן העלד אַרטור מיט זיינע ריטער, אויף זיין דערנערפולן וועג צו ראַטעווען קלאַריאַנאַן, די פעריע־קעניגין, און אירע דאַמען. ספּענסערס אַרבעט, וואָס איז געווען אויסגערעכנט אויף 12 בענדער, אין וועלכע ער פירט אַרויס פאַרשיידענע ריטער, יעדער סימבאָליזירנדיק אַן אַנדער טוגנד, ווי צניעות, זעלבסטבאַהערשונג און קדושה, האָט זיך גערעכנט פאַר אַ גרויסן פּאָעטישן אויפטו. און שעקס־פּיר האָט זיך מיט זיין גאַנצער נשמה געריסן צו ווייזן, וואָס ער וואָלט גע־קאָנט אויפטאָן אויך אויף דעם ריין־דיכטערישן געביט. ביז איצט אָבער איז ער אַלץ געווען פאַרנומען. שרייבן פאַרן טעאַטער, איבעראַרבעטן און צוגרייטן פּיעסן, איינשטודירן זיי און אַליין שפּילן אין זיי, איז ניט אַזאַ לייכטע זאַך. איצט אָבער ווען די טעאַטערס זיינען צוליב דער מגפה געשלאָסן, איז דאָ אַזוי פיל צייט. און שעקספּיר הייבט אָן אויסצונוצן אָט דעם געצוואונגענעם איבעררייס פאַר זיינע ערשטע ריין־פּאָעטישע שאַ־פונגען. ס׳איז אָן ספק, אַז אין יענע חדשים זיינען עס געבוירן, אָדער פאַרענדיקט געוואָרן זיינע צוויי גרויסע פּאָעמען „ווענוס און אַדאָניס" און „לוקרעציאַ". די וואונדערלעך צויבערנדיקע און סענסועלע געזאַנ־גען, וואָס האָבן אים ביי זייער דערשיינען גלייך אַוועקגעשטעלט אין דעם אויבנאָן פון דער ענגלישער דיכטונג.

שעקספּיר האָט מיט זיין גאַנצן יוגנטלעכן ברען און פייערדיקער ליידנשאַפטלעכקייט זיך געכאַפּט פאַר אָט־די סענסועלע טעמעס, וואָס זיי־בען געווען אַזוי כאַראַקטעריסטיש פאַר זיינע מיטצייטלער־פּאָעטן. מיט דער גאַנצער פרישקייט פון זיין דיכטערישן טאַלאַנט שילדערט ער דאָס מיטאָלאָגישע בילד פון דער אין ליבע געניטער, ליידנשאַפטלעכער ווע־נוס, וועלכע יאָגט זיך נאָך דעם נאַאיוון, אומשולדיקן אַדאָניס. ווי זי וויל אים געווינען דורך איר פרויענלעכן רייץ, דורך אירע זינלעכע צערט־

לעכקייטן. ווי זי שטעלט זיך ניט אָפּ פֿאַר זײַן צוריקגעהאַלטנקייט און שעמעוודיקייט, און באַגייט אַלץ אירע געוואַגטע באַמיאונגען. פּונקט ווי מיט אַ סך רייפערער פּאָעטישער פיינקייט שילדערט ער דעם עפּיזאָד פון דער אַלט־רוימישער געשיכטע וועגן דער צניעותדיקער און געטרייער לוקרעציאַן, דאָס ווייב פון לוציוס טאַרקוויניוס קאָלאַטינוס, וואָס איז פאַר־פירט געוואָרן דורך איינעם פון טאַרקוויניוס סופּערבוס׳ זון. ווי, נאָכדעם ווי זי באַשווערט איר מאַן און פאָטער צו נעמען נקמה, קלייבט זי בעס־סער אויס דעם טויט דורך איר אייגענער האַנט, איידער די בושה פון אומרייינער ליבע. שעקספּיר האָט אין די צוויי פּאָעמעס אויפגעכאַפּט די גאַנצע טיפע פּראַכטיקייט, וואָס איז געווען אַזוי כאַראַקטעריסטיש פאַר דער רענעסאַנס־פּאָעזיע. די פּאָעזיע פון פרייגעלאָזטער, אומגעצוואוב־גענער פאַנטאַזיע, פאַר וועלכער דאָס העכסטע געזעץ איז געווען די פאַר־הערלעכונג פון שיינקייט, די באַוואונדערונג פון זינלעכקייט און לוסט.

אָבער די פראַגע האָט זיך דעמאָלט געשטעלט פאַר דעם יונגן פּאָעט, נישט ווי אין אונדזערע צייטן — וואו נעמט מען אַ פאַרלעגער? די פראַ־גע איז געווען — וואו נעמט מען אַ מעצענאַט, וועמען צו ווידמען די ערשטע פּאָעמע. ווייל אַזוי איז געווען די לאַגע. נישט נאָר אַקטיאָרן האָבן געמוזט האָבן פּאַטראָנען און באַשיצער. אין אַ געוויסער מאָס האָבן עס נאָך מער באַדאַרפט די שרייבער און דיכטער. קיין פּאָעטיש ווערק, פון וואָס פאַר אַ קינסטלערישן הויכן ווערט עס האָט ניט געזאָלט זיין, האָט קיין שום חשיבות ניט געהאַט, אויב ס׳האָט ניט געהאַט די זכיה עס זאָל זיין געווידמעט עפּעס אַ באַרימטן לאָרד אָדער הויף־מאַן, און אויב מעגלעך, גאָר דער קעניגין אַליין. מייקל דרעיטאָנס פּאַטראָן איז געווען דער אוירל פון בעדפאָרד. ספּענסערס פּאַטראָן איז געווען סער פיליפּ סידנעי. סעמועל דאַניעלס האָט געהאַט אַלס פּאַטראָנעסע די גרעפין פון פּעמבראָק. און די גרעסטע ענגלישע דיכטער האָבן עס געהאַלטן פאַר אַ כבוד און אַ זכיה צו קאָנען ווידמען זייערע ווערק דער אַזוי־געאַכטער קעניגין עליזאַבעט. פּונקט ווי אַ סך לאָרדן האָבן זיך געגרויסט מיט זייער ווערן די פּאַטראָנען פון די באַרימטערע אַקטיאָרישע טרופּעס, אַזוי האָבן זיך אַנדערע געגרויסט מיט דעם פּאַטראָניזירן אימיצן פון די אָנערקענ־טע דיכטער. און מען קאָן זיך פאָרשטעלן שעקספּירס פרייד, ווען אים האָט זיך איינגעגעבן צו באַקומען דעם פּאַטראָנאַזש פון דעם אוירל פון סאַוטהעמפּטען, וועמען ער האָט געווידמעט זיין „ווענוס און אַדאָניס״. דער יונגער, גאַלאַנטער אוירל פון סאָוטהעמפּטען (זיין אמתער נאָמען איז געווען העברי וריאָטעסלעי) האָט אין יענער צייט געקראָגן דאָס רעכט

אַליין צו פּאַרוואַלטן מיט זיין גרויס פּאַרמעגן, וואָס ער האָט געירשנט נאָכן פּאָטערס טויט אין 1581, און אים איז געפעלן געוואָרן דער ניי־דערשינענער, אַמביציעזער דיכטער, וועלכער האָט אָנגעהויבן אַרויסצו־רופן אַזאַ אויפזען אין די ליטעראַריש־קינסטלערישע קרייזן. פון דער צווייטער זייט איז גאַנץ לייכט צו פאַרשטיין, אַז שעקספּיר, וואָס האָט אין יענע טעג ערשט ביסלעכווייז זיך געהאַט אָנגעהויבן צו באַפרייען פון זיין ירידה־געפיל; פון זיין געפאַלנקייט ביי זיך צוליב זיין היימישער אָרעמ־קייט, איז געווען זייער להוט צו קריגן דעם פּאַטראָנאַזש פון דעם קונסט־ליבנדיקן עדלמאַן, דעם אוירל פון סאַוטהעמפּטען. שעקספּיר וואָס האָט מיט זיין גאַנצער עסטעטישער נשמה געוואָלט אַרויסרייסן פון זיך אַפילו די דעראַינערונג פון דער נידעריקער סביבה, אין וועלכער ער האָט גע־לעבט ערב זיין פאַרלאָזן סטראַטפאָרד, איז געווען פאַרכאַפּט פון דעם גע־דאַנק, אַז ער קאָן ווערן אַ נאָענטער פריינט פון איינעם פון די וויכטיק־סטע פאַרשטייער פון דער נאָבילִיטעט, און זיין אָנערקענט ביי די העכע־רע קלאַסן.

כאַראַקטעריסטיש איז דער אופן ווי שעקספּיר האָט אויסגעדריקט זיין ווידמונג צו דעם אוירל פון סאַוטהעמפּטאָן: „איך ווייס ניט ווי אַזוי איך זאָל זינדיקן ווידמענדיק מיינע אומגעשליפענע שורות צו אייער לאָרדשיפ. אויך ניט ווי די וועלט וועט מיך טאַדלען פאַר אויסקלייבן אַזאַ שטאַרקן שטיץ־זייל אונטערצוהאַלטן אַזאַ שוואַך געוויכט. אויב אייער הויכלויכט זאָל נאָר צופרידן זיין, וואָלט איך מיך געהאַלטן פאַר שטאַרק געשמייכלט, און פאַרזיכער אויסצונוצן יעדע פרייע שעה ביז איך וועל אייך באַערן מיט עפּעס אַ וויכטיקערע אַרבעט. אויב אָבער דער בכור פון מיין שאַפן זאָל זיך אַרויסווייזן פאַר אומגעראָטן, וואָלט מיר לייד גע־טאָן, וואָס ער האָט געהאַט אַזאַ נאָבעלן טויף־פאָטער, און וואָלט קיינ־מאָל מער ניט געאַקערט אַזאַ עקרהדיק לאַנד אויס מורא עס זאָל מיר ניט שענקען נאָך אַזאַ שלעכטן שניט. איך לאָז עס איבער צו אייער ערנוויר־דיקן איינזען, און אייער כבוד צו אייער האַרצס צופרידנקייט — וואָס איך ווינטש זאָל תמיד אָפּענטפערן אייער אייגענעם וואונטש, און דער וועלטס האָפענונגספולע דערוואַרטונג. אייער ערווירדיקער תמיד שול־דיקער וויליאַם שעקספּיר". די פראַזע „בכור פון מיין שאַפונג" האָט פאַרשאַפט אַ סך חלוקי־דעות. אייניקע ווילן האָבן, אַז „ווענוס און אַדאָ־ניס" איז טאַקע בכלל געווען די ערשטע זאַך, וואָס שעקספּיר האָט אָנ־געשריבן. אַנדערע שטעלן דעם טראָפּ אויף דעם, אַז די פּאָעמע האָט ער געהאַלטן פאַר זיין ערשטער שאַפונג, ווייל דראַמען פאַרן טעאַטער האָבן,

ווי דערמאָנט, זיך ניט גערעכנט פאַר קיין שאַפונגען.

„ווענוס און אַדאָניס" (דערשינען אין 1593), פּונקט ווי זיין צווייטע פּאָעמע „לוקרעציאַ" (דערשינען אין 1594) זיינען פאַר שעקספּירן געווען אַן אמתער טריאומף. די קריטיקער האָבן זיך איבערגעשטיגן אין לויבן די פּאָעמען, איבערהויפּט די צווייטע, און האָבן גערן געגעבן דעם יונגן פאַרפאַסער זייערן אַן אָרט אין מזרח־וואַנט פון דער ענגלישער דיכטונג. אויך דאָס פּובליקום איז געווען פאַרכאַפּט פון דעם יונגן גענישלן פּאָעט. גאַבריעל האַרוועי, דער געלערנטער קריטיקער פון קעמברידזשער אוניווערזיטעט, האָט אין אַ מאַנוסקריפּט פון די יאָרן צווישן 1598 און 1601 געשריבן: „דער יונגערער עולם שעפּט גרויס פאַרגעניגן פון שעקספּירס „ווענוס און אַדאָניס", זיין „לוקרעציאַ" אָבער און זיין טראַגעדיע פון „האַמלעט, פּרינץ פון דענמאַרק" פאַרמאָגן עפּעס אין זיך צו געפעלן מער דעם געזעצטערן טייל". די פאַרלעגער האָבן ניט געקאָנט נאָכקומען די גרויסע נאָכפראַגע פאַר די ווערק. צווישן די יאָרן 1594 און 1602 זיינען דערשינען זעקס אויפלאַגעס פון „לוקרעציאַ". און אַ לאַנגע צייט האָט עס זיך גערעכנט פאַר דעם באַליבטסטן קאָמפּאַניאָן־בוך פון די אַריסטאָקראַטישע דאַמען. אַז שעקספּיר אַליין האָט זיך זייער שטאַרק געגרויסט און איז געווען נאָענט פאַראינטערעסירט אין זיינע ערשטע פּאָעטישע שאַפונגען, קאָן מען זען פון דעם פאַקט, וואָס ער האָט זיך שטאַרק אָפּגעגעבן מיטן אַרויסגעבן זיי. „ווענוס" און „לוקרעציאַ" זיינען דערשינען אין דער דרוקעריי פון זיין סטראַטפאָרדער פריינט ריטשאַרד פילד, און שעקספּיר אַליין האָט מיט גרויס מי אַכטונג געגעבן אויף די קאָרעקטורן, כדי די ווערק זאָלן אַרויסקומען וואָס שענער און מיט וואָס ווייניקער גרייזן.

זיין דערנעענטערן זיך צום אויערל פון סאַוטהעמפּטאָן האָט שעקספּירן געבראַנגט אַ סך נוצן, און געהאַט אַ השפעה אויף זיין גאַנץ שפּעטערדיקן שאַפן. ער קריגט אַ צוטריט אין די גראַפישע סאַלאָנען און לאָרדישע שלעסער. לויט טראַדיציע איז שעקספּיר פאַר אַ שטיקל צייט געווען דער צוגרייטער פון די פאַרווײלונגען אין טיטשפילד־שלאָס, וואוהין זיין פּאַטראָן האָט זיך צוריקגעצויגן דורך דער צייט פון דער מגפה. ער זאָל דאָרט אויך געווען זיין אַ לערער פאַר אַ שטיקל צייט צו זאַמען מיט דעם באַרימטן איטאַליענער דזשאָן פלאָריאָ, דעם איבערזעצער פון מאָנטען. פלאָריאָ איז אַ צייט געווען דער לערער פון איטאַליעניש אין אָקספאָרדער אוניווערזיטעט, שפּעטער האָט ער געלערנט איטאַליעניש מיט סאַוטהעמפּטאָן, וועלכער איז געווען זיין פּאַטראָן און שטאַרקער

פרײנט. ס׳איז אױך ניט אױסגעשלאָסן, װי אַ סך פאַרשער מײנען, אַז שעקספּיר האָט אין יענער צײט צוזאַמען מיט פלאָריאָן, געמאַכט אַ רײזע קײן איטאַליע. זײ נעמען דאָס דערפֿון, װאָס װען שעקספּיר שילדערט שפּעטער אין זײנע פּיעסן „דער סוחר פֿון װענעדיק", „ראָמעאָ און דזשוליעט", די איטאַליענישע לאַנדשאַפט און דעם איטאַליענישן לעבנס־שטײגער, טוט ער דאָס מיט אַזאַ באַקאַנטשאַפט און אַזאַ נאָענטקײט, װאָס מען קאָן ניט באַװײזן אַפילו מיט דער געניאַלסטער אינטואיציע. מען מוז זײ האָבן דערװאָרבן דורכן פּראַקטישן שטודירן אױפֿן אָרט. מען מוז דעם לעבנס־שטײגער האָבן פּערזענלעך באַאָבאַכטעט, פּונקט װי מען מוז באמת זיך האָבן אָנגעזאַפּט מיט דעם אַראָמאַט פֿון דער סביבה. בײ דער רײזע, דענקט מען, האָט ער געהאַט די מעגלעכקײט זיך צו באַקענען מיט געװיסע כאַראַקטעריסטיקײטן פֿון דער װענעציאַנישער ײדישער געטאָ און ײדישע טיפּן, װעלכע ער האָט בײ זיך אין דער הײם ניט געהאַט קײן צו גרױסע מעגלעכקײטן צו שטודירן, װײל אין זײן צײט האָבן ײדן אָפיציעל ניט געטאָרט װױנען אין ענגלאַנד.

די השפּעה פֿון קומען אין נאָענטער באַרירונג מיט דעם רײכן, געבילדעטן אױרל פֿון סאַוטהעמפּטאָן, און פֿון זײער פֿרײנטשאַפט, װאָס האָט אָנגעהאַלטן זײן גאַנץ לעבן לאַנג, זעט זיך אױך אין שעקספּירס װערק אין דעם, װאָס זײ שפּיגלען תמיד אָפּ, אין אַ גרױסער מאָס, די קינסטלערישע און סאָציאַלע שטרעמונגען און שטימונגען, װעלכע האָבן אין פֿאַרשײדענע צײטן פֿאַרנומען זײן יונגן פּאַטראָן. װען װריאָטעסלײ האָט געהאַט בדעה צו שטעלן זיך אין דינסט פֿון דער אַרמײ, װאָס האָט זיך באַדאַרפֿט שלאָגן פֿאַר דעם פּראָגנצױזישן קעניג הענרי דעם 4טן, האָבן שעקספּירס קאָמעדיעס געהאַט אַלס זײער האַנדלונגס־אָרט פֿאַרשײדענע פּלעצער פֿון פֿראַנקרײך. װען װריאָטעסלײ האָט זיך אינטערעסירט מיט די איטאַליענישע קלאַסיקער, הײבט שעקספּיר אָן זיך צו װענדן נאָך קינסטלערישן מאַטעריאַל צו אָט־די מײסטער. פּונקט װי שפּעטער, װען סאַוטהעמפּטאָן װערט פֿאַרכאַפּט דורך די פּאָליטישע געשעענישן, אין דער טראַגישער עסעקס־פֿאַרשװערונג, װאָס קאָסט אים שיעור ניט זײן לעבן, װערט שעקספּירס נאָמען ניט װילנדיקערהײט אַרײנגעשלעפּט אין דער אומגליקלעכער אַפּערע אין שײכות מיט זײן „ריטשאַרד דער 2טער".

אָבער דעם װיכטיקסטן נוץ האָט זײן נײ־געװאונענע פֿרײנטשאַפֿט פֿון דעם יונגן אױרל פֿון סאַוטהעמפּטאָן און דאָס פֿאַרברענגען אין זײן טיטשפֿילד־שלאָס פֿאַר שעקספּירן געהאַט — װאָס גאָר אינגיכן, אין דעצעמבער 1594, נאָכדעם װי די לאָנדאָנער טעאַטערס האָבן זיך צוריק

געעפנט, און שעקספּיר איז אָנגעקומען אין דער „לאָרד טשעמבערליין־מע־נער"־טרופּע, איז ער צוזאַמען מיט ריטשאַרד באַרבעדזש, וואָס איז שוין דעמאָלט געווען באַרימט אַלס דראַמאַטישער שוישפּילער, און וויליאַם קעמפּ, דער בעסטער קלאַון נאָך דעם גרויסן טאַרלטאָן, צום ערשטן מאָל איינגעלאַדן געוואָרן צו שפּילן פאַר איר מאַיעסטעט, דער קעניגין עליזאַ־בעט. ער דערגרייכט ענדלעך די העכסטע אויסצייכענונג, אויף וועלכער ס׳האָבן אויסגעקוקט די בעסטע אין דער אַקטיאָרישער פּראָפעסיע. ער קריגט אַ צוטריט אין קעניגלעכן הויף, וואו אים איז באַשערט געווען איבערצולעבן אַזוי פיל טריאומפירנדיקע אָוונטן, און וואו עס וואַרטן אויף אים די גרעסטע פיינען און אַנטוישונגען, וואָס האָבן איבערגעלאָזט אַזעל־כע טיפע שפּורן אויף זיין לעבן און שאַפן.

עליזאַבעט וואָס איז געווען אַן אמתע רענעסאַנס־קעניגין, האָט שטאַרק ליב געהאַט טעאַטער. זי האָט געהאַט אַ ספּעציעלן צערעמאָניע־מייסטער, וועלכער האָט זיך אָפּגעגעבן מיט דעם אַראַנזשירן די פּריוואַטע הויף־פאָרשטעלונגען פון מאַסקן־שפּילן, ספּעקטאַקלען און דראַמען. די פאָרשטעלונגען האָבן זיך אויסגעצייכנט דערמיט, וואָס אין זיי פלעגן אָנ־טיילנעמען די בעסטע קינסטלער, שוישפּילער, טענצער, מוזיקער און מאָלער, און אַ סך מאָל אויך די מער פּריווילעגירטע הויף־דאַמען און הויף־לייט. להיפּוך צו די אויפפירונגען אין די אַלגעמיינע, געוויינלעכע טעאַטערס, האָבן די הויף־אויפפירונגען געהאַט אַ זייער רייכע אויסשטאַ־טונג. די בעסטע דעקאָראַטאָרס און קאָסטיומערן האָבן שוין געזאָרגט דערפאַר, אַז די פאָרשטעלונגען זאָלן אין גלאַנץ און פאַרבעם קאָנען קאָנ־קורירן מיט די הויף־פאָרשטעלונגען פון פראַנקרייך און איטאַליע. מען פלעגט אין איינעם פון די פּאַלאַץ־זאַלן אויפשטעלן אַ ספּעציעלע בינע מיט אַן אַזוי־גערופענער סימולטאַן־דעקאָראַציע — איין אויפגעבויטע דעקאָראַציע, וואָס איז געווען איינגעטיילט אין פאַרשיידענע טיילן, און האָט גלייכצייטיק פאָרגעשטעלט באַזונדערע ערטער, אָדער הייזער, אויס־געמאָלן לויט ווי די האַנדלונג האָט געפאָדערט. און די אַקטיאָרן פלעגן זייער שפּיל אַריבערטראָגן פון אָרט־צו־אָרט, פון הויז־צו־הויז. שפּעטער, אין קעניג דזשיימס צייטן, האָט דער באַרימטער אַרכיטעקט־דעקאָראַטאָר איניגאָ דזשאָנס פאַרביטן די סטאַטישע סימולטאַן־דעקאָראַציעס אויף זייער רייך־געצירטע זיך־בייטנדיקע דעקאָראַציעס. צוליב דעם וואָס די פאָרשטעלונגען זיינען פאָרגעקומען אינעווייניק, ביט אונטערן פרייען הימל, האָט מען, פאַרשטייט זיך, געמוזט נוצן קינסטלעכע באַלייכטונג פון ליכט און רייכע שענדעלירן. מערסטנס פלעגן ביי די הויף־פאָרשטעלונ־

גען געשפּילט ווערן די דערפּאָלגרייכע שטיקער פון די אַלגעמיינע טעאַ־טערס. און אין אַ געוויסן זין האָט דאָס געהאַט אַ געזונטע השפּעה אויף דער אַנטוויקלונג פון דער ענגלישער דראַמע. פון איין זייט האָבן די פּיעסן, כדי צו געפעלן דעם „הויף", געזוכט צו זיין קינסטלערישער, ליי־טעראַרישער. פון דער צווייטער זייט אָבער, כדי צופרידנצושטעלן דעם ברייטערן טעאַטער־עולם, האָבן די פּיעסן געמוזט זיין פולבלוטיק, טעאַט־ראַליש. פון צייט־צו־צייט פלעגט מען אָבער אין „הויף" שפּילן ספּעציעל פאַר דער געלעגנהייט־אָנגעשריבענע קאָמעדיעס אָדער ראָמאַנסן. סיי דזשאָן לילי, סיי דזשאָרדזש פּיעל און די אַנדערע פון זייער צייט, האָבן זיך ספּעציאַליזירט אין פאַרפאַסן די עלעגאַנטע שטיקער פאַר די הויף־אויפפירונגען. און שעקספּיר אַליין האָט שפּעטער ניט איין שטיק גע־שריבן פאַר אַזעלכע געלעגנהייטן. ווייזט אויס, אַז ער האָט ביי זיין ערשטן אויפטריט אין הויף געמאַכט אַ שטאַרקן בייפאַל, סיי מיט זיין לייסטונג און סיי מיט זיין אָנציענדיקער פּערזענלעכקייט. ווי לאַנג עליזאַבעט האָט געלעבט האָט זי שעקספּירן אַרויסגעוויזן איר באַזונדערן אינטערעס, און געפאָדערט צו זען די אויפפירונגען פון די מערסטע פּיעסן זיינע אונטער זיין אויפזיכט און מיט זיין אָנטייל.

די צוריק דערעפענונג פון די אַלגעמיינע טעאַטערס נאָך דער מגפה האָט געמוזט זיין אַ פּריידיקע פּאַסירונג אין דעם לעבן פון דעם לאָנדאָ־נער פּובליקום. זיי זיינען געווען הונגעריק נאָך טעאַטער. די איבער־געלעבטע פּאַניק און בהלה פון די מגפה־טעג האָבן ניט פאַרקלענערט זייער לוסט צום לעבן און געניסן. פאַרקערט, זיי האָבן זיך מיט אַ פאַר־טאָפּלטן לעבנס־דורשט אַרויפגעוואָרפן אויף זייערע געליבטע אינסטיטור־ציעס, און די שפע פון די טעאַטערס איז נאָך גרעסער געוואָרן. הפנים אַז שעקספּירס קאָלעגן האָבן זיך אַלץ שטאַרקער אָנגעהויבן צו בויטיקן אין זיין מיטאַרבעט, ווייל אין יענע טעג געפינען מיר אים ניט בלויז אַלס איינעם פון די הויפּט־שוישפּילער און הויפּט־דראַמאַטיקער פון דער לאָרד טשעמבערליין־טרופּע, נאָר ער ווערט אַפילו דערהויבן צו דעם העכסטן קלאַס אין דער טעאַטער־פּראָפעסיע — דעם קלאַס פון טרופּע־שותף, איי־נער וואָס האָט אַ טייל אין די אַקציעס פון געשעפט. ס'פלעגט דעמאָלט זיין דער מנהג — אַ מנהג, אַגב, וואָס איז נאָך ביזן היינטיקן טאָג פאַר־שפּרייט אין טעאַטער אין אַ סך לענדער — אַז אַ טרופּע איז באַשטאַנען פון דריי קלאַסן: אַקציאָנערן — די הויפּט־אַקטיאָרן, וואָס זיינען גע־

זוען שותפים און זיך געטיילט — לויט אַ „מאַרקע־סיסטעם״ — מיט די איינגאַמעס, נאָכדעם ווי מען האָט אָפּגעצאָלט דאָס דירה־געלט צו דעם הויז־אייגנטימער. יעדער פון די אַקטיאָנערן האָט באַזעסן אַ גאַנצן אָדער אַ האַלבן טייל, לויט זיין אָנזען אין טרופּע, אָדער לויט זיין אינוועסטירונג. דאָן זיינען געקומען די „געדונגענע״ אַקטיאָרן, וואָס האָבן גענומען ניט קיין גרויסע וועכנטלעכע געהאַלטן. און נאָך זיי זיינען געקומען די „סער־וויטאָרס״, די דינערס — סופליאָרן, רעקוויזיטאָרס, בינע־אַרבעטער, קאָ־סירערס און אַכטונג־געבערס. מיט דער „לאָרד טשעמבערליין־מענער״־טרופּע, וואָס איז דעמאָלט געשטאַנען אונטער דער אָנפירונג פון דזשיימס באַרבעדזש, איז שעקספּיר שוין געבליבן פאַרבונדן ביזן לעצטן טאָג, וואָס ער האָט געשאַפן פאַר דער בינע. די טרופּע איז צוליב אים טאַקע גע־וואָרן די וויכטיקסטע אין ענגלאַנד. און פאַר דעם הויפּט־שוישפּילער פון דער טרופּע, ריטשאַרד באַרבעדזשן, דזשיימס זון, וואָס האָט אָנגע־הויבן צו קאָנקורירן מיט עדוואַרד עלעין פאַרן ערשטן אָרט פון וויכטיק־סטן דראַמאַטישן שוישפּילער פון דער צייט, האָט ער געשריבן אַלע זיינע גרויסע טראַגישע און דראַמאַטישע ווערק.

צוליב אומבאַקאַנטע סיבות האָט די לאָרד טשעמבערליין־טרופּע דע־מאָלט צייטווייליק געמוזט שפּילן ניט אין באַרבעדזשס „טעאַטער״, נאָר אין דעם „קרומען שליסל איינפאַר־הויז״, וואָס זייער פּאַטראָן האָט פאַר זיי געקראָגן. דעם 8טן אָקטאָבער 1594 שרייבט טשעמבערליין צום לאָנ־דאָנער לאָרד־מעיאָר: „ס'איז מיין וואַרעמע רעקאָמענדאַציע. אַזוי ווי מיין איצטיקע טרופּע שוישפּילער זיינען צוגעוואוינט געוואָרן צו דעם בעסערן אופן שפּילן, און צו דער דינסט פון איר מאַיעסטעט, אויב ס'זאָל זיי אויסקומען דעםווינטער צו שפּילן אין שטאָט, אין דעם „קרומען שליסל איינפאַר־הויז״ אין גרעישעס גאַס, פאַרלאַנג איך דאָ און בעט אייער לאָרדשיפּ (אַזוי ווי די צייט איז, דאַנקען גאָט, אַז ס'איז איצט קיין סכנה פון דער מגפה ניטאָ) זיי צו דערלויבן . . .״. אינגיכן אָבער האָט זיך די טרופּע אַריבערגעצויגן צוריק אין זייער אייגענער היים, אין דעם גוט־איינגעפונדעוועטן שפּיל־הויז, דאָס „טעאַטער״. די טרופּע איז דעמאָלט באַשטאַנען (לויט אַן אַלטן שפּיל־צעטל) פון:

| | |
|---|---|
| ריטשאַרד באַרבעדזש | טאָמאַס פּאָופּ |
| וויליאַם שעקספּיר | הענרי קאָנדעל |
| וויליאַם קעמפּ | אויגוסטין פיליפּס |
| דזשאָן העמינדזש | קריסטאָפער ביסטאָן |

ווילִיאַם סלאַי
ריטשאַרד קאָולעי
דזשאַרדזש ברייען, און
דזשאָרדזש דיוק.

ס׳איז ניט מעגלעך, אַז די ניי־געשאַפענע אומשטענדן זאָלן ניט האָבן געהאַט אַ קאָלאָסאַלע ווירקונג אויף שעקספּירס גאַנצן געמיט. און מיר זעען טאַקע אַז זיין גאַנץ וועזן מאַכט דורך אַ טיפן אינערלעכן פּראָצעס פון רייפער ווערן. מיט דער פאַרברייטערונג פון דעם האָריזאָנט פון זיין לעבן, ווערט אַלץ העלער און קלאָרער זיין בליק אויף דער וועלט. וואָס מער ער קומט אין באַריר מיטן לעבן, אַלץ בולטער און שאַרפער הייבט ער אָן צו באַנעמען זאַכן און פאַסירונגען. עס צעשפּילט זיך די וואַרעמקייט פון זיין נשמה, וואָס איז אַזוי אָפן און פאַרשטענדיק פאַר אַלע מענטשלעכע איבערלעבונגען. עס צעשפּרודלט זיך דער קוואַל פון גליקזעלקייט און לעבנסלוסט, וואָס שטורעמט און זינגט אין אים אַזוי טיף. און צוזאַמען מיט דער לעבנסלוסט שטייגט אויך זיין לוסט צום שאַפן. ער וואַרפט זיך אַריין אין לעבן פונקט ווי אין דער אַרבעט. ער פילט, אַז זיין האַרץ איז פול מיטן פאַרלאַנג ליב צו האָבן און געליבט צו ווערן, פונקט ווי פאַר זיין פאַנטאַזיע שוועבן אַזוי פיל בילדער און העלדן, וואָס בעטן און רייסן זיך פאַרקערפּערט צו ווערן דורך זיין כישוף־פעדער. זיין גאַנצער איך איז דורכגענומען מיט דעם ווייטיקדיקן און גליקזעליקן געפיל פון אינערלעכן וואַקסן. ער איז פול מיט ענטוזיאַזם, וואָס צעהעלט און צעליכטיקט זיך, וואָס מער ער האָט אַ געלעגנהייט זיך צו אַנטפּלעקן. ער איז ווי אַן אַרויסגעשאָסענע גילדערנע פייל, וואָס פאַרשנעלערט אַלץ איר שווינדלענדיקן לויף, אָנגעטריבן דורך איר אייגענעם גרעסער ווערנדיקן אימפּעט. ער הייבט אָן צו זען די פאַרווירקלעכונג פון אַלע זיינע שענסטע פאַנטאַזיעס. פון זיין פעדער קומען אַרויס, אין משך פון בלויז עטלעכע יאָר, אַ גאַנצע ריי ווערק, אין וועלכע ער אַנטפּלעקט זיך אַלץ מער ווי דער טיפסטער קענער פון דעם מענטשלעכן האַרץ און מענטשלעכער נשמה. ער שאַפט די ריי גאָלדענע קאָמעדיעס „אַ מיטזומער־נאַכט־חלום", „צוימונג פון אַ מרשעת", „ווי איך געפעלט" און „די צוועלפטע נאַכט". ער שאַפט דעם וואונדערלעכן ליבעס־הימן „ראָמעאָ און דזשוליעט". פונקט ווי ער פּרובירט זיין פעדער אין דעם ערנסטערן, שווערערן זשאַנר פון „סוחר פון ווענעדיק", „יוליוס צעזאַר, און די גאַנצע ריי ברילִיאַנטענע קראָניקל־שפּילן „ריטשאַרד דער 2טער", „ריטשאַרד דער 3טער", ביידע טיילן פון „הענרי דער 4טער" און איבערהויפּט „העגרי דער 5טער", וואו עס ווערט צוגעפירט ביז צום העכסטן

פּונקט זיין פאַרהערלעכונג פון די באַליבטע העלדן אין דער ניט־ווייטער ענגלישער פאַרגאַנגענהייט.

די ענגלישע קראָניקל־שפּילן זיינען זיכער געווען שעקספּירס אויס־דרוק פון דאַנקבאַרקייט צו דעם קעניגלעכן הויף, וואָס האָט אים פון איצט אָן אַרויסגעוויזן אַזוי פיל גוטסקייט און אויפמערקזאַמקייט. זיי זיינען אויך צום גרויסן טייל געווען אַן אויסדרוק פון זיין פּאַטריאָטישער שטימונג, אין וועלכער ער איז ניט אָפּגעשטאַנען פון יעדן איינעם אין עליזאַבעטישן ענג־לאַנד. און די ענגלענדער זיינען, ווי שוין פריער אָנגעוויזן, אין יענער צייט געווען איבערפּאַטריאָטיש. ס'איז געווען די צייט, ווען באַפרייט פון דער לאַנגער סכנה פון אַ שפּאַנישער אינוואַזיע, און געשטאַרקט דורך דעם נצחון אין 1588 איבער דער שפּאַנישער אַרמאַדע, האָט זיך דאָס לאַנד פאַרשיכורט מיט נאַציאָנאַלן ענטוזיאַזם. ענגלאַנד האָט אָנגעהויבן צו פאַרנעמען איר פּאָזיציע אַלס שטאַרקסטע ים־מאַכט, און צו דעם נאַציאָ־נאַלן שטאָלץ איז גאָר קיין גרענעץ ניט געווען. און שעקספּיר, אַלס דער באַליבטסטער טעאַטער־שרייבער פון מאָמענט, האָט געמוזט נאָכקומען דעם פאַרלאַנג פון פּובליקום, וואָס האָט דעם אויסדרוק פון זיין פּאַטריאָ־טיזם כסדר געזוכט אויף די ברעטער פון דער בינע, אין דער פאָרם פון די היסטאָרישע דראַמעס. אָבער אַנשטאָט דעם, וואָס די ביז־איצטיקע שריי־בערס, וועלכע האָבן זיך פאַרנומען מיט צושטעלן די היסטאָרישע שפּילן פאַרן טעאַטער, האָבן זיך באַנוגנט מיטן שאַפן בלויז סצענישע פּעדזשענטן, וואו עס זיינען, איינע נאָך דער אַנדערער, פאַרבייגעגאַנגען בלויז געשיכט־לעכע פּאַסירונגען, און די העלדן פון די פּאַסירונגען זיינען געווען ניט מער ווי סקיצירט, — אַנשטאָט דעם שענקט שעקספּיר זיין הויפּט־אויפמערק־זאַמקייט דעם דראַמע־לעבן פון זיינע היסטאָרישע העלדן, און די געשיכט־לעכע פּאַסירונגען נוצט ער כמעט בלויז אַלס טרייב־מאָטיוו, וועלכע העלפן צו דערפירן די העלדן צו זייער דראַמאַטישן קלימאַקס. ער נוצט די פּאַ־סירונגען אַלס הינטערגרונט, אויף וועלכן ער האָט וואָס שאַרפער אַרויס־געבראַכט דעם כאַראַקטער פון זיינע העלדן. און וואָס פאַר אַן אומגעהייע־רע קענטעניש ער וויזט אַרויס אין אַנטפּלעקן דאָס אינערלעכע לעבן און די נשמות פון זיינע מענטשן. ער באַשענקט זיי מיט דער גאַנצער ברכה און פאַרשטענדעניש פון זיין אייגענער נשמה, וואָס האָט גלייך ליב און פילט־מיט סיי דעם גוטן און סיי דעם שלעכטן, סיי מיטן שטאַרקן און סיי מיט דעם שוואַכן. נייז, אַ סך מער מיטן שוואַכן און שלעכטן. זיין וואָ־רעם ליבנדיק האַרץ איז תמיד מיט דעם שוואַכן און דורכגעפאַלענעם, פּונקט ווי זיין אַלץ־פאַרשטייענדיקע נשמה פּרוּווט זיך צו דערגרונטעווען

אין דעם זעלישן תהום פון די, וואָס דער בייזער שיקזאַל האָט זיי פאַר־משפט צו זיין שלעכט און גרויזאַם. ער האָט רחמנות אויף זיי און איז זיי מוחל. אָט־דאָס מוחל זיין, וואָס ציט זיך ווי אַ ליכטיקער שטראַל איבער אַלע זיינע ווערק. פּונקט ווי די צווייטע גאָלדענע מידה פון זיינע געפלאָג־טע העלדן — דאָס איבערבעטן זיך צום סוף פון אַלע פאַרשאַפטע ליידן.

אָבער פון די אַלע היסטאָרישע העלדן, וועלכע שעקספּיר פירט אַרויס אין זיין קראָניקל־ציקל ; פון די אַלע געקרוינטע און זעלבסטגעקרוינטע הערשער, וואָס האָבן דורך אַ גאַנצן פּלאַנטער פון כיטרע אינטריגעס, בלוי־טיקע צוזאַמענשטויסן און העלדישע קאַמפן זיך דערשלאָגן צום ענגלישן טראָן אונטער די נעמען פון די פאַרשידענע ריטשאַרדס און הענריס,טיילט זיך אַרויס די פיגור פון הענרי דעם 5טן. ער איז צווישן אַלע קראָניקל־קעניגן דער אינטערעסאַנטסטער און מענטשלעכסטער. נישט בלויז דער־פאַר, וואָס הענרי דער 5טער איז זיכער די באַליבטסטע פיגור אין דער ענגלישער געשיכטע ; דער נאָבלסטער, קלוגסטער און מוטיקסטער פון די נאַציאָנאַלע העלדן ; דער מיטן וואָרעמסטן האַרץ און קלאָרסטן קאָפּ ; נאָר באַכמער ווייל אים האָט שעקספּיר געמאָלן מיט אַ ספּעציעלער ליבע און נאָענטער פאַרשטענדעניש. ער איז אויך שעקספּירס פּערזענלעך באַ־ליבטסטער העלד. אפשר דערפאַר ווייל ער פילט אים גוט. ווייל — ווי שוין דערמאָנט — ער געפינט אין אים אַ סך ענלעכקייט מיט זיין אייגענעם כאַראַקטער. אַ סך אינטימע שטריכן פון זיין אייגן האַרץ. שעקספּיר האָט אַ סך פון זיין טאַלאַנט אָפּגעגעבן צו מאָלן העגרין סיי שוין אַלס קעניג, וואָס טראָגט אויף זיך די שווערע לאַסט פון דער ענגלישער קרוין אַלס העגרי דער 5טער, און נאָך מער אַלס דער יונגער, צעלאָזענער פּרינץ האַל אין די צוויי טיילן פון „העגרי דער 4טער”. ער האָט זיך מיט אַלע כוחות פון זיין געניאַליטעט איינגעלעבט אין דעם מערקווירדיקן כאַראַקטער פון דעם יונגן, טעמפּעראַמענטפולן, אומרואיקן פּרינץ, וואָס פּלעגט אַזוי אָפּט פאַרלאָזן דעם קעניגלעכן הויף מיט דעם גאַנצן פּאָמפּ און אָנשטעל, און זיך אַוועקגעלאָזן אין די קרעטשמעס און ביר־שענקען פון לאָנדאָן, וואו ער פּלעגט פאַרברענגען טעג און נעכט אין דער געזעלשאַפט פון גנבים און בייטל־שניידער, וואַגאַבונדן און שיכורים.

שעקספּיר האָט האָלן נאָכגעפאָלגט אין אַלע זיינע אַוואַנטיורעס אין דער געזעלשאַפט פון דעם פעטן, אַנגעטרונקענעם, באַרימערישן און ליגנערישן פאַלסטאַף. ער גייט אים נאָך ביז דעם מאָמענט, ווען ער ווערט גערופן צו פאַרנעמען דעם טראָן נאָכן פאָטערס טויט ; ווען עס קומט פאַר די גרויסע מעטאַמאָרפאָזע אין זיין באַנעמען און אויפפירן זיך ; ווען ער

קריגט די ערשטע געלעגנהייט צו האַנדלען ווי ער פּילט און וויל, און עס אַנטפּלעקט זיך די גאַנצע שיינקייט פון זיין כאַראַק־טער. עס צעבליען זיך אַלע טוגענטן זיינע, און ער ווערט דער באַליבט־סטער און געאַכטעטסטער פאָלקס־העלד. שעקספּיר איז זייער שטאַלץ צו באַווייזן, אַז אונטער אַלע אומשטענדן פאַרלירט העינרי ניט זיין חוש פאַר יושר, פאַר נאָבלקייט, און די מעגלעכקייט זיך צו באַהערשן. ס׳איז שעקס־פּירס טיפסטע איבערצייגונג, אַז דעם פּרינצס חברן זיך מיט די אונטער־וועלט־מענטשן איז בלויז געווען אַ שטאַרקער פּועל־יוצא פון זיין האַס און פּראָטעסט צו דער פאַרשטיקטער, פאַלשער און — ווי עס הייבט שעקס־פּירן אַליין אָן קלאָר צו ווערן פון זיינע אייגענע דערפאַרונגען — היפּאָ־קריטישער אַטמאָספערע אין דעם קעניגלעכן הויף, פון וועלכער ער וויל אַנטלויפן. מיט זיין איינגעבוירענער ריינער נאַטור בענקט פּרינץ האַל נאָך ריינקייט, אויפריכטיקייט און אמת, און ער זעט אַרום זיך בלויז פאַלש־קייט, חניפה און באַהאַלטענע אינטריגעס. ער האָט ניט וואו אויסצונוצן אויף אַ שיינעם אופן דעם גאַנצן אוצר פון אומרו און ענערגיע, וואָס פּילן־אָן זיין יונג האַרץ, אַנטלויפט ער צו די קרעטשמע־העלדן און ביר־שענק־שיכורים מיט זייערע גראָבע, אָבער דערפאַר אָפענע רייד און אומפאַר־שטעלטע האַנדלונגען.

געדענקט דען שעקספּיר אַליין ניט זיין אייגן פאַריינטלען זיך מיט די ביר־טרינקער און הירשן־גנבענער פון זיין היימישן סטראַטפאָרד, אין יע־נע טעג ווען זיין אומרואיקע נאַטור, און די אַנגעזאַמלטע יונגע ענערגיע האָבן זיך געריסן נאָך אַן אויסוועג? אין אַ געוויסן זין איז העינרי דער 5טער שעקספּירס ערשטע רעאַקציע און פּראָטעסט קעגן די פאַלשקייטן און היפּאָקריטישקייטן, מיט וועלכע ער הייבט זיך אָן צו באַגעגענען. מיט זיין גאַנצער פאַרערונג און דאַנקבאַרקייט צום ענגלישן הויף, וועלכן ער האָט ערשט אַזוי ניט לאַנג צוריק באַטרעטן, הייבט ער אָבער אָן צו באַ־מערקן, אַז ניט אַלץ איז דאָרט בלויז זון און ליכטיקייט. ס׳איז דאָ אויך שאָטן. אָט־דער שאָטן, וואָס וועט שפּעטער, אין זיינע טראַגעדיעס, אויס־וואַקסן ביז צו דער געדיכטקייט פון שוואַרצער נישט־דורכדרינגבאַרער נאַכט.

שעקספּיר ווייזט אַרויס אַזוי פיל מענטשלעכע פאַרשטענדעניש און דיכטערישע מייסטערשאַפט אין זיין „העינרי דער 5טער", אַז דער פּאָעט קעמפּבעל זאָגט וועגן דעם שטיק: „מ׳האָט געזאָגט וועגן עסכילן, אַז ער האָט געשאַפן זיין „זיבן עלטסטע קעגן טהעב" אונטער דער אינספּיראַציע פון מאַרסן אַליין. אויב שעקספּירס „העינרי דער 5טער" וואָלט געשריבן

געוואָרן פאַר די גריכן, וואָלטן זיי אים געצאָלט דעם זעלבן קאָמפּלימענט".

פונקט מיט אַזוי פיל דיכטערישער פאַרשטענדעניש און מענטשלע־כער סימפּאַטישקייט — כאָטש ניט אין אַזאַ גרויסן פאַרנעם — שילדערט שעקספּיר זיין „ריטשאַרד דער 2טער", אָט־דעם בלוטיקן קעניג פון דער ענגלישער געשיכטע, וואָס איז געקומען צום טראָן דורך אַ גאַנצער ריי אינטריגעס, בלוט־פאַרגיסונג, און טיראַנישע מאַניפּולאַציעס, פאַר וועלכע ער האָט לסוף געמוזט באַצאָלן מיט זיין קאָפּ. שעקספּיר זוכט אַרויסצו־ברענגען אַלע גוטע, מענטשלעכע שטריכן אין אָט־דעם ענגהאַרציקן, אין זיך אַליין פאַרליבטן טיראַן. ער ווייזט אַז ריטשאַרדס גאַנצע הערשזיכטי־קע און נקמה־דורשטיקע פאַרגאַנגענהייט איז געווען בלויז אַ רעזולטאַט פון שלעכטער סביבה און שלעכטער דערציאונג. אָבער ווי נאָר דער שאָטן פון אומגליק און דורכפאַל הייבט אָן זיך צו באַווייזן איבער זיין קאָפּ, הייבן זיך אָן צו וועקן אין אים זיינע איינגעבוירענע, אָבער שלאָפנדיקע, שיינע געפילן. ער הייבט אָן חרטה צו קריגן און באַדויערן זיינע האַנד־לונגען. דאָס אומגליק ברענגט אַרויס די אַלע באַהאַלטענע וויכע שטריכן פון זיין תמיד־עגאָאיסטישן, אָבער דאָך מעדיטירנדיקן כאַראַקטער. און אַזוי סימפּאַטיש איז ער אין זיין טרויער, אַזוי מענטשלעך אין זיין זעלבסט־מיטלייד, אַזוי רירנדיק אין זיין

„אום גאָטס ווילן, לאָמיר זיך אויף דר'ערד אוועקזעצן
און זיך מעשות דערציילן וועגן טויט פון קעניגן"

אַז צום סוף געווינט אונדז דער דיכטער אינגאַנצן אויף זיין, ריטשאַרדס, זייט.

און דאָס איז עס טאַקע, וואָס מאַכט שעקספּירס ווערק אַזוי גרויס, וויל ער וועבט זיי דורך מיט אַזאַ רייכקייט פון שטאָף, מיט אַזאַ וואונדער־לעכן געמיש פון דעם ווירדיק־דערהויבענעם מיט דעם פּשוט־מענטשלעכן; עס פלעכט זיך אין זיי אַזוי מייסטערהאַפט צונויף גוטס און שלעכטס, ליכט און שאָטן, אַז זיי זיינען קינסטלעריש עכט אין דער זעלבער צייט, וואָס זיי זיינען אמתדיק נאַטירלעך. פונקט ווי אין דער נאַטור שטאַמט שאָטן פון ליכט; פונקט ווי אין לעבן האָט די זינד אַ סך מאָל אירע וואָרצלען אין הייליקייט, פאַרברעכן ווערט געלייטערט דורך חרטה, אַזוי ראַנגלען זיך ביי שעקספּירן אַלע זיינע מענטשן שטענדיק צווישן גוטס און שלעכטס, צווישן זינד און דערהויבנקייט. די ערגסטע פון זיינע העלדן, האָבן אויך אין זיך אַ צומיש פון גוטסקייט און מענטשלעכקייט.

„דאָס געוועב פון אונדזער לעבן איז פון אַ געמישטן גאַרן,
גוטס און שלעכטס צוזאַמען. אונדזערע טוגנטן וואָלטן שטאָלץ געווען
אויב אונדזערע חסרונות וואָלטן זיי ניט געבייטשט;
און אונדזערע פאַרברעכנס וואָלטן פאַרצווייפלט, ווען זיי וואָלטן ניט
געצערטלט געוואָרן דורך אונדזערע טוגנטן".

אָבער די הויפּט־נאָטע פון שעקספּירס שאַפן אין יענער צייט — אין אַ פּיל־שטאַרקערער מאָס ווי אין די טעג פון זיינע ערשטע שאַפונגען — איז געווען ליבע. ער איז אין יענע יאָרן געווען פול מיט דער נויטיקייט פון ליבע. אינגאַנצן פאַרשלונגען פון איר צויבער און פּראַכט. און ס'האָט אַרויסגעזונגען פון אים. ער פּילט אָן מיט איר פריידיקער שפּאַסיקייט דעם דורך לבנה־שיין פאַרכישופטן וואַלד אין „מיטזומער־נאַכט־חלום", וואו ער דערציילט די שפּאַסיקע געשיכטע פון די פאַרליבטע דעמעטריוס, ליזאַנדער, העלענאַ און הערמיאַ, וועלכע קאָנען זיך ניט אַרויספּלעכטן פון זייערע פאַרפּלאָנטערטע ליבעס נעצן. און אויך די געשיכטע פון דעם געקריג צווישן דעם עלפן־קעניג אָבעראָן און זיין פייען־קעניגין טיטאַניאַ. ווי אָבעראָן באַפעלט דעם וואַלד־לצל, פּוק, ער זאָל אַרויפגיסן אויף די אויגן פון דער שלאָפנדיקער טיטאַניאַן דעם כישופדיקן בלומען־זאַפט, וואָס מאַכט זי זאָל זיך פאַרליבן אין דעם נאַרישן וועבער־אַרבעטער באָטאָם, וועלכער געפינט זיך גראָד אין וואַלד ווען זי כאַפּט זיך אויף. אינאיינוועגס באַשפּריצט שוין פּוק אויך די אויגן פון די אין וואַלד שלאָפנדיקע דעמעטריוס און ליזאַנדער, און פאַרגרעסערט אַזוי אַרום דעם ליבעס־שפּאַס. שעקספּיר לאָזט דעם גאַנצן געפּלאָנטער פון די פאַרליבטע — סיי די האַלב־נאַרישע מענטשן־קינדער, און סיי די אַזוי־קלוגע יענע־וועלטיקע גייסטער מיט זייערע אַרויסהעלפערס די פייען און עלפן — דערגיין ביז צו אַן אַלגעמיינעם עקסטאַז, וואָס פאַרטרינקט און פאַרשיכורט אונדזער האַרץ.

שעקספּיר פּילט אויך אָן מיט איר — דער ליבעס — ווייִמוטיקער גליקזעליקייט דעם געדיכטן אַרדן־וואַלד, וואו די פאַרליבטע זוכן זיך, באַהאַלטן זיך, לאָזן זיך ניט דערקענען, און זינגען אויס זייערע לוסטיקע ליבעס־לידער, וואָס זיי צעהענגען פריי אויף די ביימער אין „ווי אייך געפעלט", וואו ער דערציילט וועגן די טרויעריקע און לוסטיקע געשעענישן פון דעם פראַנצויזישן גראַף, וואָס איז פאַרטריבן געוואָרן דורך זיין אַכזרדיקן ייִנגערן ברודער פרעדעריק, און האַלט זיך אויף אין וואַלד פון אַרדן. זיין טאָכטער ראָזאַלינדאַ, וועלכע איז פריער געהאַט געבליבן אין גראַפישן

שלאָס מיט איר קוזינע ציליען, אַנטלויפט אויך אין וואַלד אַריין אויסצו־זוכן איר געליבטן אָרלאַנדאָן, וואָס איז אויך פאַריאָגט געוואָרן דורך זיין ברודער אָליווערן. זי פאַרשטעלט זיך פאַר אַ ייִנגל כדי זיך צו באַגע־גענען מיט איר אויסדערוויילטן, און דערפירן אים ער זאָל זיך מודה זיין אין זיין ליבע צו דער כלומרשט־פאַרשוואונדענער ראָזאַלינד. צום סוף קומען זיך צונויף אַלע געזוכטע און געפונענע געליבטע, גוטע און שלעכ־טע ברידער, צוזאַמען מיט זייערע באַגלייטער, דעם מעלאַנכאָלישן וואַלד־באַוואוינער זשאַק, דעם קלאָון טאַטשסטאָון און דעם אַלטן פאַסטוך אַדאַם. די ברידער זיינען זיך מוחל, די פאַרליבטע ראָזאַלינד און אָרלאַנדאָ, פונקט ווי ציליע, וואָס האָט זיך אין וואַלד געהאַט פאַרליבט אין אָליווערן, האָבן חתונה, און אַלץ ענדיקט זיך אין פריילעכקייט.

אָבער דעם פייערדיקסטן אויסגוס פון יונגער פאַרכאַפּנדיקער ליידנ־שאַפט דערגרייכט שעקספּיר אין זיין „ראָמעאָ און דזשוליא", וואָס ווערט גערעכנט אפשר פאַר דעם שענסטן ליבע־הימן אין דער גאַנצער וועלט־ליטעראַטור. די פייערלעכע פּאָעמע וועגן דער גרויסער פאַטאַלער ליבע, וואָס שפּילט זיך אָפּ אויף דעם הינטערגרונט פון דעם לאַנגיאָריקן שטרייט צווישן די צוויי רענעסאַנס־איטאַליענישע משפחות, די מאָנטאַגיוס און קאַ־פּולעטס. די ליבע, וואָס כאַפּט אַרום מיט אַ פאַרצערנדיקן בראַנד דאָס גאַנצע וועזן פון די צוויי הויפּט־העלדן, סמט זייער בלוט, צינדט זייער מאַרך, און פאַרשנעלערט זייער וועג צום אָפּגרונט. אין דעם הויך־פּאָע־טישן שטיק שלאָגט שעקספּיר צום ערשטן מאָל אָן זיין דערהויבענע טראַ־גישע נאָטע. „ראָמעאָ און דזשוליעט" איז פול מיט יוגנטלעכן עקסטאַז. זי שמעקט מיט דער זאָרגלאָזער קאַפּריציעזקייט פון פאַרליבטע הערצער. זי שוימט איבער מיט דער גליקלעכקייט פון צוויי יונגע מענטשן, וואָס ווערן פאַרכאַפּט אין אַ שטורעם פון ליבע־געפילן. אָבער דער שטורעם פאַראורזאַכט אויך זייער טויט. אָט־די ראַשע ליידנשאַפטלעכקייט ברענגט אויך זייער אונטערגאַנג. נישטאָ קיין גליקלעכער סוף פאַר די, וואָס האָבן ליב אַזוי טראַגיש, אַזוי בלוטיק. בלויז סם און דאָלך און פּאָעטישע שיינ־קייט, וואָס געפינט איר ווידערקלאַנג אין די הערצער פון פאַרליבטע אי־בער דער וועלט פאַר הונדערטער יאָרן. אָבער דאָס טראַגישע און פּאָע־טישע זיינען אין דעם שטיק אַזוי קינסטלעריש פאַרוועבט, אַזוי דראַמאַטיש צוזאַמענגעשמאָלצן דורך דעם גליענדיקן פייער פון ראָמעאָס און דזשו־ליעטס יונגער ליידנשאַפט. עס כאַפּט אונדז אַרום מיט אַזאַ פלאַמיקער עקסטאַטישקייט, פונקט ווי דער פלאַם, וואָס הילט איין אַזוי פלוצים, און פאַרצערט די צוויי געליבטע פון ערשטן אויגנבליק, וואָס זיי דערזעען זיך.

מיר ווערן אַליין אָנגעזאַפּט מיט דעם גליקזעליקן ליבעס־ווייטיק און פּאַ־טאַלן, זיסן סם. און מיט דער גאַנצער נשמה אונדזערער פילן מיר מיט דעם גרויסן דיכטער, אַז — ליבע איז שטאַרקער פון האַס, שטאַרקער פון טויט.

אינטערעסאַנט איז ווי אַזוי שעקספּיר האָט אין יענער גאָלדענער צייט זיינער, ווען ער איז געווען פאַרטרונקען אין גליקזעליקייט און פרייד, דאָך זיך פאַרנומען אַריינצוקוקן אין דער טונקעלער, געדריקטערער זייט פון דער מענטשלעכער נשמה. ווי אַזוי גראַד אין יענער צייט האָט ער — אין „סוחר פון ווענעדיק" — אויף דעם פּאַעטישן הינטערגרונט פון שאַרמאַנטן ליבעס־ראָמאַנס צווישן פּאָרשיאַן און באַסאַניאָן, זיך פאַרנומען צו שאַפן זיין טראַגישע, שטאָלצע פיגור פון דעם יידישן „פּראָצענטניק שיילאָק".

די אידייע צו שרייבן אַ פּיעסע מיט אַ יידן אַלס די וויכטיקסטע פיגור, איז אים זיכער געקומען ווייל אין 1594 האָט מען אויף דער לאָנדאָנער בי־נע צוריק געהאַט אויפגעלעבט מאַרלאָוס באַרימטע שטיק „דער ייד פון מאַלטאַ". פאַרגעקומען איז די צוריקאויפלעבונג ביי גאַנץ טרויעריקע אומשטענדן.

גראַד איז אין יענער צייט געהאַט אויסגעבראָכן אַ שטאַרקע אַנטי־סעמיטישע כוואַליע צוליב דער געשיכטע מיט דער קעניגינס יידישן דר. לאָפּעז, וועלכער איז געפאַלן אַ קרבן פון די כסדרדיקע בלוטיקע הויף־אינטריגעס, וואָס האָבן זיך אַרום איר געפירט.

ראָדעריגאָ לאָפּעז איז געווען אַ ייד פון שפּאַנישן אָפּשטאַם, אָבער געבוירן אין ענגלאַנד. ביז אַרום 1586 איז ער געווען דעם אוירל אָוו לעסטערס לייב־דאָקטער. נאָכדעם איז ער געוואָרן דער קעניגינס דאָק־טער. ווען דער אוירל אָוו עסעקס האָט געהאַט געבראַכט קיין ענגלאַנד אַנטאָניאָ פּערעצן, איינעם פון דעם שפּאַנישן קעניגס שונאים, כדי אויפ־צורייצן די ענגלענדער קעגן די שפּאַניער, איז דער דר. לאָפּעז, צוליב זיין גרויסער שפּראַך־קענטעניש, באַשטימט געוואָרן צו זיין אַנטאָניאָס איבער־זעצער. אינגיכן איז ער קעגן זיין ווילן אַריינגעצויגן געוואָרן אין אַ שרעקלעכער פאַרשווערונג. אַנטאָניאָס שונאים האָבן לאָפּעזן געוואָלט אויסנוצן ער זאָל פאַרסמען סיי אַנטאָניאָן און סיי די קעניגין עליזאַבעט. לאָפּעז האָט דערפון ניט געוואָלט הערן. אָבער סיי ווי סיי האָט עסעקס, וועלכער האָט כסדר געקעמפט מיט די איבעריקע לאָרדן פאַר דעם ערשטן

אַרט אין עליזאַבעטס אױפמערקזאַמקײט, אים אַרײַנגעפּלאָנטערט, און אים געמאַכט פאַר דעם שעיר לעזזל אין דער גאַנצער אינטריגע. דער ייִדי־שער דאָקטער איז געשטעלט געװאָרן צום משפּט אין גילד האָל.

אין װאָס פאַר אַן אַטמאָספערע דער משפּט איז פאָרגעקומען קאָן מען זען דערפון, װאָס עסעקס, דער אָנקלאָגער, איז אַלײן געװען דער פאָר־זיצער פון געריכט, און האָט זיך באַמיט מיט אַלע כּוחות דעם ייִדן צו פאַר־משפּטן. און כאָטש דעם דאָקטערס שולד איז ניט באַװיזן געװאָרן, איז ער דאָך פאַראורטײלט געװאָרן צום הענגען. די קעניגין האָט אַ לאַנגע צײַט ניט געװאָלט אונטערשרײַבן דעם אורטײל, װײַל זי איז געװען איבער־צײַגט אין דעם ייִדישן דאָקטערס אומשולד. אָבער צוליב איר פערזענלע־כער שװאַכקײט פאַר דעם פײַערדיקן עסעקסן, האָט זי סוף־כּל־סוף דעם אורטײל אונטערגעשריבן, און ראָדעריגאָ לאָפּעז איז דעם 7טן יוני 1594 געהאַנגען געװאָרן אין טײַבאָרן תּפיסה. פאַרן הענגען האָט לאָפּעז זיך גע־װענדט צום אַרומשטײענדיקן עולם און געװאָלט רײדן װעגן זײַן אומשול־דיקײט, אָבער דער אױפגעהעצטער המון, האָט אים באַװאָרפן מיט אַנטי־סעמיטישע צורופן און אים ניט געװאָלט אױסהערן.

אַ טײל פאָרשער װילן האָבן, אַז אַ געװיסע ראָלע אין דעם אינסצע־נירן דעם בלבול־פּראָצעס קעגן דר. לאָפּעזן האָט אױך געשפּילט דאָס, װאָס אין יענער צײַט זײַנען אָנגעגאַנגען באַמיאונגען אָפּצושאַפן דעם פאַרבאָט, אַז ייִדן, װאָס זײַנען געהאַט אַרױסגעטריבן געװאָרן פון ענגלאַנד אין 1290 דורך עדװאַרד דעם ערשטן (כאָטש אַן אומבאַדײַטנדיקע צאָל ייִדן האָבן באַהאַלטענערהײט פאָרט געלעבט אין לאַנד) זאָלן ניט טאָרן װױנען אױפן בריטישן אינדזל. דער אַנטיסעמיטישער אױסברוך איז בכּיװן אַרױסגע־רופן געװאָרן כּדי זיך קעגנצושטעלן די װאָס האָבן זיך באַמיט די גזירה אָפּצושאַפן. סײַ־װי־סײַ האָט דאָס הענגען פון דעם ייִדישן דאָקטער אַרױס־גערופן אַ גרױס אױפזען. דאָס טעאַטער, װאָס האָט תּמיד געזוכט נאָכצו־קומען דעם פּובליקומס פאַרלאַנג, האָט אַלזאָ געזוכט אַ פּיעסע מיט אַ שלעכטן ייִדן אַלס הױפּטראָליסט, און ס׳איז געװען שעקספּירס אױפגאַבּ אַזאַ שטיק צו שאַפן.

זיכער נישט מיט קײן גרינג האַרץ האָט זיך שעקספּיר גענומען שרײַבן זײַן פּיעסע מיט דער טראַגישער ייִדישער הױפּט־פיגור. זײַן האַרץ איז נאָך געװען פול מיט מיטגעפיל צו דעם געהאַנגענעם דר. לאָפּעז, װע־מען ער האָט אָן ספק גוט געקענט. ראָדעריגאָ לאָפּעז איז געװען אַ נאָענ־טער פרײַנד פון די אַלע הױפלײט, װאָס האָבן פּאַטראָניזירט די טעאַטער־טרופּעס. אין דעם הױז פון דעם אױרל אָװ לעסטער האָט ער זיך ניט

איינמאָל באַגעגנט מיט שעקספּירן, וועלכער האָט געהערט צו דער לעס־טער־טרופּע. און ס׳איז מער ווי זיכער, אַז שעקספּיר, ווי אַ סך אַנדערע, איז געווען איבערצייגט, אַז דער דר. איז געפאַלן אַן אומשולדיקער קרבן. ער האָט זיך פאַרט אָבער געמוזט אונטערוואַרפן און צאָלן מס צו דער שטימונג פון יענער צייט. אַרויספירן דעם יידן אין זיין פּיעסע אינגאַנצן אַנדערש ווי מען איז אים געווען געוואוינט צו זען אויף דער בינע האָט ער ניט געקאָנט. דאָס שטיק וואָלט ביי יענע אומשטענדן ניט געהאַט דעם מינדסטן שאַנס אויפגעפירט צו ווערן. אָדער, אויב יאָ, וואָלט עס גלייך פאַרטריבן געוואָרן דורכן אַנטיסעמיטישן פּובליקום. שעקספּיר האָט זיין שיילאָק אַלזאָ געמוזט לאָזן אין דער טראַדיציאָנעלער פאָרם.

אָבער מיט וויפיל טיפן איינזען און מיט וויפיל האַרץ־פאַרשטענדע־ניש איז ער צוגעגאַנגען צו זיין שיילאָק. וויפיל וואַרעמע מענטשלעכקייט לאָזט ער טליען אין יידנס צעווייטיקט האַרץ. ער האָט אים אַריינגעפּאַסט אין אַזעלכע אומשטענדן; ער האָט אים געגעבן אַזעלכע באַרעכטנדיקע מאָ־טיוון פאַר זיינע האַנדלונגען; ער האָט אַזוי בולט אַרויסגעבראַכט די גאַנ־צע טראַגישע געפּייניקטקייט זיינע, די גאַנצע רשעותדיקע רעכטלאָזיקייט, מיט וועלכע זיינע פאַרפאָלגער האָבן אים אַרומגערינגלט, אַז עס ווערט קלאָר, ווי האַזליט דריקט זיך אויס — „אַז זיין יידישע נקמה איז ניט ווײ־ניקער ווירדיק ווי די קריסטלעכע באַליידיקונג״.

אמת, שעקספּיר האָט ניט אויסגעמיטן די שאָטנדיקע זייטן פון שיי־לאָקס כאַראַקטער. ער האָט עס אָבער געטאָן, ניט ווייל ער האָט אים פיינט געהאַט. ער האָט עס געטאָן מיט דער זעלבער ערנסטקייט ווי בשעת ער וויזט אָן די שאָטנדיקע זייטן פון אַלע זיינע העלדן. ער האָט אָבער גע־האַט דעם גרויסן מוט אויך אָנצוואוייזן, אַז די אַרומיקע וועלט, די „נאָ־בעלע״ ווענעציאַנער געזעלשאַפט איז שולדיק זייער קרבן אַ סך מער ווי ער איז שולדיק קעגן זיי. ער איז באַרעכטיקט אין זיין נקמה־געפיל, ווייל — ווי עס זאָגט אַן אַנדער העלד אין שעקספּירס גרויסע טראַגעדיעס — מ׳האָט קעגן אים מער געזינדיקט ווי ער אַליין איז זינדיק.

ס׳האָט זיך געפאָדערט די געוואַגטקייט, וואָס קומט פון אַ הויך־מאָ־ראַלישן געוויסן אַרויס צו קומען ביי יענע אומשטענדן, ווען דער עולם אין טעאַטער איז געווען געוואוינט צו זען דעם ווילדן, פינצטערן באַראַבאַס — ווי מאַרלאָו האָט געשילדערט זיין „ייד פון מאַלטאַ״, אַ געשטאַלט אָן אַ שום פונק פון מענטשלעכקייט, — און פאַרטיידיקן דעם יידן ווי שעקס־פּיר טוט עס אָפן אין זיין שטיק. ווי דער שאַרפסטער האַרץ־געשריי, וואָס קלינגט דורך צייטן און דורות, טראָגט זיך שיילאָקס גערעכטער פּראָטעסט

וועלכן ער וואַרפט אין פּנים אַריין זיינע אַנגרייפערס בשעת ער שטור־
רעמט קעגן דעם קריסט אַנטאָניאָן:

„ער האָט מיך צו שאַנד געמאַכט און מיך געמאַכט פאַרלירן אַ האַלבן
מיליאָן; האָט געלאַכט פון מיינע פאַרלוסטן, חוזק געמאַכט פון מיינע
פאַרדינסטן, גערעדט מיט פאַראַכטונג וועגן מיין פאָלק, האָט דערשטיקט
מיין יעדן האַנדל, האָט אָפּגעקילט מיינע פריינט, דערהיצט מיינע שונאים!
און וואָס איז זיין אורזאַך? איך בין אַ ייד! האָט אַ ייד נישט קיין אויגן?
האָט אַ ייד נישט קיין הענט, חושים, באַגריפן, געפילן, בייגונגען, ליידנ־
שאַפטן? געשפּייזט מיט דער זעלבער שפּייז, פאַרוואונדעט מיט דעם איי־
גענעם געווער, אונטערגעוואָרפן די זעלבע קראַנקהייטן, געהיילט מיט די
אייגענע מיטלען, געוואַרעמט און געקילט דורך דעם אייגענעם ווינטער און
זומער ווי אַ קריסט? אויב איר שטעכט אונדז גייט אונדז ניט קיין בלוט?
אויב איר קיצלט אונדז לאַכן מיר דען ניט? אויב איר פאַרסמט אונדז
שטאַרבן מיר נישט? און אויב איר טוט אונדז אַן עוולה, זאָלן מיר נישט
נעמען קיין נקמה? אויב מיר זיינען גלייך מיט אייך אין אַלע אַנדערע
זאַכן, זיינען מיר ענלעך צו אייך אין דעם אויך. אויב אַ ייד טוט אַן עוולה
אַ קריסט, וואָס זוכט ער פון אים? נקמה. ווען אַ קריסט טוט אַן עוולה
אַ יידן, וואָס זאָל דער ייד פונעם גוי זוכן לויט דעם קריסטלעכן ביישפּיל?
וואָס? נקמה. אָט־די בייזווויליקייט, וואָס איר לערנט מיך, וועל איך
דורכפירן. דאָס וועט מיר צוגיין שווער, אָבער איך וועל עס טאָן בעסער,
ווי איר האָט מיך געלערנט".

להיפּוך איז דאָ חוצפּה און ציניש ע האַרטהאַרציקייט אין אַנטאָניאָס
ענטפער אויף שיילאָקס פאַרוואורף, אַז ער האָט אים גערופן הונט: „איך
בין פּונקט אַזוי גרייט דיך נאָך אַמאָל אַזוי צו רופן, ווידער אַמאָל צו
שפּייען, אַפילו דיך מיט די פיס צו שטויסן".

שעקספּיר האָט ניט מורא געהאַט צו ווייזן אויף וועמענס זייט עס זיי־
נען געווען זיינע סימפּאַטיעס. ער שטעלט אַנטקעגן שיילאָקס שטרענגע
גערטאַ־מאָראַל קעגן דער לויזער, צעלאָזענער מאָראַל פון דער גאַנצער
באַנדע ווענעציאַנער לעבע־יונגען, וועלכע רינגלען אַרום זיין שונא אַנטאָ־
ניאָן. באַסאַניאָ, לאָרענצאָ, סאַלאַניאָ, גראַציאַנאָ, סאַלערינאָ — די אַלע
וואָס יאָגן זיך כסדר נאָך ווילדע תענוגים; וואָס שטעלן זיך ניט אָפּ פאַר
באָרגן, שווינדלען און אַפילו גנבענען און רויבן. שעקספּיר ווייזט, אַז אין
אַ סאַך הינזיכטן שטייען זיי פיל נידעריקער פון שיילאָקן. יענער באַהאַלט
ניט, אַז זיין אייניציקער וואָפן איז געלט. ער מאַכט ניט קיין סוד, אַז דאָס
איז זיין שטאַרקסטע פאַרטיידיקונג קעגן דער רעכטלאָזער לאַגע, וואָס זיי־

נע פאַרפאַלגער האָבן פאַר אים געשאַפן. זיי אָבער ווילן אונטער אַ גאַנצן באַרג מיט פראַזן וועגן אמת, יושר און גערעכטיקייט באַהאַלטן זייער היפּאָ־קריטישע ליבע צו געלט און אויסגעלאַסנקייט. באַסאַניאָ דעקלאַמירט וועגן שטאַרקער ליבע צו דער ליידי פון בעלמאָנט ווען ער זוכט איר גרויס פאַרמעגן. לאָרענצאָ מיט זיין שטאַרקן האַס צו יידן האָט פאַרט חתונה מיט אַ יידיש מיידל, ווייל זי ברענגט אים די דוקאַטן, וואָס זי גנבעט פון איר פאָטער פאַרן אַנטלויפן פון דער היים. שײַלאָק שטייט מיט טויזנט קעפּ העכער פון זיי, ווען מיט זיין גאַנצער מכלומרשטער ליבע צו געלט זאָגט ער זיך פאָרט אָפּ צו נעמען דריי מאָל אַזוי פיל ווי די סומע, וואָס ער האָט געבאָרגט, אַבי נאָר ער זאָל קאָנען נקמה נעמען פון דעם, וואָס האָט אים באַליידיקט אַלס מענטש און באַשפּיגן אַלס ייד.

שעקספּיר האָט זיך געשטעלט אינגאַנצן אויף שײַלאָקס זייט און מיטן גאַנצן האַרצן אָנערקענט זיינע טענות קעגן די, וועלכע פאָדערן פון אים ער זאָל זיך אָפּזאָגן פון זיין פונט פלייש, וואָס קומט אים לויטן געזעץ. ער ווייזט וויפיל טעמפּקייט און ענגהאַרציקייט עס איז דאָ אין זייער מכלומרש־טן אַפּעלירן צו שײַלאָקס יושר, ווען ער לאָזט אים צוריקשליידערן זיי אין פּנים אַריין זייער גאַנצע היפּאָקריטישקייט:

„פאַר וועלכן משפּט דאַרף איך שרעקן זיך,
ווען כ'טו קיין שלעכטס נישט? צווישן זיך דאָ האָט איר
אַ סך געקויפטע שקלאַפן, וועלכע איר באַנוצט
ווי אייערע אייזלען, הינט און מוילאייזלען,
אויף נידעריקע, שקלאַפישע אופנים,
דערפאַר ווייל איר האָט זיי געקויפט. קאָן איך אייך זאָגן,
באַפרייט זיי, מאַכט זיי חתונה מיט אייערע יורשים?
וואָס לאָזט איר שוויצן זיי אונטער די לאַסטן?
מאַכט ווייך די בעטן זייערע ווי אייערע,
און זאָלן זייערע גומענס פּילן אויף דעם טעם
פון די גוטע פליישן וואָס איר עסט? וועט איר
מיר ענטפערן: די שקלאַפן זיינען אונדזערע.
נו, ענטפער איך אייך אויך: דאָס פלייש דאָס פונט,
וואָס איך פאַרלאַנג פון אים, איז אָפּגעקויפט

זייער טייער, און איך וויל עס האָבן.
אויב איר זאָגט דאָס מיר אָפּ, דאַן זאָג איך,
איך שפּיי אויף די געזעצן אייערע!

נישטאָ קיין קראַפּט אין די געזעצן פון װענעדיק.

איך װיל גערעכטיקייט. איצט ענטפערט: כ'װעל זי האָבן?"

שײלאָק פאָדערט נאָר, װאָס עס קומט אים לויטן געזעץ, װעלכעס זײ אַלײן, זײנע שונאים, האָבן געמאַכט. נעמען באַצאָלט פון אַ בעל־חוב מיטן פלײש פון זײן קערפּער איז אין די אַלטע צײטן געװען אַ גאַנץ לעגאַלע זאַך. לויטן שטרענגן רוימישן געזעץ פון „די צװעלף לוחות" האָט אַ בעל־חוב געהאַט אַ רעכט צו שנײדן אויף שטיקער דעם, װאָס האָט בײ אים געבאָרגט געלט, אָן שום רעזערװאַציעס פאַר דער מאָס פלײש, װאָס ער האָט בײ אים געצאָלט אויסשנײדן. די קלוגע פּאָרשיאַ געװינט איר פּראָצעס ניט מיט אָפּנהאַרציקייט און גלײכקײט, װי עס האַנדלט שײלאָק אין זײן פאָדערונג. זי קומט אים בײ בלויז דורך לעגאַלע שפּיצלעך, מיט באַהאַלטענע דרײדלעך, דורך אַ פאַרשטעלטן אײנפאַל, װאָס כאַטש ער העלפט אויפבינדן דעם טראַגישן קנופּ, און באַפרײט אַנטאָניאָן, דעם פרײנט פון איר מאַן, לאָזט ער אָבער איבער דעם אָפּנהאַרציקן צושױער מיט אַ מאָדנע שװער געפיל. דעם צושױערס, װי זיכער שעקספּירס, סימפּאַטיע איז ניט אויף דער איבערגעשפּיצטער פּאָרשיאַס, נאָר אויף דעם געפּײניקטן שײלאָקס זײט.

הײנריך הײנע דערצײלט װעגן אַ פּאַסירונג בשעת אַ שײלאָק־פאָרשטעלונג אין לאָנדאָן: „װען איך האָב דאָס שטיק געזען אין „דרורי לײן טעאַטער", איז אין לאָזשע הינטער מיר געשטאַנען אַ בלײכער, בלאָנדער ענגלענדער, און בײם סוף פון פערטן אַקט האָט ער זיך לײדנשאַפטלעך צעװײנט, אויסרופנדיק עטלעכע מאָל: „דער אָרעמער מאַן איז באַעװלט". ס'איז געװען אַ פּנים פון דעם נאָבלסטן גריכישן סטיל, און די אויגן זײנען געװען גרויסע און שװאַרצע. איך האָב קײנמאָל ניט געקאָנט פאַרגעסן די גרויסע און שװאַרצע אויגן, װאָס האָבן געװײנט פאַר שײלאָקן".

און ס'איז אויך ביז גאָר אינטערעסאַנט הײנעס אַרגומענטאַציע קעגן די, װאָס װילן זען אין שײלאָק סמנים פון שעקספּירס כלומרשטער אַנטי־סעמיטישקײט: „װאו איז דאָ (אין „סוחר פון װענעדיק") די קריסטלעכע ליבע? װאָרהאַפּטיק, ס'װאָלט געװען אַ סאַטירע אויפן קריסטנטום, אויב שעקספּיר װאָלט בדעה געהאַט עס פאַרצושטעלן אין די פּערזאָנען, װאָס זײנען שײלאָקס שונאים, און װעלכע האָבן קוים די װערט אויפצובינדן די בענדלעך פון זײנע שיך. דער פּחדנותדיקער אַנטאָניאָ באַצאָלט קײנמאָל ניט שײלאָקן זײנע דרײ טױזנט דוקאַטן. דאָס נעמלעכע דער געלטגײציקער באַסאַניאָ. לאָרענצאָ װאָלט אונטערן פּרײסישן געזעץ פאַרמשפּט געװאָרן צו 15 יאָר תפיסה פאַר זײן מיאוסער אײנברעכערײ אין יידנס הויז.

די אַנדערע נאָבעללייט, וואָס האָבן אַליין ניט פיינט קיין געלט, שלאָגן ניט אָן אַ פינגער אָן אַ פינגער צו קומען צו הילף אַנטאָניאָן, ווען ער איז אין אַ צרה, כדי אויסצומיידן זיין פּראָצעס מיט שיילאָקן. אָבער אויף שיילאָקן וואַרפן זיי זיך אַרויף פאַר זיין ניט וועלן מוחל זיין זיין חוב און די באַליידיקונגען. זיי האָבן דאָך אַזוי לייכט דאָס אַלץ געקאָנט אויסמיידן".

ס'ווילט זיך בלויז פאַרענדיקן מיט די ווערטער פון פּראָפעסאָר י. וו. האַלעס וועגן „סוחר פון ווענעדיק": „דער קריסט וואָס קוקט זיך אָפּנ־האַרציק צו צו דעם ווערק, וועט ניט געפינען קיין סך סיבות צו זיין שטאָלץ אָדער אויסלאַכן, נאָר זיך שעמען און טרויעריק זיין".

וואָס איז זייער שטאַרק כאַראַקטעריסטיש פאַר שעקספּירן אין יענעם גאָלדענעם פעריאָד ווען ער שרייבט זיינע גליקפולע קאָמעדיעס, ברויזנדיקע ליבעס ראָמאַנסן און די ערשטע האַרץ־פאַרכאַפּנדיקע דראַמעס, איז די וואונדערלעכע, אומפאַרגלייכלעכע גאַלעריע פון יונגע פרויען, וואָס ער האָט דעמאָלט געשאַפן. די פרוי, וואָס האָט אין דער עליזאַבעטישער, ווי בכלל אין דער גאַנצער רענעסאַנס־ליטעראַטור, אָנגעהויבן צו פאַרנעמען אַזאַ וויכטיק אָרט אַלס די, וועלכע ברענגט אַריין אַזוי פיל שיינקייט אין אונזער דאַזיין; די פרוי מיט איר גאַנצער חשיבות אַלס מענטש, וואָס באַרייכערט אונדזער לעבן סיי מיט ליבע, איבערגעבנקייט, פּונקט ווי מיט אייפערזוכט און נקמה, און איז ניט—ווי מ'האָט געגלויבט אין מיטלאַלטער — בלויז אַ שליח פון שטן צו פאַנגען דעם מאַנס נשמה — די פרוי האָט ביי שעקספּירן איבערהויפּט געפונען איר פולסטן און שענסטן אויסדרוק. אָבער אין זיינע פריערדיקע, ערשטע פּיעסן כאַפּן זיך נאָך אַרויס צווישן זיינע פרויען־פיגורן אַזעלכע, וואָס זיינען האַרט און בייז, און וואָס מאַכן שווער דאָס לעבן. זיי זיינען פאַרעלטערט, אייפערזיכטיק, אומגעדולדיק, און האַלטן כסדר אין איין יאַדען. אַזאַ למשל איז אַדריאַנאַ אין דער „טעות־קאָמעדיע", וועלכע דערמאָנט אפשר אַזוי גוט אָן זיין אייגן ווייב, וואָס ער האָט איבערגעלאָזט אין סטראַטפאָרד. אַזאַ איז צום טייל אויך קאַטערינע אין דער „צוימונג פון דער משרעת". אין דער ערשטער צייט זאָגט ער נאָך אַזוי עמפאַטיש אין זיין „טעות־קאָמעדיע", אַז „די גיפטיקע עסערייען פון אַן אייפערזיכטיקער פרוי, פאַרסמען טויטלעכער ווי דער ביס פון אַ משוגענעם הונט".

איצט אָבער שטראָמט עס פון אים מיט פרייד און גליקלעכקייט, און זיינע פרויען־טיפּן זיינען יונג, שאַרמאַנט, וויציק. זיי זיינען לויטער ווי זיין שטימונג, גאָלדיק ווי זיין הויך־שטייגנדיקע העלע זון. איצט איז ער

זיכער פאַרליבט, און זיין מאָלן פרויען איז אַן אויסברוך פון זיין באַוואונ־דערונג פון זייער עלעגאַנץ און חן. אַזוי זיינען די ביז צו זעלבסטפאַר־געסנקייט ליבהאַבנדיקע דזשוליעט; די שטיפערישע, מיט וואַלד און פרישקייט־שמעקנדיקע ראָזאַלינד; און די לײדנשאַפטלעכע, לעבנסלוס־טיקע העלענאַ און טיטאַניאַ. יעדע פון זיי האָט איר אינדיווידועלן כאַ־ראַקטער, אָבער אַלע זיינען זיי לעבנסקלוג, צאַרט, וויציק. זיי רופן תמיד אַרויס צוטרויען און באַוואונדערונג. און מיט וואָס פאַר אַ הערלעכע פאַרבן מאָלט ער זיי. וואָס פאַר אַ זינגענדיקע שפּראַך נוצט ער זייערע פינקלענדיקע, שפּרודלענדיקע כאַראַקטערס אַרויסצוברענגען. און וואָס פאַר אַ פּערלדיקע שפּראַך לאָזט ער זיי אַליין ריידן, ווען זיי שוימען איבער מיט זייער יונגפרויענלעכן רייץ און פאַרפירערישקייט. פּונקט אַזוי ווי מענעריש שטאַרק, ליריש צאַרט, פילאָזאָפיש שאַרפזיניק עס ריידן זיינע העלדן ריטשאַרדס, ראָמעאָ, אָבעראָן, טעזעאוס און זשאַק. די אַלע קעמפער, פאַרליבטע און גריבלער, מיט וועלכע עס זיינען פול זיינע יענע־צייטיקע שטיקער.

קיינמאָל פריער האָט דאָס פּאָעטישע וואָרט ניט געקלונגען אַזוי מע־לאָדיש־כישופדיק אין די מיילער פון לעבעדיקע העלדן, וואָס האָבן באַ־טראָטן די בינע פון עליזאַבעטישן טעאַטער. אין אַ צייט ווען דאָס טעאַ־טער האָט גענומען דאָס בעסטע פון אירע פּאָעטן, און די דראַמע האָט זיך אויסגעצייכנט מיט פיינער פּאָעזיע און גלענצנדיקער פּראָזע, האָט שעקס־פּירס דיכטערישע מוזע אים דערהויבן הימל־הויך איבער זיינע מיטצייט־לער. ער האָט טאַקע אַ סך געלערנט פון מאַרלאָון ווי אַזוי פּרייצולאָזן זיין פּאָעטישן שוואונג אין לײדנשאַפטלעכער טראַגעדיע; ער האָט טאַקע שטאַרק זיך באַאיינפלוסט מיט ליליס געפליגלטער עלעגאַנץ אין דער לייכטמוטיקער קאָמעדיע, אָבער ער האָט זיי ביידן, ווי אַלע איבעריקע קאָלעגן זייערע, איבערגעלאָזן ווייט הינטער זיך. ער האָט זייערע אויס־געצייכנטע אייגנשאַפטן דערפירט ביז דער העכסטער פולקאָמענהייט. די שלימות האָט ער דערגרייכט סיי ווען ער באַנוצט זיך מיט גערייםטער פּאָעזיע, סיי ווען ער קומט אָן צו דעם באַנייטן איינפיר פון בלאַנקן פערז, אָדער אַפילו ווען ער לאָזט, אין די שפּעטערדיקע פּיעסן, ריידן זיינע העלדן זיין קראַפטפולע, דערהויבענע פּראָזע. אויב ווייסער פערז איז שוין פריער געהאַט באַנוצט געוואָרן אין טראַגעדיע פאַר דעם עולם פון די עפנטלעכע טעאַטערס נאָך אין אָנהויב פון דער עליזאַבעטישער צייט, און איז בלויז דורך שעקספּירן דערפירט געוואָרן צום העכסטן הויך אַלס דראַמאַטישער מעדיום, איז אָבער דאָס באַנוצן זיך מיט ריינער פּראָזע אין פּיעסן פאַרן

אַלגעמיינעם פּובליקום געווען כמעט איבגאַנצן זיין אויפטו. דזשאָן לילי האָט געגוצט פּראָזע בלויז אין זיינע אַרטיפיציעלע קאָמעדיעס פון די הויף־אויפפירונגען. פאַרן אַלגעמיינעם עולם האָט מען, בדרך כלל, געשריבן אין ריימען.

שעקספּיר האָט דער ערשטער באַוויזן ווי פּלאַסטיש און אויסדריקלעך ריטמישע פּראָזע קאָן זיין. אין די ערשטע פּיעסן זיינע האָט ער זיך טאַקע כמעט אויסשליסלעך באַנוצט מיט געריימטער פּאָעזיע, אָבער וואָס רייפער עס איז געוואָרן זיין טאַלאַנט אַלס דראַמאַטיקער, אַלץ מער באַפרייט ער זיך פון דעם מעטאָד. ווען זיין עמאָציע צעשפּילט זיך, נוצט ער נאָך בלאַנקן פערז, וואָס אָט צעזינגט ער זיך מיט די שענסטע טרעלן פון דער נאַכטיגאַל, און אָט צעדונערט ער זיך מיט דער פאַרכאַפּנדיקער קראַפט פון אַ מעכטיקן וואַסערפאַל. אין די לייכטערע סצענעס אָבער, פּונקט ווי ווען ער וויל אויסדריקן פּשוטן דראַמאַטישן אמת, הייבט ער גאַנץ גערן אָן צו נוצן זיין מוסטערהאַפטע פּראָזע.

איבערהויפּט טיילט שעקספּיר איין די נאַטירלעכע, לעבנס־טרייע פּראָזע פאַר זיינע פאַרשיידענע קלאָונען און קאָמישע פּערזאָנען, וועלכע זיינען אַלע מערסטנס פּשוטע פאָלקס־מענטשן, דינער און באַלמעלאָכעס. זייערע רייד זיינען פאַר דער עליזאַבעטישער בינע געווען אַזוי אָנציענדיק ניי און פאַרביק־אינטערעסאַנט, פּונקט ווי זיי אַליין זיינען עס געווען. שעקספּיר האָט, סיי אין זיינע קאָמעדיעס, און סיי נאָך מער אין זיינע ערנסטע דראַמאַטישע שטיקער, אַריינגעפירט אַזאַ נייע גאַלעריע פון שפּאַסמאַכערס, קלאָונען און געלעכטער־שאַפערס פאַר דער אַזוי־גערופענער „קאָמישער דערלייכטערונג", אַז דער טעאַטער־עולם איז געווען פאַרכאַפּט.

שעקספּיר וואָלט ניט געווען דער גרויסער גאון, און דער טיפסטער פאַרשטייער פון דער מענטשלעכער נשמה,ווען ער וואָלט ניט אימשטאַנד געווען אויפצופאַסן דאָס לעבן אין זיין גאַנצער אַלזייטיקייט; פול מיט געלעכטער, הומאָר און גראָטעסק, אַזוי גוט ווי מיט טראַגיזם, טרויער און עלנט. פּונקט ווי אין דער דראַמע אַנטפּלעקט ער אַלע קאָמפּליצירטקייטן פון מענטשלעכן האַרץ — שרעק, האָפענונג, גלויבן, באַטרוג, טרייקייט און איבערגעבנקייט, אַזוי זעט ער אויך די קאָמישע זייטן פון לעבן — נאַרישקייטן, היפּאָקריזם, באַרימעריי, פּוסטע גאווה, לצנות־טרייבעריי, איינ־ריידעניש, שטות און שוואַכקייטן. דאָס אַלץ ברענגט ער אַרויס אין די פאַרשיידענע טיפּן פון זיינע קלאָונען, לצים, נאַרן און וואַגאַבונדן. אַ סך מאָל גייען די צוויי פאַרשיידענע, ערנסטע און קאָמישע, און אַפילו

קעגנגעזעצטע, טראַגישע און גראָטעסקע כאַראַקטערן, זייט־ביי־זייט. זיי דערגענצן זיך איינער דעם צווייטן. דערמיט האַלט זיך שעקספּיר טריי צום לעבן. מיט דעם איז ער טריי צו דער נאַטור, וואָס טיילט אויך קיינמאָל שאַרף ניט אָפּ דאָס טראַגישע פונעם לעכערלעכן. אָבער שעקספּירס הומאָר איז שטענדיק נאָענט צו אונדזער האַרץ; ער איז תמיד ליבלעך־סימפּאַטיש. מיר ווערן צוגעצויגן און קוועלן־אָן פון זיינע נאַראָנים, אַרומשלעפּערס און ליבע אויסוואורפן. דאָס געלעכטער, מיט וועלכן מיר לאַכן־מיט מיט זיינע לצים באַפרייט אונדז תמיד פון די שווערקייטן, וואָס קנוילן זיך צוזאַמען אין אונדזערע הערצער, בשעת מיר לעבן־מיט מיט דעם גורל פון זיינע דראַמאַטישע העלדן. סיי עס איז אַ לייכטמוטיקער געלעכטער, סיי עס איז אַ געלעכטער אַ טראַגישס, אַ געלעכטער דורך טרערן, עס באַלאַנסירט שטענדיק אין אונדז אונדזער געפיל פון אָנגעשטרענגטקייט און שפּאַנונג, מיט וועלכע מיר נעמען אויף די דראַמאַטישע פּאַסירונגען אין זיינע ווערק. אַ סך מאָל העלפן די הומאָריסטישע און אַפילו גראָטעסקע עפּיזאָדן נאָך מער צו פאַרשטאַרקן, און נאָך בולטער אַרויסצוברענגען דעם דראַמאַטישן עפעקט. אַ טראַגישער מאָמענט ווערט נאָך דערהויבענער, ווען ער ווערט באַשטראַלט מיט דער שיינקייט פון אַ ליכטיקן שמייכל.

דאָס מישן קאָמעדיע מיט טראַגעדיע איז געווען אָנגענומען אין עליזאַבעטישן טעאַטער נאָך פאַר שעקספּירן. דער עולם איז נאָך אַלץ געווען געוואוינט און האָט געבענקט נאָך זיינע אַמאָליקע קלאָונען, וואָס פלעגן זיי אַמוזירן אין דעם רעפּערטואַר פון די וואַנדערנדיקע וואַגאַבונדן־שוישפּילערס. טראַגעדיע איז נאָך, פאַרהעלטענישמעסיק, געווען אַ נייעס. האָט מען געמוזט מאַכן אַ פּשרה, אַז אַפילו די דראַמאַטישע פּיעסן זיינען געווען איבערגעפלאָכטן מיט בורלעסקער קאָמעדיע. מען האָט אַפילו, ווי שוין פריער דערמאָנט, אַריינגעפּירט אין די פּיעסן אַקראָבאַטן, טענצערס און פעכטערס, כדי צו באַלעבן די האַנדלונג. און דאָס פובליקום האָט די איינפירונג זייער גערן אויפגענומען. דאָס עליזאַבעטישע פובליקום, ווי אַלע רענעסאַנס־מענטשן, זיינען געווען ליידנשאַפטלעך גיריק צו הערן פיינעם וואָרט־שפּיל אויף דער בינע. זיי האָבן זיך געקאָכט פאַרשיכורן מיט פּאַטעטישע טיראַדן און געפליגלטער אָראַטאָרישקייט. אָבער פונקט אַזוי גיריק זיינען זיי געווען צו הערן שאַרפזיניקע הלצות, און אַפילו גראָב־קאָמישע ווערטלעך. פונקט ווי מיט דער זעלבער געשפּאַנטקייט האָבן זיי נאָכגעפאָלגט די פאַרשיידענע דועל־סצענעס, באָקס־געראַנגלען, שווערד־געפעכטעריי, און מלחמה־בילדער, וואָס זיינען געווען אַ וויכטיקער טייל פון

כמעט אַלע פּיעסן. אָבער בשעת אין פֿריערדיקן, פֿאַר שעקספּירישן רעפּערטואַר, זיינען די קאָמישע און ערנסטע געווען צוויי פֿאַרשיידענע טיילן, וואָס האָבן זיך ניט באַרירט איינס דאָס אַנדערע, און זיך ווינציק וואָס אָנגעגאַנגען, האָט שעקספּיר באַוויזן איבערצושטייגן זיינע פֿאָרגייערס מיט דעם, וואָס ער האָט די ביידע צוזאַמענגעוועבט אין איין אָרגאַנישן טייל. אין זיינע ערשטע פּיעסן האָט שעקספּיר אַליין נאָך אַפּילו צוויי פּערזאָנאַלן פֿאַר דעם ערנסטן און קאָמישן טייל פֿון אַ שטיק. שפּעטער אָבער ווערן די ביידע פּערזאָנאַלן צוזאַמענגעמישט. סיי די ערנסטע און סיי די קאָמישע פּערזאָנען ווערן די שאַפֿער פֿון איין אָרגאַנישער האַנדלונג. אָבער אויך בנוגע איינצלנע קאָמישע פּערזאָנאַזשן האָט שעקספּיר ווייט אַריבערגעשטיגן זיינע פֿאָרגייערס. זיינע קלאָונס זיינען שאַרף און אויסגעשפּראָכן. זיי שטעלן זיך ניט אָפּ צו באַנוצן אַפּילו די אָפּנסטע דערבערייד. און ווען זייער חשק צו אַמוזירן דעם עולם ווערט גאָר גרויס, העלפֿן זיי זיך אַפּילו אַרויס מיט אַ קופּלעט, אָדער גאָר אַ סענטימענטאַל לידל.

אַזוי האָט שעקספּיר געשאַפֿן זיין גאַנצע האַרציקע גאַליאַסטרע פֿון וואַגאַבונדן, קעשענע־גנבים, האַנטווערקער און פּשוטע פֿאָלקס־מענטשן, וואָס זיינען אַזוי לעבעדיק, שקאָציש, פֿילאָזאָפֿירנדיק און לוסטיק, ווי די צייט זיינע איז געווען קאָלירפֿול און טומלדיק. אַזוי איז זיין קאָנסטיבל דאָגבערי, מיט זיין שוואַכקייט צו אימפּאָנירן, ווען ער נוצט „הויכע" ווערטער, וואָס קלעפּן זיך ווי אַן אַרבעס צו דער וואַנט. אַזוי איז זיין מאַלוואָליאָ, דער אָנגעצויגענער איינגערעדטער שוטה, וואָס נעמט זיך אַליין אַזוי ערנסט, גלייך ווי די זון און די לבנה וואָלטן נאָר צוליב אים אויפֿגעגאַנגען. אַזוי איז זיין פּיסטעל, אָט דער שקאָצישער וואַגאַבונד, וועלכער ליגט כסדר איבער אין די טעאַטערס, און האָט פֿון דאָרט איבערגענומען די אַקטיאָרישע באָמבאַסטיק, וואָס באַקומט אין זיין מויל אַ באַזונדער קאָמישע באַדייטונג. אַזוי איז זיין גוטמוטיק־נאַאיווער און שטאַרק אַמביציעזער באָטאָם, דער וועבער, וואָס רעדט זיך איין, אַז ער קאָן אַלץ טאָן און שפּילן אַלע ראָלן אין דער בורלעסקער אינטערלוידע פֿון „מיטזומערנאַכט־חלום". און אַזוי איז אויך זיין רירנדיק־פּאַטעטישער און טראַגיש־קלוגער לץ, וואָס ער שאַפֿט שפּעטער אין „קעניג ליר". זיין העכסטע הויך אָבער דערגרייכט שעקספּיר אין דעם זיכער קאָמישסטן טיפּ, וואָס דער אַלוועלטלעכער טעאַטער־רעפּערטואַר קאָן אָנווייזן, אין — פֿאַלסטאַף. אָט־דער פֿעט־לייביקער אַלטער אַרומשלעפּער, פֿוילענצער, שיכור און באַרימער, וואָס הערט ניט אויף אַרויסצורופֿן די הייטערסטע געלעכטערס אין משך פֿון די הונדער־

טער יאָרן זייט ער טרעט אויף די ברעטער פון דער וועלט־בינע, און ווע־מען מיליאָנען טעאַטער־באַזוכער אין אַזוי פיל לענדער האָבן תמיד מיט ליבשאַפט צוגעדריקט צו זייערע הערצער.

ניט אומזיסט האַלט מען פאַלסטאַפן פאַר דער גרעסטער קאָמישער טעאַטער־פיגור, וואָס איז ווען געשאַפן געוואָרן. פאַלסטאַף איז אַ קינסט־לערישער געמיש פון ליגנער, ערנמאַן, פחדן און העלד. און ניט אומזיסט איז פאַלסטאַף איינע פון די באַליבטסטע בינע־פיגורן, וועמענס באַרימעריי, חוצפה און אַפילו גנבה, רופן ניט אַרויס קיין ווידערווילן, קיין קעגנער־שאַפט, נאָר פאַרקערט — סימפּאַטיע און נאָענטקייט. עס העלפט אים אין דעם אַרויס דאָס, וואָס אַט־דער ווייס־קעפּיקער זקן שפרודלט מיט פרייד און יוגנט פון לעבן. דער דיק־לייביקער, שווערער עגאָאיסט איז פלינק און געשיקט, ווען עס קומט צו פאַנטאַזיע און פאַרשטעלונגס־קראַפט. זיין שכל־הישר באַשיצט אים אויסגעצייכנט קעגן זיין פחדנות. פאַלסטאַף איז טאַקע אַ שיכור, אַ בעל־תאווה, אַ בעטלער און אַ טרוס. זאָגן ליגן און גנבענען זיינען ביי אים ניט פון די שרעקלעכסטע עבירות. אָבער טיף אין דער נשמה איז ער ניט פאַרדאָרבן. זיינע באַרימערייען און גוזמאות זיינען ביי אים אַ מין פאָסיקער אופן, דורך וועלכן ער לעבט אויס די גאַנצע שפע פון זיין לעבנסלוסטיקער ענערגיע. ער זאָגט ליגן צוליב דער רייכ־קייט פון זיין פאַנטאַזיע, און נאָך מער ווייל ליגן מאַכט גרינגער דאָס לעבן, און העלפט פאַרגעסן די שווערקייטן, וואָס לויערן אויף דעם מענטש אויף יעדן טריט. ער זאָגט אויך אַ סך מאָל ליגן כדי אויפצורעגן זיינע קעגנער, און האָבן אַ געלעגנהייט צוריקצושלאָגן זייערע אָנפאַלן, וועלכע זיינען פאַר אים אַ לעבנסנויטיקייט. אָבער אַלע זיינע „פאַרברעכנס" פירט פאַלסטאַף דורך מיט אַזאַ גוטן מוט, און מיט אַזוי פיל וויציקייט, אַז מען מוז אים מוחל זיין זיינע שוואַכקייטן, און זיך בלויז אָנטציקן מיט זיינע שפּאַסיקע שטיפערייען. ס'איז דאָ אַזאַ פריי־האַרציקע, פריידיקע בראַוואַדאָ אין דעם אופן ווי אַזוי ער אַטאַקירט זיינע קעגנער. אין וואָס פאַר אַ שווערער לאַ־גע ער ווערט אַריינגעבראַכט, אַלץ גרעסער ווערט זיין דערפינדערישקייט: אַלץ שטאַרקער זיין לוסט זיך אַרויסצודרייען אויף אַ חוצפהדיקן, גרויס־האַלטערישן אופן. אין דעם זין איז פאַלסטאַף שוין גאָרניט פויל. ער לייגט אַריין אַזוי פיל ענערגיע אין זיין ליגן זאָגן. קיינער וועט אים ניט בייקומען אין אַ ווערטער־שלאַכט. ער מאַכט אַזעלכע אָנשטרענגונגען ווען ער דאַרף באַהאַלטן זיין פחדנות. ער איז אַ קינסטלער אויסצונוצן יעדע סאָרט לאַגע פאַר זיין אייגענער טובה וועגן. און ווען מען מיינט, אַז מען האָט אים שוין גאָר צוגעדריקט צו דער וואַנט, און ער האָט שוין ניט מיט

וואָס צו פאַרענטפערן הלמאי ער אַנטלויפט אין ערשטן מאָמענט ווען עס ווייזט זיך אַן אמתע סכנה, דרייט ער זיך קלוג אַרויס:

„דער געשייטסטער טייל פון טאַפּפערקייט
איז פאַרזיכט".

ס'איז דאָ אַזוי פיל ליבער חן אין אַלעם וואָס פאַלסטאַף טוט, און אין אַלעם וואָס ער זאָגט, אַז עס ווילט זיך אים וואַרעם אַרומנעמען, ווען אין דער שפּאַסיקער סצענע מיט זיין פּראָטעזשירער און באַוואונדערער, פּרינץ הערי, דעם שפּעטערדיקן הענרי דער 5טער, זאָגט ער ווענן זיך אַליין:

„אויב צו זיין אַלט און פריילעך זאָל זיין אַ זינד, דאַן איז בישט איין אַלטער שענק־ווירט, ווען איך קען, פאַרדאַמט. אויב צו זיין פעט מיינט צו זיין פאַרהאַסט, דאַן מוזן פּרעהס מאָגערע קי געליבט זיין. ביין, מיין גוטער הערי, פאַרטרייב פון זיך פּעטאָן, פאַרטרייב באַרדאָלפן, פאַרטרייב פּאַינסן, אָבער דעם ליבן זשאַק פאַלסטאַף, גוטהאַרציקן פאַלסטאַף, אמתן זשאַק פאַלסטאַף, מוטיקן פאַלסטאַף, און נאָך מוטיקער צוליב דעם, ווייל זייענדיק וואָס ער איז, דער אַלטער פאַלסטאַף — פאַרטרייב אים ניט פון האַריס געזעלשאַפט. פאַרטרייבסטו פון זיך דעם פּלומפּן זשאַקן, פאַרטרייבסטו פון זיך די גאַנצע וועלט".

שעקספּירס דערפאָלג מיט זיין פאַלסטאַף־פיגור איז געווען אומגעהייער. דאָס פּובליקום האָט אַזוי שטאַרק געפאָדערט זייער באַליבטן שיכור, אַז ער האָט אים געמוזט אַנהאַלטן אין צוויי פּיעסן, איןביידע טיילן פון „הענרי דער 4טער". שעקספּיר האָט נאָך בדעה געהאַט אים אַריינצופירן אויך אין דעם דריטן טייל פון דער טרילאָגיע. אין עפּילאָג פון „הענרי דער 4טער" (צווייטער טייל) זאָגט ער נאָך צו, אים ווידער אַרויסצופירן אין קומענדיקן שטיק. אָבער צוליב אומבאַקאַנטע סיבות האָט ער זיין צוזאָג ניט געהאַלטן. אין „הענרי דער 5טער" לאָזט ער אים שוין מער ניט אַרויס אויף דער בינע. ער לאָזט בלויז, אַז מרס. קוויקלי, די אַלטע ווירטין פון דער שענק, וואו פאַלסטאַף האָט זיך אויפגעהאַלטן, זאָל אַנזאָגן אַז דער אַלטער, ליבער שיכור איז געשטאָרבן. שעקספּיר האָט זיך אָבער פון דער פאַלסטאַף־פיגור אינגאַנצן ניט געקאָנט באַפרייען. אויפן ספּעציעלן פאַרלאַנג פון דער קעניגין עליזאַבעט, וועלכע איז גאָר געווען אַנטציקט פון דעם טיפּ, און האָט דורכאויס געוואָלט אים נאָך ווייטער זען, ברענגט ער אים ווידער אַמאָל צום לעבן אין „די לוסטיקע ווייבער פון ווינדזאָר". דאָס שטיק איז ספּעציעל געשריבן געוואָרן לכבוד דער קעניגין, און איז צוערשט אויפגעפירט געוואָרן ביי אַ הויף־פאַרשטעלונג, וואו

מ׳האָט זיך אַזוי שטאַרק אַמוזירט איבער דעם אַלטן, וויציקן שאַרלאַטאַן, וועלכער דערקלערט זיך אין ליבע צו צוויי יונגע ווייבער. מיט דער פאַל־סטאַף־פיגור איז אויך פאַרבונדן אַ טשיקאַווע געשיכטע. אָריגינעל האָט שעקספּיר גערופן זיין גראַב־לייביקן שיכור מיט דעם קלינגענדיקן נאָמען סער דזשאָן אָלדקאַסטל, אין ווען ס׳איז ניט שווער געווען צו דערקענען אַ באַרימטן היסטאָרישן פּראָטאָטיפּ מיט דעם זעלבן נאָמען, וועלכער איז אַפילו אַ צייט געווען אַ מיטגליד אין לאָרדן־הויז. אָבער סער דזשאָנס יורשים האָבן אַריינגעבראַכט קלאָגעס קעגן אַרויספירן זייער קרוב אויף דער בינע אין אַזאַ שאַרפער פאָרם, און שעקספּיר האָט געמוזט מסכים זיין צו ענדערן זיין העלדס נאָמען פון אָלדקאַסטל אויף דעם איצט אַזוי ליבן און נאָענטן פאַלסטאַף.

שעקספּירס פּאָפּולאַריטעט איז אין יעגער צייט פון זיינע גאָלדענע קאָמעדיעס און קראָניקל־דראַמעס געווען גרויס, ניט נאָר אין קעניגלעכן הויף אָדער אין די אַלגעמיינע טעאַטערס, וואו מען האָט זיך אַנטציקט פון פאַלסטאַפּס קלוגע המצאות, פון דעם מעלאַנכאָלישן זשאַקס (אין „ווי איך געפעלט") פיינע רעזאָנירונגען, און פון ראָמעאָס געפליגלטע ליבעס־אויס־גוסן. זיין רום איז אויך געווען פאַרשפּרייט אין דער גאַנצער קולטורעלער ענגלישער געזעלשאַפט. ער האָט באַאיינפלוסט זייער רעדנסאַרט. ער האָט באַרייכערט זייער אופן פון אויסדריקן זיך. סיי אין פּריוואַטע גע־שפּרעכן, סיי אין געשריבענע בריוו איז עס דעמאָלט געווען די העכסטע מאָדע זיך צו באַנוצן מיט שעקספּירס פיין־געשליפענע פראַזן, אָדער מיט די עלעגאַנטע שפּריכווערטער פון זיינע באַליבטע העלדן.

ס׳איז ביז גאָר נויטיק זיך אָפּצושטעלן און באַטראַכטן איינע פון די וויכטיקסטע זייטן אין שעקספּירס מעטאָדע פון שאַפן. בעמלעך — ווי אַזוי האָט ער געפונען די סוזשעטן פאַר זיינע ווערק. שעקספּיר האָט קיינמאָל ניט געזוכט צו זיין אָריגינעל אין דעם אויסוואַל פון זיין שטאָף. און ווען ער וואָלט עס אַפילו געוואָלט, וואָלט ער עס זייער שווער געקאָנט באַוויזן ביי די דעמאָלסטדיקע טעאַטער־באַדינגונגען. ס׳איז שוין אָנגעוויזן גע־וואָרען, אַז צוליב דעם פּובליקומס הונגער פאַר טעאַטער איז דער פאַרלאַנג פאַר נייעם רעפּערטואַר געווען אומגעהייער גרויס. יעדעס טעאַטער האָט געמוזט האָבן אַ נייע פּיעסע כאָטש יעדע צוויי וואָכן, און מען האָט געמוזט שרייבן שנעל. מ׳האָט פאַראַרבעט פאַר דער בינע סוזשעטן פון אַלטע באַ־לאַדן און אַפילו רייזע־ביכער. אַזוי האָבן געטאָן אַלע דעמאָלטדיקע

פּיעסן־שרייבערס, און אַזוי האָט אויך געמוזט טאָן וויליאַם שעקספּיר, אויב ער האָט ניט געוואָלט פאַרשפּעטיקן צוצושטעלן אַ פּיעסע כאָטש יעדע עט־לעכע חדשים, און ניט פאַרמינערן זיין פּאָפּולאַריטעט ביים פּובליקום. מען דאַרף נאָך האָבן אינזינען, אַז שעקספּיר איז אַ חוץ דראַמאַטיקער געווען אויך אַקטיאָר און רעזשיסאָר, וואָס האָט באַדאַרפט אויפצופירן פאַר זיין טרופּע סיי זיינע אייגענע, סיי פרעמדע פּיעסן. דאָס לערנען ראָלן, שטו־דירן פּיעסן, מאַכן פּראָבן און שפּילן יעדן טאָג — אַ חוץ זיינע אויפטריטן אין קעניגלעכן הויף — דאָס אַלץ האָט געפאָדערט אַ סך צייט און מי. און ס'איז געווען גאַנץ נאַטירלעך, אַז ער האָט זיך ניט געקאָנט אָפּגעבן מיט אויסקלערן נייע סוזשעטן. ער האָט זיי, אַלזאָ, גענומען וואו נאָר ס'האָט זיך געלאָזט. ער האָט כמעט אַלע זיינע פּיעסן געבויט מיט פרעמדע מאַ־טעריאַלן, אומגעזען דערפון וואו און ביי וועמען ער האָט די דאָזיקע גע־פונען. ער האָט זיך ניט אָפּגעשטעלט אַפילו צו נעמען און אויפסניי באַ־אַרבעטן סוזשעטן, וואָס געוויסע ענגלישע און ניט־ענגלישע פּיעסן־שריי־בערס האָבן שוין פריער פאַר אים באַנוצט. מערסטנס אָבער האָט ער זיך באַנוצט מיט די ליטעראַרישע קוואַלן פון פרעמדע, ניט־ענגלישע פּאָעטן, נאָוועליסטן און כראָניקלער.

שעקספּיר האָט שטענדיק שטודירט. ער איז געווען שטאַרק באַלעזן און — ווי שוין דערמאָנט — געהאַט אַ וואונדערבאַרן זכרון. און דערצו איז ער נאָך געווען געבענטשט מיט דער גרויסער קראַפט, וואָס איז אַזוי אייגנטלעך אַלע גאונים, איינצוזאַפּן אין זיך, און אַסימילירן אַלץ, וואָס איז געקומען פאַר זיין אויג און אויער. פּונקט ווי די בלום, וואָס ציט צו זיך צו, און נעמט זיך דורך מיט די זון־שטראַלן, דורך וועלכע זי באַפאַרבט זיך מיט אירע פּראַכטיקע קאָלירן. ער האָט פאַר זיינע קראָניקל־דראַמען זיך באַנוצט מיט די ענגלישע כראָניקעס פון דעם גלח־היסטאָריקער ראַלף האָלינשעד. פאַר זיינע קאָמעדיעס האָבן אים געגוצט די ראָמאַנסן פון זיי־מיטצייטלערס טאָמאַס לאָדזש און ראָבערט גרין. שאָוסערס ריטער־דער־ציילונגען זיינען געווען פאַר אים געווינטשטער שטאָף. אָבער גאָר אַ גרוי־סע שפּע פאַר זיינע קאָלירפולע, בלוט־רייכע טראַגעדיעס און קאָמעדיע־דראַמעס האָט ער געפונען אין די איטאַליענישע ראָמאַנסן פון דזשיאָוואַני באָקאַטשיאָ (1400 י.ה.), באַנדעלאָ (1600 י.ה.), און דזשיראַלדי צינטיאָ פון פאַראַראַ, אין פּלוטאַרכס „לעבנס", אין אָווידס „מעטאַמאָרפאָזן", אין אַרי־אָסטאָס „אָרלאַנדאָ פוריאָזאָ", אין פּלאָוטוס' קאָמעדיעס, אין האָמערס מי־טאָלאָגישע דיכטונגען, אין די מיטלאַלטערלעכע פראַנצויזישע ראָמאַנצן, און ביי דעם דענישן כראָניקלער סאַקסאָ גראַמאַטיקוס. אָבער די אַלע

האָבן אים געדינט ווי בלויזער מאַטעריאַל. ווי אַ בלויזער סקעלעט, וועלכן ער האָט באַלעבט מיט נייעם פלייש און בלוט פון זיין אייגענער שאַפונג. ער האָט יעדן געבאַרגטן סוזשעט באַזעלט מיט אַ נייער פּאָעטישער נשמה, און אים באַהויכט מיט אַ ניי קינסטלעריש לעבן. ער האָט אים באַצירט מיט אַ שלל פרישע איינפאַלן און קלוגע דערפינדונגען. זיין פאַנטאַזיע איז געווען אַזוי רייך און פּרוכטבאַר, אַז זי האָט נאָר געברויכט די מינדסטע אָנרעגונג, זי זאָל זיך צעשפּילן מיט איר גאַנצער געבענטשטער צויבער־לעכקייט. ער האָט פאַרמאָגט אַזאַ שטראָמיקן קוואַל פון שאַפונגס־לוסט, וואָס האָט זיך צעפלייצט און צעזונגען ביים לייכטסטן אַרויסרוף.

אַזוי, למשל, האָט שעקספּיר זיך ניט באַדאַרפט אָנצושטרענגען און זוכן אַ סוזשעט פאַר זיין פּיעסע מיט אַ יידן וואָס פאָדערט אַ פונט פלייש פון זיין בעל־חוב. דער סוזשעט איז געהאַט דערציילט געוואָרן אין אַ סך פאָפּולערע ביכער. ער איז געזונגען געוואָרן אין פאַרשיידענע פאָלקס־באַלאַדן. ס'האָט עקזיסטירט די גאָר אַלטע באַלאַדע וועגן גערניטוס דעם ייד, וואָס מאָנט ביי אַ קריסטלעכן סוחר אַ פונט פלייש אַלס באַלוינונג פאַר אַ חוב, וועלכן יענער האָט ניט געקאָנט באַצאָלן אין צייט.

ס'איז געווען אַ צווייטע באַלאַדע „דער לאָרד פון צפון" וועגן דעם לאָרד וואָס האָט צוויי טעכטער. אַ ריטער וועלכער וויל באַקומען די האַנט פון איינער פון זיי, באָרגט געלט ביי אַ יידן, וועלכער פאָדערט עטלעכע לויט פון זיין פלייש, אויב ער וועט ניט קאָנען באַצאָלן דעם חוב אין צייט. דער ריטער האָט חתונה מיט זיין געליבטער און זיי האָבן אַ זון. אָבער אין טאָג פון צאָלן דעם חוב האָבן זיי ניט קיין געלט און מוזן אַנטלויפן קיין דייטשלאַנד צום אימפּעראַטאָר. זיי ווערן דאָרט אויפגענומען מיט כבוד. אַ צייט שפּעטער געווענט זיך איינער פון דעם אימפּעראַטאָרס הויפלייט, אַז ער וועט קאָנען וואוילגעפעלן ביי דעם ריטערס פרוי, און באַקומען איר מאָנס דימענטענעם רינג, וואָס זי טראָגט אויף איר פינגער. דורך אַן אונטערגעקויפטער דינסט קריגט ער דעם רינג. דער ריטער דערהרגעט זיין ווייב אויס איפערזוכט און ווערט פאַרמשפּט צום טויט. אין דער לעצ־טער מינוט ווערט באַוויזן די פאַלשקייט פון דער אינטריגע. דער ריטער ווערט באַפרייט און מאָנט דעם געלט־געוועט פון אינטריגאַנט. יענער איז מודיע דעם יידישן בעל־חוב וואו דער ריטער געפינט זיך. דער ייד קלאָגט צום אימפּעראַטאָר און וויל זיין פלייש־חוב. און ביים משפט שפּילט זיך אָפּ די זעלבע סצענע ווי אין „שיילאָק". דעם מיטלסטן טייל פון דער באַלאַדע, די מיטן רינג־געוועט, האָט שעקספּיר אויסגענוצט אין אַ שפּע־טערדיק שטיק, אין „צימבעלין".

אין דעם „לעבן פון פּויפּסט סיקסטוס דעם פינפטן” איז דאָ דער אינצי־דענט ווי אַ ייד, שמשון קענעדאָ, אַ וואוכערער, וועט זיך מיט דעם סוחר פּאָול סעקי, אַז אַ געוויסער קלאַנג איז פאַלש. דער ייד כאַפּט זיך אַרויס: איך לייג איין אַ פונט פון מיין פלייש אַז דאָס איז פאַלש. סעקי לייגט איין טויזנט קראָנען קעגן יענעמס פונט פלייש. ווען ס׳קומט די צייט דער ייד זאָל באַצאָלן דעם חוב, דערוויסט זיך דערפון דער פּויפּסט. ער שיקט נאָך די געוועטער. ער הייסט סעקין נעמען אַ מעסער און שניידן אַ פונט פלייש פון וועלכן אָרט ער וויל. אָבער ער וואָרנט אים, אויב ער וועט שניידן אַ לויט מער אָדער ווייניקער, וועט ער געהאַנגען ווערן. דער סוחר זאָגט זיך אָפּ פון זיין חוב אויס מורא. דער ייד איז צופרידן. אָבער דער פּויפּסט באַנוצט זיך מיט דעם אינצידענט זיי ביידן אָנצוקלאָגן און פאַר־משפּטן צום טויט, ווייל זיי האָבן קיין רעכט ניט געהאַט צו מאַכן אַזאַ גע־וועט, וואָס שטעלט אין סכנה די מענטשלעכע לעבנס פון פּויפּסטס אונ־טערטאַנען. ער באַגנעדיקט זיי אָבער שפּעטער, און זיי מוזן צאָלן צוויי טויזנט קראָנען שטראָף.

אַלזאָ, דער זעלבער סוזשעט, נאָר מיט דעם חילוק, וואָס אין דעם פאַל איז עס דער קריסט, וועלכער פאָדערט אַ פונט פלייש פון זיין יידישן בעל־חוב.

אַ געשיכטע אויף דער זעלבער טעמע ווערט געברענגט אין אַן אַלטן פּערסישן מאַנוסקריפּט. זי דערציילט וועגן אַן אָרעמען מוסולמאַנער אין סיריע, וואָס האָט געוואוינט אין שכנות פון אַ רייכן יידן. דער מוסולמאַ־נער קומט באָרגן הונדערט דינאַריס פון יידן. דער ייד, וואָס איז פאַר־ליבט אין יענעמס שיינער פרוי, פאָדערט אַלס משכון, אויב דער מוסול־מאַנער וועט אין זעקס חדשים אַרום ניט קאָנען באַצאָלן, זאָל ער האָבן אַ רעכט אויסצעשניידן ביי אים אַ פונט פלייש פון וועלכן טייל ער וועט נאָר ווילן. דער מוסולמאַנער שיקט דעם יידן אָפּ די געבאָרגטע הונדערט די־נאַריס פון אַן אַנדער שטאָט, וואו ער איז רייך געוואָרן. אָבער זיינע איי־גענע שטוב־מענטשן נעמען איבער דאָס געלט און באַצאָלן ניט דעם חוב. שפּעטער קלאָגט דער ייד אים אָן צום קאַצי. דער קאַצי הייסט דעם יידן שניידן אַ פונט פלייש, אָבער פּינקטלעך, ניט מער און ניט ווייניקער. צום סוף מוז נאָך דער ייד באַצאָלן הונדערט דינאַריס שטראָף.

ענלעכע סוזשעטן האָבן אויך עקזיסטירט אין אינדיע און אין דייטש־לאַנד.

געוויסע פאָרשער ווילן האָבן, אַז שעקספּירס „סוחר פון ווענעדיק” איז באַזירט אויף דעם איטאַליענישן בוך „איל פּעקאָראָנע” (די שאָף)

פון סער דזשיאָוואַני פּאָרענטינא, געשריבן אין 1378. דאָרט ווערט דער־ציילט וועגן אַ יונגנמאַן, דזשאַנעטאָ, וואָס וויל געווינען די שיינע ליידי, וועלכע הערשט אויף אַן אינדזל און פּאַרפירט אַלע יונגעלייט, וואָס שדכנען זיך צו איר מיטן צוועק צו קריגן איר פאַרמעגן. זי פאַרשיכורט זיי פאַרן שלאָף, באַרויבט זיי, און אויף צומאָרגנס שיקט זי זיי אָוועק פונעם אינדזל מיט לײדיקע הענט. זי באַרויבט דזשיאַנעטאָן דריי מאָל פון זיין פאַר־מעגן, וואָס ער האָט געהאַט גענומען פון זיין טויף־פאָטער אַנסאַלדאָן. כדי דאָס לעצטע מאָל ווידער צו קאָנען שיקן זיין טויף־זון צו דער ליידי, באָרגט אַנסאַלדאָ טויזנט דוקאַטן ביי אַ יידן אַ וואָוכערער, מיטן תנאי צו באַצאָלן אַ פונט פליש. ביים משפט פאַרשטעלט זיך די ליידי אַלס אַדוואָ־קאַט און באַפרייט איר געליבטנס טויף־פאָטער, ווי פאָרשיאַ טוט עס אין „סוחר פון ווענעדיק".

אַן ענלעכע געשיכטע מיטן פונט פלייש געפינט זיך אויך אין „געסטאַ ראָמאַנאָרום", אַ לאַטיינישע קאָלעקציע פאָלקס־מעשׂות און מאָנאַכישע לע־גענדעס גענומען פון אָריענטאַלישע קוואַלן. דאָרט געפינט זיך אויך די סצענע פון אויספּרובירן אַ מאַנס כאַראַקטער דורך די דריי קעסטעלעך, און דער מוסר־השכל, אַז בלויז אויסערלעכע שיינקייט האָט נישט קיין ווערט. די סצענע וועלכע איז אויסגענוצט געוואָרן אַלס צווייטער סוזשעט אין „סוחר פון ווענעדיק". פאַרשטייט זיך, אַז שעקספּיר האָט געמאַכט גרויסע ענדערונגען אין די געבאָרגטע סוזשעטן. ער האָט אין דעם שטיק, וואָס ער האָט פון זיי געשאַפן, אַריינגעבראַכט נייע פּערזאָנען און נייע סי־טואַציעס. און דער עיקר — ער האָט אויף דעם אַלעם געלאָזט שפּילן די גאַנצע שטראַלן־סימפּאַניע פון זיין רייכער, געניאַלער פאַנטאַזיע. ער האָט דעם טאָפּלטן סוזשעט, סיי דעם פון דעם טראַגישן יידן שיילאָק, און סיי דעם פון די קריסטלעכע פאַרליבטע, פאָרשיאַ און באַסאַניאָ, אַזוי צוזאַ־מענגעוועבט, אַז ס'האָט זיך באַקומען אַ מייסטערהאַפטער מוסטער פון קאָ־מעדיע־דראַמע, וואו ביידע עלעמענטן גייען האַנט־אין־האַנט.

פונקט אַזוי האָט שעקספּיר זיין סוזשעט פאַר „ראָמעאָ און דזשוליעט" געפונען אַ גרייטן אין אַן אַלט־איטאַליענישן טראַגישן ראָמאַנצער, וואָס איז געווען זייער פּאָפּולער אין פאַרשיידענע ענגלישע און פראַנצויזישע ווערסיעס. וויליאַם פּיינטער האָט אין 1567 איינעם פון די נסחאות גע־האָט אָפּגעדרוקט אין זיין אַנטאָלאָגיע „דער פּאַלאַץ פון פאַרגעניגן", וועל־כע שעקספּיר האָט זיכער געקענט. אָבער אויך אין „ראָמעאָ און דזשו־ליעט" האָט שעקספּיר אַריינגעפירט נייע סיטואַציעס און נייע פּערזאָנען.

און דער עיקר, ער האָט דעם לײדנשאַפטלעכן שפּיל פון זײַנע צוויי פאַר־ליבטע העלדן צוגעגעבן אַזאַ טראַגישע שײנקייט, און אַזאַ פּאָעטישע פּראַכט, וואָס האָט דאָס שטיק אַוועקגעשטעלט אויף דעם הויכן אָרט פון דער וועלטס שענסטע ליבעס־טראַגעדיע.

דערצו מוז מען געדענקען, אַז שעקספּיר איז ניט געווען דער אײנ־ציקער, וואָס האָט זיך צוגעאײגנט און אַדאַפּטירט פרעמדע שאַפונגען. ווי־שוין פריער אָנגעוויזן, ס׳איז געווען די צײַט פון רענעסאַנס, ווען ניט בלויז אין טעאַטער, נאָר אין דער גאַנצער ענגלישער, פּונקט ווי אין דער פראַנצויזישער ליטעראַטור איז אָנגעגאַנגען דער שוואונגפולער פּראָצעס פון אויפלעבן און באַלעבן די אַלטע קלאַסישע מוסטערן. ווען פאַר דער גרעסטער קינסטלערישער דערגרייכונג האָט זיך גערעכנט דאָס צוקומען וואָס נעענטער צו דער פּראַכט און פּערפעקטקייט פון די אַנטיקע מײַ־סטערס. שעקספּירס געלערנטערער מיטצײַטלער, בען דזשאָנסאָן — דער אײנציקער, וואָס האָט זיך אין יענער צײַט געקאָנט רימען מיט ניט קײן סך קלענערער פּאָפּולאַריטעט ווי שעקספּיר אַלײן — איז זיך אויך גאַנץ פרײַ באַגאַנגען מיט פרעמדע ווערק ווען ער האָט באַדאַרפט האָבן מאַ־טעריאַל פאַר זײַן „קאַטילין" אָדער „סעזשאַנוס". ער האָט זיך ניט אָפּ־געשטעלט צו באַנוצן מיט מוסטערן פון סענעקאַ און האָראַס. ער פלעגט כמעט איבערשרײַבן גאַנצע בלעטער זײערע, וואָס ער האָט געדענקט פון אויסנווײניק. ער האָט עס אָבער אויך געטאָן אויף אַזאַ קינסטלערישן אופן, גלײַך ווי ס׳וואָלטן געווען זײַנע אָריגינעלע שאַפונגען. בען דזשאָנ־סאָן אַלײן האָט ניט באַהאַלטן דעם פאַקט. ער האָט פרײַ אַרויסגעזאָגט, אַז „אימיטירן", זיך הינרײַסן מיט די שאַפונגען פון די אַמאָליקע גרויסע מײַסטערס, איז אומבאַדינגט נויטיק פאַר אַ פּאָעט. ער איז אָבער דורכ־אויס באַשטאַנען דערויף, אַז דער צוגעאײגנטער מאַטעריאַל זאָל קינסטלע־ריש פאַרדײַעט ווערן. און ריכטיק האָט געשריבן וועגן דזשאָנסאָנען דזשאָן דרײַדן: „ער האָט געמאַכט זײַנע רויבערײַען אַזוי אָפן, אַז מ׳קען זען ער האָט ניט מורא באַשטראָפט צו ווערן דורך קײן געזעץ. ער באַ־פאַלט אויטאָרן ווי אַ מאָנאַרך. און וואָס בײַ אַנדערע פּאָעטן וואָלט געווען גנבה, איז בײַ אים בלויז באַזיגערײַ".

בען דזשאָנסאָן איז געווען אַ מערקווירדיק אינטערעסאַנטע פּערזענ־לעכקײט. זײַן גאַנץ לעבן און טעטיקייט זײַנען אין אַ גרויסער מאָס גע־ווען צוזאַמענגעפלאָכטן מיט די פון שעקספּירן. פאַר אַ לאַנגער צײַט האָט

מען זיי געהאַלטן פאַר די צווילינג־פּאָעטן און דראַמאַטיקער פון דער עלי־זאַבעטישער צייט, כאָטש דזשאָנסאָן איז כמעט געווען דער קאָנטראַסט פון שעקספּירן. און ס'איז כדאַי זיך אויף אים נעענטער אָפּצושטעלן. בען דזשאָנסאָן איז געווען יונגער פון שעקספּירן מיט 9 יאָר. ער איז געבוירן געוואָרן אין 1573, איין חודש נאָכן טויט פון זיין פאָטער, אַ גלח. ווען בען איז צוויי יאָר אַלט געווען האָט זיין מוטער חתונה געהאַט פאַר אַ ציגל־לייגער. ער איז טאַקע שפּעטער אַ שטיקל צייט געווען אַן אַרויסהעלפער ביים שטיף־פאָטערס ציגל־לייגן. דאָך אָבער האָט ער געקראָגן אַ זייער גוטע דערציאונג. מ'האָט אים געשיקט שטודירן אין וועסטמינסטער, וואו ער האָט באַקומען אַ גרינטלעכע קלאַסישע אויסבילדונג, אויף וועלכער ער איז שפּעטער געווען שטאָלץ, און זיך מיט איר באַרימט. ער האָט אָבער געהאַט אַ זייער היציקן כאַראַקטער און אַ שטאַרק עקזאַלטירטע נאַטור. ער פלעגט ליב האָבן אונטערצוטרינקען, און איז געווען זייער קריגעריש גע־שטימט. נאָך אַלס גאָר יונגערמאַן האָט ער זיך אַנגעשלאָסן אַן דער ני־דערלענדישער אַרמיי. ער האָט אָבער פון דאָרט באַלד געמוזט אַנטלויפן, וויל ער האָט דערהרגעט אַ ברודער־סאָלדאַט אין אַ געשלעג. ער איז צו־ריקגעקומען קיין לאָנדאָן, און אין 1597 איז ער אַנגעקומען אין הענסלאָוס טרופּע, וואָס האָט קאָנקורירט מיט דער „לאָרד טשעמבערליין מענער"־טרופּע, וואו שעקספּיר האָט געשפּילט. אַנגעקומען איז ער אַלס אַקטיאָר און באַארבעטער פון פּיעסן. סוף 1598 האָט ער ווידער אַרויסגעוויזן אַ מוסטער פון זיין אַוואַנטיוריסטישן כאַראַקטער. ער דערהרגעט איינעם פון הענסלאָוס אַקטיאָרן, דעם שוישפּילער געבריעל ספּענסער. ספּענסער האָט אין אַ קריגעריי אָנגערופן דזשאָנסאָנען ציגל־לייגער. יענער האָט אים גלייך אַרויסגערופן אויף אַ דועל, אין וועלכן ספּענסער איז דערהרגעט גע־וואָרען. בען דזשאָנסאָן איז פאַרמשפּט געוואָרן צום הענגען. ער האָט אָבער, ווי דער מנהג איז דעמאָלט געווען, געפאָדערט זיין רעכט אַלס גלח, צוליב דעם וואָס ער איז געווען איינער פון די בעסטע לאַטיין־קענער אין ענגלאַנד. זיין אורטייל איז איבערגעביטן געוואָרן. מ'האָט קאָנפיסקירט זיין פאַרמעגן און אים געבראַנדמאַרקט מיט דעם אויסברענען אויף זיין גראָבן פינגער דעם בוכשטאַב „טי" (טייבאָרן תפיסה). ס'איז אַ סברה, אַז ער האָט זיך אַרויסגעדרייט פון דער תליה אַ דאַנק שעקספּירס באַמיאונגען.

שעקספּיר האָט זיך איינגיכן ווידער אַמאָל געמוזט איינשטעלן פאַר זיין יינגערן קאָלעגע. ווען בען דזשאָנסאָן האָט געבראַנגט צו דער לאָרד טשעמבערליין־טרופּע זיין ערשטע אָריגינעל־אָנגעשריבענע קאָמעדיע „יע־דער מענטש אין זיין גוטער שטימונג", און די דירעקציע האָט זיך אָפּגע־

זאָגט די פּיעסע אויפצופירן, האָט זיך שעקספּיר זייער שטאַרק באַמיט פאַר אים. סוף סעפּטעמבער 1598 איז די פּיעסע געשפּילט געוואָרן, און שעק־ספּיר אַליין האָט אין איר אָנטייל גענומען. ס׳איז אמת, דזשאָנסאָן איז שעקספּירן דאַנקבאַר געווען ביזן טויט, און האָט ביי אַ סך געלעגנהייטן אַרויסגעזאָגט זיין הויכע מיינונג וועגן אים. אָבער זיין ניט גלייכער כאַ־ראַקטער האָט אים אויך געפירט אַ סך מאָל ביטער אָנצופאַלן אויף זיין פאַרטיידיקער. ער איז געווען שרעקלעך איפּערזיכטיק אויף שעקספּירס פּאָפּולאַריטעט, און האָט ביי יעדער געלעגנהייט אַרויסגעשטעלט זיינע איי־גענע ענציקלאָפּעדישע קענטענישן פון די קלאַסיקער, אַנטקעגן שעקספּירן, וועמען ער האָט באַשולדיקט אין קענען גאָר ווייניק לאַטיין און נאָך ווייניקער גריכיש. טיף אין האַרצן אָבער האָט דזשאָנסאָן זיין עלטערן קאָ־לעגע אָפּגעשאַצט אין זיין גאַנצער גרויס, און באַוואונדערט זיין געניאַלי־טעט. אַזוי אַז נאָך שעקספּירס טויט, ווען ס׳איז שוין ניט געווען קיין אָרט פאַר קיין קינסטלערישער קאָנקורענץ, רייסט זיך ביי אים אַרויס זיין לויב־ליד (ביגעלייגט צו דער ערשטער שעקספּירישער פאָליאָ־אויסגאַבע):

„טריאומפיר, מיין בריטאַניע! האָסט זיך מיט איינעם צו באַווייזן
צו וועמען אַלע בינעס פון אייראָפּע דאַרפן זיך בוקן.
ער איז געווען ניט פון קיין יאָרהונדערט
נאָר פאַר אַלע צייטן!"

בכלל אָבער האָט שעקספּיר זיך געמיט תמיד אָנצוהאַלטן פריינטלע־כע באַציאונגען מיט בען דזשאָנסאָנען. ער האָט אים זיכער געשעצט פאַר זיין געלערנטקייט, אָבער זיך באַצויגן גוטמוטיק צו זיין שטאָלצירן דער־מיט. ס׳ווערט דערציילט, אַז שעקספּיר האָט איינמאָל באַדאַרפט זיין דער טויף־פאָטער פון איינעם פון בען דזשאָנסאָנס קינדער. דזשאָנסאָן איז גראָד געקומען אַהיים צו שעקספּירן און אים געטראָפן זייער אַ טרויעריקן. ווען בען האָט אים געפרעגט וועגן דער סיבה, האָט אים וויליאַם געענט־פערט: כ׳האָב שטאַרק נאָכגעטראַכט, וואָס פאַר אַ מתנה איך זאָל קויפן פאַר דיין קינד, און סוף־כל־סוף זיך דערטראַכט: איך וועל אים געבן אַ טוץ לאַטייניש לעפל, און דו וועסט זיי איבערזעצן... (לאַטיין איז געווען אַ געמישטער מעטאַל, ענלעך צו מעש).

דזשאָנסאָן האָט זיך גיך דערשלאָגן צום אויבנאָן אין די דעמאָלטדיקע קינסטלערישע קרייזן, און איז געוואָרן דער פירער פון די ליטעראַרישע צוזאַמענטרעפן אין דעם באַרימטן „מערמייד־איינפאַר־הויז", וואו ס׳פלעגן זיך צוזאַמענקומען די וויכטיקסטע דיכטערס, שרייבערס און שוישפילערס,

און וואו ס׳פלעגן אויסגעקעמפט ווערן אַלע דעמאָלטדיקע ליטעראַרישע און קינסטלערישע סיכסוכים צווישן דער לאָנדאָנער שרייבער־ און טעאַטער־וועלט. ביי יענע צוזאַמענטרעפן האָט דזשאָנסאָן זיכער ניט איינמאָל אויס־גענוצט צו וואַרפן זיינע שאַרפע, שניידיקע באַמערקונגען אויפן חשבון פון שעקספּירן, וועלכער האָט שוין געהאַט זיין פּאַרזיכערט אָרט אין דער קינסטלערישער מזרח־וואַנט. און ביי אַזעלכע געלעגנהייטן האָט זיך תמיד אַרויסגעוויזן דער קאָנטראַסט פון זייערע ביידנס כאַראַקטערס. דזשאָנסאָן מיט זיין מאַסיווער פיגור איז געווען שווער, טעמפּעראַמענטפול, אַנגריי־פעריש און קריגעריש. שעקספּיר להיפּוך, איז געווען לייכט, קלוג, טאַקט־פול און פאַרטיידיקונגס־פּערטיק. און ס׳איז אינטערעסאַנט אַ באַשרייבונג פון אַזאַ איינפּאַר־הויז־סצענע צווישן די צוויי קאָנקורענטן־פריינט. טאָ־מאָס פולער דערציילט אין זיין „געשיכטע פון די וויכטיקע מענער אין ענגלאַנד" (1662): „אַ סך גייסטיקע שלאַכטן זיינען פאָרגעקומען צווישן אים (שעקספּירן) און בען דזשאָנסאָן, וועלכע איך פאַרגלייך ווי אַ שפּאַנישע באַוואָפנטע האַנדלס־שיף, און אַן ענגלישע קריגס־שיף. מאַסטער דזשאָנ־סאָן, ווי די ערשטע, איז געווען געבויט אַ סך העכער אין געלערנטקייט; סאָליד אָבער לאַנגזאַם אין זיינע אַרויסטריטן. שעקספּיר, ווי אַן אמתע ענגלישע קריגס־שיף, קלענער אין לאַדונג, אָבער לייכטער אין זעגלען, האָט געקאָנט זיך קערעווען מיט אַלע שטראָמען. זיך אויסדרייען און זיך באַנוצן מיט אַלע ווינטן צוליב דער פלינקייט פון זיין וויץ און איינפאַלן".

בען דזשאָנסאָנס איפּערזוכט אויף שעקספּירן איז ניט געווען קיין אומזיסטע. נאָך מער ווי אין זייערע כאַראַקטערס האָט זיך דער קאָנ־טראַסט צווישן זיי אַרויסגעוויזן אין דעם גאַנצן אופן פון זייער שאַפן. ס׳איז געווען אַ באַקאַנטע זאַך, אַז דזשאָנסאָן פלעגט זיינע ווערק פריער אָנשרייבן אין פּראָזע, און נאָכדעם ערשט זיי פאַרוואַנדלען אין פערזן. שעקספּירס פלאַמיקער טעמפּעראַמענט אָבער האָט זיך באַטירלעכערווייז אַרויסגעריסן אין זיין שטראָמיקער, אומפאַרגלייכלעכער פּאָעזיע. אָבער דער עיקר — בען דזשאָנסאָן האָט טאַקע געקאָנט שטאָלצירן מיט דעם, וואָס ער איז גע־ווען אַזוי גוט באַהאַוונט אין די רוימישע און גריכישע קלאַסיקער. ער האָט אָבער ניט געקאָנט אַרויסברענגען קיין לעבעדיקע מענטשן. ער האָט זיך ניט געקאָנט פאַרמעסטן מיט שעקספּירן אַלס דער פּאָעט פון מענטש־לעכן האַרץ. בלויז אויף שעקספּירן האָט דער שוין־ציטירטער דרעידן געקאָנט זאָגן, אַז ער איז געווען דער „וואָס האָט פון אַלע מאָדערנע און אפשר אַלצייטיקע פּאָעטן געהאַט די גרעסטע און אומפאַסנדיקסטע נשמה. ער איז געווען נאַטירלעך געלערנט. ער האָט ניט געברויכט די שפּאַקולן

פון ביכער כדי צו לייענען די נאַטור. ער האָט אַריינגעקוקט אין זיך אַליין און האָט זי דאָרט געפונען״ . . .

יאָ, שעקספּיר האָט געהאַט די גרעסטע און אומפּאַסנדיקסטע נשמה. זי איז געווען אָפן פאַר אַלע פריידן און שטורעמען פון לעבן. אָבער נישט נאָר די איבערלעבונגען און פּיינען פון אַנדערע האָט ער געקאָנט אומפּאַסן און פאַרשטיין. ער האָט אַליין אין זיין נשמה דורכגעלעבט און דורכגעווייטיקט אַלע פריידן און ליידן, אַלע גליקזעליקע און שמערצהאַפטע ענדערונגען, צו וועלכע דאָס מענטשלעכע שיקזאַל איז אַזוי אומרחמנותדיק אונטערגעוואָרפן. זיין האַרץ האָט אַליין דורכגעפילט אַלע פריידן און פּיינען, וואָס ער האָט מיט אַזאַ מייסטערשאַפט געקאָנט אַרויסברענגען דורך זיינע העלדן. איז — וואָס לעבט ער איבער אין יענער גאָלדענער, זוניקער עפּאָכע, אונדזער יונגער, טריאומפירנדיקער פּאָעט און דראַמאַטיקער? וואָס גייט פאָר אין זיין האַרץ? ווען מען באַשענקט ער מיט דער גאַנצער שפע פון ליבע און סענסועלקייט, וואָס האָט אים באַהערשט פון זיינע פריסטע טעג, נאָך אין זיין היימישן סטראַטפאָרד, און וועלכע האָט זיך זיכער פאַרהונדערטפאַכט איצט, לעבנדיק אין דעם צענטער פון דעם בונטן, רוישיקן טעאַטער- און קינסטלער-לעבן? איצט, ווען זיינע גליקלעכע דערפאָלגן גיבן אים אַ צוטריט צו די עלעגאַנטסטע קרייזן פון דער אַריסטאָקראַטישער און הויפישער געזעלשאַפט, מיט די ראַפינירטע הויף-מענער און קאָפּ-פאַרדרייענדיקע דאַמען? אַן ענטפער אויף דעם אַלעם קאָן מען אָן ספק געפינען, ווען מיר נעמען זיך באַקענען מיט איינעם פון די אינטערעסאַנטסטע טיילן פון זיין שאַפן אין יענער צייט, מיט שעקספּירס סאָנעטן.

יענע צייט, וועלכע ווערט דאָ באַהאַנדלט, ווערט געוויינלעך אָנגערופן שעקספּירס פּאָעטישע פּעריאָדע. שעקספּירס אַלע בינע-ווערק, סיי זיינע קאָמעדיעס, סיי זיינע שפּעטערדיקע טראַגעדיעס און ראָמאַנסן, צייכענען זיך אויס מיט אַ זייער הויכער מאָס פּאָעטישקייט. אָבער אין יענע ערשטע יאָרן האָט ער נאָך, חוץ טעאַטער-שטיק, געשאַפן ריין-פּאָעטישע ווערק, זיין „ווענוס און אַדאָניס", זיין „לוקרעציא", און — די קרוין פון זיין דיכטערישער שאַפונג — זיינע סאָנעטן. פּונקט ווי זיינע בינע-דראַמעס הערן ניט אויף צו באַשעפטיקן די פּאָעטן און געלערנטע פון יעדן דור פאַר די לעצטע עטלעכע הונדערט יאָר, פּונקט אַזוי זיינען די סאָנעטן אַ קוואַל פון באַגייסטערונג פאַר די, וואָס האָבן ליב זיך צו פאַרשיכורן מיט דעם שטאַרקן געטראַנק פון ריינער, טיף-שלאָגנדיקער דיכטונג. אין דער זעלבער צייט

אָבער זיינען זיי אויך אַן אוצר פון פאָרשונג פאַר די, וועלכע ווילן אין זייער מיסטעריעזע אַנדייטונגען און פאַרוויטיקטע האַרץ־אויסגעשרייען געפינען אַ באַשייד פאַר שעקספּירס אייגענע, פּערזענלעכע איבערלעבונגען. און ווי שטאַרק אַ סך געלערנטע, און אַפילו דיכטער, זיינען אין פאַרשיידענע צייטן געווען גענייגט צו טראַכטן, אַז די סאָנעטן זיינען ניט מער ווי אַ פרוכט פון שעקספּירס קינסטלערישער פאַנטאַזיע, וואָס האָבן מיט זיין אייגן לעבן גאָרניט צו טאָן — אַזוי למשל האָבן סיי האַליוועל פיליפּס און סיי דער פּאָעט ראָבערט בראַונינג געהאַלטן, אַז מען מוז זיין זייער פאָרזיכטיק, צו וועלן באַלייכטן שעקספּירס לעבן אָדער זיין כאַראַקטער דורך זיינע ווערק — איז עס אָבער שפּעטער געוואָרן די כמעט אַלגעמיין־אָנגענומענע מיינונג, אין וועלכער עס גייען זיך צוזאַמען סיי די פּאָעטן קאָלרידזש, וואָדסוואָרט, סווינסבאָרן, און סיי די געלערנטע האַלאַם, דאַודען, פאַרניוואַל און טאָמאַס טיילער, וואָס האָט דעם שטודיום אָפּגעגעבן דאָס גאַנצע לעבן זיינס, אַז די סאָנעטן זיינען, הן אין געפיל, הן אין דער שטימונג טיף פּערזענלעך. אַז זיי זיינען — ווי וואָדסוואָרט דריקט זיך אויס — „דער שליסל צו שעקספּירס לעבן און זיין האַרץ". זיי זיינען די געשיכטע פון ליידנשאַפטלעכער פריינטשאַפט, פון תאווהדיקער ליבע, פון געבראָכענע צוזאָגן, פון ביטערן פאַרראַט, דערדריקנדיקער פאַרצווייפלונג און גליקלעכן איבערבעטן.

די מאָדע צו שרייבן סאָנעטן איז אין דער ענגלישער ליטעראַטור איינגעפירט געוואָרן נאָך אין די צייטן פון הענרי דעם 8טן, ווען די פאַרשיידענע נאָבללייט זיינען אַוועק קיין איטאַליע צו שטודירן דאָס דאָרטיקע הויף־לעבן ביי די פאַרשיידענע פּרינצן און פּויפּסטן. פּעטראַרקאָס פּראַכטפולע לירישע פּערזן, וואָס זיי האָבן פון דאָרט מיטגעבראַכט; זיינע סאָנעטן, אין וועלכע ער באַזינגט זיין צאַרטע, ריינע און האָפענונגסלאָזע ליבע פאַר דער פאַרהייראַטער הויף־דאַמע לאורא דע סאדע, זיינען געוואָרן דער מוסטער אויסצודריקן טיף־דורכגעלעבטע, יאושדיקע אָדער גליקלעכע דערפאַרונגען. שפּעטער האָט דער ענגלישער פּאָעט פיליפּ סידנעי איינגעפירט די מאָדע פון סאָנעטן־רינגען, אָדער ציקלען, ווען ער האָט אין זיינע איבער הונדערט סאָנעטן באַזונגען זיין אומגליקלעכע ליבע צו פּענעלאָפּע דעווערא, דעם אוירל פון עסעקס׳ שיינער טאָכטער. סידנעיִן האָבן נאָכגעטאָן לאָדזש, פלעטשער, דרעיטאָן און ספּענסער, ווען זיי האָבן געשריבן זייערע סאָנעטן־קראַנצן. גאַנץ ענגלאַנד — ווי פראַנקרייך — איז אין עליזאַבעטס צייט געווען אַרומגעכאַפּט מיט דעם איינפיר צו שרייבן סאָנעטן־ציקלען, וואָס זיינען געווידמעט מערסטנס אַ ווירקלעך־

דורכגעלעבטער פּאַסירונג. און ס'איז זיכער, אַז שעקספּירס סאָנעטן־ציקל איז אויך געווען אַ רעזולטאַט פון פּערזענלעכע איבערלעבונגען, וואָס זיי־נען מסתמא פאַרשענערט געוואָרן דורך זיין קינסטלערישער אימאַזשינאַ־ציע. אַ סך יאָרן האָט מען געמיינט, אַז די סאָנעטן זיינען אינספּירירט געוואָרן דורך אַ פרוי, אַ געליבטער. (דר. סואל און גילדאָן אין 18טן י.ה.). אַנדערע האָבן געדענקט, אַז זייער אינספּירירערין איז געווען די קעניגין עליזאַבעט (טשאַלמערס אין 1779). נאָכדעם האָט דער געלערנטער מאַ־לאָן און זיין קרייז (1780) געהאַלטן, אַז זיי זיינען געשריבן געוואָרן צו אַ מאַן, מר. וו. ה. אַ סך האָבן דעריבער געדענקט — צווישן זיי אויך היינ־ריך היינע — אַז ס'וואָלט געזונטער געווען פאַר שעקספּירס רעפּוטאַציע, ווען די סאָנעטן וואָלטן ניט געווען געשריבן געוואָרן, ווייל מ'האָט אים חושד געווען אין אוממאָראַלישקייט. שפּעטער אָבער איז קלאָר פעסטגע־שטעלט געוואָרן, אַז די ערשטע 126 פון די 154 סאָנעטן זיינען אינספּי־רירט דורך אַ יונגן מאַן, די איבעריקע דורך אַ פרוי, די אַזוי־פיל באַזונ־גענע טונקעלע דאַמע.

אין קורצן איז דער אינהאַלט פון די סאָנעטן אַזאַ: דער אויטאָר האָט געהאַט אַ פריינט, צו וועמען ער איז געווען שטאַרק צוגעבונדן און אים ליב געהאַט, ווי נאָר מ'האָט אין יענער רענעסאַנס־צייט זיך געקאָנט פאָרשטעלן די איבערגעגעבנקייט פון צוויי מענער־פריינט. דער פריינט איז פון הויכן אַדל, יונג און שיין. אין דער זעלבער צייט איז דער דיכ־טער שטאַרק פאַרליבט אין זיין אייגענער געליבטער, אַ בילד־שיינע פאַר־פירערישע אַריסטאָקראַטקע, וואָס שפּילט זיך מיט זיינע געפילן און פּיי־ניקט אים אומאויפהערלעך. עס קומט פאַר אַ קליינע דערווייטערונג צווישן פּאָעט און זיין פריינט, ווייל ער איז אייפערזיכטיק פאַר וואָס יענער שענקט זיין אויפמערקזאַמקייט און זיין פּאַטראָנאַזש אַ צווייטן פּאָעט. ער בעט זיין געליבטע זי זאָל זיך פאַר אים איינשטעלן און אים איבערבעטן מיט זיין פריינט. אָבער אַנשטאָט דעם, פאַרפירט זי גאָר אַ פאַרהעלטעניש, און באַטריגט אים מיט זיין געליבטן פריינט. דער פּאָעט ליידט שרעקלעך דערפון, וואָס ער מוז ביידע פאַרלירן. אָבער נאָך אַ צייט בעט ער זיך איבער און איז מוחל זיין פריינט. געטריי צו דער טראַדיציע פון רענע־סאַנס, וואָס האָט געהאַלטן, אַז אמתע מענער־פריינטשאַפט איז איבערגע־געבענער, דערהויבענער און ריינער ווי די ליבע צו אַן אַפּנאַרערישער פרוי.

איז ווער זיינען זיי די צוויי, וואָס האָבן געשפּילט אַזאַ פאַטאַלע ראָלע אין דעם פּאָעטס פאַרהעלטנישמעסיק יונגן לעבן, און האָבן געלאָזט פילן

זײער װירקונג אױף זײן גאַנץ שאַפן ביז נאָענט צום סוף פון זײנע טעג?
טאָמאָס טײלאָר האָט אין 1890 דער ערשטער זײ אָנגערופן בײם נאָמען:
לאָרד הערבערט (װיליאַם הערבערט) פּעמבראָק, און מערי פיטאָן, אַ יונגע
הױף־דאַמע בײ דער קעניגין עליזאַבעט. װעגן װיליאַם הערבערט, װעל־
כער איז געבױרן געװאָרן אין 1580 און איז אין 1601 געװאָרן דער אױרל
פון פּעמבראָק, װעט זײן גענוג צו זאָגן, אַז ער איז געװען שעקספּירס אַ
געטרײער אָנהענגער. דאָס איז דער זעלבער לאָרד פּעמבראָק, װעמען עס
איז געװידמעט די ערשטע פאָליאָ־אױסגאַבע פון שעקספּירס דראַמאַטישע
װערק, װאָס איז דערשינען נאָכן פּאָעטס טױט. לאָרד קלאַרענדאָן, װאָס
האָט זיך שטאַרק אָפּגעגעבן מיט פאַרשן שעקספּירס לעבן דערציילט, אַז
װיליאַם הערבערט איז געװען אַ זײער באַליבטע פּערזאָן, און שטאַרק
פאַרקאָכט אין פרױען. מערסטנס אין אַזעלכע, װאָס האָבן זיך אױסגעצײ־
כנט מיט זײער גײסטרײַכקײט און אײדעלער באַנעמונג. ס׳שטימט בנוגע
זײן פאַרהעלטעניש מיט דער טונקעלער דאַמע, װאָס איר הױפּט־צוציאונג
איז געװען איר ראַפינירטקײט און עלעגאַנץ. כאָטש אַנדערע פאָרשערס,
װי למשל דר. דרעיק (אין 1817) און דזשעראַלד מאַסע (אין 1864) האַלטן
דורכאױס, אַז דער פרײנט פון די סאָנעטן איז ניט קײן אַנדערער װי הענרי
װריאָטעסלעי, דער אױרל פון סאָוטעמפּטאָן, שעקספּירס ערשטער פּאַט־
ראָן, װעמען ס׳זײנען געװידמעט זײן „װענוס און אַדאָניס" און „לוקרע־
ציאַ". אױך סידנעי לי, אײנער פון די בעסטע שעקספּיר־ביאָגראַפערס,
איז פאַר דער סאָוטעמפּטאָן השערה. ער נעמט עס דערפון, װאָס אין אײ־
נער פון די סאָנעטן דערקלערט שעקספּיר, אַז ער האָט נאָר אײן פּאַטראָן.
און אַ חוץ דעם שטימט די באַשרײבונג פון דעם פרײנטס אױסערלעכן
אױסזען אײנגאַנצן מיט דעם פון דעם עלעגענאַטן, יונגן סאָוטעמפּטאָן.
ס׳איז אױך גאַנץ מעגלעך, אַז ניט אַלע סאָנעטן זײנען געשריבן בלױז צו
אײן מענלעכן פרײנט. קאָן זײן, אַז אין די ערשטע פאַרערונגס־סאָנעטן
האָט שעקספּיר איבזיבנען געהאַט זײן פּאַטראָן, דעם אױרל פון סאָוטעמפּ־
טאָן, און דער פרײנט מיט װעלכן ער קומט אין קאָנפליקט צוליב דער טונ־
קעלער דאַמע איז אַן אַנדערער, דער אױרל פון פּעמבראָק.

פיל מער אױפמערקזאַמקײט מוז געשענקט װערן דער צװײטער, דער
אײגנטלעך הױפּט־העלדין אין דער פאַרפלאָנטערטער האַרץ־דראַמע, װאָס
האָט געהאַט אַזאַ טיפע װירקונג אױף דעם לעבן פון פּאָעט — מערי פיטאָן.
זי איז געװען אַ מערקװירדיקער כאַראַקטער. שטאַרק סענסועל און ניט
זײער פאַרזיכטיק אין איר אױפפירונג. צו 16 יאָר האָט זי חתונה געהאַט
ניט גליקלעך. אין 1595, װען זי איז 17 יאָר אַלט, װערט זי ערן־דאַמע

ביי דער קעניגין עליזאַבעט. און דאָרט טאַקע, ביי איינער פון די הויף־פאַרשטעלונגען, האָט זיך שעקספּיר מיט איר באַגעגענט. איינגיכן אָבער האָט זי פאַרפירט אַ שטילע ליבע מיט וויליאַם הערבערט, וועלכער איז שפּעטער געוואָרן דער אוירל פון פּעמבראָק, און געהאַט פון אים אַן אומגעזעצלעך קינד. זי פלעגט זיך פאַרקליידן אין אַ מענערישן רייטער־קאָסטיום, און ביינאַכט זיך אַרויסגנבענען פון הויף, כדי זיך צו באַגעגענען מיט איר געליבטן. פּעמבראָק איז דערפאַר פאַרטריבן געוואָרן פון הויף, און איינגעזעצט געוואָרן אין תּפיסה, ווייל עליזאַבעט האָט שטאַרק אַכטונג געגעבן אויף דער צניעות פון אירע הויף־מענטשן. שפּעטער האָט מערי פיטאָן נאָך אַמאָל חתונה געהאַט פאַר אַ געוויסן וויליאַם פּאָלוויל. זי האָט אויך געהאַט צוויי אומגעזעצלעכע טעכטער פון סער ריטשאַרד לעוועזאָן.

ס'איז גאַנץ לייכט זיך פאָרצושטעלן ווי פאַרשיכורט שעקספּיר איז געווען ביי זיין ערשטער באַגעגעניש מיט אָט־דער קאָקעטירנדיקער, יונגער דאַמע פון הויפישן אַדל. ער, וואָס האָט מיט אַזאַ איפּעריקייט גע־בענקט נאָך ליבע פון צאַרטע, ראַפינירטע פרויען; וואָס האָט מיט דער גאַנצער שיינקייט פון זיין האַרץ פאַרערט עלעגאַנץ און הויפלעכע סביבה, ער האָט געמוזט זיין פאַרטרונקען מיט באַגייסטערונג פאַר אָט־דער שלאַנקער, שאַרמאַנטער און לוסטיקער דאַמע. זי איז פאַר אים געווען די פאַר־קערפּערונג פון אַלעם ווייבלעכן, ליידנשאַפטלעכן, קאַפּריציעזן און לעבנס־לוסטיקן, וואָס ער האָט זיך פאָרגעשטעלט אין אַ פרוי. ער מאָלט זי, סיי אין די סאָנעטן, און סיי אין זיינע פּיעסן, אַלס אויסערגעוויינלעך באַשע־פעניש. הויך, בלייך, און מיט ציגיינערישע שוואַרצע אויגן. ער באַגייס־טערט זיך מיט איר שאַרפזיניקייט, מיט אירע גייסטרייכע, אייגנאַרטיקע געשפּרעכן. ער באַוואונדערט זי פאַר דער פרייער, שטאָלצער האַלטונג, מיט וועלכער זי טראָגט זיך אַזוי שוועבנדיק אַרום צווישן דעם לוקסוס און גלאַנץ פון די הויפישע סאַלאָנען. ער איז אַנטציקט איינהערנדיק זיך ווי זי צויבערט אַרויס די זיסע מוזיק־טענער, ווען זי שפּילט אויף די ווירגי־נאַלן אָדער קלאַוויקאָרדן מיט אירע צאַרטע, אַריסטאָקראַטישע פינגער. ער איז מקנא די סטרונעס אָדער די האָלץ־קלאַווישן, וועלכע אירע הענט קושן שפּילנדיק איבער זיי.

## סאָנעט 128

וי אָפט ווען דו די טענער פריי צעקלינגסט,
אויף דער געבענטשטער האַרפע, וואָס וויברירט

דורך דיינע פינגער, ווען דו צאַרט צעשווינגסט
דעם סטרונען־איינקלאַנג, און מיין האַרץ פאַרווירט.

בין איך מקנא זיי, וואָס שפּרינגען גיך
צו קושן דיר דיווייכע אינערע הענט,
ווען מיינע ליפּן, וואָס באַגערן דיך,
זיך רויטלען פון דעם דרייסטן אינסטרומענט.

זיי וואָלטן אין דעם צושטאַנד זיך געטוישט,
מיט די־אַ סטרונעס אין דעם טאַנץ און היפּן,
ווען דיינע פינגער גליטשן זיך, באַרוישט,
און מאַכט זיי גליקלעכער ווי מענטשן־ליפּן.

זינט פרעכע סטרונעס פרייען זיך מיט דיר,
גיב זיי די סטרונעס און די ליפּן — מיר.

ווי שמייכלענדיק ניי איז פאַר אים אָט־די דערפאַרונג מיט דער אַריסטאָקראַטישער, צויבערנדיקער פרוי. ווי הימל ווייט איז זי פון דער פּראָווינציעלער, אומגעבילדעטער און עלטערער ען העטאַוועי, וועמען ס'איז אים באַשערט געווען אָוועקצושענקען זיינע ערשטע בחורישע צערט־לעכקייטן. ווי לאַקנדיק איז איר ליבע. ווי אַראָמאַטיש איר נאָענטקייט. אָבער ווי זי פּייניקט זיין האַרץ מיט אירע קאַפּריזן און באַשטענדיקער אומטריישאַפט . . .

ס'איז זיכער, אַז מערי פיטאָן האָט אים געגעבן די שטאַרקסטע אָנ־רעגונג און באַגייסטערונג פאַר זיינע לוסטיקע, זוניקע קאָמעדיעס. די ערשטע צייט, ווען ער האָט נאָך ניט געצווייפלט אין איר ליבע, האָט ער זי געשילדערט מיט די העלסטע פאַרבן אין זיינע פרויען־טיפּן בעאַטריצע און ראָזאַלינד. ער באַשענקט זי מיט די גליקלעכסטע, שמייכלדיקסטע עפּיטאָפן, וואָס רייסן זיך אַרויס פון זיין לויטער געמיט. ביסלעכווייז אָבער הייבט זיך אָן אַ לייכטער שאָטן צו צעשפּרייטן איבער זיין הימל. שאָטנס פון פאַרדאַכט הייבן זיך אָן אַריינצוזגנבענען אין זיין העפטיק קלאַפּנדיק האַרץ. און זיין לכתחילה בלויזע אַנונג, אַז זיין געליבטע האָט פאַרהעלטעניש מיט זיין פריינט, פאַרוואַנדלט זיך ביסלעכווייז אין אַ מוראַדיקן קלאַפּ פאַר אים, ווען די אינטריגע צווישן זיי ביידן קומט ענד־לעך, אויף אַ סקאַנדאַליעזן אופן, אַרויס אין דער עפנטלעכקייט. אָ, ווי

פאַרוואונדעט איז זיין צוטרויען. ווי דערשיטערט איז זיין גלויבן. ער איז טאָפּלט אָפּגענאַרט, און זעט פאַר זיך דאָס אומגליק פון פאַרלירן ביידן, פריינט און געליבטע.

## סאָנעט 42

אַז דו האָסט זי, דאָס אַרט מיך ווייניק וואָס,
דאָך אמת איז: איך האָב זי שטאַרק געליבט;
אַז זי האָט דיך, דאָס איז מיין הויפּט פאַרדראָס —
פאַרלוירענע ליבע, וועלכע מיך באַטריבט.

איך שענק אייך, ליבע זינדער, ביידן אייך:
דו ליבסט זי, ווייל דו ווייסט אַז איך ליב איר;
אויך דעמאָלט טוט זי מיך באַטריגן גלייך,
מיין חברס ליבשאַפט דולדט זי צוליב מיר.

פאַרליר איך דיך, גייט דער געווינס צו איר,
פאַרליר איך זי — איז דיינער דער פאַרלוסט;
צוויי האָבן זיך, און איך — די צוויי פאַרליר,
און ביידע, נאָענט מיר, ווייטיקן מיין ברוסט.

אַ גליק נאָך, וואָס מיין פריינט און איך — ווי איין;
זעלבסט־נאַרעריי! דאַן ליבט זי מיך אַליין.

ער באַקלאָגט אין די סאָנעטן די האַרצלאָזע אומגעטריישאַפט, פּונקט ווי ער שילדערט אין זיי זיין פאַרליבטקייט און דאָס ניט קאָנען זיך פאַנאַנדערפלאָנטערן אין דער וועלט און לעבן. דאָס לעבן איז אים איצט שווער און די וועלט איז אים פיינטלעך. ער הייבט אָן צוצושרייבן זיין אומגליקלעכע דערפאַרונג אין ליבע צו זיין שפלן מצב אין לעבן. נאָך אַלעמען — וואָס איז ער? אַן אַקטיאָר, אַ קאָמעדיאַנט. אייגער וואָס באַשעפטיקט זיך מיט דער נידעריקער און פאַראַכטער פּראָפעסיע פון שרייבן פּיעסן פאַרן טעאַטער. ער באַקלאָגט זיין שטאַנד:

## סאָנעט 72

אין פאַל די וועלט וועט בעטן דיך באַריכטן
דאָס ווערטפולע אין מיר, וואָס דו טוסט ליבן —
זאָלסטו ליבערשט מיין געדעכעניש, פריינט, פאַרניכטן,
ווייל ס׳האָט קיין ווערט קיין זאַך, וואָס כ׳האָב געשריבן:

בלויז ווען דו וועסט מיט ליגן זיך באַנוצן,
צו טאָן פאַר מיר פיל מער ווי איך בין ווערט,
און קאָנסט מיט פיל מער לויב מיין איך באַפּוצן,
ווי ס׳האָט די קאַרגע וואָרהייט מיר באַשערט:

אָ, ס׳זאָל דיין ליבע פאַלש זיך ניט דערהערן,
ווען דו, אויס ליבע, פאַלשקייט רעדסט פון מיר,
מיין נאָמען זאָל מיט מיר באַגראָבן ווערן —
ניט לעבן מער צו שאַנד פאַר מיר און דיר.

פאַר מיר, ווען איך אַזעלכעס שאַף און גיב,
פאַר דיר, וואָס דו האָסט נישטיקעס גאַר ליב.

די ערשטע 17 סאָנעטן זיינען געווידמעט זיין יונגן, נאָבעלן פריינט, וועמען שעקספּיר בעט, ער זאָל ניט שטאַרבן אומפאַרהייראַט, נאָר איבער־לאָזן דער וועלט אַ יורש פון זיין שיינקייט:

## סאָנעט 13

אַך, וואָלסטו נאָר געוואָרן „דו״! — דיין „דו״
וועט דאָ ניט דויערן לענגער פון דיין לעבן;
דו מוזט זיך גרייטן פאַר דער אייב׳קער רו,
דו מוזט דיין אָפּבילד צו אַנאַנדערן געבן.

עס זאָל דיין שיינקייט וואָס דו האַלטסט אין פּאַכט
דערפאַר זיך ניט פאַרענדיקן אַצינד;
וועסט לעבן נאָך דיין טויט אין נייער פראַכט,
ווען ס׳וועט דיין שיינקייט ירשענען דיין קינד.

ווער לאָזט צעפאַלן אַזאַ שיינע הויז,
וואָס קאָן מיט פאָרזיכט ווערן אויפגעהאַלטן
אַנטקעגן ווינטערס שטורעם און געברויז,
ווי קעגן טויט, דעם גרימען, אייביק־קאַלטן ? —

אָ, בלויז פאַרשווענדער קאָנען אַזוי טון!
האָסט, פריינט, געהאַט אַ פאָטער: האָב אַ זון.

דאָס איז געווען אין איינקלאַנג מיט דעם טאָן אין סאָנעטן שרייבן, וואָס האָט זיך געהאַט אַנטוויקלט צווישן די מערסטע פון די הויפישע פּאָעטן. נאָכדעם קומען די סאָנעטן וואו ער זאָגט צו דעם פריינט אים צו פאַראייביקן דורך זיינע פּערזן.

## סאָנעט 55

קיין גאָלדענער מאָנומענט, קיין מאַרמאָרשטיין
זאָל איבערלעבן מיין פּיל־קרעפטיק ליד ;
דו שטראַלסט אַרויס פון אים מער העל און שיין
ווי שטויביקער שטיין, וואָס צייט מיט שמוץ באַציט.

ווען וויסטער קריג סטאַטועץ מאַכט צו שטויב,
און שטורעם דעם פּאַלאַץ אויסוואָרצלען וועט,
ווערסטו דאָך ניט דעם שווערדס און פייערס רויב —
ווייל דו לעבסט אייביק לאַנג אין מיין סאָנעט.

און טראָץ דעם טויט און דער פאַרגאַנגענהייט
לעבסטו נאָך אַלץ ; און ס׳האַלט איר אָרט דיין ווערט
ביי אַלע דורות פון דער קומענדיקער צייט —
ביז צו דעם לעצטן טאָג פון אונדזער ערד.

אַזוי, ביז דו וועסט זיך פון גרוב דערהויבן,
זאָלסטו דורך מיר אין מענטשן־הערצער לעבן.

אין אַן אַנדער טייל באַזינגט ער די ווידערפאַראייניקונג מיט זיין פריינט, נאָך אַ געוויסער קאַלטער דערווייטערונג, ווען זיי האָבן זיך אפשר

געמוזט צעשיידן, ווייל שעקספיר האָט געמוזט אויף אַ צייט פאָרן מיט זיין טרופּע ערגעץ אין דער פּראָווינץ. שפּעטער קומען די סאָנעטן, וואו ס'באַווייזט זיך דער ריוואַל־פּאָעט, וועלכער הייבט אָן צו באַזינגען שעקס־פּירס פריינט. ער איז ייִנגער פון שעקספּירן, געלערנטער, און האָט אַן אויסגעצייכנטן סטיל.

## סאָנעט 80

אָ, ווען איך שרייב פון דיר, ווער איך פאַרשלאָפט,\
ווייל ס'ליובט אַ גייסט, אַ בעסערער, דיין נאָמען,\
וואָס פאַר דיין רום פאַרצערט ער גאָר זיין קראַפט,\
צו מאַכן מיר מיין צונג ווי אָפּגענומען.

דאָך ווייל דיין ווערט, ברייט ווי דער אָקעאַן,\
טוט שטאָלצע און באַשייד'נע שיפן טראָגן —\
לאָז איך מיין פרעכן גרינגן זעגל דאָן\
אויף דיינע מעכטיקע כוואַליעס אויך זיך יאָגן.

כ'שווים רואיק אויף דיין שוואַכסטן וואַסער־פלאַך,\
ווען ער טוט פאָרן אויף דיין טיפסטער טיף,\
און זינק איך, זינקט אַ שיפל קליין און שוואַך,\
ווען ער איז אַזאַ שטאַרקע, שטאָלצע שיף.

און ווען אים גליקט, און איך — פאַרזונקען לאַנג,\
דאַן, איז מיין ליבע מיר מיין אונטערגאַנג.

מערסטע געלערנטע שעקספּיר־פאָרשער זיינען איינשטימיק, אַז דער ריוואַל־פּאָעט איז ניט קיין אַנדערער ווי דזשאָרדזש טשעפּמאַן. אין 1594 האָט טשעפּמאַן אָפּגעדרוקט זיין פּאָעמע „דער שאָטן פון דער נאַכט". אין 1598 איז דערשינען זיין ערשטער טייל פון האָמערס „איליאַדע"־איבער־זעצונג, וואָס האָט פונקט ווי די אין 1611 דערשינענע איבערזעצונג פון דער „אָדיסייע", געמאַכט אַ ניט קליינעם רושם, און מסתמא צוגעצויגן לאָרד הערבערטס (אָדער סאַוטעמפּטאָנס) אויפמערקזאַמקייט. טשעפּמאַן האָט זיך ביי אַ סך געלעגנהייטן אָנגעשטרענגט צו געווינען סאַוטעמפּטאָנס

פּאַטראָנאַזש, וועלכן ער האָט סוף־כּל־סוף געקראָגן, ווען ער האָט אים געווידמעט זיין פּאָעמע „אַ קראַנץ פאַר זיין געליבטער פילאָזאָפיע".

די לעצטע שעקספּירישע סאָנעטן זיינען געווידמעט זיין גליק־ברענגענדיקער פייניקערין — דער טונקעלער דאַמע. ער מאָלט זיינע ליידן און שלאָפלאָזע נעכט. ער מאָלט זי ווי ער זעט זי שוין איצט, אַן אַנטוישטער און דערשלאָגענער.

## סאָנעט 141

ניט מיינע אויגן ליבן דיך, ס׳איז וואָר,
ווייל זיי אין דיר דערזעען טויזנט זינד;
מיין האַרץ בלויז ליבט, וואָס זיי פאַרהאַסן גאָר,
וואָס, טראָץ מיין אויג, גאַרט ליבן דיך אַצינד.

מיין אויער איז ניט פון דיין שטים אַנטציקט,
קיין צאַרט געפיל, געניגט דיר נאָכצוגיין,
קיין טעם, גערוך, מיט קיין פאַרלאַנג באַגליקט
פאַרשייט אַ שטיף צו טאָן מיט דיר אַליין.

ס׳קאָן ניט מיין זין און אַלע חושים דאָך
מיין נאַריש האַרץ צו דינען דיך אים שטערן,
וואָס גאַנץ אוממענטשלעך וואַרפט מיך אין דעם יאָך,
אום צו דיין שטאָלצער האַרץ אַ שקלאַף צו ווערן.

דאָך איין געווינס איך זע אין גאָר מיין צער:
ער רעגט צו זינד, דאָך שענקט מיר ווייי דערפאַר.

אָבער ער לייגט אַריין אַזאַ טיף־געפילטן טראַגיזם אין זיין ליבע צו איר, אַז זי וואַקסט אויס אַ מוראדיק געשטאַלט, וואָס הויערט איבער זיין גאַנצער עקזיסטענץ.

## סאָנעט 131

פון דער נאַטור ביזטו פול טיראַניי,
ווי אַלע, וועמען שיינקייט גרויזאַם מאַכט;
דו ווייסט, אַז אין מיין האַרצן, נאַריש־טריי,
ביזטו אַ דימענט פון דער העכסטער פראַכט.

דאָך, זאָגן די, וואָס האָבן דיך געזען,
דיין פנים קאָן קיין מענטשנס האַרץ פאַרפירן,
איך וואַג ניט זאָגן ס'קומט פון ניט פאַרשטיין,
דאָך מוז איך ביי זיך שווערן, אַז זיי אירן.

און, צו זיין זיכער, אַז איך שווער אויף וואָר,
אַ טויזנט זיפצן רייסן דורך מיין ברוסט,
ווען פון טונקלען פנים איך טראַכט נאָר,
אַז ס'איז דיין שוואַרצקייט גאָר מיין שענסטער לוסט.

ווייל דו ביזט שוואַרץ אין דיינע טאַטן בלויז,
און די פאַרלוימדונג שטאַמט פון זיי אַרויס.

און נישט אומזיסט דריקט זיך אויס איינער פון זיינע ביאָגראַפערס, אַז „די געשיכטע פון זיין פאַרגעטערנדיקער ליידנשאַפט צו מערי פיטאָן איז די געשיכטע פון שעקספּירס לעבן". ער באַקלאָגט טאַקע דעם פאַר־לוסט פון זיין פריינט שטאַרקער ווי דעם פאַרלוסט פון דער געליבטער. אָבער מען פילט, אַז איר פאַרראַט פאַרצערט זיין גאַנץ לעבן. ער קאָן זיך פון איר ניט באַפרייען. ער פאַרדאַמט זי, אָבער ער קערט זיך צוריק אום צו איר. זי מאַטערט אים, טרייבט אים צו דער העכסטער פאַרצווייפלונג. אָט־די פאַרצווייפלונג, וואָס וועט אים שפּעטער פירן צו פאַרוואַנדלען זיינע טיף־נשמהדיקע דערפאַרונגען אין דעם פרייזלאָזן שטאָף, פון וועלכן ער שאַפט די שטאַרקסטע טראַגעדיעס, וואָס זיינען ווען עס איז געשריבן געוואָרן. ער וועט זי נאָך פיל מאָל שילדערן, אין אַנדערע פאַרבן ווי אין די סאָנעטן, און אין גאַנץ אַנדערע פאַרשלייערונגען, די באַהערשערין פון זיין גרויס, ליידנדיק האַרץ, די טונקעלע דאַמע, מערי פיטאָן.

געוויינלעך באַנוצט זיך שעקספּיר אין זיינע סאָנעטן — מיט גאָר ווינציקע אויסנאַמען — מיט דער פאָרם, וואָס איז געוועזן אָנגענומען אין דער עליזאַבעטישער פּאָעזיע. יעדער סאָנעט באַשטייט פון דריי פיר־

שורהדיקע פערזן, אין וועלכע די ערשטע שורה גראַמט זיך מיט דער דריטער, און די צווייטע מיט דער פערטער. און צום סוף קומט דער צוויי־שורהדיקער קופּלעט, אָדער צווילינג. לויטן זין און ריטם קומט כמעט תמיד אַ פּויזע נאָך יעדן פיר־שורהדיקן פערז. אין אַ טייל סאָנעטן קומט די פּויזע ערשט נאָך דער אַכטער שורה, און צייטנווייז אַפילו ערשט ביים סוף פון דער צוועלפטער. אין דעם צוויי־שורהדיקן קופּלעט קומט געוויינלעך, אין אַ געפּרעסטער פאָרם, דער תמצית, די מאָראַל פון סאָנעט, דער אויספּיר פון די פריערדיקע 12 שורות. אַמאָל אָבער נעמט דער קופּלעט אָן די אומגעריכטע ווענדונג פון נעגירן, אָדער פון געבן דעם היפּוך פון דעם פריער באַזונגענעם. די הויפּט־שיינקייט פון שעקספּירס סאָנעטן איז אין זייער לייכטקייט, זייער פּשוטקייט און פרייקייט. ער מיידט אויס יעדע קאָמפּליצירטקייט סיי אין דער עמאָציע, סיי אין דער שפּראַך. לרוב נוצט ער כמעט אײן, צוויי, אָדער דריי־זילביקע ווערטער. און דערביי זיינען געדאַנק און וואָרט אַזוי צוגעפּאַסט, אַז ס'איז אוממעגלעך זיך פאָרצושטעלן, די דורכגעלעבטע געפילן זאָלן קאָנען אויסגעזונגען ווערן אין אַנדערע אויסדרוקן. דערצו שטראָמט דאָס אַלץ מיט אַזאַ שפּילעוודיקער לייכטקייט, מיט אַזאַ שוואונגפולער ריטמישקייט, אַז מיט רעכט זאָגט י. מ. ראָבערטסאָן: „אַ דורכשניטלעכער שעקספּירישער סאָנעט קומט ווי אָנצוטאַנצן מיט דער אומאָנגעשטרענגטער גראַציעזקייט פון אַ פויגל, וועלכער הייבט זיך אויף, נאָך אַ פּאָר שפּרונגען, כדי נאָך לייכטער זיך אָנצוקלאָזן אין זיין פלי. דאַן לאָזט ער זיך אַראָפּ אויף דער ערד מיט דעם שליסנדיקן קופּלעט".

די סאָנעטן וואָס זיינען דורך שעקספּירן געשריבן געוואָרן אין משך פון די יאָרן 1594 ביז 1603, זיינען ווי דער שטייגער איז געווען אין יענער צייט, גלייך ניט געדרוקט געוואָרן, נאָר אַרומגעגאַנגען פון האַנט־צו־האַנט אין געשריבענער פאָרם. אָבער זייער רום איז באַלד פאַרשפּרייט געוואָרן, און האָבן ווידער אַמאָל פאַרשאַפט זייער מחבר אַזוי פיל אָנזען, אַז ער איז ביי די מערסטע קריטיקער אָנגענומען געוואָרן אַלס דער גרעסטער פּאָעט, וואָס האָט געלעבט אין זיין צייט. אַזוי אַז פרענציס מערעס, פּראָפעסאָר פון רעטאָריק אין אָקספאָרדער אוניווערזיטעט, און איינער פון די בעסטע קריטיקער אין זיין דור, וואָס האָט וועגן אים געשריבן אין 1598, דריקט זיך אויס: „ווי די נשמה פון יופאָרבוס *) האָט געשיינט

*) באַרימטער טראָיאַנער העלד. דער פילאָזאָף פּיטאַגאָראַס פלעגט באַהויפּטן, אַז אין אַ פריערדיקן גלגול איז ער עס געווען יופאָרבוס.

צו לעבן אין פּיטאַגאָראַסן, אַזוי לעבט די צאַרטע, גייסטרייכע נשמה פון אָווידן אין דעם זיס־קלינגענדיקן, און האָניק־צונגיקן שעקספּירן, ווי מ׳קאָן עס זען אין זיין „ווענוס און אַדאָניס", זיין „לוקרעציא", זיינע זי־סע סאָנעטן צווישן זיינע פּריוואַטע פריינט". מיר זעען אַלזאָ, אַז שעקס־פּירס אייפערזוכט און מורא, זיין ריוואַל־פּאָעט, וואָס האָט אויך גענאָסן פון זיין פריינטס פּאַטראָנאַזש, זאָל אים ניט פּאַרטונקלען, איז געווען אַ גאַנץ אומזיסטע.

ערשט אין 1609 זיינען די סאָנעטן דערשינען אין קוואַרטאָ־פאָרמאַט דורך דעם פאַרלעגער טאָמאַס טאָרפּ, וואָס פלעגט זיך ספּעציאַליזירן אין אַרויסגעבן פּרעמדע ווערק אָן דעם וויסן פון זייערע מחברים. אויך אין דעם פאַל האָט ער דורך עמיצן געקראָגן, אָן שעקספּירס הסכמה, און אַפי־לו אָן זיין וויסן, די צונויפגעזאַמלטע איינצלנע סאָנעטן־מאַנוסקריפּטן, און זיי אַרויסגעגעבן לויט זיין אייגן צונויפגעשטעלטן סדר. פאַר דעם טעקסט האָט ער, ווי דער שטייגער איז דעמאָלט געווען, צוגעגעבן אַ ווידמונג־אויפשריפט אונטערגעצייכנט מיט די איניציאַלן פון זיין נאָמען. ווייל דער משונהדיקער געזעץ האָט דעמאָלט דערלויבט יעדן פאַרלעגער, וואָס האָט אויף וועלכן, ערלעכן אָדער אומערלעכן אופן געלייגט אַ האַנט אויף אַ מאַנוסקריפּט, אים אַרויסצוגעבן ווי אַזוי ער האָט געוואָלט, און אים אַפילו ווידמענען וועמען ער האָט געפונען פאַר גינסטיק. די ווידמונג־אויפ־שריפט פון די סאָנעטן לייענט זיך: „צו דעם איינציקן אינספּירירער פון די רייצנדיקסטע סאָנעטן, מר. וו. ה., דאָס גאַנצע גליק און די אייבי־קייט, וואָס אונדזער אייביק־לעבנדיקער פּאָעט האָט פאַרשפּראָכן, ווינטשט דער גוט־ווינטשנדיקער אַרויסגעבער — ט. ט.". און אָט־די ווידמונג צו דעם מיסטעריעזן וו. ה. איז עס געווען, וואָס האָט אַרויסגערופן די אַלע ספּעקולאַציעס וועגן דער אידענטישקייט פון שעקספּירס פּאַרערער־פריינט, זיין קאָנקורענט אין דער האַרץ־דראַמע מיט דער טונקעלער דאַמע. צי עס איז געווען לאָרד הערבערט (וויליאַם הערבערט) פּעמבראָק, אָדער גאָר הענרי וורִיאָטעסלעי, דער אירל פון סאָוטעמפּטאָן, שעקספּירס שטענ־דיקער פּאַטראָן און פאַרערער.

ס׳זעט אויס גאַנץ נאַטירלעך, אַז ווען דער ערשטער טונקעלער וואָלקן באַווייזט זיך אויף שעקספּירס לויטערן הימל, זאָל אויך פּאַרקומען זיין ערשטער צוריקקער אַ היים קיין סטראַטפּאָרד, דאָס אָרט וואו ער איז גע־בוירן, און וואָס איז אים געבליבן איינגעבאַקן אין זיין האַרץ. אין דער

אמתן האָט שעקספּיר קיינמאָל ניט געהאַט איבערגעריסן זיינע באַציאונ־גען מיט זיין געבוירן־שטאָט און מיט זיין היים. פֿאַרקערט, פֿון אָנהייב אָן האָט ער אָנגעהאַלטן מיט זיי יענע וואַרעמע נאָענטקייט, וואָס איז אַלץ הייסער געוואָרן, וואָס שטאַרקער און גרעסער ס׳איז געוואָרן זיין באַרימט־קייט. אָבער זיין היים־צוגעבונדנקייט האָט זיך אינגאַנצן געווענדט צום פֿאָטערס הויז אין דער הענלעי־גאַס. ס׳ווערט אין ערגעץ ניט דערמאָנט וועגן זיינע פֿאַרהעלטעניש, אין משך פֿון זיין לעבן אין לאָנדאָן, צו זיין פֿרוי, וואָס איז די גאַנצע צייט געבליבן מיט די קינדער אין דעם אַלטן היים־שטעטל. אָבער מען קאָן זיך פֿאַרשטעלן, אַז זיי זיינען ניט געווען קיין שטאַרק הייסע. ס׳קאָן מעגלעך זיין, אַז זי האָט אויך געוואוינט אין דער הענלעי־גאַס, צוזאַמען מיט וויליאַמס פֿאַראַרעמטער משפּחה. דזשאָן שעקספּירס לאַגע האָט זיך געהאַט וואָס אַמאָל מער פֿאַרערגערט. ער איז אַפילו פֿאַרמשפּט געוואָרן דערפֿאַר, וואָס ער האָט אויפֿגעהערט צו קומען אין דער קירכע אַריין, ווייל ער האָט זיך אויסבאַהאַלטן פֿון די בעל־חובות. ער האָט צייטנווייז אַפילו מורא געהאַט די גאַס דורכצוגיין, די געלט־מאָ־נער זאָלן אים ניט צערייסן. וויליאַמס גרויסע זאָרג פֿון דעם ערשטן טאָג אָן, וואָס ער איז געקומען קיין לאָנדאָן, איז טאַקע געווען אָנצוהייבן פֿאַרווירקלעכן זיין אַמביציע אויפֿצוריכטן זיין פֿאָטערס מערכה. און ער האָט עס געטאָן דורכן טעאַטער, ווייל ער האָט געזען, אַז מען קאָן דורכן טעאַטער ווערן באַרימט און מאַכן אַ סך געלט.

איצט — אין 1596, נאָך 11 יאָר אָוועקזיין, האָט שעקספּיר צום ערשטן מאָל באַזוכט זיין היים, וואו ס׳זיינען איבערגעבליבן זיינע עלטערן, זיין פֿרוי און דריי קינדער. גאַנץ מעגלעך, אַז ער האָט דעם ערשטן וויזיט געמאַכט צוליב דעם טויט פֿון זיין איינציקן זון, האַמנעט, וועלכער איז געשטאָרבן דעם 11טן אויגוסט יענעם יאָר. ס׳איז ניט אויסגעשלאָסן, אַז ער איז נאָך אַ יאָר פֿריער פֿאַרן זונס טויט געקומען אַהיים צוליב דעם פֿאָ־טערס עקאָנאָמישער לאַגע, וואָס האָט געמוזט האָבן זיין אויפֿמערקזאַמקייט, און ביי יענעם וויזיט האָט ער דאָס ייִנגל שטאַרק ליב געקראָגן. האַמנעט זאָל עס אים האָבן געדינט אַלס מוסטער, ווען ער האָט געשאַפֿן די רירנ־דיקע סצענע וואו קאָנסטאַנצאַ באַקלאָגט אַזוי שמערצלעך דעם טויט פֿון איר געליבטן זון אַרטור אין „קעניג דזשאָן". ער באַקענט זיך איצט כמעט אויפֿסניי מיט די צוויי יונגע טעכטער, דזשודיט — האַמנעטס צווי־לינג־שוועסטער — און די עלטערע סוסאַנאַ, צו וועמען ער איז שפּעטער געווען אַ זייער צערטלעכער פֿאָטער.

וואָס האָט ער איבערגעלעבט אַריבערטרעטנדיק די היים פֿון זיין

יוגנט? פילט ער ניט דאָס, וואָס ס׳פלעגט אים אין שווערע מינוטן קלאָר ווערן, אַז אייגנטלעך באַלאַנגט ער אַהער, דאָ איז זיין אָרט? ער דאַרף נאָך אַ סך איבערלעבן אין דער גרויסער שטאָט, עס וואַרטן נאָך אַ סך וויכטיקע דערפאַלגן און שווערע ליידן אויף אים דאָרט. אָבער טיף אין האַרצן הייבט אָן וואַקסן דאָס געפיל, אַז ס׳וועט קומען דער טאָג ווען ער וועט זיך גערן צוריקקערן אַהיים.

שעקספּירן האָט אָפּנים זיך איינגעגעבן אויסצוגלייכן דעם פאָטערס עסקים און אָפּצאָלן זיינע חובות, ווייל גאָר אינגיכן געפינען מיר, אַז דזשאָן שעקספּיר פילט זיך שוין אַזוי תקיפדיק, אַז ער גיט אָן אַ בקשה צו דער העראַלדן־קאָלעגיע, מען זאָל אים באַשטימען אַ וואָפּן־הערב־שילד. דאָס האָט זיך דעמאָלט גערעכנט פאַר אַ וויכטיקן יחוס־צייכן, און געגעבן דאָס רעכט זיך צו רופן דזשענטלמאַן. אַלס בארעכטיקונג צו קריגן דעם שילד האָט דזשאָן אָנגעגעבן, אַז העני דער 7טער האָט זיין זיידן געשאָנ־קען אַ שטיק לאַנד אַלס באַלוינונג פאַר אַ וויכטיקער מלוכה־דינסט. דזשאָן שעקספּיר האָט זיכער געזוכט צו קריגן דעם כבוד אויף דער פאָדערונג פון זיין וויליאַמען, פאַר וועמען דאָס איז געווען דער ערשטער שריט אין זיין אַלטער אַמביציע צוריקאויפצולעבן דעם גוטן נאָמען פון זיין משפחה.

וויליאַם האָט עס אַליין, אין זיין אייגענעם נאָמען, ניט געקאָנט טאָן, ווייל דער מינהג איז דעמאָלט געווען, אַז אויב דער אַפּליקאַנט פאַר אַ וואָפּן־שילד האָט נאָך געהאַט אַ פאָטער, האָט ער זיך געמוזט ווענדן פאַר דער אויסצייכענונג דורכן פאָטער. וויליאַם האָט נאָך גוט געדענקט די שפלדיקייט פון זיין מצב די לעצטע יאָרן פאַר זיין אַוועקפאָרן פון סטראַטפאָרד. און אַ הערב־שילד איז גע־ווען איינס פון די מיטלען מען זאָל קאָנען פאָרמעל אַריינטרעטן אין די רייען פון דעם העכערן שטאַנד.

אמת טאַקע, אַז אויך אַנדערע מיטגלידער פון שעקספּירס טעאַטער־פּראָפעסיע — פאָופּ, פיליפּס און באַרבעדזש — האָבן זיך געהאַט פאַר־שאַפט די טיטולן פון דזשענטלמענער, און ער האָט ניט געוואָלט אָפּשטיין פון זיי, אָבער פאַר אים האָט עס נאָך געהאַט אַ טיפערע סיבה. ער האָט געזען אין דאָס פאַר אָן אָרעמען און טרויעריקן צושטאַנד עס האָבן געענ־דיקט זייער לעבן זיינע מיטצייטלער, די געבילדעטע שרייבערס פאַרן טעאַטער. קריסטאָפאָר מאַרלאָו איז — ווי דערמאָנט — דערהרגעט גע־געוואָרן אין אַ שענק־געשלעג אין 1593. ראָבערט גרין וואָלט געשטאָרבן אין גאַס, ווען אַ שוסטערס פרוי נעמט אים ניט מיט אַ יאָר פריער אַריין

צו זיך פאַר זיינע לעצטע טעג. עדמאַנט ספּענסער האָט געלעבט אין אָרעמקייט און געשטאָרבן אין 1599 מיט אַ געבראָכן האַרץ. געאָרג פּיעל איז געשטאָרבן צו 34 יאָר צוליב זיין אומרעגולער לעבן. אַזוי איז אויך שפּעטער דער גרויסער בען דזשאָנסאָן געשטאָרבן אין פאַרלאָזנקייט, אויס־געהאַלטן דורך אַן אַלטער פרוי. דאָס לעבן פון די אַקטיאָרן איז ניט געווען קיין סך אַנדערש, מיט דעם אויסנאַם פון די עטלעכע באַרימטערע ווי ער אַליין און באַרבעדזש. און שעקספּיר, וואָס איז, טראָץ זיין גרויס־קייט אַלס פּאָעט און דראַמאַטיקער, לויט זיין נאַטור דאָך געווען אַ זייער פּראַקטישער מענטש, האָט מיט אַן אייזערנער אַנטשלאָסנקייט זיך געוואָלט אַרויסרייסן פון זיין באַרוף, ווי פון זיין אַמאָליקער אָרעמקייט. ער מוז זאַמלען געלט און עס פאַרווענדן אין עפּעס פעסטעס, זיכערעס. און מיר זעען אים טאַקע באַלד מאַכן אויך דעם צווייטן שריט צו זיין ציל.

די בקשה פאַר אַ הערב־שילד האָט דזשאָן שעקספּיר אַנגעגעבן אין 1596, אָבער צוליב געוויסע שוועריקייטן האָט ער זי ערשט באַקומען אין 1599. אין מאַי 1597 קערט זיך וויליאַם שעקספּיר ווידער צוריק קיין סטראַטפאָרד און קויפט דאָרט אָפּ די צווייטע גרעסטע נחלה אין שטאָט, דאָס „ניי אָרט", וואָס איז מיט איבער אַ הונדערט יאָר צוריק געהאָט אויפגעבויט געוואָרן דורך סער היו קלאָפּטאָן, און איז איצט געווען שטאַרק אָפּגעלאָזן. שעקספּיר האָט דאָס הויז געלאָזט איבערבויען, אויפפרישן דעם גרויסן גאָרטן אַרום, און אַריבערגעצויגן אַהין זיין גאַנצע משפחה. אין געבורט־אָרט איז, לויט אַלע וואַרשיינלעכקייטן, געבליבן וואוינען בלויז די שוועסטער דזשאָאַן. די אַלץ־שווערער־ווערנדיקע איבערלעבע־נישן אין לאָנדאָן, אין דעם קרייז פון טעאַטער און הויכער געזעלשאַפט האָבן עס וואָס ווייטער אים קלאָרער געמאַכט, אַז ער וועט זיך מוזן דאָ אַהער צוריקציען, און אין דעם שוץ פון די ווענט, אונטער דעם שאָטן פון די ביימער דאָ, וועט ער מוזן זוכן אַ שטילונג און באַרואיקונג פאַר די אַלע איבערלעבונגען, וואָס פילן נאָך איצט אָן זיין האַרץ מיט פרייד און פּיין.

באַזעצט זיך אויף שטענדיק אין „ניי אָרט" האָט שעקספּיר ערשט אין 1611, ווען ער האָט זיך איינגעאַנצן אָוועקגעריסן פון טעאַטער. אָבער ס'איז באַקאַנט, אַז ביז דעמאָלט פלעגט ער זייט זיין אָפּקויפן דאָס הויז, ווי־ניקסטנס איינמאָל אַ יאָר, קומען קיין סטראַטפאָרד, צו פאַרברענגען און אַרבעטן דאָרט די זומער־חדשים. ס'זאָגט אויך זייער פיל דער פאַקט, וואָס באַלד נאָכן באַקומען זיין הערב־שילד האָט ער זיך אָנגעהויבן אונטערצו־שרייבן „וויליאַם שעקספּיר פון סטראַטפאָרד ביים עוואָן, דזשענטלמאַן".

אין האַרצן איז ער תמיד געבליבן אַ סטראַטפאָרדער, קיינמאָל ניט קיין לאָנדאָנער.

וויליאַמען האָט זיך פולשטענדיק איינגעגעבן זיין אַמביציע צוריקצו־שטעלן דאָס אָנזען פון זיין פאַמיליע אין די אויגן פון זיינע שטאָטלייט. דאָס אָפּקויפן דאָס „גרויסע הויז", ווי „ניי אָרט" פלעגט גערופן ווערן, איז פאַר זיי געווען דער בעסטער באַווייז, אַז זייער בן־עיר, דער אַמאָליקער קצב און פעל־טרייבערער, האָט אין דער גרויסער שטאָט געפונען זיין גליק. אַ חוץ דעם האָט זיך געלאָזט הערן איבערן לאַנד, וואָס פאַר אַ וויכ־טיק אָרט עס פאַרנעמט אין לאָנדאָן דער אַקטיאָר, פּאָעט און דראַמען־שרייבער וויליאַם שעקספּיר. און די סטראַטפאָרדער שטאָט־לייט האָבן זיך ניט צוריקגעהאַלטן אויסצונוצן זייער לאַנדסמאַן, און אָנקומען צו אים, ער זאָל זיך ביי פאַרשיידענע געלעגנהייטן משתדל זיין פאַר זיי אין דער הויפּטשטאָט. אין יאַנואַר 1598 האָט דער שטאָט־ראַט געשיקט דעם אַל־דערמאַן ריטשאַרד קוויני קיין לאָנדאָן אָפּצורופן די נייע פּאַדאַטקעס, וואָס די רעגירונג האָט געהאַט אַרויפגעלייגט אויף סטראַטפאָרד. קוויני האָט דאָרט באַדאַרפט זיך זען מיט שעקספּירן, און אויסנוצן זיין איינפלוס אין דער שתדלנות. קוויני האָט אין לאָנדאָן זיך געזוימט כמעט אַ יאָר, און פון יענער צייט שטאַמט עס דער בריוו מיט דער בקשה, שעקספּיר זאָל אים אויסבאָרגן די 30 פונט, וואָס געפינט זיך אַלס זעלטענער דאָקומענט אין „געבורט־הויז־מוזעאום", ווי ס'איז אין אָנהייב דערמאָנט געוואָרן. ס'איז ניט איבעריק צו זאָגן, אַז שעקספּיר האָט זיינע לאַנדסלייט ניט אַנטוישט. אָנהייב 1599 איז צוליב זיין אַריינמישונג אָפּגעגעבן געוואָרן דער באַפעל, אַז סטראַטפאָרד זאָל באַפרייט ווערן פון די אַרויפגעלייגטע פּאַדאַטקעס.

אַרום יענער צייט איז נאָך אויך פאָרגעקומען עפּעס, וואָס האָט געהאַט זייער אַ נאָענטע שייכות מיט שעקספּירס קאַריערע, און איז געווען פאַר־בונדן מיט זיין גאַנצן שאַפן ביז די לעצטע טעג פון זיין לעבן — דאָס אויפ־בויען פון דעם נייעם „גלאָוב"־טעאַטער אין לאָנדאָן. דזשיימס באַרבעדזש, שעקספּירס ערשטער דירעקטאָר, איז געשטאָרבן דעם 2טן פעברואַר 1596. סוף 1598 האָבן זיינע יורשים, ריטשאַרד און קאַטבערט, זיך צעקריגט מיט דזשיל אַלען, דעם אייגנטימער פון דעם פּלאַץ, וואו ס'איז געשטאַנען דאָס אַלטע „טעאַטער", אין וועלכן די „לאָרד טשעמבערליין־מענער"־טרופּע האָט מערסטנס געשפּילט. ריטשאַרד באַרבעדזש האָט געלאָזט אַרונטערוואַרפן די געביידע אין שאָרדיטש, און מיט דעם געהילץ פון „טעאַטער", וואָס ער האָט אַריבערגעפירט קיין סאַוטוואַרק, אויפן אַנדערן ברעג פון דער טעמזע, האָט ער געלאָזט אויסבויען דאָס נייע טעאַטער,

וואָס ער האָט אַ נאָמען געגעבן דער „גלאָוב". דאָס צעוואָרפן דאָס „טעאַ־טער" איז פאָרגעקומען מיט דעם גאַנצן טומלדיקן, קאָלירפולן אופן פון יענער צייט. באַרבעדזש און די אַנדערע אַקטיאָרן זיינען געקומען אָנגע־גורט מיט שווערדן, העק און מעסערס, און דערביי האָבן זיך אָפּגעשפּילט אַ סך קאָמישע און שרייענדיקע סצענעס. באַרבעדזש האָט צו דער נייער אונטערנעמונג צוגענומען פאַר „הויז"־שותּפים די פיר וויכטיקסטע אַק־טיאָרן פון טרופּע, אויגוסטין פיליפּס, טאָמאָס פּאָופּ, דזשאָן העמינדזש, ווי־ליאַם קעמפּ, און פאַרשטייט זיך, וויליאַם שעקספּירן. שעקספּיר איז איצט שוין, אַ חוץ אַ שותּף צו די געשעפטן פון טרופּע, געוואָרן אויך אַ שותּף צום „הויז", וואָס האָט געמיינט נאָך גרעסערע רווחים. דאָס נייע טעאַטער איז געעפנט געוואָרן אין מאַי 1599. פון דעמאָלט אָן האָט שעקספּיר גע־זען אַלע זיינע טריאומפן אויף דער בינע פונעם „גלוב", וואָס רעכנט זיך פאַר דעם וויכטיקסטן שוישפּיל־הויז אין דער גאַנצער ענגלישער טעאַ־טער־געשיכטע, און וואָס איז אין יענער צייט געווען די „גלאָריע פון דער בענקסייד" (טייך־ברעג) — ווי בען דזשאָנסאָן האָט עס באַצייכנט.

שעקספּירס זוניקע פּעריאָדע ענדיקט זיך אַרום 1600, און דאָס זיך אָנהייבנדיקע יאָרהונדערט מישט אויף אַזאַ אַנדערשדיק בלאַט אינעם בוך פון זיין לעבן. עס בייטן זיך אַזוי שאַרף סיי דער אינהאַלט און סיי די פאָרם פון זיין לעבן און שאַפן. שוין אויך אין דער צייט ווען ער האָט גע־שריבן זיינע גאָלדענע קאָמעדיעס און פאַרבנרייכע היסטאָרישע דראַמעס איז ער ניט געווען פריי פון אַ געוויסער מאָס לייכטן טרויער. אין די פריערדיקע טיילן פון זיין שאַפן קאָן מען שוין געפינען אַ דינע באַפאַרבונג פון פיינער מעלאַנכאָליע. נישט אַלץ איז בלויז גאָלדיק העל. נישט תּמיד איז אַרום זוניק־ליכטיק. פון ערגעץ־וואו קריכט לאַנגזאַם אַ טונ־קעלער וואָלקן. פון ערגעץ־וואו דערטראָגט זיך אַ לייכטער דונער. ער האָט אַ פאַראַנונג וועגן דער אומבאַשטענדיקייט און פאָרענדלעכקייט פון מענטשלעכן שיקזאַל. איצט אָבער הייבן זיך אויף זיין הימל אָן צו זאַמ־לען פינצטערע, דריקנדיקע כמאַרעס. שאַרפע, שרעקנדיקע בליצן־שלאַנ־גען הויבן אויף זייערע קעפּ, און באַפאַרבן אַלץ אַרום מיט מוראדיק־אומ־היימלעכע פייער־צונגען. די לופט ווערט פול מיט פאַרטויבנדיקע דונער־געקנאַלן. די פּאַסירונגען אין זיין אייגן לעבן און אַרום אים ווערן דראַ־מאַטישער, טראַגישער. די געשעענישן לויפן איצט אויף אים אָן מיט אַזאַ ווילדקייט און שטורעם. זיינע פייניקונגען אין די נעגל פון דער „טונ־

קעלער דאַמע" זיינען ניט די איינציקע. ס'קומען פאַר זאַכן, וואָס לייגן זיך אַזוי שווער אויף זיין געמיט און דערדריקן זיין סענסיטיווע נשמה. פריער, ווען ער האָט געשטרעבט צו זיין גליק און דערפאָלג, האָט ער אויף אַלעם געקוקט מיט ליכטיקע, גלויבנדיקע אויגן. ער האָט געגלויבט אין דער נאַטור פון מענטשן, און דערוואַרט פון זיי אַזוי פיל גוטסקייט און שיינקייט. איצט אָבער, ווען זיין שטערן איז אויפגעגאַנגען, ווען זיין דערפאָלג איז אַזוי גרויס, איצט האָט זיך פאַר אים אויפגעהויבן דער פוירהאַנג פון איבער די מענטשלעכע הערצער. ער זעט זייער אמתדיק געשטאַלט, די נאַקעטקייט פון זייער כאַראַקטער. און ער פאַלט אַריין אין טיפער דערשלאָגנקייט, אין שרעקלעכער מרה־שחורה. אין אַ סך פון זיינע דערוואַרטונגען איז ער אַפּגענאַרט. אין דעם שענסטן פון זיין לעבן — אין דער פרוי, איז ער אַנטוישט. פונקט ווי ער איז אַנטוישט אין די באַציאונגען פון מענטשן צווישן די נאָענטסטע פריינט זיינע, סיי אין דער טעאַטער־סביבה, סיי אין דער ליטעראַרישער וועלט. און נאָך מער אַנטוישט איז ער אין דער פון אים אַזוי פאַרערטער הויף־סביבה, וואו ער האָט דערוואַרט צו געפינען נאָבלקייט און הויכמוט, און געטראָפן פאַלשקייט, אומדאַנקבאַרקייט און פאַרראַט. ער זעט ווי אוממעכטיק דער מענטש איז, אַפילו אין זיינע גוטע כוונות, קעגן די פאַרדאַרבנדיקע בייזע כוחות אַרום. און מער ווי תמיד הייבט ער אָן זיך צו פאַרנעמען מיט די שאַרפערע פראָבלעמען פון דער מענטשלעכער נאַטור. מיט זיין טיפער קינסטלערישער גריבלעניש הייבט ער אָן צו פאַרשן די סיבות פון די געשעענישן, זיך צו דערגרונטעוווען צו דעם זין פון לעבן.

זיין פאַרצווייפלונג ברענגט אים ניט צו קיין אומטעטיקייט, נאָר פאַרקערט, צו גרעסערער, העכערער שאַפונג. צוזאַמען מיט די שווערע איבערלעבענישן וואַקסט זיין קינסטלערישע אַמביציע. גלייך ווי ער וואָלט דורך שווערער אַרבעט געוואָלט פאַרטרינקען דעם פיין פון זיין אייגן געמיט, איינשטילן דעם חורבן פון זיין געפייניקט האַרץ. זיינע ליידן דערהייבן אים, און אין משך פון די 8 יאָר, וואָס אָט־דער שטורמישער פאַרצווייפלונגס־פעריאָד דויערט, גיט ער דער וועלט די רייע טראַגעדיעס, וואָס רעכענען זיך פאַר דער קרוין אין דער שאַפונג פון מענטשלעכן געניע. צווישן די יאָרן 1600-1608 שאַפט ער — אַ חוץ „יוליוס צעזאַר", וואָס ער האָט געשריבן נאָענט צו דער צייט, אין 1599 — די ריזיקע טראַגעדיעס פון דער מענטשלעכער נשמה „האַמלעט", „אָטעלאָ", „קעניג ליר", „מאַקבעט", „טימאָן פון אַטען", „אַנטאָני און קלעאָפּאַטראַ", „פעריקלעס" (?) און „קאָריאָלאַנוס". אַנשטאָט דער לייכטער מעלאַנכאָלישער

נאָכטראַכטונג פון דעם אומצופרידענעם זשאַק אין דער לעצטער פון דער ריי ליכטיקע קאָמעדיעס „ווי איר געפעלט":

„די גאַנצע וועלט ז'אַ בינע
און יעדער מאַן און פרוי בלויז שוישפּילער;
זיי האָבן זייערע אויפטריטן און אָפּגאַנגען;
און יעדער שפּילט פיל ראָלן אין זיין צייט".

ווערט דער הויפּט־טאָן אין זיינע איצטיקע פּעסימיסטישע טראַגעדיעס מאַקבעטס:

„דאָס לעבן ז'בלויז אַ געשווינדיקער שאָטן,
אַן אָרעמער אַקטיאָר, וואָס בלאָזט זיך אָן,
שוויצט דורך זיין שעה אויף די טעאַטער־ברעטער,
און נאָכדעם הערט מען אים ניט מער. דאָס איז
אַ מעשהלע דערציילט פון אַן אידיאָט,
פול קלאַנג און ווילדקייט,
באַטייטנדיק בלויז גאָרנישט".

וואָס זיינען די פּאַסירונגען, וואָס האָבן אַזוי שווער געווירקט אויף זיין נשמה און פאַרפינצטערט זיין געמיט? מיר האָבן געזען ווי שוין אין די סאָנעטן האָט שעקספּיר זיך באַקלאָגט אויף זיין מצב אַלס בינע־שפּילער און שרייבער פאַרן טעאַטער. די שטענדיקע שונאים פון זיין באַרוף, די פּוריטאַנער, האָבן קיינמאָל ניט פאַרפעלט צו פאַרביטערן זיין לעבן מיט זייערע נגישות קעגן די טעאַטערס און אַקטיאָרן. נאָך אין 1598 איז אַרויסגעגעבן געוואָרן אַ באַפעל פאַנאַנדערצולאָזן אַלע טרופּעס און אַרונטערצעוואַרפן אַלע טעאַטער־געביידעס. פּאַסירט האָט עס צוליב דעם, וואָס די טרופּע פון די „לאָרד פּעמבראָק מענער" האָט אין „שוואַן"־טעאַטער אויפגעפירט אַ פּיעסע פון טאָמאַס נעש און בען דזשאָנסאָן „דער אינדזל פון הינט", אין וועלכער זיי האָבן שאַרף אויסגעלאַכט די רעגירונג. מ'האָט געזאָלט אַרעסטירן די מחברים מיט די אַקטיאָרן. אָבער די מערסטע פון זיי זיינען באַצייטנס זיך צעלאָפן. בלויז דזשאָנסאָן און עטלעכע שוישפּילער זיינען איינגעזעצט געוואָרן אין תפיסה. אָבער ווי תמיד האָבן זיך אַריינגעמישט דער לאָרד טשעמבערליין און דער לאָרד אַדמיראַל, און אָפּגעראַטעוועט די טעאַטערס. אין יוני 1600 האָבן די פּוריטאַנער באַנייט זייערע אַטאַקעס מיט אַ שאַרפערער ביטערקייט. מ'האָט ווידער געזאָלט פאַרמאַכן אַלע טעאַטערס, און פאַרווערן צו שפּילן אַלע אַקטיאָרן, אַ חוץ די

פון לאָרד טשעמבערליינס און לאָרד אַדמיראַלס טרופּעס. און אַפילו זיי האָבן געזאָלט מעגן שפּילן בלויז צוויי מאָל וועכנטלעך אין די מיטנוואָך־טעג. שעקספּיר האָט געמוזט פאַרווענדן אַ סך כוחות אָפּצושלאָגן זייערע אָנפאַלן. אָבער מער ווי דערפון האָט ער געליטן, וואָס אַפילו אין זיין אייגענעם לאַגער, אין דער טעאַטער־פּראָפעסיע, איז קיין אחדות ניט געווען. זיינע נאָענטסטע פריינט, שוישפּילער און שרייבערס, זיינען געווען צעריסן און צעשפּליטערט פון אייפערזוכט און האַס. דער ביטערער קאַמף צווישן די שרייבערס, וואָס האָבן געשאַפן פאַרן טעאַטער, וועלכער האָט זיך געהאַט געפירט שוין עטלעכע יאָר, האָט זיך איצט נאָך שטאַרקער צעפלאַקערט.

צוזאַמענשטויסן צווישן פּיעסן־שרייבערס און אַקטיאָרן זיינען אין עליזאַבעטישן טעאַטער — פּונקט ווי אין אַלע טעאַטער־עפּאָכעס ביז דער היינטיקער צייט — קיין נייעס ניט געווען. די אייביקע קנאה־שנאה און ניט־פאַרגינערישקייט, וואָס גייט־אָן צוליב דעם, וועמען געהערן די אַפּלאָדיסמענטן און די באַגייסטערונג פונעם פּובליקום? צי דעם מחבר וואָס האָט אָנגעשריבן די פּיעסע, צי דעם אַקטיאָר, וואָס טראָגט זי פאָר און מאַכט זי לעבעדיק? די קנאה־שנאה איז געווען גאַנץ שאַרף אין שעקספּירס צייט. טאָמאַס נעש האָט זיך נאָך אין זיין „אַנאַטאָמיע פון אַבסורדן" (1589) געקלאָגט אויף דעם באַרימטן שוישפּילער עדוואַרד עלעין, וועמען ער האָט אַרויסגעפירט אונטערן פאַרשטעלטן נאָמען ראָסציוס, אַז זיין שטאָלץ און איינבילדונג זיינען געשטיגן צון אַזאַ מדרגה, אַז ער האָט געהאַט די חוצפה זיך קעגן צו שטעלן דעם, אויף וועמענס פּלייצעס ס'האַלט זיך די גאַנצע קונסט. דערמיט האָט ער אָנגעדייט אויף דזשאַרדזש פּיעלן, וועמען נעש האָט ביי אַ פריערדיקער געלעגנהייט געהאַט אָנגערופן „דער אַטלאַס פון דער פּאָעזיע". אַ יאָר שפּעטער איז דער תמיד־קריגערישער גרין אויך באַפאַלן דעם זעלבן שוישפּילער. באַשרייבנדיק כלומרשט די טעאַטער־באַדינגונגען אין אַמאָליקן רוים, דערמאָנט ער ווידער ראָסציוסן (עלעין) און זיין צוזאַמענשטויס מיט ציצעראָן (פּיעל).

דער גרויסער רוימישער אַקטיאָר ראָסציוס פּלעגט זיך באַרימען, אַז ער איז גרייט זיך צו פאַרמעסטן מיט די גרעסטע אָראַטאָרס פון יענער צייט, ווער ס'איז פּערפעקטער — צי ער אין זיין קונסט פון שפּילן, אָדער זיי אין דער קונסט פון שיין־ריידערייַ. ער האָט פאַרזיכערט, אַז ער קאָן פּונקט אַזוי באַריידעוודיק אויסדריקן יעדעס געפיל אָן ווערטער, בלויז מיט זיין מימיק און זשעסטן, ווי ציצעראָ מיט זיין באַקאַנטער רעדנער־קראַפט. ראָסציוס' אַרויסרופן זיינען געוואָרן אַזוי שאַרף, אַז ווען די

ביידע, דער שוישפילער און דער באַליידיקטער אָראַטאָר, האָבן זיך אַמאָל באַגעגנט אין דעם הויז פון דעם פּאָעט אַרכיאַס, האָט אים ציצעראָ שאַרף אויסגערעדט. און גרין זאָגט כלומרשט מיט ציצעראָס רייד: „פאַר וואָס ביזטו, ראָציוס אַזוי שטאָלץ ווי עזאָפּס קראָ, וואָס האָט זיך אויסגעפּוצט מיט דער גלאָריע פון פרעמדע פעדערן? אַליין קיין אייגנס קאָנסטו דאָך גאָרנישט ניט זאָגן, און אויב דער שוסטער האָט דיך אויסגעלערנט זאָגן „אווע צעזאַר", פאַראַכט־זשע ניט דיין לערער דערפאַר ווייל דו טראָגסט פאַר דיינע פלוידערייען אין אַ קייזערלעכן פּאַלאַץ. וואָס פאַרא פראַזע דו רעדסט אַרויס אויף דער בינע שטראָמט דאָך אַרויס פון דעם קוואַל פון אונדזער פאַרשטאַנד. און וואָס פאַר אַ דערהאַבענעם זאַץ דאָס פּובליקום אַפּלאָדירט קומט דאָך פון די טיפעניש פון אונדזער וויסן. איך גיב צו, אַז דיין שפּילן, כאָטש ס'איז בלויז אַ מין מעכאַנישע אַרבעט, אָבער ווייל זייער גוט געמאַכט, פאַרדינט זי פאַרט געלויבט צו ווערן. ס'איז אָבער גאַנץ אומזיסט ווען פאַר אַזאַ קליין שפּילעכל ווערסטו געשוואָלן פאַר שטאָלץ". די אַנדייטונג וועגן שוסטער, וואָס גרין ברענגט, איז געמיינט אויף מאַרלאָון, וועמענס פאָטער האָט זיך פאַרנומען מיט מאַכן שיך. און „אווע צעזאַר" פאַררופט זיך אויף מאַרלאָוס פּיעסע „עדוואַרד דער דריטער", וואו די פראַזע געפינט זיך.

דאָס איצטיקע מאָל אָבער האָט דער קאַמף געטראָגן אַ גאַנץ אַנדערן כאַראַקטער. ער האָט זיך געפירט הויפּטזאַכלעך צווישן די דראַמע־שרייבערס אַליין. די „מלחמה פון די טעאַטערס", ווי דער באַטרעפנדיקער שרייבער־קאַמף איז באַקאַנט אין דער געשיכטע פון יענער צייט, האָט אין 1600 און אין 1601 דערגרייכט איר העכסטע הויך, און אַריינגעשלעפּט אַלץ אַ גרעסערע צאָל אָנטיילנעמער סיי צווישן די אַקטיאָרן, און סיי צווישן דעם פּובליקום, וואָס האָט דאָ געהאַלטן מיט איין צד, און דאָ מיט אַ צווייטן.

די הויפּט־צדדים אין דער מלחמה זיינען געווען בען דזשאָנסאָן פון איין זייט, און טאָמאַס דעקער און דזשאָן מאַרסטאָן פון דער צווייטער. און צו זיי זיינען צוגעשטאַנען אַלע וויכטיקע טעאַטער־שרייבערס, און טיילווייז אַפילו שעקספּיר אַליין. ווי דער שטייגער איז געווען יענע צייט, איז דער קאַמף אויסגעפאַכטן געוואָרן אויף די ברעטער פון די פאַרשיידענע טעאַטער־בינעס, מיט וועלכע די שרייבערס זיינען געווען פאַרבונדן. אָנגעהויבן האָט זיך די מלחמה ווען מאַרסטאָן האָט אַרויסגעגעבן אַ בוך סאַטירעס „די שטראָף פון פאַרדאָרבנקייט", וואו ער האָט אויסגעלאַכט די שוואַכקייטן פון זיין צייט, און אין וועלכן ער האָט, צווישן אַנדערע, אויף

חוזק געמאַכט פון דזשאָנסאָנס ליטעראַרישן סטיל. דזשאָנסאָן האָט באַלד אָפּגעענטפערט מיט אַן אַטאַקע, אין וועלכער ער האָט אָפּגעלאַכט פון מאַרסטאָנס טבע צו פאַרדעקן זיינע טונקעלע געדאַנקען מיט נאַרישע, הויך־קלינגענדיקע ווערטער. מאַרסטאָן האָט ניט געשוויגן און אָנגעשריבן פאַר דער יינגלעך־טרופּע פון „סט. פּאָולס", וואו מ׳פלעגט תמיד שפּילן זיינע פּיעסן, אַ בייסנדיקע סאַטירע „היסטריאָמאַסטיקס", אָדער דער גע־שמיסענער שוישפּילער", וואו ער לאַכט נישט נאָר אויס דזשאָנסאָנס חוצפּהדיקייט, נאָר פאַרפעלט ניט אָנצופאַלן אויף אַקטיאָרן בכלל. דזשאָנ־סאָן האָט אָפּגעענטפערט מיט אַ פּיעסע „יעדער מענטש אין זיין שלעכ־טער שטימונג", וואָס די שעקספּיר־טרופּע, וועלכע האָט זיך געהאַט גע־שטעלט אויף זיין זייט, האָט אויפגעפירט. אין זיין נייער פּיעסע „ווי איר ווילט", וואָס מאַרסטאָן האָט אָנגעשריבן, האָט ער ווידער אויסגעלאַכט דזשאָנסאָנען (ווע מען ער האָט אַרויסגעפירט אין דעם העלד לאַמפּאַטוס) אַז „זיין געלערנטקייט שטינקט פון לאָמפּן־אייל". דזשאָנסאָן איז געוואָרן אַזוי אויפגעקאָכט, אַז ער האָט, ווי זיין אַלטע טבע איז געווען, אַרויסגערופן מאַרסטאָנען אויף אַ דועל. מאַרסטאָן האָט זיך דערשראָקן און דעם דועל ניט אָנגענומען. דזשאָנסאָן האָט זיין קאָנקורענט אויסגעזוכט אין איינער פון די קרעטשמעס און אים באַפאַלן. יענער האָט אַפילו אַרויסגעכאַפּט אַ פּיסטאָלעט זיך צו פאַרטיידיקן, אָבער בען איז געווען געשיקטער. ער האָט אַרויסגעריסן דעם פּיסטאָלעט און מאַרסטאָנען גוט אָנגעבראָכן די ביינער.

די מלחמה האָט זיך ווידער אַמאָל אַריבערגעטראָגן אין טעאַטער אַריין. דזשאָנסאָן האָט אויפגעפירט זיין „פּאָעטאַסטער" (גראַמען־פּלעכ־טער) וואו ער פירט זיך אַליין אַרויס אַלס דעם גרויסן פּאָעט קווינטוס האָראַציוס פלאַקוס, און מאַרסטאָנען אַלס קריספּינוס, אַ צרהדיקן שמיר־רער־פּאָעט, וועמען ער גיט אַ פּיל, פון וועלכער יענער ברעכט אויס אַלע משונהדיקע קאָמישע ווערטער, וואָס ער נוצט אין זיין שרייבן. צוליב גע־וויסע סיבות האָט די שעקספּיר־טרופּע זיך אָפּגעזאָגט ווייטער אויפצופירן דזשאָנסאָנס פּיעסן, און ער איז געצוואונגען געווען זיין „גראַמען־פּלעכ־טער" צו לאָזן שפּילן אין דער יינגלעך־טרופּע פון „בלעקפרייערס" טעאַ־טער. דזשאָנסאָן האָט זיך שוין דערפאַר אין דעם שטיק אָפּגערעכנט אויך מיט זיינע פריערדיקע פריינט, די שוישפּילערס פון „גלאָוב" טעאַטער, די „געמיינע אַקטיאָרן". ער האָט זיי פאַרגעוואָרפן, אַז זיי פאַרגעסן, די וואָ־גאַבונדן, אַז זיי זיינען נאָך אַלץ אונטערגעוואָרפן די באַרימטע סטאַטוטן וועגן גנבים און אַרומשלעפּער . . . דאָס מאָל האָט טאָמאָס דעקער אַלס

ענטפער אָנגעשריבן זיין בייסנדיקע סאַטירע „סאַטיראָמאַסטיקס, אָדער דאָס אָנטנאַקעטן פון דעם הומאָריסטישן פּאָעט", וואו ער האָט זייער ברו־טאַל פּאַראָדירט דזשאָנסאָנען. איצט האָבן שוין די שעקספּיר־אַקטיאָרן זיך געשטעלט אויף דער זייט פון דזשאָנסאָנס קעגנער, און דעקערס „סאַ־טיראָמאַסטיקס" איז געשפּילט געוואָרן אין „גלאָוב" טעאַטער דורך די דערוואַקסענע אַקטיאָרן, אין דער זעלבער צייט ווי זי איז אויך געשפּילט געוואָרן דורך די יינגלעך־אַקטיאָרן פון „סט. פּאָול".

אין דער אַנאָנימער פּיעסע „דער צוריקקער פון פּאַרנאַסוס", דאָס לעצטע שטיק פון דער „טעאַטער־מלחמה"־סעריע (1601-1602), רעכענען זיך נאָך די שעקספּיר־אַקטיאָרן אָפּ מיט בען דזשאָנסאָנען. דער קאָמיקער וויליאַם קעמפּ, וואָס דערשיינט אַלס איינער פון די כאַראַקטערס אין דעם שטיק, זאָגט: „וויניק פון די אוניווערזיטעט־טינטלער שרייבן גוט. זיי שמעקן צופיל מיט דעם שרייבער אָוויד און דעם שרייבער „מעטאַמאָרפאָ־זיס", און רעדן צופיל פון פּראָספּערינאַ און יופּיטער. אָט זע, אונדזער פריינט שעקספּיר לייגט זיי אַלעמען אַוועק. יאָ, אַפילו בען דזשאָנסאָנען אויך. אָ, דער בען דזשאָנסאָן איז אַ פּעסטלעכער חברה־מאַן. ער האָט אַרויפגעבראַכט האָראַצן, וועלכער האָט די פּאָעטן איינגעגעבן אַ פּיל, אָבער אונדזער פריינט שעקספּיר האָט אים געגעבן אַזאַ אָפּפיר־מיטל, אַז ס'האָט אים פאַרפינצטערט ס'פּנים" . . .

אין וואָס ס'איז באַשטאַנען שעקספּירס אָנטייל אין די אַרויסטריטן קעגן דזשאָנסאָנען, איז ניט קלאָר באַוויזן. ס'איז פאַרקערט באַוואוסט, אַז ער האָט זיך צוריקגעהאַלטן פערזענלעך זיך צו שטעלן אויף וועלכן עס איז צד, און אַז די גאַנצע מלחמה איז אים געווען שטאַרק דערווידער. דאָס איז אָבער זיכער, אַז אין די קעגנזייטיקע אָנפאַלן איז זיין נאָמען גאָר נישט געשווינט געוואָרן. כאָטש דאָס איז קיין נייעס ניט געווען. מיר האָבן שוין אויבן געזען, ווי אָפט שעקספּיר איז אַטאַקירט געוואָרן פון די שטאָלצע, אַזוי־גערופענע אוניווערזיטעטלער־דראַמאַטיקער, וועלכע האָבן זיך געהאַלטן פאַר „דזשענטלמען־פּאָעטן". זיי האָבן פאַר זייערע אָנפאַלן ניט באַדאַרפט קיין ספּעציעלע טעאַטער־מלחמה. באַזונדער אויסגעצייכנט מיט זיינע אַטאַקעס האָט זיך דער פּאָעט דזשאָרדזש טשעפּמען. די קנאה צווישן טשעפּמענען און שעקספּירן האָט אָנגעהאַלטן לאַנגע יאָרן. יענער האָט ניט געקאָנט פאַרגעסן, אַז זיין „שאָטן פון דער נאַכט" איז געווען אַ דורכפאַל. מער ווי די ערשטע אויפלאַגע איז ניט אַרויס. אין דער צייט וואָס שעקספּירס „ווענוס און אַדאָניס" און „לוקרעציא" זיינען גע־זוען שטאַרק פּאָפּולער, און זיינען אַ סך מאָל איבערגעדרוקט געוואָרן. נאָך

שטאַרקער איז געוואָרן זיין שנאה, וואָס אים איז אָנגעקומען אַזוי שווער צו קריגן דעם פּאַטראָנאַזש פון דעם אוירל פון סאַוטעמפּטאָן, שעקספּירס פריינט.

ווי אַלע פּאָעטן אין יענער צייט, האָט טשעפּמען געהאַט אַ זייער איבערגעטריבענע מיינונג וועגן זיך. ער איז געווען זייער שטאָלץ אויף זיין געלערנטקייט, און ניט אויפגעהערט אין זיינע אַטאַקעס אויף שעקספּירן אים צו באַצייכענען אַלס איגנאָראַנט. אין די הקדמות צו זיינע „אָדיסייע" און „איליאַדע"־איבערזעצונגען הערט ער ניט אויף צו פאָדערן אָנערקענונג ניט נאָר פאַר האָמערן, נאָר פאַר זיינע אייגענע גרויסע אויפטוען. און דערביי מאַכט ער צו קליינגעלט אַלע דערגרייכונגען פון זיינע מיטצייטלערס. טשעפּמאַן איז בכלל געווען אַ שווערער מענטש, אַ נישטפאַרגינער. זיין לעצט ניט־פאַרענדיקט ווערק, ווען ער איז געשטאָרבן, איז געווען אַ גיפטיקע אַטאַקע אויף זיין אַמאָליקן פריינט בען דזשאָנסאָן. צו טשעפּמאַנען און זיינע אָנפאַלן אויף שעקספּירן איז אויך צוגעשטאַנען דזשאָן פלאָריאָ. און דזשאָרדזש פּיעל האָט זיך ניט אָפּגעהאַלטן אין זיינע אַטאַקעס אויף שעקספּירן איבערצוחזרן גרינס אַמאָליקע זידלערייען. טאָמאַס נעש האָט שעקספּירן אָנגערופן „איינער פון די סאָרט מענטשן, וואָס לייגן אַריין די אייביקייט אין די מיילער פון די אַקטיאָרן, און אַליין פאַרמאָגן זיי ניט מער געלערנטקייט אין זייערע קעפּ וויפיל עס קאָן אַריין אין אַ קליין טעפל, און קונסט אין זייער מוח ניט מער ווי אַ משרת קאָן אויסקלערן אין זיין פרייער צייט".

איצט אָבער, אין דער קלימאַקס־צייט פון דער טעאַטער־מלחמה, האָבן די אָנפאַלן, סיי אויף אים פערזענלעך, און סיי פון די איבעריקע שרייבערס איינער אויפן אַנדערן, זיך זייער שווער געלייגט אויף שעקספּירס געמיט. איבערהויפּט האָט זיך די גאַנצע געפערלעכקייט פון דעם קאַמף געלאָזן פילן זייט די אַזוי־גערופענע „יינגלעך־טרופּעס" זיינען אין אים אַריינגעצויגן געוואָרן, און די מלחמה האָט זיך, ניט־באַמערקטערהייט, פאַרוואַנדלט אויך אין אַ קאַמף צווישן די אַלגעמיינע אַקטיאָרן, און זייערע קאָנקורענטן, די יינגלעך־שוישפּילערס. דאָס פּובליקום האָט אָפן פאַרגעצויגן דעם צד פון די יינגלעך־טרופּעס, האָט איבערגעפּילט זייערע טעאַטערס, און אָנגעהויבן וויכן פון די, וואו עס האָבן געשפּילט די געוויינלעכע דערוואַקסענע אַקטיאָרן.

די ייִנגלעך־טרופּעס זײַנען אַ זייער אינטערעסאַנט קאַפּיטל אין דער געשיכטע פון עליזאַבעטישן טעאַטער, און האָבן געשפּילט אַ וויכטיקע ראָלע אין שעקספּירס איבערלעבונגען פון יענער צײַט. די ערשטע פאַלן ווען ייִנגלעך זײַנען צוגעצויגן געוואָרן אָנטייל צו נעמען אין טעאַטער־אויפפירונגען האָבן אַ שייכות צו דער צײַט, ווען די גלחים, קלויסטער־דינערס און כאָר־זינגערלעך פלעגן מיטשפּילן אין די רעליגיעזע פאָרשטעלונגען, וואָס זײַנען אײַנגעאָרדנט געוואָרן אין די קירכעס. שפּעטער האָט זיך אַנטוויקלט דער מנהג, אַז ייִנגלעך פלעגן געבן אַמאַטאָרישע פאָרשטעלונגען אין די שולן אַלס טייל פון זייער לימוד־פּראָגראַם, ווען זיי האָבן באַדאַרפט זיך איבן אין פאָרטראָגן די קלאַסישע דיכטערס. אין די עטאָן און וועסטמינסטער־שולן איז טעאַטער־שפּילן געווען אַ טייל פון דעם בילדונגס־קורס. נאָך שפּעטער, זייט 1577, פלעגן די כאָריסטן־ייִנגלעך פון „קעניגלעכן קלויסטער", און פון דער „סט. פּאָולס קאַטעדראַלע" שוין געבן פאָרשטעלונגען פאַרן „הויף". אין דער זעלבער צײַט האָבן זיי אויך געשפּילט אין פּריוואַטע זאַלן מיטן אויסרייד, אַז זיי מוזן פּראַקטיצירן פאַר אַ פּובליקום, כדי צו קאָנען געבן בעסערע פאָרשטעלונגען אין קעניגלעכן הויף.

ווען די קעניגין עליזאַבעט האָט אָנגעהויבן אַרויסצואווייזן איר גרויסן אינטערעס צום טעאַטער, האָבן זיך געבילדעט צוויי טרופּעס, צוזאַמענגעשטעלט פון די כאָר־זינגערלעך אין די הויף־קירכן. די קינדער פון דער „סט. פּאָולס קאַטעדראַלע" האָבן געשפּילט אונטער דער פירונג פון טאָמאַס זשיל און דזשאָן לילי, וואָס האָט ספּעציעל פאַר זיי געשריבן זײַנע לייכטע קאָמעדיעס. אויך טאָמאַס דעקער און דזשאָן מאַרסטאָן האָבן פאַר זיי געשריבן. דער פירער פון „די קינדער פון קעניגלעכן קלויסטער"־טרופּע איז געווען הענרי עווענס. ביידע טרופּעס זײַנען געשטאַנען אונטערן פּאַטראָנאַזש פון דער קעניגין. זי האָט דערלויבט אירע הויף־מוזיקאַנטן אָנטיילצונעמען אין די פאָרשטעלונגען, און געלאָזט מאַכן פאַר די ייִנגלעך־אַקטיאָרן די קאָסטבאַרסטע גאַרדעראָבן. אין 1600 האָט הענרי עוואַנס געקראָגן פאַר זײַן ייִנגלעך־טרופּע די דערלויבעניש צו שפּילן אין דעם אַריסטאָקראַטישן „בלעקפרײַערס"־טעאַטער, וואָס ער האָט אָפּגעדונגען ביי באָרבעדזשן אויף 21 יאָר.

דזשיימס באָרבעדזש האָט נאָך אין 1596, קורץ פאַר זײַן טויט, געהאָט אָפּגעקויפט די „בלעקפרײַערס", אַ זאַל אין אַ געוועזענעם מאָנאַסטיר, אין דעם שענסטן געגענט פון לאָנדאָן, און אים שטילערהייט אָנגעהויבן איבערצובויען פאַר אַ טעאַטער. געטאָן האָט ער דאָס אויס דעם זעלבן

גרונט וואָס ער האָט אין די ערשטע יאָרן געלאָזט אויפבויען זיין „טעאַטער" הינטערן שטאָט — כדי אויסצומיידן די שוועריקייטן און פאַרפאַלגונגען פון דער שטאָט־רעגירונג לגבי די אַקטיאָרן. ווייל דער מאַנאַסטיר איז געשטאַנען אויף דער ערד, וואָס האָט באַלאַנגט צו דער קרוין, און איז ניט געווען אונטערגעוואָרפן דער יוריסדיקציע פון דער שטאָט. אַזוי גיך אָבער ווי די רייכע לאָרדן, וואָס האָבן געוואוינט אין יענער געגנט האָבן זיך דערוואוסט, אַז אין זייער שכנות גייט זיך עפּענען אַ „פּשוטער" טעאַטער, האָבן זיי זיך באַלד געווענדט צום פּריווי־קאָונסיל מיט אַ פּראָטעסט, און יענער האָט גלייך אַרויסגעגעבן אַ באַפעל, אַז די געביידע טאָר ניט באַנוצט ווערן אַלס עפנטלעכער טעאַטער. דאָס „בלעקפריייער" איז אַלזאָ געשטאַנען לייִדיק אַ לאַנגע צייט, שוין אַפילו ווען ס'איז איבערגעגאַנגען בירושה צו ריטשאַרד באַרבעדזשן. ערשט העענרי עוועגס האָט אויסגעפּועלט מען זאָל דאָרט מעגן שפּילן, ווייל ער האָט אַנגעגעבן, אַז די ייִנגלעך וועלן דאָרט געבן „פּריוואַטע" אויפפירונגען, ניט קיין עפנטלעכע פאָרשטעלונגען פון די „פּשוטע" אַקטיאָרן.

די ייִנגלעך־טרופּע פון דער „סט. פּאָולס קאַטעדראַלע" האָט געשפּילט אין אַ פּריוואַטן זאַל פון דעם קאַטעדראַל־באַצירק. די טרופּעס זיינען אין אַ קורצער צייט געוואָרן אַ גרויסער דערפאָלג. די בעסטע שרייבערס האָבן פאַר זיי געשריבן זייערע פּיעסן, און זיי האָבן צוגעצויגן דעם אינטעליגענטערן עולם מיט זייערע „הויף־קאָמעדיעס", ווי מ'האָט זיי גערופן. זיי האָבן טאַקע גערעכנט העכערע פּרייזן, דערפאַר אָבער האָבן זיי געגעבן פיינערע אויפפירונגען. די ייִנגלעך האָבן פאַרמאָגט אַזאַ צוציאונג, וואָס די דערוואַקסענע אַקטיאָרן האָבן ניט געהאַט. דער אופן פון זייער שפּילן איז געווען אַ סך אַ פּשוטערער, אינטימערער. זיי האָבן אויך געקאָנט זינגען און שפּילן אויף פאַרשיידענע אינסטרומענטן. און אַ שעה איידער זייערע אַ פאָרשטעלונג האָט זיך אָנגעהויבן, פלעגן זיי געבן מוזיקאַלישע קאָנצערטן. די ייִנגלעך האָבן זיך מערסטנטייל אַנטוויקלט אַלס זייער גוטע שוישפּילערס, וועלכע זיינען, ווען זיי זיינען גרעסער געוואָרן, איבערגעגאַנגען אין די טרופּעס פון די דערוואַקסענע אַקטיאָרן. אין זיין קלאָג־ליד אויף דעם טויט פון איינעם פון די ייִנגלעך־שוישפּילערס, סאַלוואַטיעל פּעיווי, האָט בען דזשאָנסאָן געשריבן, אַז הימל און ערד האָבן מלחמה געהאַלטן, ווער ס'זאָל האָבן ביי זיך דעם 13 יאָריקן קינסטלער. און אַז ער האָט געשפּילט אַלטע לייט אַזוי טאַלאַנטפול, אַז ער האָט דעם טויט געגעבן אַ פאַלשן איינדרוק וועגן זיין עלטער, און יענער האָט אים צוגענומען צו זיך פאַר דער צייט. אַן אַנדערער פון די ייִנגלעך, נאַטאַניעל

פּילד, וועלכער האָט מיט גרויס טאַלאַנט געשפּילט די הויפּט־ראָלע אין דזשאָנסאָנס „פּאָעטאַסטער" אין „בלעקפרייערס", איז שפּעטער געוואָרן אַ באַקאַנטער פּאָעט־דראַמאַטיקער און גאָר אַ באַרימטער אַקטיאָר, וואָס האָט קאָנקורירט מיט באַרבעדזשן אין טראַגישע ראָלן.

אין 1601, ביים קלימאַקס פון דעם קאַמף צווישן די שרייבערס, געפינען מיר די צוויי יינגלעך־טרופּעס שטאַרק פאַרקאַכט אין דער „מלחמה פון די טעאַטערס". אַ סך פון די סאַטירישע אָנפאַל־פּיעסן האָבן די שרייבערס געלאָזט אויפפירן אין די יינגלעך־טרופּעס, ווייל דער עולם האָט זיך גערן געוויילט הערנדיק די שאַרפע באַמערקונגען אויפן חשבון פון די דערוואַקסענע קעגנער אַרויסגעזאָגט דורכן מויל פון די טאַלאַנטפולע יינגלעך. אַפילו די קעניגין עליזאַבעט, וואָס פלעגט קיינמאָל ניט באַזוכן קיין אַלגעמיינע טעאַטערס, האָט באַערט די יינגלעך־טרופּע, און געקומען זען זייערע אַ פאַרשטעלונג אין „בלעקפרייערס" דעם 29טן דעצעמבער, 1601.

אַזוי גרויס איז געווען דעם פּובליקומס פאַראינטערעסירטקייט אין די יינגלעך־שוישפּילערס, און אַזוי גרויס איז געווען דער שאָדן, וואָס זיי האָבן געברענגט זייערע עלטערע קאָלעגן, אַז אַ סך געוויינלעכע טעאַטערס האָבן זיך פאַרמאַכט, און די טרופּעס זיינען געצוואונגען געווען זיך אַרומצושלעפּן איבער דער פּראָווינץ. און די וואָס זיינען פאַרבליבן אין לאָנדאָן, צווישן זיי אויך די „גלאָוב"־טרופּע, האָבן געהאַט אויסצושטיין אַ גאַנץ שווערע צייט.

שעקספּיר האָט געמוזט זיין שטאַרק געטראָפן פון דעם קלאַפּ, וואָס ער האָט געקראָגן פון די יינגלעך־טרופּעס. אין זיין „האַמלעט", וואָס האָט סוף־כל־סוף צוריק געוואונען דעם עולם פאַרן „גלאָוב"־טעאַטער, גיט ער אָפּ אַ גאַנצע סצענע אַראָפּצורייסן זיך פון האַרצן וועגן זיי. ער באַקלאָגט זיך אויף די יונגע „שפּאַרבערלעך", וואָס זיינען איצט אין דער מאָדע, און פאַרכאַפּן פאַר זיך דאָס פּובליקום צוזאַמען מיט הערקולעסן און זיין משא. (די שילד אויף דעם „גלאָוב"־טעאַטער האָט געהאַט אויסגעמאָלן אַ הערקולעס, וואָס טראָגט דעם ערד־קיילעך אויף זיינע פּלייצעס, מיט דעם באַרימטן אונטערשריפט „די גאַנצע וועלט ז'אַ בינע").

ער קלאָגט זיך אויך, ווי שעדלעך ס'איז דער קאַמף צווישן די יינגלעך־אַקטיאָרן און זייערע עלטערע קאָלעגן. ווען די יינגלעך וועלן אויסוואַקסן און אַריינטרעטן מסתמא אין די רייען פון די געוויינלעכע אַקטיאָרן, וועלן זיי דאָך זיכער מוזן אויסשטיין די נייע אָנפאַלן קעגן זיך פון די פריש־צוגעקומענע יינגלעך־שוישפּילערס.

דער קאַמף צווישן די שרייבערס האָט שוין נאָכדעם לאַנג ניט אָנ־

געהאַלטן. ווידער אַמאָל איז עס געווען שעקספּיר, וואָס האָט זיך אַריינגעלייגט ס'זאָל ווערן שלום. אין 1603 האָט שוין בען דזשאָנסאָן אויפגעפירט זיין טראַגעדיע „סעזשאַנוס" אין „גלאָוב"־טעאַטער, און שעקספּיר בעמט אַנטייל אין דער פאָרשטעלונג. די יינגלעך האָבן נאָך געשפּילט אַ שטיק צייט, ביז ערשט נאָך עליזאַבעטס טויט, ווען זיי זיינען פאַרווערט געוואָרן, ווייל זיי פלעגן זיך דערלויבן חוזקדיקע באַמערקונגען סיי אויף קעניג דזשיימס, סיי אויף זיין דענישער פרוי אַננאַ, און סיי אויף דער גאַנצער כאַפּטע שאָטלענדער, וואָס זיינען מיטגעקומען מיט דזשיימסן קיין לאָנדאָן, און ער האָט זיי דערהויבן צו פאַרשיידענע ראַנגען, ווייל זיי האָבן אים גוט באַצאָלט דערפאַר. אין 1605 האָט מען די יינגלעך ניט דערלויבט מער צו שפּילן, און די קעניגין האָט ביי זיי צוגענומען דעם פּאַטראָנאַזש, וואָס זי האָט זיי פריער געהאַט געשענקט. אַביסל שפּעטער האָט מען זיי ווידער דערלויבט אָנצוגיין מיט זייערע פאָרשטעלונגען אונטערן פּשוטן נאָמען „די קינדער פון בלעקפריייערס", אָבער אין 1608 האָבן זיי ווידער אויפגעפירט אַ פּיעסע, אין וועלכער קעניג דזשיימס איז אַרויסגעפירט געוואָרן אין אַ שיכורן צושטאַנד. אין עטלעכע טעג שפּעטער האָבן זיי געשאַפן אַ דיפּלאָמאַטישן פלאָנטער, ווען זיי האָבן געשפּילט טשעפּמאַנס אַ פּיעסע „די קאָנספּיראַציע פון ביראָן", וואָס האָט באַהאַנדלט אַן עפּיזאָד פון פראַנצויזישן הויף־לעבן מיט עטלעכע יאָר פריער. אין דעם שטיק האָט די פראַנצויזישע קעניגין געפּאַטשט דעם קעניגס מעטרעסע מ'ם דע ווערנוי. דער פראַנצויזישער אַמבאַסאַדאָר האָט העפטיק פּראָטעסטירט. דאָס איז געווען דער לעצטער שטויס, און די יינגלעך־טרופּעס זיינען אינגאַנצן צעטריבן געוואָרן. בארבעדזש, שעקספּיר און זייערע שותּפים פון „גלאָוב" האָבן דאַן איבערגענומען דאָס פאַרמאַכטע „בלעקפריייערס"־טעאַטער. אַזוי אַז ביז צום סוף פון זיין לעבן איז שעקספּיר געווען פאַרבונדן מיט דיביידע טעאַטערס, וואו זיין טרופּע האָט געשפּילט, זומער אין דעם אָפענעם „גלאָוב" און ווינטער אין דעם פאַרמאַכטן „בלעקפריייערס".

נאָך שווערער ווי די צעריסנקייט פון זיינע פריינט די שוישפּילערס און שרייבערס האָבן זיך אויף שעקספּירן געלייגט די טרויעריקע געשעענישן, וואָס זיינען דעמאָלט פאָרגעקומען אין קעניגלעכן הויף, און אין וועלכע זיינע נאָענטע פריינט און פּאַטריאָניזירער, דער ערל פון סאַוטעמפּטאָן און דער ערל פון עסעקס, האָבן געשפּילט אַזאַ בלוטיקע ראָלע. ווי אין אַלע צייטן און אין אַלע לענדער איז אויך דער ענגלישער הויף

געווען פול מיט אינטריגעס, פול מיט פאַרשטעלטן און אָפענעם קאַמף פאַר מאַכט. און אַלץ האָט זיך געפירט אַרום דער פּערזאָן פון עליזאַבעט, דער „בתולה קעניגין". גישט געקוקט אויף דעם, וואָס עליזאַבעט האָט גע־פירט איר מלוכה מיט אַ זיכערער האַנט און קלוגן קאָפּ, אַזוי אַז איר רע־גירונגס־צייט ווערט פאַררעכנט אַלס די בליענדיקסטע צייט אין דער ענג־לישער געשיכטע, איז זי אַליין אָבער געווען אַ טראַגישע פּערזאָן. אָפּגע־זען פון דעם וואָס זי איז, צוליב איר אומגעהייערער שפע פון ענערגיע און אינספּיראַציע, געוואָרן די פאַרקערפּערונג פון ענגלאַנדס גלאָריע, איז זי אַליין געווען ווייט פון צו זיין גליקלעך. זי איז געווען זייער ראָמאַנטיש, זי האָט אָבער תמיד אונטערדריקט אירע געפילן אַלס פרוי צוליב די אינ־טערעסן פונעם שטאַט. אין איר רעדע צום לעצטן פּאַרלאַמענט האָט זי געזאָגט: „צו זיין אַ קעניגין און טראָגן אַ קרוין איז אַ סך דערהאַבענער פאַר די וואָס זעען עס, ווי אַ פאַרגעניגן פאַר דער וואָס טראָגט זי". זי האָט געבענקט נאָך ליבע, אָבער זי האָט געפּילט די זיך שוין אַנרוקנדיקע עלטער. אַלע הויף־לייט האָבן זיך איבערגעשטיגן אין זייער אַרויסווייזן, אַז זיי זיינען פאַרליבט אין איר, אָבער ביי זיך אין האַרצן האָט זי געוואוסט, אַז דאָס איז בלויז אָנשטעלערישע באַוואונדערונג, פאַלשע שמייכלערייען. זי האָט זיך געזוכט צו טרייסטן מיט די אימפּאָזאַנטע צערעמאָניעס און לוקסוריעזע טעאַטער־פאָרשטעלונגען, וואָס זי פלעגט אַליין איינאָרדענען ביי זיך אין הויף, אָדער וואָס אירע הויף־לייט פלעגן פאַר אירעטוועגן אַראַנזשירן ביי זיך אין זייערע פּריוואַטע שלעסער. פּונקט ווי זי האָט אויך געזוכט פאַרגיטיקונג אין די חניפהדיקע סאָנעטן, וואָס די דיכטער, וועלכע זיינען געשטאַנען נאָענט צום הויף, סידניי, ספּענסער און ראַלעי, האָבן איר כסדר געווידמעט.

אין דער זעלבער צייט איז עליזאַבעט אויך געווען עגאָאיסטיש און מאַכט־זוכעריש. זי איז געווען אַזוי איטל, אַז אַלצדינג האָט זיך געמוזט קאָנצענטרירן אַרום איר. זי פלעגט קראַנק ווערן, אויב זי האָט באַ־מערקט, אַז אימיצער פון אירע נאָענטע מענטשן האָט אַרויסגעוויזן אַ פאַר־לאַנג חתונה צו האָבן. זיי האָבן דעריבער געמוזט חתונה האָבן בסוד. אירע הויפלייט האָבן געקאָנט אירע שוואַכקייטן, און איר געשאָנקען אי־בערגעטריבענע אויפמערקזאַמקייט, כדי זיך איינצוקויפן אין איר פריינט־שאַפט, און קריגן די מאַכט אין דער רעגירונג. סוף־כל־סוף איז זי אַליין אויך פאַרפּלאָנטערט געוואָרן אין די אינטריגעס, וועלכע האָבן זיך אומ־אויפהער געשפּונען אַרום איר. דער קעניגלעכער הויף איז דעמאָלט גע־ווען צעטיילט אין צוויי פיינטלעכע צדדים. איין צד איז געפירט געוואָרן

פון דעם זייער קלוגן סער ראָבערט סעסיל, און דער צווייטער איז אײנגאַנצן געווען מיט דעם יונגן, הייס־בלוטיקן ראָבערט דעוועראָ, דעם אוירל פון עסעקס, וועלכער האָט זייט 1587 פאַרנומען דאָס ערשטע אָרט אין עליזאַ־בעטס האַרץ, נאָכדעם ווי ער האָט געהאַט באַזייטיקט איר פריערדיקן פאַ־וואָריט, סער וואָלטער ראַלעי. אַזוי גרויס איז געווען דער קעניגינס צו־געבונדנקייט צו עסעקסן, אַז בשעת דער שפּאַנישער אַרמאַדע האָט זי אים פאַרהאַלטן אין הויף, און אים ניט דערלויבט אַנטייל צו נעמען אין די שלאַכטן. אין 1589 האָט ער געמוזט אַנטלויפן צום שלאַכטפעלד. און נאָכדעם ווי ער האָט זיך אויסגעצייכנט אין קריג, האָט זי אים געצוואונ־גען צוריק צו קומען. נאָך שטרענגער איז געווען עליזאַבעטס באַציאונג צו עסעקס׳ פריינט און שעקספּירס פּאַטראָן, דעם אוירל פון סאָוטעמפּטאָן. יענער האָט זיך געהאַט פאַרליבט אין עסעקס׳ קוזינע, לײדי עליזאַבעט ווערנאָן. די קעניגין האָט אים פאַרבאָטן חתונה צו האָבן. סאָוטעמפּטאָן איז מיט זיין געליבטער אַנטלאָפן אויף אַ קריגסשיף, וואָס זיין פריינט עסעקס האָט קאָמאַנדירט. עליזאַבעט האָט אים געלאָזט צוריקברענגען קיין ענגלאַנד און אים פאַרשיקט, ער זאָל זיין האָניק־חודש פאַרברענגען אין „טורעם פון לאָנדאָן".

ווען עסעקס האָט איינגעשטימט צו ווערן דער „לאָרד דעפּיוטי" פון איירלאַנד און געפאָרן אַהין מיט דער פאַטאַלער אויפגאַבע איינצושטילן דעם דאָרטיקן אויפשטאַנד, האָט ער מיט זיך מיטגענומען סאָוטעמפּטאָנען. ער האָט אים געהאַט באַשטימט פאַר גענעראַל, אָבער עליזאַבעט האָט אים געצוואונגען די באַשטימונג צוריקצוציען. און באַלד זיינען אָנגעקומען די בלוטיקע געשעענישן, וואָס האָבן אַזוי שטאַרק געווירקט אויף שעקס־פּירן — דער אומגעלונגענער אויפשטאַנד פון עסעקס און סאָוטעמפּטאָן.

עסעקס איז אָפּגעפאָרן קיין איירלאַנד מיט אַ סך פּאָמפּ, און אונטער די שטורמישע אָוואַציעס פון דער לאָנדאָנער באַפעלקערונג, וואָס האָט אַרויסבאַגלייט זייער העלד און ליבלינג. אָבער אַרום סוף 1600, נאָכדעם ווי צוליב זיין ניט־קלוגער טאַקטיק האָט זיך די אירלענדישע עקספּעדיציע אַרויסגעוויזן פאַר אַ דורכפאַל, האָט עסעקס דערפילט, אַז די כוחות וואָס אינטריגירן קעגן אים אין לאָנדאָנער הויף, האָבן געקראָגן די אויבער־האַנט. ער האָט געוואוסט, אַז זיין איינציקע רעטונג קאָן זיין, ער זאָל זיך פאַרזעגלעך זען מיט דער קעניגין, און ווידער אַמאָל זוכן צוריקצו־קריגן זיין שטענדיקן איינפלוס אויף איר. ער האָט דעריבער געפאָדערט אַ פערזענלעכן אוידיענץ. עליזאַבעט האָט אים אָבער פאַרבאָטן, ער זאָל זיך ניט דערוועגן צו פאַרלאָזן איירלאַנד אָן איר באַפעל. עסעקס האָט

מיט זיין געוויינלעך היציקן כאַראַקטער איגנאָרירט דעם באַפעל, און דעם 28טן סעפּטעמבער גאַנץ פרי איז ער אומדערוואַרטערהייט אָנגעקומען קיין לאָנדאָן, און אין די רייזע־קליידער זיך אַריינגעריסן צו דער קעניגין אין שלאָפצימער. זי האָט אים כלומרשט פריינטלעך אויפגענומען, אָבער דעם זעלבן אויפדערנאַכט שוין האָט זי אים געלאָזט אַרעסטירן. ער איז פאַר־משפּט געוואָרן צו פאַרלירן זיינע באַשטימונגען און צו בלייבן אַרעסטירט אין דעם „עסעקס הויז" אַזוי לאַנג ווי דער קעניגין וועט געפעלן זיין אים דאָרט צו האַלטן. נאָך אין אַ פּאָר וואָכן אַרום האָט אים עליזאַבעט באַפרייט. אָבער עסעקס' צאָרן איז פאַרבליבן אומגעשטילט. ער האָט געפּלאָנט נקמה סיי אָן דער אומדאַנקבאַרער קעניגין, און סיי אָן אירע ראַטגעבער, זיינע פיינט, די סעסילס.

עסעקס האָט שטילערהייט אָרגאַניזירט אַרום זיך זיינע אָנהענגער, און אויף דעם 8טן פעברואַר 1601 איז געווען באַשטימט זיי זאָלן זיך אַריינרייסן אין קעניגלעכן שלאָס אין „ווייט־האָל", און פאַרכאַפּן די מאַכט. סאָוטעמפּטאָן איז געווען עסעקס מיט־קאָנספּיראַטאָר. זייער כוונה איז געווען בלויז צו באַזייטיקן סעסילן, אָבער ניט צו באַרירן עליזאַבעטן. פאַרקערט, זייער דעוויז האָט געזאָלט זיין: „לאַנג לעבן זאָל די קעניגין, און נאָך איר לאַנג לעבן זאָל קעניג דזשיימס פון סקאָטלאַנד, דער איינציקער לעגיטימער יורש פון ענגלישן טראָן". דעם 8טן אינדערפרי איז עליזאַבעטס אַ שליח בראש פון 300 נאָבללייט אָנגעקומען אין „יאָרק הויז", וואו די רעבעלן האָבן זיך געהאַט פאַרזאַמלט, און אין נאָמען פון דער קעניגין געפאָדערט פון עסעקסן ער זאָל צעלאָזן זיינע אָנהענגער. עס האָט אויסגעבראָכן אַ שטאַרקער צוזאַמענשטויס, און עסעקס האָט מיט זיינע לייט זיך אַרויסגעלאָזט איבער די לאָנדאָנער גאַסן מיט די אויסגעשרייען: „צום הויף! צום הויף!"

עסעקס און זיינע מיטקעמפער זיינען געווען זיכער, אַז זיי דאַרפן זיך נאָר באַווייזן מיט זייערע פענער, און דער לאָנדאָנער המון וועט זיכער נאָכפאָלגן זייער שטענדיק באַליבטן העלד. אָבער די לאָנדאָנער האָבן אַרויסגעוויזן אַ גאַנץ שוואַכע פאַראינטערעסירטקייט. אין הויף איז מען געווען צוגעגרייט צו באַגעגענען די אויפשטענדלער, און נאָך אַ קורצן צוזאַמענשטויס זיינען זיי פאַרטריבן געוואָרן. דעם זעלבן אָוונט זיינען עסעקס און סאָוטעמפּטאָן אַרעסטירט געוואָרן און מען האָט זיי פאַרשפּאַרט אין „טורעם". דעם 19טן פעברואַר זיינען זיי פאַרמשפּט געוואָרן צום טויט. סאָוטעמפּטאָנען האָט מען פאַרביטן דעם טויט־אורטייל אויף לעבנס־לענגלעכער תפיסה, און עסעקס טויט־אורטייל איז אונטערגעשריבן גע־

וואָרען דורך עליזאַבעטן. זי האָט באַלד חרטה געהאַט און דעם אורטייל צוריקגעצויגן, אָבער שוין דעם 24טן סעפּטעמבער האָט זי אים ווידער אונטערגעשריבן, און אויף צומאָרגנס איז עסעקס׳ קאָפּ געפאַלן דורכן הענקערס האַנט אין דעם „טורעם פון לאָנדאָן״.

לויט דער טראַדיציע ווערט דערציילט, אַז עליזאַבעט האָט עסעקסן געהאַט געשענקט אַ רינג, מיט דער פאַרזיכערונג, אַז אויב ער וועט ווען עס איז זיין אין אַ נויט, דאַרף ער איר בלויז צושיקן דעם רינג, און — ווי שווער זיין לאַגע זאָל ניט זיין — זי וועט אים העלפן. איר צעגערן מיטן באַשטעטיקן דעם טויט־אורטייל זאָל עס האָבן געווען, ווייל זי האָט אַלץ געוואַרט ער זאָל זיך ווענדן צו איר דורך שיקן דעם רינג זי זאָל האַלטן איר פאַרשפּרעכן. ס׳זאָל הייסן, אַז עסעקס האָט דעם רינג יאָ געשיקט צו איר דורך איינער פון די הויף־דאַמען. אָבער יענע האָט, צוליב וועלכע עס איז סיבות, דעם רינג ניט איבערגעגעבן צו עליזאַבעטן, און זי האָט סוף־כל־סוף אין גרויס אַנטוישונג דעם אורטייל נאָך אַמאָל אונטערגעשריבן.

ס׳איז בלויז געווען אַ גליקלעכער צופאַל, וואָס שעקספּיר אַליין איז דורך דער קעניגין געשוינט געוואָרן אין די געשעענישן, אין וועלכע ער איז געהאַט אַריינגעצויגן געוואָרן. ערב דעם עסעקס־אויפשטאַנד האָבן אַ פּאָר פון די אינספּיראַטאָרס אונטערגעקויפט עטלעכע שוישפּילערס פון „גלאָוב״־טעאַטער זיי זאָלן פּועלן ביי דער דירעקציע מען זאָל ווידער אַמאָל שפּילן שעקספּירס פּיעסע „ריטשאַרד דער 2טער״, וואו עס ווערט געפּרעדיקט, אַז דאָס פאָלק האָט אַ רעכט אַרונטערצוזעצן, און אַפילו הינ־ריכטן זייער ניט־באַליבטן קעניג. געטאָן האָבן זיי דאָס מיט דער האָפע־נונג, אַז דאָס וועט העלפן אונטערהעצן דאָס פּובליקום צוצושטיין צו דער געפּלאַנטער איבערקערעניש. און דעם 7טן פעברואַר 1601, אַ טאָג פאַר עסעקס׳ ניט־געלונגענעם אויפשטאַנד, האָט מען טאַקע די פּיעסע גע־שפּילט. ס׳איז אָבער ניט באַוויזן געוואָרן, אַז די אַקטיאָרן האָבן עפּעס געוואוסט וועגן דער כוונה פון די קאָנספּיראַטאָרס. דעם 18טן פעברואַר, ביי דעם עסעקס־משפּט, איז דער שוישפּילער אויגוסטין פיליפּס אַלס פאַר־שטייער פון דער „גלאָוב״־טעאַטער־טרופּע גערופן געוואָרן צו דערציילן וועגן די אַקטיאָרנס שייכות צו דער פאַרשווערונג, און אים איז געלונגען ריין צו וואַשן זיינע קאָלעגן. כאָטש עליזאַבעט האָט שווער געקאָנט פאַר־טראָגן וואָס מען שפּילט „ריטשאַרד דער 2טער״ בכלל. זי האָט צופיל ענלעכקייט צו זיך געזען אין דעם אומגליקלעכן קעניג, וואָס פאַרלירט סוף־כל־סוף זיין קרוין און זיין קאָפּ. ביי אַ געלעגנהייט האָט זי געהאַט

געזאָגט מיט גרויס צאָרן צו וויליאַם לאַמבאַרט, דעם אויפזעער פון „לאָנ־דאָנער טורעם": „איך בין ריטשאַרד דער צווייטער, ווייסטו עס ניט?"...
זי האָט אָבער ניט געקאָנט דערווייטערן פון זיך שעקספירן און זיינע מיט־שפילערס. זיי האָבן ניט אָנגעוואוירן איר קעניגלעכן חסד. שוין דעם אוונט פון 24טן פעברואַר, דעם פאַטאַלן טאָג ווען עליזאַבעט האָט אונטער־געשריבן עסעקס טויט־אורטייל, אַ פאָר שעה איידער איר געליבטנס קאָפּ איז געפאַלן אין „טורעם", האָט זי אין ווייטהאָל בייגעוואוינט אַ פאָרשטע־לונג פון שעקספירס טעאַטער־טרופּע.

אָבער לאַנג האָט עליזאַבעט איר געליבטנס פאַלן ניט איבערגעלעבט. זי האָט מער קיין מנוחה ניט געהאַט. דאָס פאָלק האָט איר ניט געקאָנט מוחל זיין זייער העלדס טויט. איר פּאָפּולאַריטעט איז שטאַרק געמינערט געוואָרן. איר גלאָררייכע פּעריאָדע האָט זיך אָנגעהויבן דערנעענטערן צום סוף. איר גרויסקייט האָט אָנגעהויבן פאַרטונקלט צו ווערן. צום לעצטן מאָל געפינען מיר די קעניגלעכע שוישפּילערס שפּילן אַ פאָרשטע־לונג פאַר עליזאַבעטן דעם 2טן פעברואַר 1603 אין ריטשמאָנד, וואוהין זי איז געפאָרן צוליב איר שוואַכן געזונט. דעם 25טן מערץ פון זעלבן יאָר איז זי געשטאָרבן. צו שעקספירס שבח מוז געזאָגט ווערן, אַז ער האָט ניט געזוכט צו פאַרמאַסקירן זיין פאַרדרוס קעגן עליזאַבעטס האַנד־לונג בנוגע זיינע נאָענטע פריינט. ער איז געווען דער איינציקער, וואָס איז ניט צוגעשטאַנען צו דעם אַלגעמיינעם כאָר פון די פּאָעטן, וואָס האָבן נאָך איר טויט געזוכט זיך איבערצושטייגן אין באַקלאָגן די באַ־רימטע קעניגין.

אויך שעקספירן האָבן די עסעקס־פּאַסירונגען געמאַכט אַ דערשי־טערנדיקן איינדרוק. דער גורל פון זיין אַזוי הייס פאַרערטן פריינט און פּאַטראָן סאַוטעמפּטאָן איז אים געווען נאָענט צום האַרצן. פּונקט אַזוי נאָענט איז אים אויך געווען ראָבערט דעווערע, דער אוירל פון עסעקס, וועלכער איז געווען זיינער אַ שטאַרקער פאַרערער, און בכלל אַ גרויסער ליבהאָבער פון קונסט און שטיצער פון שרייבערס. באַזונדער פיינלעך האָט פאַר שעקספירן געמוזט זיין בייקאָנס האַלטונג אין דער עסעקס־דראַמע. פרענסיס בייקאָן, דער פילאָזאָף, עסייאיסט, פּאָעט און וויכטיק־סטער געלערנטער פון זיין צייט, האָט דורך זיין האַרטהאַרציקער און אומדאַנקבאַרער האַנדלונג אין דעם עסעקס־פּראָצעס נישט אומזיסט זיך דערדינט דעם צונאָמען אַלס דער „קלוגסטער און שלעכטסטער פון דער מענטשהייט". בייקאָן האָט תמיד געזוכט זיך איינצוקויפן אין עסעקס׳ יחוס און באַקומען זיין פּראָטעקטאָראַט. עסעקס האָט אַ סך געטאָן פאַר

אים. ער האָט זיך אַפילו שטאַרק באַמיט אין הויף צו קריגן פאַר בייקאָנען די שטעלע פון הויפּט־פּראָקוראָר. און ווען דאָס האָט זיך אים ניט איינגעגעבן, האָט ער זיך געפילט אַזוי שלעכט, אַז ער האָט געזוכט דעם דורכפאַל גוט צו מאַכן מיט דעם, וואָס ער האָט בייקאָנען געשענקט אַ זייער רייכן גוט. אָבער ווען בייקאָן איז אין 1601 לסוף באַשטימט געוואָרן צו דעם געגאַרטן פּאָסטן, און עסעקס שטערן האָט געהאַלטן ביים פאַרלאָשן ווערן דורך זיין אומגליקלעכן אויפשטאַנד, האָט בייקאָן מיט דער גרעסטער אכזריות זיך פאַרנומען צוצוגרייטן דעם באַשולדיקונגס־אַקט קעגן אים, און מיט דער שטרענגסטער פאַרביסנקייט ביים משפט געפאָדערט עסעקס קאָפּ. דער אופן ווי אַזוי ער האָט אָנגעפירט דעם פּראָצעס קעגן זיין אַמאָליקן וואוילטוער, און די צינישקייט, מיט וועלכער ער האָט גענומען עסעקסן אויף דעם לאַנגן קרייץ־פאַרהער, האָבן אַרויסגערופן די גרעסטע פאַרדאַמונג ביי אַלע, וואָס האָבן עס צוגעזען. אַזוי גרויס איז געווען קעגן אים דער צאָרן פונעם פּשוטן פאָלק פאַר ברענגען דעם קאָפּ פון זייער אַמאָליקן ליבלינג־העלד אונטער דעם תליונס האַק, אַז באַלד נאָך דעם פּראָצעס האָט בייקאָן זיך געמוזט אויסבאַהאַלטן.

וואָס שעקספּירן האָט אַממייסטן גערירט אין דער גאַנצער געשעניש איז געווען די שרעקלעכע שנעלקייט, מיט וועלכער עס קאָן זיך איבערדרייען דעם מענטשנס שיקזאַל, און אויך די אומדאַנקבאַרקייט און האַרטהאַרציקייט, וואָס מענטשן — די בעסטע, די געבילדעטסטע — קאָנען אַרויסווייזן אַפילו צו זייערע נאָענטסטע און געליבטסטע. הייסט עס — אַזוי זעט אויס דער מענטש, ווען די אַזוי פיל באַזונגענע בייעצייט האָט געזוכט אַרויפצושטעלן אויף דער סאַמע הויך פון דער באַשאַפונג, און וועמענס לעבן איז דערקלערט געוואָרן פאַר כמעט ווי הייליק? ווי אַנדערש האָט ער געמיינט צו זען דאָס לעבן. ווי היפּוכדיק האָט ער זיך פאָרגעשטעלט צו געפינען זיינע מיטמענטשן. ער דערפילט שרעק, פאַראַכטונג צו מענטשלעכער נידעריקייט. ער דערפילט ווידערווילן און פאַרדאַמונג צו מענטשלעכער ברוטאַליטעט, און פון זיין פּעדער קומט אַרויס די גאַנצע ריי טראַגעדיעס, וואָס ווייזן דעם מענטשן אין זיין ביטערן צוזאַמענשטויס מיט דער אַרומיקער פאַרדארבנדיקער סביבה, און נאָך מער אין דעם טויטלעכן קאַמף מיט זיין אייגן האַרץ און זיין אייגענער נשמה. די טראַגעדיע פון אָפּגענאַרטן גרויסן צוטרויען אין מענטשלעכער גוטסקייט. די טראַגעדיע פון אייגענער הילפלאָזיקייט צו האַנד־

לען ווירדיק און נעמען נקמה. די טראַגעדיע פון טיפן פּיין און שרעק־לעכר אייפערזוכט. די טראַגעדיע פון גרויסער, פאַרצערנדיקער ליידנ־שאַפט. און די טראַגעדיע פון פאַלן אַ קרבן פון דער גיריקייט צו מאַכט און הערשונג.

שעקספּיר שאַפט דאָס מאָנומענטאַלע ווערק וועגן מענטשלעכער אומדאַנקבאַרקייט, די געשיכטע פון ליר, דעם קעניג, וואָס האָט ביים לעבן צעטיילט זיין מלוכה און פאַרמעג צווישן זיינע טעכטער, און איז צוליב דעם דורכגעגאַנגען די שבעה מדורי גיהנום פון מענטשלעכע ליידן. ליר, וואָס מוז איבערלעבן די טיפע פאַרצווייפלונג פון גענאַרטער קינדער־ליבע, דעם שטאַרקן ווייטיק פון אַנטוישטן צוטרוי, און די אומגעהייערע פּיין פון פלוצים דערפילטער בלינדקייט. מיט זיין דערשיטערנדיקער דרייסטקייט אַריינצובליקן אין די באַהאַלטנסטע ווינקלען פון דער מענטשלעכער נשמה און אַדורכצודרינגען די פאַרבאָרגענע כוחות, וועלכע באַווירקן דעם מענטשנס שיקזאַל, גראָבט זיך שעקספּיר אַריין אין דער טראַגעדיע פון דעם אַלטן קעניג־פאָטער, וואָס איז באַרויבט געוואָרן פון דאַנקבאַרקייט, פון מאַכט, און אויך פון זינען. מיט דער גאַנצער נייגע־ריקייט פון קינסטלער און גריבלער זוכט ער דאָ כאָטש אַ קליין ביסל אויפצוהויבן דעם שווערן פוירהאַנג, וואָס באַהאַלט הינטער זיך די פּייני־לעכע מיסטעריע פון מענטשלעכן לעבן, די טראַגישע רעטענישן פון מענטשלעכן גורל. אָבער איבער דער גאַנצער טראַגעדיע טראָגט זיך עפּעס ווי אַ שטורעם, ווי אַ ווירבלווינט. דער געווירבל פון שעקספּירס אייגענע איבערלעבונגען, און פון די געוואַלטיקע מענטשלעכע עמאָציעס און אויפגערודערטע נאַטור־כוחות, וואָס קומען דאָ אין העלישן צוזאַמענ־שטויס. דער דיכטער האָט דאָ פרייגעלאָזן זיין גאַנצע געבענטשטע אי־מאַזשינאַציע. ער ברענגט אַריין דעם שטאַרקסטן צונויפשפּיל פון די פאַרשיידנאַרטיקסטע געפילן און ליידנשאַפטן, די טראַגישסטע און גראָ־טעסקסטע איבערלעבונגען, וואָס זיינען נאָר באַקאַנט דעם מענטשלעכן האַרץ. און דאָס אַלץ איז באַשיינט מיט אַזאַ ווײמוטיקער דערהויבנקייט, מיט אַזאַ אויפטרייסלענדיקער דראַמאַטישקייט, גלייך „ווי די גאַנצע וועלט וואַלט מיטגעזיפּצט מיט דער האַנדלונג".

שעקספּיר שאַפט אויך זיין גרויסע נשמה־טראַגעדיע „האַמלעט", אין וועלכער עס רייסט זיך אַרויס זיין פאַרצווייפלטער אויסגעשריי קעגן באַ־טריגישער אומגערעכטיקייט, און זיין שאַרפער פּראָטעסט קעגן פאַר־שטעלטער מערדעריי. מיט דער געניאַלסטער מייסטערשאַפט שניידט ער זיך אַריין אין די פאַרבאָרגנסטע האַרץ־טיפענישן, און מיט דער פּרעציז־

סטער קענטעניש אַנטפּלעקט ער פאַר אונדז די באַהאַלטנסטע פּסיכאָלאָגישע איבערלעבונגען פון דעם איינזאַמען טרוימער, וועלכער געפינט זיך פּלוצים פאַר דער בלוטיק שווערער אויפגאַבע צו נעמען נקמה אַן דעם מערדער פון זיין קעניג־פאַטער, און דעם פאַראומרייניקער פון זיין קעניגין־מוטער. עס טראָגט זיך מיט אַזוי פיל בלוט־פאַרפרירנדיקער טראַגישקייט אין דעם שטיק, אין וועלכן דער איידעלער, צאַרטער פּרינץ געפינט פּלוצים אויס פון זיין פאַטערס גייסט, וואָס דערשיינט צו אים אין דער טיפער אומרואיקייט פון דער נאַכט, אַז ער, זיין קעניג־פאַטער, איז ניט געשטאָרבן דורך קיין נאַטירלעכן טויט, נאָר פאַרסמט געוואָרן דורך זיין אייגענעם ברודער. דער ברודער, וואָס זיצט איצט אויף דעם קעניגלעכן טראָן, ווייל ער האָט חתונה געהאַט מיט דער קעניגין, האַמלעטס מוטער, מיט וועלכער ער האָט געפירט אַ זינדיקע ליבע נאָך דעמאָלט, ווען איר ערשטער מאַן האָט געלעבט. און ס'איז קיין וואונדער ניט, וואָס די שוידערלעכע אַנטדעקונג, צוזאַמען מיט די בלוטיקע אינטריגעס אין דער קאָרופּטער הויף־אַטמאָספערע פאַראַליזירן אַזוי שטאַרק האַמלעטס ווילן, און שאַפן אַרום אים דעם פאַטאַלן פלאָנטער, אין וועלכן עס פּייניקט זיך זיין סענסיטיווע נשמה. דאָס אַלץ איז אַזוי דערווידער זיין איינגעבוירענעם כאַראַקטער, וועלכער איז פול מיט ליבע צו אַלעס וואָס איז אמת און אויפריכטיק, אָפּשטויס צו אַלעם וואָס איז פאַלש און אַפעקטירט.

אויך אין „האַמלעט" זוכט שעקספּיר צו לייזן די טראַגישע סודות פון לעבן, אַריינצודרינגען אין די גייסטיקע און מאָראַלע געהיימנישן פון דער מענטשלעכער נאַטור. זיין מעלאַנכאָלישער פּרינץ איז דער סימבאָל פון יעדן צווייפלער און פילאָזאָפירער איבער דעם מענטשלעכן לעבן, און זיין האַמלעט איז געוואָרן די פאַרקערפּערונג פון יעדן סקעפּטיקער און גריבלער. האַמלעט ליידט זייערע ליידן, ווערט געפּייניקט פון זייערע צווייפלען. דער אומרו פון זייערע נשמות איז זיין אומרו. דערפאַר זיינען זיינע געדאַנקען זייערע געדאַנקען. זיינע איבערלעבונגען זייערע איבערלעבונגען. וויפיל מאָל, ווען די שוידערלעכעווירקלעכקייט ווייזט אים איר אמת געזיכט, און ער מיינט, אַז ס'איז ניטאָ פון איר קיין אַנטרינונג — וויפיל מאָל ציט זיך האַמלעט צוריק אין דער וועלט פון זיינע טרוימען און פאַנטאַזיעס ? האַמלעט איז מער פאַרזינקען אין זיין אימאַזשינאַטיווער וועלט ווי אין ווירקלעכקייט. זיינע אייגענע פאַנטאַזיעס שטעלן אים פאַר אַ מער צוציענדיקע וועלט, ווי די אין וועלכער ער לעבט באמת. און דאָך האָט דער ביטערער שיקזאַל אַרויפגעלייגט אויף אים די שווערע מיסיע פון אָפּרעכענען זיך פאַר הימל־שרייענדיקע עוולות;

נעמען נקמה פאַר פאַררעטערישן מאָרד און ברענגען אָרדענונג אין אַ סביבה, וואָס איז פול מיט מאָראַלן כאַאָס:

„ס׳האָט די צייט זיך אויסגעלענקט,
זיי פאַרפלוכט מיין גליק,
אַז איך גראָד דאַרף זי איינשטעלן צוריק״.

און פּונקט מיט אַזאַ שוואונגפולער מייסטערשאַפט און פלאַמיקער אימאַזשינאַציע פירט שעקספּיר דעמאָלט אַרויס זיין צווייטן טרוימער, דעם מעדיטירנדיקן און גריבלערישן קעניג־מערדער מאַקבעט. כאָטש ער איז פון אַ גאַנץ אַנדערן כאַראַקטער, באַוועגט זיך אין אַ גאַנץ אַנדערער אַטמאָספערע, און ווערט געטריבן צו זיין בלוטיקער האַנדלונג דורך גאַנץ אַנדערע מאָטיוון, געפינט מען אָבער אַזוי פיל געמיינזאַמעס און נשמה־ענלעכקייט אין די צוויי אַזוי קעגנגעזעצטע טרעגער פון מענטשלעכער טראַגעדיע. מאַקבעט וואָס באַשליסט זיך ענדלעך צו דערמאָרדן זיין גאַסט, דעם קעניג דונקאַן, כדי צו פאַרכאַפּן זיין קרוין, נאָכדעם ווי זיין פאַנטאַזיע ווערט גערייצט דורך דער נביאות פון די דריי מכשפות, און זיין אַמביציע ווערט אָנגעפייערט דורך דער צוריידונג פון זיין פרוי, די האַרטהאַרציקע ליידי מאַקבעט — ער איז אין זיין כאַראַקטער ניט קיין מערדער. פאַרקערט, ער איז פול מיט שרעקביים געדאַנק, אַז ער וועט דאַרפן אויפהייבן זיין האַנט אויף דעם קאָפּ פון דעם, וואָס האָט זיך מיט אַזוי פיל צוטרויען איבערגעגעבן זיין גאַסטפריינטלעכקייט. ער מעדי־טירט און פירט לאַנגע פּאָעטישע דעבאַטן וועגן דער מאָראַלער באַרעכ־טיקונג פון זיינע אַמביציעס פאַר גרויסקייט און מאַכט. זיין נשמה איז פול מיט טעראָר פון דער טאַט, וואָס ער דאַרף באַגיין. זי ווערט צעריסן אין דעם ביטערן קאַמף צווישן ניט וועלן דערשיינען אַלס שוואַכלינג פאַר זיין צושטייענדיקער פרוי, און דער וואָרענענדיקער שטים פון זיין אייגע־נעם געוויסן. ער איז מוטיק. ער באַטראַכט זיך ווי פון געבוירן אָן באַ־שטימט צו פאַרנעמען דעם טראָן און טראָגן די קרוין, נאָכדעם ווי קעניג דונקאַן איז שוין אַלט. דאָך אָבער איז דער אופן ווי אַזוי ער האָט גע־דאַרפט דורכפירן זיין אַמביציע פאַר אים אַזוי שרעקלעך, אַז ער ווייסט — ניט נאָר האָט ער דערהרגעט דעם, וואָס איז אים געשטאַנען אין וועג, נאָר:

„מאַקבעט, האָסט דעם שלאָף דערמאָרדעט.
גלאַמיס האָט דעם שלאָף דערמאָרדעט, און דערפאַר וועט קאַודאָר
ניט שלאָפן מער: מאַקבעט וועט שלאָפן ניט מער״.

צוזאַמען מיט דונקאַנען ווערן אויך דערמאָרדעט מאַקבעטס רואי־קייט און זיין ריינער געוויסן. אַלע זיינע ווייטערדיקע פאַרברעכנס באַגייט ער, ווייל ער וויל איינשטילן דעם פיבער פון זיין בלוט, דאָס באַוואוסטזיין פון זיין שולד. פונקט ווי האַמלעט, קאָן מאַקבעט ניט איבער־גיין צו האַנדלען ביז ער מעדיטירט ניט פריער און גריבלט זיך ניט אין דעם אייגענעם געוויסן, אין דעם אייגענעם האַרץ. און זיין האַרץ איז ניט שלעכט. פאַרקערט, עס איז „צו פול מיט דער מילך פון מענטשלע־כער גוטסקייט״, ווי לײדי מאַקבעט וואַרפט אים שפּאָטיש פאָר. אָבער קוים איז ער איבערגעגאַנגען פון טראַכטן צו האַנדלען; קוים פּלאָנטערט ער זיך אַריין אין דעם געוועב פון בלוטיקע געשעענישן, קאָן ער זיך שוין ניט צוריקהאַלטן. שטייגט ער שוין פון פאַרברעכן צו פאַרברעכן ביז ער גייט אַליין אונטער. וואָס עס רופט אַרויס אונדזער סימפּאַטיע צו מאַק־בעטן; וואָס עס מאַכט, אַז מיר זאָלן אים ניט קאָנען פיינט האָבן איז, וואָס ער לייקנט ניט פאַר זיך אַליין די שרעקלעכקייט פון זיינע טאַטן. אַלץ אין אים שרייט קעגן מערדעריי. נאָר די באַזעסנקייט אויסצופירן זיינע אַמביציעס, וואָס כאַפּט אים אַרום, געווינט די אויבערהאַנט איבער די בעסטע מעלות זיינע. אָבער אַפילו אין שרעקלעכסטן מאָמענט פון באַגיין זיין מאָרד, ווערט ער געפּייניקט. זיין געוויסן לאָזט אים ניט רוען, הלמאַי ווען ער האָט אין יענעם מאָמענט געהערט קעניג דונקאַנס זין בעטן פאַרן שלאָף, איז ער ניט אימשטאַנד געווען אין זייער תפילה „גאָט בענטש אונדז״ אָנטייל צו נעמען:

„אָבער פאַר וואָס האָב איך אמן אַרויסזאָגן ניט געקאָנט.
איך האָב דאָך אַזוי שטאַרק בענטשונג געדאַרפט, און „אמן״
איז אין מיין האַלדז שטעקן געבליבן״ . . .

„מאַקבעט״ איז געשריבן מיט אַזאַ דראַמאַטישער געשפּאַנטקייט. איבער דעם שטיק הויערט אַזאַ אָנגעשטרענגטע שוואַרצקייט. שוואַרץ ווי דעם העלדס געוויסן, פינצטער ווי די מערדערישע געדאַנקען אין לײדי מאַקבעטס געהירן. אָבער אָט דער בלוטיקער חושך איז באַהעלט מיט אַ געוואַלדיק פּאָעטישן כישוף. די שרעקלעכע פּאַסירונגען ווערן געמילדערט דורך דער אומגעהייערער שיינקייט, מיט וועלכע די העלדן דריקן אויס זייערע געדאַנקען און ספקות. ס'איז זיך קוים מעגלעך פאָרצו־שטעלן אַ קרעפטיקערן פּאָעטישן שוואונג ווי אין דעם האַרץ־אויסגעשריי פון לײדי מאַקבעט, ווען זי דערמוטיקט זיך אַליין, ניט אַרונטערצופאַלן אונטער דעם צעגערנדיקן איינפלוס פון איר מאַן:

„קומט, איר גייסטער
וואָס וואַכן איבער שטערבלעכע געדאַנקען,
מאַכט מיך געשלעכטלאָז; פּילט מיך אָן, ראַנדפול,
פון קאָפּ ביז פיס, מיט ווילדסטער גרויזאַמקייט!
מאַכט שווער מיין בלוט, פאַרשטאָפּט דעם צוטריט און
דעם דורכגאַנג צו חרטה, די נאַטור
זאָל מיט קיין שום באַצווינגענדע באַזוכן
ניט שטערן מיין פאַרסמטן צוועק, און נישט
קיין שלום האַלטן צווישן צוועק און ווירקונג!
אָ קומט, צו מיינע פרויען־בריסטן קומט,
און נעמט מיין מילך פאַר גאַל, איר מאָרד־באַדינער,
וואו נאָר די בלינדע וועזנס אייערע
באַדינען אומגליקן אין דער נאַטור!
קום, שווערע נאַכט, און היל דיך איין אין שוואַרץ
און אין געדיכטסטן גיהנום־רויך,
מיין מעסער זאָל ניט זען די וואונד וואָס ס׳שניידט,
און זאָל דער הימל אויך קיין בליק נישט כאַפּן
דורכן דעק פון פינצטערניש, צו שרייען, האַלט, האַלט!"

און ס׳איז זיכער פאַרשטענדלעך נאַטאַן דרעיקס מיינונג, אַז „מאַק־בעט" איז „דער גרעסטער אָנשטרענג פון שעקספּירס זשעני, די העכסט־פייערלעכע און איינדרוקספולע דראַמע, וואָס די וועלט האָט ווען געזען".

דעם טיפּ פון טרוימער און גריבלער; דער, וועלכער קען שווער־לעך געפינען אַ קאָאָרדינירונג צווישן זיינע געדאַנקען און האַנדלונגען, וואָס פירט אים לסוף צו מאָרד און אונטערגאַנג, האָט שעקספּיר שוין פריער געהאַט אַרויסגעפירט אין זיין ברוטוס, דעם הויפּט־העלד פון דער ערשטער רוימישער טראַגעדיע „דזשוליוס צעזאַר". ווייל כאָטש דאָס שטיק רופט זיך אויף דעם נאָמען פון דעם באַרימטן העלד, וואָס האָט מער ווי ווער עס איז אויפגעטאָן רוימס נאָמען גרויס צו מאַכן, איז אָבער קלאָר, אַז ניט אים האָט שעקספּיר אויסגעקליבן אַלס דעם טרעגער פון זיין דראַמאַטישער אידייע. דער פּסיכאָלאָגישער העלד פון דער דראַמע איז ברוטוס. אין זיין האַרץ קומט עס פאָר דער טראַגישער קאָנפליקט, וואָס גיט דעם שטיק זיין באַדייטונג. דער טרוימער ברוטוס, וואָס ווערט אַריינגעצויגן, קעגן זיין ווילן, אין דער פאַרשווערונג צו דערמאָרדן צע־זאַרן, ברוטוס פאַרגעטערט צעזאַרן. אָבער ברוטוסן איז טייערער פון

אַלץ זיין אידעאַל פון פרייהייט. דאָס העכסטע אין זיין לעבן איז דאָס גליק פון דער רוימישער רעפובליק, וועלכע — ווי ער מיינט — קאָן נאָר געזיכערט זיין דורך צעזאָרס טויט. ער קאָן זיך ניט פאַנאַנדערקלייבן: וואָס באַדייט צעזאָרס האַנדלונג? צי מיינט ער טאַקע אָנצונעמען פאַר זיך די קרוין פון טיראַן? און פון דער צווייטער זייט — צי איז ער אַליין באַרעכטיקט זיך צו שטעלן אָן דער שפיץ פון דער קאָנספּיראַציע צעזאָרן צו באַזייטיקן. און אָט דעם קאָנפליקט האָט עס שעקספיר אָפּגעגעבן דאָס הויפּט־אָרט אין זיין טראַגעדיע.

שעקספיר ווייזט אונדז די טראַגעדיע פון דעם גרויסן אידעאַליסט, וואָס קאָן ניט פאַרטראָגן דעם מינדסטן פלעק אויף זיינע פּרינציפּן, וועלכער איז אָבער ניט אימשטאַנד זיך פאַנאַנדערצוקלייבן אין די מיטלען, מיט וועלכע ער וויל זיינע פּרינציפּן פאַרהיטן. די טראַגעדיע פון איינעם, וואָס דאַרף אויספירן אַ לעבנס־מיסיע, צו וועלכער ער איז צוליב זיין נאַטור ניט צוגעגרייט. ער האָט הויכע אידעאַלן, ער באַזיצט ריינע פאַרלאַנגען, ער האָט אָבער ניט קיין חוש פאַרן פּראַקטישן לעבן. ער פאַלט אונטער דער לאַסט פון זיינע אייגענע ספקות. אַזוי אַז דאָס בילד, ווען דער קאַמף פון זיין געוויסן וואַקסט ביים סוף פון דעם שטיק אויס צו דער העכסטער הויך אינעם דערשיינען פון דעם דערמאָרדעטן צעזאָרס גייסט, ווערט פאַררעכנט פאַר דער שטאַרקסטער סצענע, און אפשר דער קלימאַקס אין דער טראַגעדיע. די טראַגעדיע פון דעם „נאָבעלסטן רוימער", וואָס באַגייט זיין מערדעריי ניט אויס שלעכטיקייט, ניט אויס קנאה־שנאה, ניט אַפילו צוליב וועלן פאַרכאַפּן מאַכט פאַר זיך אַליין, נאָר ווייל ער מיינט, אַז ער באַגייט אַ נאָבעלע טאַט, קעמפנדיק פאַר אַ גערעכטער זאַך.

דער ווייטערדיקער געשיכטלעכער עפּיזאָד פון נאָך ברוטוסעס פאַלן האָט שעקספירן געגעבן מאַטעריאַל פאַר איינער פון זיינע פיינסטע טראַגעדיעס „אַנטאָני און קלעאָפּאַטראַ". די טראַגעדיע פון גרויסער לײדנשאַפט. די צווייטע ליבעס־טראַגעדיע, וואָס ער האָט געשאַפן נאָך דער יוגנטלעכער, פרילינגדיקער ליבעס־טראַגעדיע פון „ראָמעאָ און דזשוליעט". ווען דער טריאומוויראַט אַנטאָני, אָקטאַוויוס און לעפּידוס האָבן, נאָכדעם ווי ברוטוס און קאַסיוס זיינען געפאַלן אין שלאַכט, צעטיילט צווישן זיך די רוימישע אימפּעריע, האָט אַנטאָני גענומען אויף זיך צו באַהערשן די פּראָווינצן פון מזרח. אויף איינער פון זיינע עקספּעדיציעס באַגעגנט ער זיך מיט דער עגיפּטישער קעניגין קלעאָפּאַטראַ, פאַרליבט זיך אין איר ביז פאַרגעסנקייט, און פאַרנאַכלעסיקט אַלע זיינע אַמביציעס

און פליכטן. דאָס ברענגט כמעט צו דעם אונטערגאַנג פון דער געוואַל־דיקער אימפּעריע, וואָס שטיצט זיך אויף אים ווי אויף איינעם פון אירע זיילן. אַנטאָני, דער גרויסער אַרמיי־פירער, וואָס האַלט אין זיין האַנט דאָס שיקזאַל פון אַ האַלבער וועלט, פאַרלירט אַזוי שטאַרק זיין האַרץ צו דער ראַפינירטער, דורכגעלעבטער „שלאַנג פון נילוס", אַז זי פירט אים אַוועק צו זיך, און אונטער דעם כישוף פון די מזרח־תענוגים, און נאָך מער דעם היפנאָז פון איר רייכער, קאָמפּליצירטער פּערזענלעכקייט, האַלט זי אים געפאַנגען, ביז די זיך־אַנטוויקלענדיקע געשעענישן פירן צו זייער ביידנס זעלבסטמאָרד.

שעקספּיר איז געווען ווי צוגעצויגן צו דעם רייכן כאַראַקטער פון אַנטאָני, דעם קריגס־העלד און בעל־תאווה. אים האָבן אינטריגירט די איבערלעבונגען פון דעם, וואָס ווערט צעריסן צווישן זיינע גרויסע אַמבי־ציעס פאַר וועלט־מאַכט, זיין סענסועלער ליבע, און ליידנשאַפטלעכן קאַפּ־ריז. אָבער נאָך מער האָט אים געכישופט דער אַזוי פיין געשליפענער כאַראַקטער פון דער גרויסער ציגיינערין־געליבטער, וואָס האָט שוין גע־הערט צו אַזוי פיל מענער, האָט זיי אַלעמען באַזיגט מיט דעם רייכן אוצר פון אירע ליבעס־סמען, און איז נאָך ביי איר איצטיקער האַרץ־באַגעגע־ניש אויף דער העכסטער מדרגה פון אינטערעסאַנטקייט און פרויען־רייץ. שעקספּיר איז אַליין געווען פאַרהיפּנאָטיזירט פון דער, וואָס קאָן אין איר ליבע דערהויבן ביז צום העכסטן גליק, כדי נאָכדעם אַראָפּצוואַרפן אין דער שאול־תחתיה פון פאַרצווייפלונג. ניט נאָר אַנטאָני, מעגלעך אַז ער אַליין וואָלט געלייגט די גאַנצע וועלט צו אירע פיס. און אפשר דערשיינט זי פאַר אים אַליין, נאָך מער ווי פאַר אַנטאָנין, אַלס „דער טאָג פון דער וועלט!" . . . מיט דער גרעסטער היגרייסונג האָט שעקס־פּיר געשילדערט די טראַגעדיע פון די צוויי געליבטע, וואָס אין זייער סענסועלער פאַרשיכורטקייט פאַרגעסן זיי אָן דער גאַנצער וועלט, און גיבן זיך אָפּ די עקסטרימסטע קאַפּריזן פון זייער ווילן. ער איז אינגאַנצן מיט זיי, ווייל ער דערהויבט זיי אין זייער סענסועלקייט, און ווייזט זיי אין דעם נאָבעלסטן ליכט. ער גיט זיך אָפּ מיט די שענסטע זייטן פון אַנטאָניס כאַראַקטער, מיט זיין גרויסמוט און ברייטהאַרציקייט. און די ראַפינירטע, געבילדעטע קלעאָפּאַטראַן פירט ער אַרויס אַלס די פאַרקער־פּערונג פון פרויען־רייץ און חן. אַזוי אַז דער פּאָעט קעמפּבעל דריקט זיך אויס, אַז „ער מאָלט זי, גלייך ווי די ציגיינערין אַליין וואָלט איר כישוף איבער אים פאַרצויגן, און איר אייגענע צויבערקראַפט צו זיין בלייששטיפט געגעבן".

אַ גרויסע טראַגעדיע פון מענטשלעכן האַרץ, וואָס פּייניקט זיך אין די נעצן פון ליבע, אייפערזוכט, פאַרוואונדעטן שטאָלץ, צעבראָכענע האָפענונגען און אַנטוישטן צוטרויען האָט שעקספּיר געגעבן אין זיין „אָטעלאָ". די טראַגעדיע פון אַ נאָבעלער, גאַנצער נשמה, וואָס קומט אין צוזאַמענשטויס, מיט די בייזוויליקע אינטריגעס און אומיסטנדיקער שלעכטיקייט פון האַרטהערציקע מענטשן. די טראַגעדיע פון דעם טונקל־הויטיקן מור, וואָס ווערט באַשענקט מיט דעם העכסטן צוטרוי פון דער ווענעציאַנער רעפּובליק, ווי מיט דער גרענעצלאָזער ליבע פון דער פּרעכ־טיקער, באַצויבערנדיקער דעזדעמאָנאַן. זיי האָבן זיך ליב, דעזדעמאָנאַ און אָטעלאָ, און פאַרגעטערן זיך קעגנזייטיק. זיי זיינען צוגעצויגן איינע צום צווייטן, זייט דעם ערשטן מאָמענט ווען זיי האָבן זיך געזען. זייע־רע הערצער זיינען איבערגעפילט מיט גליק. אירס — פאַרכישופט דורך דער נאָבעלער העלדישקייט פון דעם מור מיט דער קאָלירפייכער אימאַ־זשינאַציע, צינדנדיקן טעמפּעראַמענט און לאַשטשענדיקער פּאָעטישקייט. זיינס — פאַרכאַפּט דורך דער פיינער עלעגאַנץ פון דער אַלבאַסטער־הויטיקער דעזדעמאָנאַן, מיט איר פרויענלעכער צאַרטקייט און וואַרעמער גוטסקייט. אָבער זייער גליק דויערט ניט לאַנג. זייערע לעבנס ווערן באַלד אַריינגעכאַפּט אין דעם שפּינגעוועב פון אינטריגעס און פאַרראַטן, מיט וועלכע עס וויקלט זיי אַרום דער ניט־פאַרגינערישער, כיטרער יאַ־גאָ. מיט אַ גאַנצער ריי צוגעטראַכטע מיטלען, און מיט דער גאַנצער קונסט פון זיין פאַלשער פאַרשטעלטקייט פאַרפלאָנטערט ער דעם לייכט־גלויביקן, צוטרוילעכן אָטעלאָן אין דעם חשד, אַז זיין געליבטע דעזדעמאָ־נאַ נאַרט אים אָפּ מיט דעם לייטענאַנט קאַסיאָ, פאַר וועמען זי קומט אין איר אומשולדיקער גוטסקייט בעטן אַ טובה ביי איר מאַן. יאַגאָ הערט ניט אויף צו פאַרסמען דעם מורס האַרץ און צינדן זיין בלוט, ביז ער דערפירט זיין קרבן צו דערמאָרדן זיין אַזוי שטאַרק געליבטע און אַזוי הייס באַגערטע ווייב.

שעקספּיר ווייזט מיט דער גרעסטער מייסטערשאַפט דעם גאַנצן קנויל פון געפילן און ליידנשאַפטן, דעם שרעקלעכן געראַנגל, וואָס גייט פאָר אין דער נשמה פון דעם ליבנדיקן, גלויבנדיקן און אויפגעהעצטן מור. ער ווייזט אים אין אַלע זיינע גליקלעכע, דערהויבענע און דערדריקנדיקע שטימונגען. ביז ער דערפירט אים צו דעם וואולקאַנישן אויסברוך, ווען ער לייגט זיין האַנט אויף דער, וואָס שטעלט פאָר פאַר אים דעם איינ־האַלט פון זיין לעבן און זיין גליק. און אַזוי פיל מער אָנציענדיק וואַקסט פאַר אונדז אויס די אָטעלאָ־פיגור דערמיט, וואָס שעקספּיר שילדערט אים

ניט ווי אַ געוויינלעכער אייפּערזיכטיקן מאַן, וואָס פאַלט אַ קרבן פון דעם „גרין אויגיקן מאָנסטער". שעקספּירס מור איז אַ דערהויבענער, נאָ־בעלער כאַראַקטער, ביי וועמען דאָס געפיל פון ערע און ריינקייט איז אַנטוויקלט ביז דעם העכסטן. מער פון אַלץ ליידט ער פון דער שרעק־לעכער אַנטוישונג; פון דעם צעשמעטערטן צוטרוי אין זיין אַזוי פאַר־געטערט ווייב. איר ריינקייט און טריישאַפט זיינען געווען ביי אים עפּעס, אין וועלכן ער האָט געזען די פאַרקערפּערונג פון דעם, צוליב וואָס עס לוינט זיך צו לעבן, קעמפן און אויסצייכענען:

„אויב זי זאָל פאַלש זיין, אָ, דאַן
מאַכט דער הימל חוזק פון זיך אַליין".

נישט געקוקט וואָס אָטעלאָ איז שטענדיק דיסטינגירט; וואָס ער קאָן אין אַלע לאַגעס באַהערשן זיין טעמפּעראַמענט; נישט געקוקט וואָס ער פאַרמאָגט אַ שטאַרקן כאַראַקטער, און גיט זיך ניט אַזוי לייכט אונטער די שווערסטע אומשטענדן, פאַלט ער פונדעסטוועגן אַ קרבן פון דער אומווירדיקער אינטריגע, ווען עס האַנדלט זיך — ווי ער גלויבט ענדלעך — וועגן דער אומערלעכקייט פון זיין דעזדעמאָנאַ. ער דער־מאָרדעט זי ניט אַזוי אויס נקמה פאַר איר פאַרראַטן אים, נאָר ווייל ער וויל זי בעסער זען אַ טויטע איידער אַ באַפלעקטע און אומריינע. פּונקט ווי די אידעלע דעזדעמאָנא איז בעסער צופרידן צו שטאַרבן מיט אַ שמייכל אויף אירע ליפּן, איידער צו פאַרלירן איר מאַנס אַכטונג.

צו דער טעמע פון ביטערער אַנטוישונג און שוואַרצער אומדאַנק־באַרקייט האָט שעקספּיר אין יענער צייט זיך נאָך אומגעקערט אין זיין טראַגעדיע „טימאָן פון אַטען". ווייזט אויס, אַז מער ווי פון אַ סך מענטשלעכע עוולות האָט ער געליטן פון אומדאַנקבאַרקייט. פון גאַנצן האַרצן האָט ער פאַרדאַמט די דערשיינונג, וואָס די נאָענטסטע פריינט צאַלן אָפּ מיט שלעכטס פאַר גוטס, מיט פאַרראַט פאַר געטוענע חסדים. טימאָן, וואָס האָט אַליין ניט קיין באַגריף וועגן דער גרויס פון זיין עשי־רות; וואָס וואוינט אין גילדענע פּאַלאַצן און צעטיילט זיינע געלטער און טובות מיט דער פרייקייט פון אַ מאָנאַרך — ער אַנטלויפט פון מענטשן שפּעטער, ווען ער ווערט פאַראָרעמט. ער זאָגט זיך אָפּ פון דער וועלט, באַהאַלט זיך אין ווילדן וואַלד און מאַכט פאַר זיין וואוינונג אַ נאַסע, פינצטערע הייל. ער וואָס איז, בשעת זיין מזל האָט נאָך געשיינט, געווען אַרומגערינגלט מיט פּאָעטן, מאָלער, קינסטלער און לעב־יונגען, ער גיט זיך שפּעטער, אין זיין איינזאַמקייט, אָפּ דעם טיפן טרויער אויף

דער אומדאַנקבאַרקײט פֿון פֿאַלשע פֿרײַנט, עגאָאיסטישע אױסנוצער, און פֿאַררעטערישע שמײכלער. ער קלאָגט ניט אַזױ אױף דעם פֿאַרלוסט פֿון זײַן געלט, װי עס ברענט אים די שװידערלעכע מענטשלעכע אומדאַנק־באַרקײט; װי עס טוט אים װײ צו זען זײַנע מיטמענטשן אין זײער אמתדיק העסלעך געשטאַלט. ער דערזעט מיטאַמאָל די פֿאַלשקײט פֿון כלומרשטער פֿרײַנטשאַפֿט. די אומזיניקײט פֿון געמאַכטער ערלעכקײט. דעם חוזק פֿון אַזױ־גערופֿענער טרײַשאַפֿט. ער איז געקרענקט און ביזן טיפֿסטן פֿאַרביטערט. און ס׳איז זיכער פֿון די געצײלטע פֿאַלן, װאָס שעקספּיר, דורך זײַן טימאָן, דערלאָזט אַז זײַן האָס און פֿאַרביטערטקײט זאָלן זיך אַרױסרײַסן אַזױ שאַרף און שנײַדיק. ער פֿאַרדאַמט און שעלט די אַלע, װאָס האָבן צוזאַמענגעשטעלט זײַן אָמאָליקע װעלט. און װי אַ װאולקאַנישער אױסברוך פֿון פֿאַרװאָורף, האָס, און פֿאַראַכטונג קלינגען זײַנע װערטער, װעלכע ער שלײַדערט צו זײַן אַטען, פֿון װעלכן ער אַנט־לױפֿט. ער שװינט ניט קײנעם. ער װאַרפֿט אַװעק יעדע פֿאַרזיכטיקײט אין אױסדרוק, װערטער יאָגן װערטער. פֿראַזן יאָגן פֿראַזן אין װילדן געװירבל פֿון פּראָטעסט און צאָרן:

„לאָז מיך װידער אָנקוקן, אָ װאַנט,
װאָס רינגלסט אײַן די װעלף. זינק אײַן אין דר׳ערד
און צױם ניט אײַן אַטען! װײַבער, װערט אומערלעך!
איר קינדער, פֿאָלגט ניט מער! נאַראָנים, שקלאַפֿן,
די סענאַטאָרן ערנסטע, פֿאַרקנײטשטע
פֿאַרטרײַבט און װערט בעל־יועצים אָנשטאָט זײ!
און אַלץ װאָס אומשולדיק פֿאַרװאַנדלט גלײַך אין שמוץ,
און טוט עס פֿאַר די עלטערן אין ד׳אױגן!
האַלט אײַך צוזאַמען, אָנזעצערס! באַצאָלט ניט,
נעמט בעסער מעסערס, שנײַדט די העלדזער איבער
בײַ די װעמען איר זענט שולדיק געלט!
פֿאַרטרױטע דינערס, גנבעט! װײַל אײַערע
זײער ערנסטע האַרן, זײַנען רױבער בלױז,
װאָס גיבן יעדן מיט דער ברײטער האַנט
און ראַבעװען נאָר שטענדיק לױט געזעץ!
דו מױד, גײ צו דײַן האַר אין בעט, דײַן האַרין
איז אין באַרדעל אַװעק! דו זון פֿון זעכצן,
די קוליע פֿון דײַן הינקענדיקן פֿאָטער רײַס אַרױס,

אונ האַק אים אויס דעם מאַרך! אַ פרומקייט, שרעק
און גלויבן אין די געטער, פרידן, אמת,
גערעכטיקייט און דרך־ארץ, רו ביינאַכט,
און שכנהשאַפט, געלערנטקייט, מאַנירן,
מיסטעריעס, פאַכן, ראַנגען, פירונגען,
מנהגים און געזעצן, אַ, פאַרזינקט
אין אייערע פאַרשאָלטענע קעגנזאַצן
און זאָל דאָ ווערן אַ צעמישעניש! זעלטענע מגיפות,
אייער שאַרפסטע און אָנשטעקנדיקסטע פיבערן שיקט אָן
אויף אַטען, וואָס איז פאַרן שלאַק צייטיק! דו קאַלטע סיאַטיקאַ,
פאַרקריפּל אונדזערע סענאַטאָרן, זייערע אברים זאָלן ווערן
אַזוי געליימט ווי זייערע מאַניערן! תאווה און פרייהייט
קריכט אין די מוחות און מאַרכן פון אונדזער יוגנט,
זיי זאָלן קעגן דעם שטראָם פון טוגנט זיך רייסן,
און זיך אין אויסגעלאַסנקייט פאַרטרינקען! בייסעניש, געשווירן,
פאַרפּעסט אַלע אַטענערס בוזימס, און זאָלן זיי זיך
מיט אַלגעמיינער מצורעת אָננעמען! אָטעם זאָל אָטעם פאַרפּעסטן,
זייער געזעלשאַפט, ווי זייער פריינטשאַפט, זאָל
פשוטער סם זיין! כ׳וועל קיין זאַך פון דיר ניט מיטנעמען
חוץ נאַקעטקייט, דו פאַרהאַסטע שטאָט!
נעם דיר אויך דאָס מיט טויזנטפאַכע קללות!
טימאָן וועט אין די וועלדער אַוועק, וואו ער וועט געפינען
די אומפריינטלעכסטע חיות פיל פריינטלעכער ווי מענטשן זייבען.
פאַרניכט, איר געטער — אַ, הערט מיך, געטער גוטע אַלע —
יעדן אַטענער פון דער און יענער זייט וואַנט!
און זאָל, ווי טימאָן אַליין, זיך עלטערן זיין האַס
צו דער גאַנצער מענטשן־ראַסע, גרויס און קליין!
אָמן״.

דער ווייטיק פון אומדאַנקבאַרקייט איז אויך דער שטאַרקסטער אונטערטאָן, וואָס הערט זיך אַזוי שאַרף אין שעקספּירס „קאָריאָלאַנוס״, איינע פון די פיינסטע אין זיין ציקל רוימישע טראַגעדיעס, צו וועלכע

עס געהערן אויך „דזשוליוס צעזאַר" און „אַנטאָני און קלעאָפּאַטראַ". כאָטש איבערפלעכלעך שיינט „קאָריאָלאַנוס" צו זיין די טראַגעדיע פון דעם שטאָלצן כאַראַקטער, וואָס קאָן זיך אויף קיין פאַל ניט צופּאַסן צו די קליינלעכע, דערווידערדיקע אומשטענדן.

דער טאַפּפערער, נאָבעלער קריגס־העלד קאַיוס מאַריוס, וואָס האָט אַזוי פיל רום און גרויסקייט פאַרשאַפט זיין פאַטערלאַנד מיט זיין אומדערשראָקענעם מוט; דער וועמען רוים האָט באַשאָנקען מיטן הויך־קלינגענדיקן נאָמען קאָריאָלאַנוס פאַר זיין אומפאַרגלייכלעכער העלדישקייט, ווען ער האָט איינער אַליין זיך אַריינגעריסן און איינגענומען די וואָלאָסציער פעסטונג קאָריאָלי, בשעת אַלע זיינע מיטקעמפער האָבן זיך דערשראָקן און געבליבן הינטער אים; קאָריאָלאַנוס איז שטאַרק געקרענקט און באַליידיקט ווען שפּעטער, אַז ער דאַרף אויסגעקליבן ווערן פאַר קאָנסול, זאָל ער מוזן אָנקומען צום פאָלק און — ווי דער מנהג איז דעמאָלט געווען — ביי זיי בעטן, זיי זאָלן אים געבן זייערע שטימען. עס ברענט אים ווי פייער צו דאַרפן שמייכלען וועמען ס'זאָל ניט זיין, מ'זאָל אים באַלוינען מיט דעם אַמט, וואָס ער איז איבערצייגט, ער פאַרדינט אים מיט זיינע האַנדלונגען. ער קאָן ניט חנפענען אַפילו ווען ער ווייסט, אַז עס שטייען אין קאָן זיין אַמביציע און זיין גליק. זיין איינגעבוירענער פּאַטריצישער שטאָלץ שטייגט אויף אין אים ביז צון אַ פייניקענדיקער, פאַרניכטנדיקער ליידנשאַפט.

„זאָל עס טוגנטהאַפט זיין צו זיין איינגעשפּאַרט" איז קאָריאָלאַנוס אָפּוועער, ווען סיי זיינע פריינט, סיי זיין הייס־געליבטע מוטער ווילן ווירקען אויף אים, ער זאָל זיך ניט צופיל הינרייסן מיט זיין ליידנשאַפט, און פאַרט זיך האַלטן אַן אַלטן רוימישן מנהג. און ווען ער פּרובירט דערדריקן זיין אייגענע נאַטור, וואָס דיקטירט אים תמיד צו ריידן נאָר ווי ער פילט, ווייל „זיין האַרץ'ז זיין מויל"; און ווען ער קומט פאַרט צום פאָלק נאָך שטימען, קאָן ער עס נאָר טאָן אין אַ סאַרקאַסטישן אופן, וואָס פאַרמאַסקירט קוים זיין ווידערווילן און פאַראַכטונג. אָבער דערמיט גיט ער בלויז אַ געלעגנהייט די אייביקע פּאָליטיקער, די טריבונען, וואָס האָבן זייערע אייגענע חשבונות מיט אים, אויפצוהעצן דאָס פאָלק קעגן זייער העלד, אַז ער באַציט זיך צו זיי מיט גרינגשעצונג און שפּאָט. די העצע פון די טריבונען גייט אַזוי ווייט, אַז קאָריאָלאַנוס ווערט דערקלערט פאַר אַ פאַררעטער און ווערט אַרויסגעטריבן פון לאַנד. און וואָס עס פירט אים צו זיין פאַרצווייפלטן שריט זיך צו פאַרבינדן מיט זיין אייגענעם און זיין לאַנדס ביטערסטן שונא, דעם וואָלאָסציאַנער טולוס

אַפּידיוס; וואָס עס שטויסט אים חרוב צו מאַכן רוים, וואו עס געפינען זיך זיין היים, זיין געליבט ווייב ווירגיליאַ, זייער קינד, און זיין אַזוי שטאָלצע, העלדישע מוטער, וואָלומניא — איז די שוואַרצע אומדאַנקבאַרקייט נישט נאָר פון זיינע לאַנדסלייט בכלל, נאָר אויך פון זיינע נאָענטע פריינט, די פּאַטריציער, וואָס האָבן אים פאַרראַטן אין דער שעה פון זיין קריטישער נויט. שעקספּירס שטענדיקער געראַנגל צווישן העלד און זיין קאָרופּטער סביבה. צווישן העלד און די פאַרדאַרבנדיקע אומשטענדן. און — איבערהויפּט — שעקספּירס ביטערער האַרץ־געשריי קעגן מענטשלעכער פאַלשקייט, אומבאַשטענדיקייט און אומדאַנקבאַרקייט.

און וואָס פאַר אַ שפע פון פערזענלעכקייטן שעקספּיר פירט אַרויס אין זיינע טראַגעדיעס. ווי גוט האָט ער געקענט זיינע העלדן, די גוטע פונקט ווי די שלעכטע. ער האָט זיי באַגעגנט אין קרייז פון זיינע פריינט. ער האָט זיי אָנגעטראָפן אין קעניגלעכן הויף, אין טעאַטער, אין די ליטעראַרישע קרעטשמעס און סאַלאָנען. ער האָט זיי, אין זיינע ווערק, בלויז אַרויסגעפירט אונטער אַנדערע נעמען, אין גאַנץ אַנדערע אומשטענדן. ער האָט זיי בלויז טויזנטפאַך פאַרשענערט מיטן כוח פון זיין פאַנטאַזיע, מיטן צויבער פון זיין פּאָעטישקייט. און צי דען בלויז אַנדערע, פרעמדע העלדן האָט ער אין זיינע טראַגעדיעס געשילדערט? האָט ער דען ניט זיך אַליין ווידער און אָבער אַמאָל געניצט אַלס מאָדעל פאַר זיינע טראַגישע פּראָטאַגאָניסטן? זיך אַליין האָט ער אָן אויפהער אַרויסגעפירט אין זיינע ווערק. וויל מען קענען דעם לעבנס־שטייגער און פירונגען אין דער צייט פון שעקספּירס טעטיקייט, האָבן מיר עס כמעט ניט אין זיין שרייבן. ער האָט ניט געשריבן וועגן דעם לעבן און מענטשן פון זיין צייט. נישט דירעקט. מ׳קאָן עס בלויז געפינען אין די פאַרשיידענע אַנדייטונגען, אַנוואונקען און אַלוזיעס. זיינע געשאַפענע כאַראַקטערס שטייגן איבער און דערהייבן זיך איבער די גרענעצן פון לענדער אָדער פּעריאָדן. געשריבן האָט ער מערסטנס וועגן זיך אַליין. זיך אַליין האָט ער געגעבן. זיינע אַלע שאַפונגען האָבן זייערע וואָרצלען אין זיין אייגענער נשמה. זיי זיינען אָפּקלאַנגען פון די טיפעניש פון זיין אייגן האַרץ. זיין לעבן און זיין שאַפן פלעכטן זיך אַזוי צונויף, אַז עס איז שווער זיי פונאַנדער צו טיילן. אָבער געטאָן האָט ער עס אויף אַזאַ אופן, מיט אַזאַ פּאַרטיפּטקייט, אַז עס איז געוואָרן דאָס

שרייבן וועגן דער מענטשלעכער נשמה פון אַלע צייטן און אַלע דורות.

וואָס פאַר אַ וועלט פון גרויסער גליקזעליקייט, טיפן יאוש, גאַליקער אומדאַנקבאַרקייט, וואַרעמער צוגעבונדנקייט, טיפער געטריישאַפט און שוידערלעכער אינטריגאַנטישקייט אַנטפּלעקן פאַר אונדז די שאַפונגען זיינע. מיט וואָס פאַר אַ רייכקייט פון סיטואַציעס און שפע פון צוזאַמענשטויסן זיינען זיי פול. און ווי אומגלויבלעך טיף, אויסערגעוויינלעך קאָמפּליצירט, און איבערמענטשלעך סענסיטיוו האָבן געמוזט זיין זיינע אייגענע געפילן, אַז ער זאָל געוועזן אימשטאַנד זיין אַזוי פריי, געשיקט און פאַרשטענדלעך צו שפּילן אויף דער גאַנצער גאַמע פון געפילן און אימפּולסן פון זיינע פאַרשיידענע העלדן. ווי שטאַרק געפייניקט האָט געמוזט זיין זיין אייגן האַרץ כדי ער זאָל מיט אַזאַ שאַרפן געהער קאָנען אויפנעמען דעם האַרץ־ציטער ביי זיינע הונדערטער פּערזאָנאַזשן. וויפיל נאָענטקייט, וויפיל קרובהשאַפט מיט זיך אַליין האָט ער געמוזט אין זיי געפינען. אָבער ווי געאַרג בראַנדעס דריקט זיך אויס: „ער האָט זיין האַרץ צעטיילט צווישן זיינע העלדן, ער זאָל קאָנען מיטליידן מיט זייערע צרות״.

ווידער און ווידער קומט, אין זיינע דראַמען, צום פאָדערגרונט דער מענטש שעקספּיר. דער פון ליבע איבערוועלטיקטער, ביז משוגעת־אייפערזיכטיקער, נקמה־דורשטיקער, אָפּגענאַרטער, און דאָך אַלץ מוחל־זייענדיקער. דער רעזאָנירנדיקער עסטעט, און צווייפלענדיקער מעלאַנכאָליקער. און ווי עס רייסט זיך אַרויס ביי היפּאָליט טענען: „גיב אַ קוק! זעסטו ניט דעם פּאָעט הינטער דער מאַסקע פון זיינע שאַפונגען?״ יאָ, מיר זעען אים הינטער דעם סענסועלן, מיט ליבע־איבער־שוימענדיקן, פלאַמיקן ראָמעאָ; הינטער דעם טרויעריק־שמייכלענדיקן זשאַק (אין „ווי אייך געפעלט״), וואָס קוקט אויף דער וועלט מיט אַזעלכע פיין־צווייפלענדיקע אויגן. ער שילדערט זיין אייגענע משוגענע אייפערזוכט, און גיסט אויס זיין גאַנצן פאַרצערנדיקן האַרץ־פלאַם אין דעם טונקל־הויטיקן מור פון ווענעדיק. פּונקט ווי אָטעלאָ, איז ער אַליין אויך אַ קרבן פון זיין איידעלער, גלויבנדיקער נאַטור, און פון די פינצטערע אינטריגעס פון שלעכטע מענטשן. שעקספּיר פירט זיך אַליין אַרויס אין „טימאָן פון אַטען״ און אין „קעניג ליר״, די צוויי גרויסע דראַמען פון אומדאַנקבאַרקייט. האָט ער דען אַליין אויף זיין אייגענער הויט ניט געפילט די ביטערניש פון אומדאַנקבאַרקייט? איז ער דען אַליין ניט געוועזן קיין קרבן פון זיין צוטרויען און גלויבן? וויפיל מאָל האָט ער דורך די נעכט זיך געפייניקט צוליבן פאַרראַט פון זיין טונקעלער דאַמע; צוליב דער אָפּנאַרעריי פון זיין בעסטן פריינט. מיר זעען שעקספּירן

איבערהויפּט אין דעם סענסיטיווין, באַליידיקטן, מעלאַנכאָלישן „האַמ־לעט״, וועלכער חלומט וועגן נקמה און מאָרד צוליבן פאַרראַט פון זיינע ליבסטע. פּונקט ווי ער ווייזט זיך אין דעם נאָבעלן, אידעאַליסטישן ברוטוס, וואָס וויל מיטן גאַנצן האַרצן גלויבן אין מענטשן, און לעבט דורך זיין שווערע טראַגעדיע, ווייל ער ווערט אין דעם גלויבן אָפּגענאַרט. סיי ברוטוס, סיי האַמלעט דאַרפן האַנדלען אין קריזיס־מאָמענטן, אָבערביידע זיינען פאַרמשפּט צום אונטערגיין, ווייל עפּעס איז דאָ אין זייער נאַטור, וואָס דערלאָזט זיי ניט זיך אַנטשליסן צו קיין שנעלער האַנדלונג. האַמלעטס שווערע נשמה־איבערלעבונגען—פּונקט ווי ברוטוסעס, פּונקט ווי העגרי דעם 5טנס, פּונקט ווי שעקספּירס פּערזענלעכע איבערלעבונגען — זיינען דער רעזולטאַט פון זיינע צוזאַמענשטויסן מיט דער קאָרופּטער געזעלשאַפטלעכער סביבה, אין וועלכער אים קומט אויס צו לעבן. און ווייל ער געפינט זיך אין אַ קאָרופּטער סביבה, דערפאַר לעבט אין אים, ווי אין די אַנדערע דערמאָנטע העלדן, נאָך שטאַרקער דער פאַרלאַנג פאַר מאָראַלער גערעכטיקייט, פאַר עטישער באַרעכטיקונג פון זיינע האַנדלונ־גען.

דאָס איז בכלל איינער פון די הויפּט־טענער אין שעקספּירס גאַנצן שאַפן, וואָס זיינע העלדן זיינען כמעט אַלע דורכגענומען מיטן טיפן דראנג פאַר עטישער ריינקייט. אין זייער גרעסטער פּיין און דערדריקנ־דיקסטע איבערלעבונגען זוכן זיי פאַרט אַ מאָראַלן זין פאַר זייערע ליידן. זיי לאָזן ניט צו, אַז זייערע שטורמישע געפילן זאָלן איבערוועלטיקן און זיי פירן צו אומערנהאַפטע האַנדלונגען. זיי קאָנען ניט אַנדערש, ווייל זיי זיינען באַהערשט פון אַ טיפן אינערלעכן כוח — זייער געוויסן. די פאַרבאָרגענע שטים פון זייער אייגענער נשמה, וואָס גיט זיי ניט קיין רו אין דעם אייביקן קאַמף מיט זיך אַליין. האַמלעטס גאַנצע מכלומרשטע שוואַכקייט און זיין צעגערונג, זיינען בלויז — ווי עס ווייזט ריכטיק אָן ה. ב. האָדסאָן — ווייל ער וויל, אַז זיין נקמה אָן דעם מערדער פון זיין באַליבטן פאָטער זאָל זיין מאָראַליש. אים איז ניט גענוג צו דערהרגע־נען דעם מערדערישן קעניג, דעם פאַרשווערער פון זיין מוטער. אים איז וויכטיקער צוצופירן, ער זאָל זיך מודה זיין אויף זיינע זינד. דערפאַר זיין מעדיטירן, זיין צעגערן, ביז ער זאָל געפינען אַ מיטל זיין ציל צו דערגרייכן. דערפאַר זיין גאַנצע אַרבעט מיט די וואַנדערנדיקע אַק־טיאָרן, מיט וועמען ער גרייט צו די טעאַטער־שפּיל, וואָס שטעלט פאַר די פאַרסמונג־סצענע. אפשר וועט דאָסווירקן אויף זיין טויט־פּיינט, דעם קעניג, ער זאָל זיך מודה זיין אין מאָרד. זיין האַרץ איז פול מיט דעם אויסגעשריי קעגן אומגערעכטיקייט. און באַרואיקן קאָן ער זיך

נאַר, ווען דעם קעניגס שולד זאָל באַוויזן ווערן פאַר אַלעמען.

דאָס אייגענע איז אויך דער פאַל מיט ברוטוסן. פאַר אים איז ניט גענוג אָפּצורוימען פון וועג דעם, לויט אים, געפערלעכן צעזאַרן. אים איז וויכטיקער, אַז זיין שולד זאָל באַוויזן ווערן. דערפאַר האָט ער ניט מורא צו רעדן אויפן פאָרום ביי צעזאָרס טויטן קערפער זיינע פשוטע ווערטער וועגן זיין ליבע צום דערמאָרדעטן, און וועגן יענעמס געפערלע־כע אַמביציעס. דערפאַר האָט ער אויך ניט מורא צו לאָזן רעדן אַנטאָ־ניוסן. ער איז אַזוי ערלעך אין זיינע פרינציפּן, און אַזוי אָפּגעהיט אין זיין מאָראַל, אַז ער דערלאָזט ניט זיינע מיט־קאָנספּיראַטאָרס זאָלן טויטן אויך אַנטאָניוסן. ער וויל ניט, אַז די פאַרשווערונג זאָל אָננעמען דעם כאַראַקטער פון אַ נוצלאָזער שחיטה אויף מענטשן וואָס קאָנען געשוינט ווערן.

אָבער אין דער זעלבער צייט ליידט האַמלעט אַליין אין זיין אומגע־דולדיקייט מיט זיין גריבלעניש, מיט זיין זוכן דורכאויס מאָראַלע באַ־פרידיקונג, וואָס שטערט אים דערוויילעט צו באַליידיקער, אַנטשלאָסענער האַנדלונג. ער וואַרפט עס זיך אַליין ביטער פאַר:

„אָ, אייזל וואָס איך בין. ווי בראַוו איך בין!
אַז איך, דער זון פון דערמאָרדעטן קעניג,
פון טייוול און פון גאָט, גערייצט צו ראַכע
מוז, ווי אַ גאַסן־פרוי, מיט ווערטער האַנדלען
און ווי אַן אַלטע מכשפה שילטן!
די שמאַך און שאַנד! ווער טעטיק מיין פאַרשטאַנד!"

און פון צייט־צו־צייט גיט זיך האַמלעטן טאַקע איין צו מאַכן איינ־צעלנע אַנטשלאָסענע טריט. ער איז גענוג שנעל צו האַנדלען אַזוי, אַז די שליחים, ראָזענקראַנץ און גילדערשטערן, וועמען דער קעניג שיקט מיט אים מיט, זאָלן געפירט ווערן צום טויט, אַנשטאָט וואָס זיי האָבן עס באַדאַרפט טאָן מיט אים. ער האָט גענוג ענערגיע איינצואָרדענען די פאַרשטעלונג פון דער מאָרד־סצענע. ער איז בראַוו און אַנטשלאָסן אָנצונעמען דעם אַרויסרוף פאַרן דועל מיט לאַערטעסן. אַלץ איינצלנע שריט אין זיין גרויסן פאַרלאַנג צו ברענגען דעם הויפּט־שולדיקן צו גע־רעכטיקייט.

אַזוי צאַפּלט זיך האַמלעט — ווי די מערסטע פון שעקספּירס העלדן — אין דער נעץ פון זיין אייביקער בענקשאַפט צו מאָראַלער שיינקייט, און אין דעם טויט־געראַנגל, אין וועלכן ס'ווערן אָפט צעשמעטערט די שענסטע האָפענונגען און די ליכטיקסטע שטרעבונגען. און קיין אויס־

וועג איז נישטאָ. וואוהין אַנטלויפן? בלויז נאָר צו דער אייגענער פאַרשלאָסנקייט אין זיך, און צו דער וועלט פון אייגענע פאַנטאַזיעס. אפשר אַנטלויפן צום אויסלייזנדיקן טויט? איז זעלבסטמאָרד דער ענט־פער? נישט איינמאָל האָט האַמלעט — פונקט ווי שעקספּיר אַליין — זיכער געטראַכט דערפון. אָבער, ווען מען זאָל נאָר וויסן, אַז טויט מיינט שוין דער סוף פון אַלע ליידן —

„ווער וואָלט דעם בייטש פון לעבן דען פאַרטראָגן,
דאָס רעכט פון אומרעכט, יאָך פון אונטערדריקער,
דאָס שפּאָטן פון בעל־גאווה, און די טיפע וואונד
פון אומגליקלעכער ליבע, אומבאַשטראָפטע זינד,
באַליידיקונג פון אויסגעלאַכטער טוגנט,
וואָס טראָגט דעם מוטוויליקנס שפּאָט אַריבער —
ווען ער אַליין זאָל קאָנען רו געפינען
און מיט איין מעסער־שטאָך, אין אויגנבליק
געקאָנט פון אַלע ליידן זיך באַפרייען".

שעקספּיר צייכנט זיך איבערהויפּט אויס מיט זיין שטאַרקער מאָ־ראַלער באַוואוסטזיניקייט. אין זיינע דראַמען ווערט תמיד דורכגעפירט אַ בולטער מאָראַלער געדאַנק. נישט וואָס די באַוואוסטזיניקע דורכפירונג פון וועלכער ס'איז מאָראַלער אידייע איז געווען ביי אים דער עיקר און דער הויפּט־ציל פון זיין שרייבן. שעקספּיר איז ניט געווען קיין מאָראַליסט אָדער פּרעדיקער אין דעם אָנגענומענעם זין פון וואָרט. ער איז, ווי ס'איז אַזוי פיל מאָל באַטאָנט געוואָרן, געווען דורכאויס אַ קינסטלער פון טעאַטער. ער האָט קודם־כל אינזינען געהאַט אָנצושרייבן אַ שטיק, אין וועלכן אַקטיאָרן זאָלן זיך קאָנען אויסצייכענען, און וואָס זאָל האַלטן געשפּאַנט דעם טעאַטער־עולם. אָבער די אַלע מאָראַלע און עטישע פראַגן, וואָס ווערן באַרירט אין זיינע ווערק, האָבן געלעבט טיף אין זיין האַרץ, אין זיין באַוואוסטזיין. און זיי זיינען תמיד געקומען צום אויסדרוק, ווען נאָר ער האָט זיך גענומען שאַפן אַ שטיק, אין וועלכן ער האָט אַרויסגעפירט מענטשן אין זייערע ליידן און קאַמפן. דערפאַר איז עס אויך, וואָס זיינע אַלע דורכגעפילטע מאָראַלע אידייען זיינען תמיד ביי אים אויסגעדריקט אין דער פאָרם פון בלויז אָנגעוואָרפענע פראַגן וועגן וועלט, מענטש און לעבן, וועלכע בלייבן קיינמאָל ניט פאַר־ענטפערט. ער האָט ניט און זוכט ניט קיין ענטפער. ער באַגניגט זיך מיטן בלויזן פרעגן, אָבער ער שטעלט זיך תמיד אויף דער זייט פון דעם, וואָס איז מאָראַליש און נאָבל אין מענטשלעכן כאַראַקטער. און ער זוכט

אויך מיט אַלע זיינע קינסטלערישע כוחות צו ווירקן אויף דעם צושויער, ער זאָל האַלטן מיט די גערעכטע און יושרדיקע.

שעקספּירס מאָראַלע באַוואוסטזיניקייט איז אַזוי גרויס, אַז אַפילו זיינע נעגאַטיווע, „שלעכטע" העלדן לאָזט ער ניט אינגאַנצן פאַרזינקען ווערן אין תהום פון זייערע זינד. ער ראַטעוועט זיי תמיד מאָראַליש. די האַרטסטע כאַראַקטערס זיינע האָבן, ווי שוין פריער אָנגעוויזן, שטענדיק אין זיך אַ קערנדל פון ווייכקייט און מענטשלעכקייט. גערטרוד, האַמלעטס מוטער, וואָס טראָגט אויף איר געוויסן זיין פאָטערס טויט, ווערט פאַרט אַזוי מענטשלעך צערטלעך אין איר מיטגעפיל צו אָפעליאָס ליידן און משוגעת. און ווען זי באַדעקט דער יונגער מיידלס קבר מיט בלומען, רייסט זיך ביי איר אַרויס:

„די בלומען פאַר דער בלום! איך האָב געהאָפט,
דו וועסט אַמאָל מיין האַמלעטס ווייב נאָך זיין;
איך האָב געטרוימט: דיין כלה־בעט באַקראַנצן,
און ניט דיין יונגן קבר".

ליידי מאַקבעט ווערט אין קריזיס־מאָמענט פון דורכפירן דעם מאָרד איבער דעם קעניג דונקאַן פרויענלעך צאַרט:

„וואָלט ער ניט צו מיין פאָטער ענלעך געווען, ווען ער איז געשלאָפן,
וואָלט איך עס געטאָן" . . .

אַפילו מאַקבעט אַליין, זייענדיק אינגאַנצן פאַרטרונקען פון די אַמביציעס צו פאַרנעמען דעם קעניגלעכן טראָן, וואָס ווערן ביי אים פאַרוואַנדלט אין אַ באַזעסנקייט, קאָן אויך ניט אינגאַנצן אָפּטויטן אין זיך די שטימע פון זיין געוויסן און די צווייפלען פון זיין געמיט, וואָס פאַרוואַנדלען זיך אין בלוטיקע שאָטנס אין דער פינצטערער נאַכט.

אין ליכט פון דעם אַלעם קומט אויס אַזוי אומבאַרעכטיקט דער פאַרזוך פון אַ סך, וואָס ווילן דורכאויס באַהויפּטן, אַז שעקספּיר איז ניט געווען גאַנץ סימפּאַטיש צו יידן. אַז ער האָט אין זיין שיילאָק געזוכט צו שאַפן אַ שוואַרצע פיגור פון אַ יידישן פּראַצענטניק און בלוטזויגער, אָן יעדן מינדסטן פונק פון רחמנות אָדער מיטגעפיל. ווען מען באַזיצט אַזאַ שטאַרקן באַוואוסטזיין פאַר מאָראַלער גערעכטיקייט, און אַזאַ טיפע פאַרשטענדעניש פאַר מענטשלעכע ליידן, קאָן מען קיין יידן־פיינט ניט זיין. און אַפילו שיילאָקס ביטערסטע קעגנער מוזן מודה זיין, אַז שעקספּיר האָט אין אים געגעבן „דאָס איבערבלייבעכץ פון אַ גרויסער

און נאָבעלער נאַטור, פון וועלכער דער גאַנצער לעבעדיקער זאַפט פון מענטשלעכקייט איז אויסגעקוועטשט געוואָרן דורך די אָנגעזאַמלטע עוולות״. ס׳קאָן גאָר קיין ספק ניט זיין, אַז די אויפשריפט אויפן פאַדערבלאַט פון דער ערשטער קווארטא: „אַ וואונדערלעכע געשיכטע וועגן דעם סוחר פון ווענעדיק מיט דער עקסטרעמער אכזריות פון שייַלאָק דעם ייד קעגן דעם אָרנטלעכן סוחר, ביי ווען ער האָט געוואָלט אויסשניידן אַ פונט פון זיין פלייש״, געהערט לחלוטין ניט שעקספירן, נאָר צו דעם פאַרלעגער, וואָס האָט די פיעסע אָפּגעדרוקט אָן דעם מחברס וויסן, ווי מיר וועלן שפּעטער זען.

יאָ, שעקספּיר האָט זיך אַליין געזומען פאַרן פּראָטאָטיפּ פון כמעט אַלע זיינע וויכטיקסטע העלדן. ער האָט אַליין געפיבערט מיט אַלע זייערע איבערלעבונגען. געליטן מיט זייערע ליידן, געגערט זיך מיט זייערע האָפענונגען, געביטערט מיט זייערע אַנטוישונגען. ווי אַלע געניאַלע מענטשן איז זיין כאַראַקטער אויך ניט געוועזן פון איין גלייכן געוועב. אַלע מענטשלעכע טראַגישע קאָנפליקטן האָבן געפונען אַ נעסט טיף אין זיין אייגן האַרץ. ער האָט אין זיך אַליין געפונען די סתירות און מאַטערנדיקע פראַגן פון אַ האַמלעט, למשל. אָבער ניט נאָר זיך אַליין און זיינע ליידן פירט שעקספּיר אַרויס אין זיינע טראַגעדיעס. ער ווערט ניט מיד צו שילדערן אויך די, וואָס איז אין אַזאַ גרויסער מאָס שולדיק אין זיי. די וועלכע האַלט נאָך אַלץ זיין האַרץ און זיין געמיט געפאַנגען אין דער נעץ פון איר פרויען־כישוף; וואָס פייניקט אים אָן אויפהער מיט איר רייצנדיקער אומגעטריישאַפט — זיין טונקעלע דאַמע. יעדעס מאָל ווערט אים קלערער איר פאַרראַט. ער ווערט זיך קעגן, און וויל זיך באַפרייען פון איר. ער קילט זיין האַרץ מיט די ביטערסטע פאָרוואורפן און באַשולדיקונגען אויף איר. אַ סך טייטשן אויס דאָס וואָס ער לאָזט האַמלעטן פייניקן זיין מוטער מיט די האַרבסטע פאַרדאַמונגען פאַר איר אומגעטריישאַפט, נאָר ווייל ער איז אייפערזיכטיק אויף זיין טונקעלער געליבטער. פונקט ווי זיך אַליין, אַזוי נעמט ער זי פאַרן מאָדעל פון אַ גרויסן טייל פון זיינע קינסטלערישע פרויען־טיפן. ער שילדערט זי אין דער פאַלשער קרעסידא. אין דער אַנטשלאָסענער, דעמאָנישער ליידי מאַקבעט. און נאָך בולטער שילדערט ער זי אַלס די גרויסע פאַרפירערין אין דער באַצויבערנדיקער „שלאַנג פון נילוס״ — קלעאָפּאַטראַ, די וואָס פאַרשיכורט מיט איר ווייבלעכקייט און פייערדיקן טעמפּעראַמענט.

מעגלעך, אַז קלעאָפּאַטראַ איז אפשר געוועזן שעקספּירס לעצטער פאַרזוך, זיין לעצטער אָנשטרענג זיך צו באַפרייען פון זיין טונקעלער דאַמע. דערפאַר מאָלט ער זי אַזוי מייסטערהאַפט אין איר קאַפּריציעז־

קייט, סענסואַליטעט און גראַציע. ער וויל זי אַרויסרייסן פון זיך, דער־פאַר מאָלט ער זי מיט אַזאַ היגרייסונג אַלס די געניאַלע קורטיזאַנע וואָס זי איז געווען. אָבער אין די מאָמענטן ווען זיין יאוש ווערט אַביסל לייכטער; ווען ער בענקט נאָך איר נאָענטקייט; ווען ער איז זיין טונקעלער דאַמע גרייט אַלץ מוחל צו זיין, און וויל זי צוריק זען אין דעם ליכט פון זיין אויסגעחלומטקייט, דעמאָלט באַשענקט זי שעקספּיר ווי־דער מיט די אַלע טוגנטן און ריינקייטן, צו וועלכע עס גאַרט זיין נשמה. דעמאָלט פאַנטאַזירט ער אויס די צאַרטע אָפעליאַ, די איבערגעגעבענע דעזדעמאָנא און די געטרייע קאָרדעליאַ.

וואָס עס מאַכט שעקספּירן אפשר אמשטאַרקסטן ליידן אין זיין קאַמף קעגן דער טונקעלער דאַמע איז, וואָס ער זעט אַליין אין זיין שוואַכקייט אין פאַרגלייך מיט דעם שיינעם, שלאַנקן קעגנער זיינעם. ער קאָן נישט ניט באַמערקן, אַז ס׳איז שוין ניט דער געשטאַלטיקער, פלינקער וויליאַם, מיט דער רירעווודיקער פיגור און געלאָקטן קאָפּ, ווע־מען ער קאָן איצט ברענגען זיין געליבטער. ער הייבט שוין איצט אָן פעטלעך צו ווערן, און זיין קאָפּ וויזט שוין בולטע סימנים פון דער גרויסער נאַקעטקייט, וועלכע וועט שפּעטער אַזוי גוט באַקאַנט זיין. אמת, אין זיינע העל־ברוינע אויגן גליט איצט נאָך ליידנשאַפטלעכער דאָס פאַרצערנדיקע פייער פון געניאַליטעט. אין זיין האַרץ ברויזן איצט נאָך שטאַרקער די ריזיקע וויזיעס פון גרויסע שאַפונגען. אָבער עס ווערט אים אַלץ קלאָרער און קלאָרער, אַז דאָס איז נישט גענוג פאַר אַ גרויזאַמער געליבטער מיט שנעל זיך בייטנדיקע קאַפּריזן.

ס׳איז קוים נויטיק איבערצוחזרן, אַז די טונקעלע דאַמע איז געווען שעקספּירס שוואַרצער מלאך, דער בייזער כוח אין זיין לעבן. אין דער זעלבער צייט אָבער מוז מען צוגעבן, אַז ער האָט איר, קינסטלעריש, אַ סך געהאַט צו פאַרדאַנקען. זי האָט אים געגעבן אַ סך אַנרעג, אַ סך שאַ־פערישע אינספּיראַציע. ער איז צוליב איר און אירע פּייניקונגען אויס־געוואַקסן. זיינע ליידן צוליב איר, האָבן אים געשטויסן זיך צו פאַר־מעסטן אויף אַזעלכע ריזיקע קונסט־ווערק, וועלכע זיינען דער אוצר פון דער מענטשהייט.

אין יענער צייט פון זיינע טראַגישע שאַפונגען קריגט שעקספּיר נאָך עטלעכע שטאַרקע קלעפּ, וואָס לייגן זיך שווער אויף זיין נשמה. דער טויט הייבט אָן צו זיין אַ גאַסט אין זיין פאַמיליע. האַמנעט, זיין זון, איז געווען בלויז דער ערשטער פון זיינע נאָענטע, וועמען ער האָט גע־זען צוגענומען ווערן אַהין, וואוהין אַפילו זיין געניאַלע פאַנטאַזיע האָט ניט געקאָנט אַדורכדרינגען און זיך פאָרשטעלן, וואָס קומט דאָרט פאָר.

דעם 8טן סעפּטעמבער 1601 שטאַרבט זיין פאָטער דזשאָן. שעקספּיר לעבט דאַן דורך די גאַנצע ביטערקייט פון פאַרלירן אַ נאָענטן, וועמען ער האָט שטאַרק געליבט און נאָך מער געשעצט. ווייזט אויס, אַז פון דער גאַנצער משפחה איז אים דער פאָטער געווען דער ליבסטער. ער איז הפנים געווען צו אים שטאַרק צוגעבונדן. מיר האָבן געזען ווי ווייט ער האָט זיך גענומען צום האַרצן דעם פאָטערס געפאַלענע לאַגע, און ווי ער האָט אויסגענוצט די ערשטע דערפאָלגן זיינע צו פאַרבעסערן זיין מערכה. שעקספּיר דריקט אויס זיין גאַנצן צער און בענקשאַפט נאָכן פאַרלוירענעם פריינט און דערציער אין האַמלעטס פאָטעטישער פאַרע־רונג צו זיין פאַרשטאָרבענעם פאָטער־קעניג. פּונקט ווי ער טוט עס נאָך זיין מוטערס טויט. (זי איז געשטאָרבן דעם 7טן סעפּטעמבער, 1608). ער שילדערט זי דאַן מיט די ליבלעכסטע פאַרבן אַלס אידעאַלע, מוסטער־האַפטע מוטער אין דער געשטאַלט פון וואָלומניא, אין זיין „קאָריאָלאַ־נוס". ס'איז קיין ספק נישט, אַז איןביידע פאַלן האָט שעקספּיר זיך געאיילט אַהיים קיין סטראַטפאָרד צו זיין ביי די לעצטע מינוטן, אָדער ווייניקסטנס ביי די לוויות פון זיינע עלטערן. ווייל אויב דאָס לעבן האָט ניט געוואָלט ער זאָל זיין אַ זייער צוגעבונדענער און ליבלעכער מאַן, איז ער אָבער געווען אַ שטאַרק איבערגעגעבענער זון, און שפּעטער פּונקט אַזאַ איבערגעגעבענער פאָטער צו זיינע צוויי טעכטער, דזשודיט און סוסאַנאַ. אין דעצעמבער 1607 איז אין לאָנדאָן אויך געשטאָרבן דער יינגסטער ברודער זיינער, עדמאָנט, וועלכער איז געהאַט צוגעשטאַ־נען אַלס אַקטיאָר צום טעאַטער, אָבער ניט באַרימט געוואָרן. דער טויט פון זיינע נאָענטסטע האָט נאָך מער פאַרגרעסערט זיין שוין אַזוי אויך טרויעריקן בליק אויף דער וועלט און לעבן. און אַלץ צוזאַמען רייסט ביי אים אַרויס די פּעסימיסטישע באַמערקונג:

„ווען מיר ווערן געבוירן וויינען מיר, וואָס
מיר זיינען געקומען אויף דער גרויסער בינע פון נאַראָנים".

אין קינסטלערישן זין איז עס זיכער געווען אַ גליק, וואָס די וויכ־טיקסטע געשעענישן אַרום שעקספּירן, און די פון זיין פּריוואַטן לעבן, זיינען אויסגעפאַלן אין דער צייט, ווען ער האָט שוין געהאַט דערגרייכט די הויכע שטופע פון רייף ווערן און אויסוואַקסן. ווען זיין שאַפן האָט שוין אָנגענומען אַן אַלץ בולטערן אויסדרוק פון זיין געניאַלן טאַלאַנט. ווען ער האָט שוין מיט אַזאַ לייכטקייט און שוואונג געקאָנט געפינען די

פאַרמען און מיטלען דאָס איבערגעלעבטע, אָדער אויספאַנטאַזירטע, אײַ־נגעשטעלט אין די מאָנומענטאַלע מייסטערווערק. וואָס עלטער ער ווערט, צעשפּילט זיך אַלץ שטאַרקער זיין אימאַזשינאַציע, געכפּלט דורך די רייכע דערפאַרונגען, און פאַרטיפט דורך די אייגענע איבערלעבונגען. זיין געניאַליטעט וואַקסט צוזאַמען מיט די יאָרן און די געשעענישן, וואָס זיי ברענגען מיט זיך מיט. ער ווערט רייפער, פאַרשטענדיקער. זיין וויזיע פאַרנעמט איצט ווינקלען, תהומות פון דער מענטשלעכער נשמה, וואָס ער האָט פריער ניט געקאָנט זען. און ער באַנעמט זיי איצט אויף אַזאַ אופן, ווי ער וואָלט עס פריער ניט געקאָנט טאָן. ער אַנט איצט די פאַרבאָרגענע געזעצן, וואָס הערשן אין דער מענטשלעכער נשמה, פונקט ווי אין דער קאָסמישער וועלט. און ערשט איצט דערפילט ער זיין אײַ־נערלעכע רייפקייט זיך אַוועקצולאָזן אין דער העכערער ספערע פון קינסטלערישן שאַפן. ערשט אין דעם פעריאָד פילט ער זיך בכוח אויף אָן אמתן זיך צו פאַרמעסטן אויף דעם אַזוי לאַקנדיקן געביט פון גרוי־סער טראַגעדיע. אַ געביט, אין וועלכן זיין פאָרגייער מאַרלאָו האָט אין זיין קורץ לעבן באַוויזן אַרויסצוברענגען אַזוי פיל שיינע דערגרייכונגען, און וועלכעס שעקספּיר האָט ביז דעמאָלט געהאַט באַטרעטן מיט ניט קיין גאַנץ זיכערע טריט.

שרייבנדיק זיינע גרויסע טראַגעדיעס האָט זיך שעקספּיר, אפשר גאַנץ אומבאַוואוסטזיניק, געהאַלטן אָן דעם גרונט־געזעץ פון דער אַלטער קלאַסישער טראַגעדיע. ער פירט שטענדיק אַרויס איין גרויסן טראַגישן מאָטיוו: אָדער ווען דער העלד קומט אין קאָנפליקט מיט דער אויסער־לעכער וועלט; מיט די טראַגישע כוחות, וואָס הערשן איבער זיין שיק־זאַל, און מיט די פאַרפלאָנטערטע סיטואַציע, וואָס ווערן דאַדורך פאַר אים געשאַפן. אָדער — וואָס פאַסירט אָפטער — ווען דער קאָנפליקט אַנטשטייט ניט בלויז צוליב די אויסערלעכע כוחות, נאָר צוליב דעם העלדס אייגענעם כאַראַקטער; ווען ער וואַקסט אַרויס פון די פאַרבאָר־גענישן פון אייגענעם האַרץ, בשעת דער העלד קומט אין צוזאַמענשטויס מיט דעם אינערלעכן נשמה־לעבן זיינעם. שעקספּירס העלד, ווי דער קלאַסישער פּראָטאָטיפּ זיינער, איז מערסטנטיילס אין תוך אַ שטאַרקער, אינטערעסאַנטער כאַראַקטער. ער באַזיצט אָבער ערגעץ אַ געוויסע שוואַכקייט, עפּעס אַ מין ליידנשאַפט, וועלכע ער וויל באַקעמפן, און קאָן זי פאָרט ניט אונטערדריקן. און די ליידנשאַפט פירט אים סוף־כל־סוף צום אונטערגאַנג. אָבער שעקספּיר איז נאָך טיפער פון די קלאַסישע דראַמאַטיקער אַריינגעדרונגען און באַלויכטן די פּסיכאָלאָגישע רעטע־נישן, וואָס באַוועגן אָט־די ליידנשאַפטן, די שוואַכקייטן. ער האָט נאָך

שאַרפער אַנאַליזירט די עמאָציאָנעלע פאָרגאַנגען פון דער מענטשלעכער נאַטור. זיינע טראַגעדיעס גיבן זיך אָפּ מיט די מיסטעריעס פון מענטש־לעכן גייסט, מיט דעם קאַמף צווישן גוטס און שלעכטס אין אים. שעקס־פּיר זוכט נאָך מער פאַנאַנדערצוגלידערן דעם מענטשן מיט זיין ווילן און האַנדלונגען, מיט זיין שלעכטס און אומדאַנקבאַרקייט. ער פאָרשט טאָקע די רעטענישן, און דעם זין פון לעבן. ער איז אָבער נאָך מער פאַראינטערעסירט אין שטודירן דעם מענטשנס כאַראַקטער, וואָס פירט אים אַזוי אָפט צו קומען אין קאָנפליקט מיט אָט־די שיקזאַלהאַפטע כו־חות, און נאָך אָפטער אַוועקצובלאָנדזשען אין די טונקעלע לאַבירינטן פון זיין אייגענער אינערלעכער וועלט און זי אויפצערייסן פון אינעווייי־ניק. מוסטערן פון טראַגעדיעס, וואָס האָבן צו טאָן מיט כוחות איבער־נאַטירלעכע, וואָס ליגן אויסער די גרענעצן פון מענטשנס מעגלעכקייט זיינען „קעניג ליר" און „באַקבעט". „האַמלעט", „דזשוליוס צעזאַר" און „אַנטאָני און קלעאָפּאַטראַ" דאַגעגן, זיינען טראַגעדיעס פון מענ־טשענס צאַפּלען זיך אין די פאַרפּלאָנטערטע נעצן פון דער אייגענער נשמה. און ס'איז גאַנץ נאַטירלעך, אַז דער גרויסער עטישער קינסט־לער וואָס שעקספּיר איז, ברענגט אים תמיד צו געפינען דאָס גוטע, וואָס פירט אַן אייביקע מלחמה מיטן שלעכטן: נשמהדיקע שיינקייט וואָס איז מכפּר אויף אַלעם בייזוויליקן און פאַרדאָרבענעם. ער פילט, אַז ליי־בע, זעלבסט־אויפאָפּערונג, און פאַרגעבונג זיינען שטאַרקער פון האַס, שטאַרקער פון ווילן צום צעשטערן. ער גלויבט טיף אין האַרצן אַז דער מענטש איז ניט דורכאויס פאַרדאָרבן. און אָט דער גלויבן דערלאָזט אים ניט, אַז זיינע העלדן זאָלן אינגאַנצן פאַרזינקען אין תהום פון פינצ־טערניש.

אַ סך מאָל טיילט שעקספּיר ניט אָפּ די באַזונדערע כוחות, וואָס ווירקן אין, און באַווירקן דאָס מענטשלעכע לעבן. די אינערלעכע נשמה־דיקע פאָרגאַנגען פונעם מענטשן געפינען תמיד זייער אָפּקלאַנג אין די אויסערלעכע נאַטור־כוחות. פּונקט אַזוי ווי די דרויסנדיקע קאָסמישע עלעמענטן וואַרפן תמיד זייער פינצטערן שאָטן, אָדער זייער העלע באַ־פאַרבונג אויף די טואונגען און האַנדלונגען פון דעם מענטשן. שעקס־פּיר שליסט זיי, אָט־די עלעמענטן, קיינמאָל נישט אויס. ער ווייסט — ווען עס קומט אויס זיי צו פאַרבולטן און זיי נוצן אַלס סצענישן מיטל — וואָס פאַר אַ ווירקונג שטורעם, דונער און בליץ קאָנען האָבן אויף דעם פאַרשטאַרקן דעם דראַמאַטישן אינטערעס פון אַ האַנדלונג. און ער באַ־נוצט זיך זייער געשיקט מיט די אויסערלעכע נאַטור־כוחות אַלס הינטער־גרונט פאַר מענטשלעכע ליידנשאַפטן און איבערלעבונגען. דער שטור־

רעם וואָס שפּילט זיך אָפּ אין לירס נשמה ווערט געגעבן אויף דעם הינ־טערגרונט פון דונערן און בליצן, שטורעם און רעגן. מאַקבעטס מאָרד, זיינע שוואַרצע, בלוטיקע איבערלעבונגען שפּילן זיך אָפּ אויפן הינטער־גרונט פון נאַכט, וואָס איז פול מיט פּחד און טויט־געשרייען. די לופט אַרום פּראָספּעראָס צויבער־אינדזל (אין „שטורעם") איז פול מיט מוזיק־קלאַנגען און געזאַנג־עכאָס.

איינע פון די ביטערסטע אויסזעצונגען, מיט וועלכע די קעגנער פון די שעקספּירישע טראַגעדיעס האָבן געזוכט צו באַקעמפן זיין גרויסן זשעני, איז געווען, אַז שעקספּיר האַלט זיך בלויז טיילווייז, אָבער ניט פולשטענדיק, אָן די אָנגענומענע געזעצן פון דער קלאַסישער דראַמע. ער היט ניט אָפּ די שטרענגע רעגולאַציעס פון די „דריי איינהייטן", וואָס זיינען געווען דער אומווידערשפּרעכלעכער געבאָט פון דער גריכישער טראַגעדיע — די איינהייט פון צייט, אָרט און האַנדלונג. די גריכישע טראַגעדיע־שרייבער האָבן שטאַרק מקפּיד געווען, אַז די צייט, אין וועלכער די האַנדונג פון אַ געגעבענעם שטיק שפּילט זיך אָפּ, זאָל זיין באַגרענעצט צו איין מעת־לעת. ניט מער ווי 24 שעה. דאָס אָרט וואו די האַנדלונג שפּילט זיך אָפּ, האָט געמוזט זיין באַגרענעצט צו דער זעלבער שטאָט. און די איינהייט פון האַנדלונג האָט זיך גע־דאַרפט אויסדריקן אין דעם, אַז יעדער געגעבענער עפּיזאָד האָט געמוזט זיין אונטערגעוואָרפן דער ליניע פון געשעעניש, וואָס האָבן געפירט אין דער זעלבער אידייאישער ריכטונג. געטאָן געוואָרן איז דאָס, ווייל די שאַפער פון דער גריכישער טראַגעדיע האָבן זיך גערעכנט קודם־כל מיט דעם שטרענגן דערהויבענעם שיינקייט־באַגריף פון קלאַסישן סטיל, וועלכער האָט געלייגט דעם הויפּט־אַקצענט אויף סימעטרישער אויסגעהאַלטנקייט, רעגולערער פּינקטלעכקייט און פּערפעקטקייט. אין זייערע ווערק האָט דער מאַטעריאַל, פון וועלכן ס׳איז געווען געבויט דער דראַמאַטישער בנין, געמוזט זיין אָן אָפּגעקליבענער. די האַנד־לונג האָט ניט געטאָרט זיין קיין פאַרצווייגטע און פאַרשיידנאַרטיקע. איר הויפּט־שטריך האָט געמוזט זיין אָפּגעצירקלטע גאַנצקייט. צוליב דעם טעם, כדי ניט קאַליע צו מאַכן די קלאַסישע פאָרם, איז די גריכי־שע טראַגעדיע געווען געבונדן. זי האָט ניט געקאָנט ווייזן קיין זיך אַנטוויקלענדיקע אַקציע, קיין פרייע האַנדלונג. זי האָט געמוזט אָנ־קומען צו דעם געקינצלטן מיטל, וואָס געוויסע געשעענישן זיינען בלויז איבערגעגעבן געוואָרן דעם פּובליקום דורך דעם, וואָס דער „שליח", דער בשורה־ברענגער, האָט וועגן זיי דערציילט. און צוליב דעם זעלבן טעם האָבן די גריכישע טראַגעדיע־שרייבער אויסגעמיטן אין זייערע

ווערק יעדן סימן פון הומאָר, כדי ניט צו שטערן די פייערלעכקייט און די סובלימיטעט פון איינדרוק.

דער אמת איז געווען, אַז ניט נאָר האָט שעקספּיר ניט געזוכט אָפּ־די איינהייט־געזעצן אָפּצוהיטן, נאָר להיפּוך, ער האָט זיי געבראָכן מיט דער גרעסטער פרייקייט. מיט זיין געניאַלער פאַרשטענדעניש פאַר מענטשלעכער נשמה, און מיט זיין טיפער קענטעניש פון מענטשלעכן האַרץ, האָט ער געזוכט אַרויסצוברענגען אַ וויכטיקערן לעבנס־אמת, וועלכן ער האָט פאַרוואַנדלט אויך אין אַ גרויסן קינסטלערישן אמת — דעם פאַרפלאָנטערטן געמיש פון קאָנטראַסטן אין מענטשלעכן לעבן; דעם פאַרשיידנאַרטיקן געווירבל פון עמאָציעס אין מענטשלעכן כאַ־ראַקטער. דער מענטשלעכער כאַראַקטער באַשטייט קיינמאָל ניט פון קיין גלייכקייטן, פון קיין גאַנצקייטן. גוטס און שלעכטס, דערהויבנקייט און קליינלעכקייט, ליכט און שאָטן זיינען אין אים אַזוי צוזאַמענגעפלאָכטן, אַז ס'איז אָפטמאָל שווער צו באַשטימען, וואו ענדיקט זיך דאָס ערשטע און וואו פאַנגט זיך אָן דאָס צווייטע. און שעקספּיר האָט, אדרבא, גע־זוכט אַרויסצוברענגען די גאַנצע דראַמאַטישע שיינקייט, וואָס איז דאָ אָט אין דעם געמיש. וואָס ער האָט נאָר געוואָלט איז געווען אַרויסצוברענ־גען די איינקייט פון דער מענטשלעכער נאַטור אין אירע פאַרשיידנסטע עלעמענטן. די איינקייט פון דעם הויפּט־העלדס דראַמאַטישע איבערלע־בונגען. אים איז געווען וויכטיקער אַרויסצוברענגען די איינקייט פון דער דראַמאַטישער אַקציע; פון דעם גרויסן לעבעדיקן כוח, וואָס פירט געוויסע געשעענישן צו איין דראַמאַטישן צוזאַמענשטויס. ער האָט דעם גאַנצן קאָמפּליצירטן געמיש פון די פאַרשיידנאַרטיקסטע געשעענישן און שטימונגען געניצט אַלס מיטל צו ווייזן דאָס אַנוואַקסן פון געפיל, די בהדרגהדיקע שטייגערונג, וואָס ברענגט צו דער איינהייט פון דראַמאַ־טישן אויסברוך. אַלע פאַסירונגען קלייבן זיך אָן כדי זיך צו פאַראיי־ניקן אין איין צענטראַליזירטער האַנדלונג. אַלץ פירט צו איין ציל. אַלץ איז געשפּאַנט פאַר איין פאַרשאַרפטן קלימאַקס. אַלע באַזונדערע קלע־נערע געשעענישן ווערן דורך אים סבאַנוצט כדי צו פאַרשטאַרקן דעם דראַ־מאַטישן אַנוואוקס, וואָס דערגרייכט דעם מעכטיקסטן אויסברוך אין דעם קאַטאַקליזם, וועלכער לאָזט זיך אַראָפּ איבער די קעפּ פון זיינע אויס־דערוויילטע העלדן. פּונקט ווי די באַזונדערע ריטשקעס און שטראָמען, וואָס ציען זיך פון פאַרשיידענע ריכטונגען צווישן די בערג־שפּאַלטן לויפן זיך צוזאַמען, כדי זיך ענדלעך צו פאַראייניקן אין איין ווילד־שטראָמיקן, מעכטיק־קאָנצענטרירטן וואַסער־פאַל, וואָס וואַרפט זיך מיטן קאָפּ אַראָפּ פון די הויכע פעלדזן אין דעם טיפן שטיינערדיקן טאָל. און

פונקט װי דער פֿילפֿאַרביקער רעגנבױגנדיקער אָפּשײַן, װאָס שפּילט אי־בער דעם שטראָמיקן װאַסער־פֿאַל, אַזױ קאָלירנרײַך און בונט־פֿאַרביק איז דער געמיש פֿון קאָמישן און טראַגישן, דערהױבענעם און אַבסורדן, פֿײַערלעכן און גראָטעסקן, װאָס שטעלט צוזאַמען די האַנדלונג פֿון שעק־ספּיריס אַ שטיק. ער ציט צוזאַמען די פֿאַרשײדנקאָלירנדיקע פֿעדים, פֿון װעלכע ער װעבט אױס דאָס פּראַכטיקע פֿילגעשטאַלטיקע, און דאָך אײנ־הײטלעכע געװאַנט, אױס װעלכן ס׳איז אױסגעאַרבעט די ראָמאַנטישע שעקספּירישע טראַגעדיע.

דאָס אַװעקגײן פֿון די אָנגענומענע קלאַסישע געזעצן װעגן דער „דרײַ אײנהײט" פֿון האַנדלונג, צײַט און אָרט, כּדי צו דערגרײכן אַ סך אַ העכערן ציל — די אײנהײט פֿון דראַמאַטישער אַקציע און דראַמאַ־טישן אײַנדרוק, איז אין דער אמתן ניט געװען קײן רײן שעקספּירישער אױפֿטו. פּונקט װי אין אַ סך אַנדערע געביטן האָט שעקספּיר בלױז איבערגענומען און דערפֿירט צו פּערפֿעקטקײט דאָס, װאָס אַנדערע פֿאַר אים האָבן שױן געהאַט אָנגעהױבן. ער האָט בלױז געגעבן דעם העכסטן אױסדרוק צו דעם סטיל און פֿאָרם, װאָס די ענגלישע נאַציאָנאַלע דראַמע האָט אָנגענומען זײַט איר אַנטשטײאונג. נאָך אין די ערשטע מיראַקל־און מאָראַליטעט־שפּילן, און שפּעטער נאָך אין די פּיעסן, װאָס זײַנען געשריבן געװאָרן בשעת שעקספּירס צוקומען צו דער בינע, איז דער הױפּט־שטריך אײגנטלעך געװען אָט־דער בונטער געפֿלאָנטער פֿון גע־שעענישן און האַנדלונגען, װאָס האָט זיך גאַנץ װײניק גערעכנט מיט צײַט אָדער אָרט; דער פֿאַרבנרײַכער, כאָטש גאַנץ אָפֿט זײער אומגע־שיקטער געמיש פֿון קאָמעדיע און טראַגעדיע. און שױן דעמאָלט האָט אָט־די טעאַטער־פֿאָרם אַרױסגערופֿן װידערװילן בײַ די אָנהענגער פֿון דער קלאַסישער דראַמע. נאָך צוריק אין 1578 האָט דזשאָרדזש װהעט־סטאָן אױפֿן שאַרפֿסטן אופֿן קריטיקירט דאָס איגנאָרירן פֿון די קלאַסי־שע רעגלען. אין דער הקדמה צו זײַן פּיעסע „פּראָמאָס און קאַסאַנדראַ", װאו ער װײַזט אָן אױף װיפֿל די זײַן צײַטיקע ראָמאַנטישע דראַמאַטי־קער זײַנען װײניקער װיכטיק פֿון די אַמאָליקע דיסטינגירטע קלאַסיקער, שרײַבט ער: „דער ענגלישער שרײַבער באַזירט זײַן װערק לכתחילה אױף אוממעגלעכקײטן, דאַן לױפֿט ער אין משך פֿון דרײַ שעה דורך די גאַנצע װעלט, האָט חתונה, געבוירט קינדער, לאָזט די קינדער װערן מע־נער, מענער באַזיגן קעניגרײַכן, דערמאָרדן מאָנסטערס; ער ברענגט אַראָפּ גאָט פֿון הימל און שלעפּט אַרױס דעם שטן פֿון גיהנום. און װאָס ס׳איז נאָך ערגער — אַ סך מאָל, כּדי פֿרײלעך צו מאַכן, פֿאָרט ער צו־בױף אַלס פֿרײַנט אַ קלאָון מיט אַ קעניג. אין אַן עת־צרה דערלױבט ער

אים צו נעמען עצות פון נאַראָנים; אַ חוץ דעם נוצט ער איין סאָרט שפּראַך פאַר אַלערליי פּערזאָנען. — אַ גראָבע אומאָנשטענדיקייט".

אָן וועהעסטאָנס קריטיק האָבן זיך אָנגעשלאָסן סטעפאַן גאָסאָן מיט זיין „שולע פאַר זידלערייען" (1579) און שפּעטער סער פיליפּ סידנעי. גאָסאָן שרייבט: „צייטנווייז וועט איר (אין אַ בינע־שטיק) גאָרניט זען נאָר די דערפאַרונגען פון אַ פאַרליבטן ריטער, וואָס ציט פון לאַנד־צו־לאַנד אויס ליבע צו זיין דאַמע, אַנטרעפנדיק אַ סך שרעקלעכע מאָנסטערס געמאַכט פון ברוין פּאַפּיר; און ביי זיין צוריקקומען איז ער אַזוי וואונדערבאַר פאַרענדערט, אַז ער קאָן ניט דערקענט ווערן סיידן דורך עפּעס אַן אויפשריפט אין אַ מעדאַליאָן, אָדער דורך אַ צעבראָכענעם רינג, אַ טיכל, אָדער אַ שטיקל זשאַבע־שיסעלע". אין זיין „פאַרטיידיקונג פון פּאָעזיע" (1583) שרייבט סידנעי: „אָנשטאָט וואָס די בינע (אין אַ פּיעסע) זאָל תמיד רעפּרעזענטירן בלויז איין אָרט, און די לענגסטע צייט וואָס זאָל אין דעם שטיק דערלויבט זיין זאָל זיין, סיי לויט אַריסטאָטעלס פאָרשריפט און סיי לויטן שכל־הישר, בלויז איין טאָג, שטעלן זיי (די פּיעסן־שרייבער) אומקינסטלעריש פאַר ביידע, אי אַ סך טעג, אי פאַרשיידענע פּלעצער. איר קאָנט האָבן אַזיע אויף איין זייט בינע און אַפריקע אויף דער צווייטער זייט, און אַזוי פיל קעניגרייכן, אַז דער שוישפּילער, ווען ער דערשיינט, מוז תמיד אָנהייבן מיטן דערקלערן וואו ער געפינט זיך, אַנדערש וועט דער אינהאַלט זיין אומפאַרשטענדלעך. איצט קומען אַריין דריי פרויען, וואָס שפּאַצירן צו קלייבן בלומען, און מיר מוזן דאַן אָננעמען, אַז די בינע שטעלט פאָר אַ גאָרטן. ביסלעכווייז הערן מיר די נייעס וועגן אַ שיפסברוך אויפן זעלבן אָרט, דאַן איז עס אונדזער שולד אויב מיר נעמען ניט אָן, אַז די בינע שטעלט פאָר אַ פעלדז. צו דעם אַלעמען דערשיינט נאָך אַן עקלהאַפטער מאָנסטער מיט פייער און רויך; דאַן מוזן די אומגליקלעכע צושויער זיך איינריידן, אַז די בינע איז אַ הייל; מיטאַמאָל פליען אַריין צוויי אַרמייען, פאָרגעשטעלט דורך 4 שווערדן און פּאַנצער־טרעגער, און וואָס פאַר אַ שלעכט האַרץ וועט עס דאַן ניט אָננעמען, אַז די בינע שטעלט פאָר אַ משופּעדיק פעלד? און וואָס שייך צייט, זיינען זיי נאָך אַ סך ליבעראַלער. ווייל ס'איז אַ געוויינלעכע זאַך, אַז צוויי יונגע פּרינצן פאַרליבן זיך, נאָך פאַרשיידענע פּאַסירונגען שוואַנגערט זי מיט אַ קינד; געבוירט אַ גאָלדן יינגעלע; ער ווערט פאַרלוירן, וואַקסט אויס אַ מאַן, פאַרליבט זיך, און איז אויך פאַרטיק צו האָבן אַ קינד. און דאָס אַלץ אין משך פון צוויי שעה צייט" . . .

עס ווייזט אָבער אויס, אַז דאָס פּובליקום פון עליזאַבעטישן טעאַ־

טער האָט געהאַט אַ גאַנץ אַנדער קוק אויף דער זאַך, ווי די שרייבערס, וואָס האָבן זיך אַזוי איינגעשטעלט פאַר דעם אָפּהיטן פון די אַריסטאָ־טעלישע געזעצן. סיי וועבסטער, סיי סידנעי האָבן טאַקע געמעגט שטאַרק אָפּלאַכן פון דעם שנעלן געלויף און זיך בייטנדיקער שטימונג אין דעם אינהאַלט פון דער אַנטשטייענדיקער נאַציאָנאַלער דראַמע. אָבער אַט טאַקע די כאַראַקטעריסטישע שטריכן — ווי ס׳איז שוין פריער געוויזן געוואָרן — זיינען עס געווען, וואָס האָבן אַזוי שטאַרק אַפּעלירט צום פּובליקומס געשמאַק און טעמפּעראַמענט. אַט טאַקע דער שוואונג און די פרייקייט, מיט וועלכע ס׳האָט זיך אַנטוויקלט די אַקציע אין דער פאַר־שעקספּירישער און, נאָך מער, אין דער שעקספּירישער דראַמע; אַט־די שנעלקייט אין איבערגיין פון געשעעניש צו געשעעניש, פון שטימונג צו שטימונג, און פון אָרט צו אָרט; אַט־די לעבעדיקייט און פרישקייט מיט וועלכע די האַנדלונג האָט זיך דורכגעפלאָכטן סיי מיט די קאָמישע און סיי מיט די דראַמאַטישע עפּיזאָדן, האָבן אַזוי שטאַרק אַפּעלירט צו זייער וואַכזאַמער פאַנטאַזיע, צו זייער שאַרפער איינבילדונגס־קראַפט. און דאָס אַלץ וואָס איז פאַר וועבסטער און סידנעין געווען בלויז שטאָף פאַר חוזק און אָפּלאַכעריי, איז פאַר דעם עליזאַבעטישן פּובלי־קום געוואָרן אַ טיפער קוואַל פון טעאַטראַלער באַגייסטערונג און קינסט־לערישן גענוס, איבערהויפּט ווען עס איז אַזוי דערהויבן געוואָרן דורך שעקספּירס מייסטערישן זשעני.

ווי פריער אין זיינע גאָלדענע דיכטערישע פּעריאָדן האָט זיך שעק־ספּיר אויך איצט, אין דער פּעריאָדע פון זיינע גרויסע טראַגעדיעס, ניט אָפּגעשטעלט צו נעמען זיינע סוזשעטן און מאַטעריאַלן וואו און ביי וועמען ער האָט זיי נאָר אַנגעטראָפן. דערפאַרונגען פון אייגענעם לעבן האָבן זיך תמיד אויסגעמישט מיט עפּיזאָדן, וועגן וועלכע ער האָט גע־האָט געלייענט ביי אימיצן פון זיינע פאָרגייערס. פּראָבלעמען און לעבנס־באַטראַכטונגען, וואָס האָבן אים אינטערעסירט אין געגעבענעם מאָמענט, האָבן זיך אומבאַמערקטערהייט אַנגעקליידט אין בלוט און פלייש פון מעשות און לעגענדעס, וועלכע ער האָט געפונען אין אַלטע ביכער. וווייטע אָדער נאָענטע געשעענישן פון קעניגלעכן הויף האָבן זיך אויף אַן עכט־קינסטלערישן אופן אַריינגעוועבט אין די פאַנטאַסטישע מעשות וועגן גייסטער און טויטע, וואָס האָבן נאָך אין יענער צייט גע־לעבט צווישן פאָלק. אָבער פון דעם אַלעם האָט ער אויסגעמייסטערט אַזעלכע געניאַלע ווערק, וועלכע האָבן טויזנטפאַך איבערגעשטיגן דאָס

אַלץ, וואָס ער האָט „גענומען" ביי אַנדערע. אַזוי, למשל, האָט ער פון דעם טרויער איבערן טויט פון זיין שטאַרק־געליבטן פאָטער; פון זיין נקמה־דורשט צוליב דער אָפּנאַרעריי און פאַרראַט פון זיין האַרצנס־דאַמע; צוזאַמען מיט דעם שוידערלעכן פאַל, וואָס איז נאָך געווען פריש אין זכרון פון ענגלישן פאָלק — דער פאַל ווען מערי סטיואַרט האָט אין 1567 געהאָלפן איר אָפּשטויסנדיקן געליבטן באָטוועל דער־מאָרדן איר צווייטן מאַן, דעם שיינעם לאָרד דערנלעי; און אויך די מיטלאַלטערלעכע דענישע לעגענדע וועגן דעם פּרינץ, וואָס נעמט נקמה פון זיין פעטער, וועלכער האָט דערמאָרדעט זיין קעניגלעכן פאָטער (באַ־שריבן דורך דעם כראָניקלער סאַקסאָ גראַמאַטיקוס פון 13טן י.ה.) — פון דעם אַלעם האָט שעקספּיר אויסגעגליט די מענטשלעכע גרויסע טראַ־געדיע, זיין „האַמלעט", פּרינץ פון דענמאַרק. פון זיינע אייגענע און פרעמדע דערפאַרונגען האָט שעקספּיר אויסגעוועבט אַ דראַמע, וואָס נעמט אַרום דאָס לעבן ניט נאָר פון איין מענטשן, נאָר וואָס ווערט באַ־צייכנט אַלס „קאָנצענטרירונג פון אַלע אינטערעסן, וועלכע געהערן דער מענטשהייט".

דאָס איז, דורך אגב, בכלל כאַראַקטעריסטיש פאַר שעקספּירס גרויס־קייט, וואָס שרייבנדיק לכתחילה וועגן איין געגעבענעם העלד, ווערן זיינע טראַגעדיעס דערהויבן צו אַלמענטשלעכקייט. אַזוי ווערט „אָטע־לאָ" פון אַ כלומרשט „הייזלעכער" דראַמע דערהויבן צו אַן אוניווערזאַ־לער דראַמע פון צעשטערטער מענטשלעכער צוטרוילעכקייט. פּונקט אַזוי הערט „קעניג ליר" אויף צו זיין אַ פּערזענלעכע טראַגעדיע. זי ווערט די טראַגעדיע פון דעם גרויסן קאַמף צווישן די ליכטיקע און פינצ־טערע כוחות אין דער נאַטור; צווישן די אינסטינקטן אין אונדז, וואָס רייסן זיך צום גוטן אָדער שטויסן אונדז צום בייזן און שלעכטן.

נו איז וואָס, — אין פאַל פון „האַמלעט" — אַז אַן ענלעכע פּיעסע אונטערן נאָמען „האַמלעט" איז שוין פריער געהאַט געשפּילט געוואָרן אין 1589, באַלד ווי שעקספּיר איז געהאַט אָנגעקומען אין טעאַטער אַריין? איז וואָס, אַז טאָמאַס קיד האָט שוין אין 1586 געהאַט אָנגע־שריבן זיין באַרימטע „שפּאַנישע טראַגעדיע", וואו ס׳ווערט באַהאַנדלט אַן ענלעכע טעמע פון נעמען נקמה פאַרן טויט פון אַ געליבטן זון? וואָס איז, אַז נאָך פאַר שעקספּירס „שיילאָק" האָט מען שוין — אַ חוץ מאַר־לאָוס „דער ייד פון מאַלטאַ" — געהאַט געשפּילט אַ פּיעסע מיט אַן אכזריותדיקן, גייציקן יידן אַלס הויפּט־כאַראַקטער, לויט ווי דער שויך־דערמאָנטער סטעפאַן גאָסאָן, אַליין אַן אַקטיאָר און פּיעסן־שרייבער, דערציילט אין זיין „שולע פון זידלערייען" וועגן „דער ייד", אויפגעפירט

אויף דער בינע פון דער „אקס־קרעטשמע”? און וואָס האָט שעקספּירן געשטערט צו שאַפן זיין „ראָמעאָ און דזשוליעט” ווען אַרטור ברוק האָט נאָך אין 1562 אין דער הקדמה צו זיין איבערדיכטונג פון באַנדעלאָס איטאַליענישן נוסח פון דער ראָמעאָ און דזשוליאַ־דערציילונג געהאַט גע־שריבן, אַז ער האָט אַזאַ פּיעסע מיט אַן ענלעכן סוזשעט שוין געזען שפּילן אויף דער דעמאָלטדיקער ענגלישער בינע ? דאָס האָט אויף קיין פאַל ניט געמינערט שעקספּירס אָריגינאַליטעט. ער האָט זיין „האַמ־לעט”, פּונקט ווי זיין „שיילאָק” געשאַפן ווי נאָר ער אַליין איז עס אומ־שטאַנד געווען צו טאָן. און ווי עס דריקט זיך אויס עיזשען דעלאַקרוא, דער שאַפער פון דער ראָמאַנטישער שולע אין דער מאַלעריי : „וואָס עס מאַכט מענטשן פאַר גאונים, אָדער בעסער, וואָס עס מאַכט זייערע שאַפונגען געניאַל, איז ניט קיין נייע אידייען, נאָר די אידייע פון וועל־כער זיי זיינען באַזעסן, אַז דאָס, וואָס איז שוין געזאָגט געוואָרן איז נאָך ניט גענוג געזאָגט”.

אַלס מוסטער פון דער כישופדיקער טראַנספאָרמאַציע, וואָס דער מאַטעריאַל, מיט וועלכן שעקספּיר פלעגט זיך באַנוצן, איז דורכגעגאַנ־גען ווען ער איז געקומען אין באַריר מיט זיין גאָט־געבענטשטער פאַנ־טאַזיע, איז כדאַי צו ברענגען די פאַרגלייכונג, וואָס העמילטאָן רייט מע־בי וויייזט אָן אין דער שאַפונג פון דער „דזשוליוס צעזאַר”־דראַמע. די טעמע האָט שעקספּיר גענומען ביי פּלוטאַרכן אין זיינע באַרימטע „לע־בענס” פון די אַנטיקע העלדן. פּלוטאַרך דערציילט בלויז, אַז : „ווען צעזאַרס קערפּער איז געבראַכט געוואָרן אויפן מאַרק־פּלאַץ, האָט אַנטאָ־ניוס געהאַלטן זיין לוויה־הספד לכבוד דעם טויטן לויט דעם אַלטן רוי־מישן מנהג. און באַגרייפנדיק, אַז זיינע ווערטער האָבן גערירט דאָס פשוטע פאָלק צו מיטלייד, האָט ער זיך באַמיט מיט זיין שיין־רעדנעריי צו מאַכן זייערע הערצער נאָך שטאַרקער טרויערן, און נעמענדיק צע־זאַרס אין בלוט־אויסגעווייקטן מאַנטל אין זיין האַנט, האָט ער אים פאַ־באַנדערגעשפּרייט אַלע זאָלן אים קאָנען זען, און געוויזן וויפיל שניטן און לעכער ער האָט געהאַט אין זיך. דערפון זיינען אַלע מענטשן באַלד אַריינגעפאַלן אין אַזאַ צאָרן און אויפרודער, אַז מ׳האָט דאָס פשוטע פאָלק מער ניט געקאָנט אין אָרדענונג האַלטן”. שעקספּירס מוזע צע־זינגט זיך אָנשטאָט דעם :

„אייך איז דער מאַנטל דאָך באַקאַנט דאָ. איך געדענק
דאָס ערשטע מאָל וואָס צעזאַר האָט אים אָנגעטאָן.
דאָס איז געווען אַ זומער־אָוונט אין זיין געלט.

אין יענעם טאָג האָט ער די נערוויער באַזיגט ;
קוקט, דאָ איז קאַסיוס' שווערד אַדורכגעלאָפן.
זעט, ס'אַראַ ריס דער ניט־פאַרגינער קאַסקאַ האָט געמאַכט.
דאָ האָט דער פיל־באַליבטער ברוטוס דורכגעשטאָכן.
און ווען ער האָט זיין שטאָל אַרויסגעריסן —
באַטראַכט ווי צעזאַרס בלוט איז נאָכגעלאָפן
ווי דורך אַ טיר אַן אָפענער — ווי צו דערגיין,
האָט ברוטוס אַזוי אומפריינטלעך געשלאָגן ?
דען ברוטוס, ווי איר ווייסט, איז צעזאַרס בעסטער פריינט.
אָ, געטער, משפט איר ! ווי צעזאַר האָט געליבט אים !
דאָס איז דער קלאַפּ דער גרויזאַמסטער געווען !
דען ווען ס'האָט צעזאַר אים געזען שטעכן —
אומדאַנקבאַרקייט, פיל שטאַרקער פון פאַררעטערס הענט
האָט אים באַזיגט ; און ס'האָט זיין מעכטיק האַרץ געפּלאַצט ;
און אין זיין מאַנטל זיין געזיכט פאַרהילנדיק
ביים דענקמאָל פון פּאָמפּעיוס, זיך באַגיסנדיק
אין בלוט — געפאַלן איז דער גרויסער צעזאַר !
אָ, ס'אַראַ פאַל דאָס איז געווען, בירגער !
אויך איר און איך און איטלעך איינער איז געפאַלן
און בלוטיקער פאַרראַט האָט איבער אונדז געשאַלט !
אהא ! איצינד ערשט וויינט איר ! כ'זע איר פילט
דעם צער און מיטלייד ; ס'זיינען גנאַדע טראָפּן.
וואָס וויינט איר, גוטע מענטשן, זעענדיק
בלויז צעזאַרס קלייד פאַרוואונדעט ? קוקט נאָר, אָט איז ער
אַליין — באַשעדיקט, ווי איר זעט, פון די פאַררעטער !"

און אַזוי פון טראַגעדיע צו טראַגעדיע, פון ווערק צו ווערק ווייזט שעקספּיר זיך אַרויס אַלס דער געניאַלער צויבערער, וואָס פאַרוואַנדלט אין די פּרעכטיקסטע קרעאַציעס יעדן פשוטן מאַטעריאַל, וואָס קומט אים אין דער האַנט אַריין : אַלס דער גרויסער פּאָעט, וואָס שמעלצט איבער געוויינלעכע מענטשלעכע לעבנס־דערפאַרונגען אין הויכער, דערהויבענער קונסט. בוצנדיק זיך אַליין אַלס מוסטער פאַר זיינע ווערק, לאָזנדיק זיינע העלדן איבערלעבן זיינע אייגענע איבערלעבונגען, און דורכשטורעמען זיינע אייגענע געפילן. געבנדיק זיינע ווערק די גרויסקייט און טיפקייט פון זיין אייגן האַרץ און נשמה.

שעקספּיר האָט אין יענער טראַגישער פּעריאָדע אָנגעשריבן אויך

עטלעכע קאָמעדיעס. ס'איז טאַקע אמת, אַז זיין „האַמלעט" האָט צוריק געבראַכט אין טעאַטער אַריין דאָס גרויסע פּובליקום, וואָס איז פריער, אין דער צייט פון דער „מלחמה פון די טעאַטערס" געהאַט אַוועק צו די יינגלעך־שוישפּילער. (אַגב איז דער דערפאָלג פון „האַמלעט" געווען אַזוי גרויס, אַז שעקספּיר איז איינגעלאַדן געוואָרן צו שפּילן די פּיעסע אין די אוניווערזיטעטן פון קעמברידזש און אָקספאָרד.) ס'איז אויך אמת, אַז זיין „אָטעלאָ" און „מאַקבעט" האָבן געבראַכט גרויס שפע אין דער קאַסע פון „גלאָוב"־טעאַטער, פונדעסטוועגן האָט מען אָבער פון צייט־צו־צייט געמוזט אויך נאָכקומען דעם פאַרלאַנג פון דעם טייל פּובליקום, וואָס האָט געוואָלט זען לייכטערע זאַכן אויף דער בינע. און שעקספּיר, אַלס דער שטענדיקער פּיעסן־באַזאָרגער פון טרופּע, האָט אויך דעמאָלט געמוזט זיך אָפּגעבן מיטן שרייבן פון דעם זשאַנר. אָבער אויך דאָ האָט זיך אַרויסגעוויזן שעקספּירס גרויסקייט, וואָס אין דער צייט ווען ער האָט זיך אַפילו געמוזט „אַראָפּלאָזן" צום פּובליקומס געשמאַק, האָט ער געשאַפן אַזעלכע ווערק ווי „אַ סך טומל איבער גאָרניט", „צוועלפטע נאַכט" און „אַלץ איז גוט וואָס ענדיקט זיך גוט". נאָר דאָס כאַראַקטעריסטישע איז, וואָס אַפילו אויף זיינע קאָמעדיעס זיינען דעמאָלט געפאַלן די שווערע שאָטנס פון זיין געמיט. זיי זיינען שוין ניט אַזעלכע העל־קלינגענדיקע, מיט פרייד־שפּריצנדיקע ווי די פון זיין יונגער, גליקלעכער פּעריאָדע. זיי זיינען שטילער, איינגעהאַלטענער און געלאַשענער. זיי זיינען דורכגעוועבט מיט אַזעלכע פיינע מעלאַנכאָלישע שטריכן. זייער געלעכטער איז געצוימטער און זייער הומאָר געלייטערטער. אַזוי אַז ניט אומזיסט פּאַסט זיך צו די דערמאָנטע שטיקער — „אַ סך טומל איבער גאָרניט", „אַלץ איז גוט וואָס ענדיקט זיך גוט", „די צוועלפטע נאַכט", פּונקט ווי צו דער פריער־געשאַפענער „ווי אייך געפעלט", אַזוי וואונדערלעך די באַצייכענונג פון שמערצלעכע קאָמעדיעס, אונטער וועלכער זיי זיינען באַקאַנט.

אין יענער צייט איז שעקספּיר נאָך אַלץ געשטיגן וואָס העכער אויף דער לייטער פון זיין קאַריערע. מיט דזשיימס דעם 1טנס, דעם קעניג פון סקאָטלאַנדס איבערנעמען דעם ענגלישן טראָן נאָך עליזאַבעטס טויט, ווערט שעקספּירס טרופּע דערהויבן. דזשיימס, ווי אַלע סטיואַרטס, איז געווען אַ גרויסער ליבהאָבער פון קונסט, איבערהויפּט פון טעאַטער. נאָך זייענדיק אין סקאָטלאַנד האָט ער תמיד געקעמפט קעגן די, וואָס האָבן געזוכט אונטערצודריקן טעאַטער און אַקטיאָרן. ער האָט פון צייט־צו־צייט איינגעלאַדן צו זיך ענגלישע טעאַטער־טרופּעס זיי זאָלן פאַר אים שפּילן די נייעסטע פּיעסן, וואָס זיינען געווען אַ דערפאָלג אין לאָנדאָן.

אין 1599 האָבן די גלחים אין עדינבורג אויסגערופן אַ חרם קעגן אַק־טיאָרן, ווייל דזשיימס האָט פּונקט דעמאָלט געהאַט אַריבערגעבראַכט אַ טרופּע פון ענגלאַנד. די גלחים האָבן פאַרבאָטן דעם עולם צו באַזוכן די טעאַטערס. דער קעניג האָט עס געהאַלטן פאַר אַן אָנגריף אויף זיין רעכט, און האָט דערפאַר באַפוילן צונישט צו מאַכן דעם חרם, כדי דער עולם זאָל זיך ניט דאַרפן צוריק האַלטן צו גיין זען די טעאַטער־פאָרשטע־לונגען. און איצט, באַשטייגנדיק עליזאַבעטס טראָן, איז איינע פון זיינע ערשטע חסדים, וואָס ער האָט אַרויסגעוויזן די אַקטיאָרן געווען, איבער־צונעמען שעקספּירס טרופּע, די „לאָרד טשעמבערליין־מענער", און זיי געבן קעניגלעכן פּאַטראָנאַזש. פון דעם 19טן מאַי 1603 האָט זיך די טרופּע אָנגעהויבן צו רופן „די קעניגס מענער", און איז באַערט געוואָרן צו געבן די פאָרשטעלונגען אין קעניגלעכן הויף. דזשיימס האָט אַרויס־געגעבן אַ באַפעל, לויט וועלכן שעקספּיר און זיינע קאָלעגן לאָורענס פלעטשער, ריטשאַרד באַרבעדזש מיט זייער טרופּע זאָלן מעגן פריי שפּילן סיי אין „גלאָוב"־טעאַטער, סיי אין אַנדערע טעאַטערס און אין שטאָט־זאַלן זייערע „קאָמעדיעס, טראַגעדיעס, היסטאָריעס און פּאַסטאָ־ראַלן פאַר דער אַמוזירונג פון אונדזערע באַליבטע אונטערטאַנען, אַזוי גוט ווי פאַר אונדזער טרייסט און פאַרגעניגן, ווען אונדז וועט עס וואויל־געפעלן זיי צו זען".

אויך די נייע קעניגין האָט אַרויסגעוויזן איר פאַראינטערעסירט־קייט אין דער טעאַטער־קונסט און גענומען אונטער איר פּאַטראָנאַזש די טרופּע פון דעם אוירל פון וואוסטער מיט דעם אַקטיאָר־דראַמאַטיקער טאָ־מאַס העיוואוד בראש. זי האָט אויך איבערגענומען אין איר רשות די יינגלעך־טרופּע פון „בלעקפרייער"־טעאַטער, וואָס האָבן זיך איצט גע־רופן „די קינדער פון דער קעניגינס פּאַרוויילונגען", ביז זיי זיינען, ווי שוין דערמאָנט, צוליב זייער באַליידיקנדיקער אויפפירונג פּאַנאַנדערגע־געלאָזט געוואָרן אין 1605. אַ חוץ קעניגלעכן פּאַטראָנאַזש איז שעקס־פּיר צוזאַמען מיט נאָך עטלעכע פון זיין טרופּע באַשאָנקען געוואָרן מיט דעם טיטול קעניגלעכע קאָמערדינער, וועמענס אויפגאַב ס׳פלעגט זיין פון צייט־צו־צייט בייצוהעלפן ווען ס׳האָבן באַדאַרפט אויפגענומען ווערן קעניגלעכע געסט. אַזוי איז באַקאַנט, אַז ווען אין אויגוסט 1604 איז דער שפּאַנישער אַמבאַסאַדאָר כואַן פערנאַנדעז דע וועלאַזקאַ צוזאַמען מיט זיינע באַגלייטער אָנגעקומען קיין לאָנדאָן אונטערצושרייבן דעם שלום־אָפּמאַך צווישן ענגלאַנד און שפּאַניע נאָך דעם לאַנגן קאַמף צווישן די צוויי לענדער, וואָס האָט זיך געצויגן נאָך אַפילו נאָך דעם נצחון אי־בער דער שפּאַנישער אַרמאַדע (1588), איז שעקספּיר און זיינע חברים,

די קעניגלעכע קאַמערדינער, באַשטימט געוואָרן צו באַדינען די זייער גע־הויבענע געסט. די גאַנצע 18 טעג, וואָס די שפּאַנישע שליחים פון פי־ליפּ דעם 3טן האָבן זיך געפונען אין דעם קעניגלעכן סאָמערסעט־הויז, האָבן „די קעניגס־מענער" פון „גלאָוב"־טעאַטער זיי געדאַרפט אַמוזירן און אַנטיילנעמען אין אַלע צערעמאָניעס לכבוד זיי. שעקספּיר און זיינע קאָלעגן האָבן אויך אָפיציעל אַנטיילגענומען ביי דער קעניגלעכער קרוי־נונג, דעם 5טן מערץ 1604, ווען דזשיימס, צוזאַמען מיט זיין קעניגין ען פון דענמאַרק זיינען אין דער טריאומפאַלער פּראָצעסיע געפירט גע־וואָרן איבער די גאַסן פון לאָנדאָן. די פּראָצעסיע האָט אייגנטלעך נאָך געזאָלט פאָרקומען זומער 1603, אָבער צוליב דער נייער מגפה, וואָס איז דעמאָלט געהאַט אויסגעבראָכן, זיינען אַלע עפנטלעכע צוזאַמענקומען פאַרבאָטן געוואָרן, און דער קעניגלעכער פּאַראַדנער אריינפאָר אין דער הויפּט־שטאָט האָט געמוזט אָפּגעלייגט ווערן. שעקספּיר צוזאַמען מיט די איבעריקע אַקטיאָרן אין זייערע נייע ספּעציעלע צערעמאָניע־קליידער האָבן פאַרנומען זייערע בכבודיקע פּלעצער אין דעם פּאַראַד, אין וועלכן דאָס קעניגלעכע פּאָר איז געפירט געוואָרן פון „לאָנדאָן־טורעם" ביז דעם הויף אין „ווהייט־האָל".

שעקספּיר איז אַזוי אַרום נאָך מער דערנענטערט געוואָרן צום קע־ניגלעכן הויף. אָבער צי האָט דאָס געקאָנט העלפן צו דערלייכטערן זיין איצט־פאַרטונקלט געמיט? עס האָבן זיך בלויז געביטן די אויסערלעכע אומשטענדן. נאָר צי וועלן די אייביקע אינטריגעס און שטענדיקע צו־זאַמענשטויסן אויפהערן? וועלן מענטשן בייטן זייערע הערצער, וואָס זיינען מערסטנס אָנגעפילט מיט שלעכטס און זינד? זיינע פליכטן, וואָס ער האָט געמוזט דערפילן אין הויף אַלס איינער פון די וויכטיקסטע מיט־גלידער אין דער טרופּע פון די „קעניגס מענער", האָבן קיין שום וויר־קונג ניט געקאָנט האָבן אויף די שטימונגען און איבערלעבונגען, וועלכע האָבן איצט אָנגעפילט זיין געפיייניקט האַרץ. כאָטש אַ שטיקל טרייסט איז געווען, וואָס דעם 10טן אַפּריל 1603, באַלד נאָכדעם ווי דזשיימס האָט איבערגענומען דעם טראָן, האָט ער באַפרייט פון תפיסה דעם אוירל פון סאָוטעמפּטאָן, שעקספּירס פּאַטראָן און פאַרערטן פריינט. שעקס־פּיר האָט די געשעעניש אויפגענומען מיט שטילער פרייד. ער האָט ביזן סוף פון זיין קאַריערע אָנגעהאַלטן זיין פריינטשאַפט צו דעם, וואָס האָט געשפּילט אַזאַ גרויסע ראָלע אין זיין לעבן.

אַ לאַנגע צייט האָט שעקספּיר אין יענע יאָרן (פון 1602 ביז 1607) געוואוינט אין סאָוטוואָרק, אַרום דער געגנט פון „גלאָוב"־טעאַטער, וואו ס'האָבן געוואוינט מערסטע פון די אַקטיאָרן, און די וואָס האָבן געהאַט

אַ שייכות צו די בינע־קרייזן. אין 1604 געפינען מיר אים וואוינען אין הויז פון אַ געוויסן מאָונטדזשוי, אַ פראַנצויזישן הוגאָנאָט־פליכטלינג, וואָס האָט זיך פאַרנומען מיט אויסאַרבעטן דאַמען־ און טעאַטער־פּאַריקן. ס'קאָן מעגלעך זיין, אַז וואוינענדיק צוזאַמען מיט דער פראַנצויזישער פאַמיליע, האָט ער זיך אויסגעלערנט פליסיק ריידן פראַנצויזיש, וואָס ער האָט שוין אַביסל געקאָנט נאָך פון פריער, ווען ער האָט געשריבן די קאָמיש־פראַנצויזישע סצענע אין „העינרי דער 4טער". מיט זיין שטענדיקער וואַרעמער באַציאונג צו מענטשן איז קיין חידוש ניט, וואָס מיר געפינען באַשרייבונגען, אַז ער האָט גענומען אַ שטאַרקן אינטערעס אין די היימישע פּאַסירונגען פון די מאָונטדזשויס. ער העלפט צו אין דער דורכפירונג פון דעם שידוך צווישן מאָונטדזשויס טאָכטער און איר געליבטן, דעם פּאָטערס אַרויסהעלפער, סטעפען בעלאָט. אַ געוויסע צייט געפינט זיך מיט אים זיין יינגערער ברודער עדמאָנט, וואָס האָט זיך געוויס מתקנא געווען אָן דעם פּאָעטס גרויסקייט, און אויך געזוכט זיין קאַריערע אין טעאַטער. ער איז, ווי דערמאָנט, יונג געשטאָרבן, און איז באַגראָבן געוואָרן אין דער „סט. סייוויאָרס קירכע", אין דער סאָוטוואָרקגעגנט, וואָס פלעגט אַ סך באַזוכט ווערן פון אַקטיאָרן.

שעקספּיר האָט אין יענער צייט, ווי זיין גאַנץ לעבן, ביים טעאַטער, שווער געאַרבעט. אמת טאַקע, ער האָט איצט געשריבן בלויז איין פּיעסע אַ יאָר אָנשטאָט די געוויינלעכע צוויי, וואָס ער פלעגט פריער צושטעלן. אָבער ס'איז לייכט צו באַגרייפן, אַז זיין איצטיקע אַרבעט איבער די גרויסע טראַגעדיעס, אַזעלכע ווי „אָטעלאָ", „מאַקבעט" און „קעניג ליר", האָט געפאָדערט אַ סך מער אָנשטרענגונג און אינערלעכע שפּאַנונג ווי דעמאָלט ווען ער האָט געשאַפן זיינע לייכטערע קאָמעדיעס. די איצטיקע שאַפונגען האָבן געפאָדערט מער צוגרייטונג, מער פאַרטיפונג און שטאַרקערע איבערלעבונג. ער האָט איצט מער געלייענט. זיינע פאַרפליכטונגען אין טעאַטער זיינען אַלץ פאַרצווייגטער געוואָרן. אַז ער האָט אין יענער צייט זיך צוריקגעצויגן פון געזעלשאַפט קאָן מען זען פון דעם, וואָס וויליאַם ביסטאָן, וועלכער האָט מיטגעשפּילט מיט שעקספּירן אין „גלאָוב"־טעאַטער, האָט שפּעטער נאָכדערציילט דעם ביאָגראַפער און זאַמלער דזשאָן אוברעין, אַז שעקספּיר האָט ניט ליב געהאַט צו זיין געשטערט. און אויב מען האָט אים ערגעץ איינגעלאַדן, פלעגט ער לאָזן וויסן, אַז ער איז ניט ביים בעסטן געזונט. זיינע מרה־שחורהדיקע, סקעפּטישע איבערבליקן איבערן לעבן זיינען נאָך אַלץ ניט העלער געוואָרן. די פראַגן און צווייפלען, וואָס זיינען אין זיין האַרץ געבוירן געוואָרן די לעצטע יאָרן, האָבן נאָך אַלץ געזוכט אַ פאַרענטפערונג.

און ס׳איז ניט שווער זיך פאָרצושטעלן דעם גרויסן דיכטער, ווי ער שפּאַנט אַרום אין די שפּעטע נאַכט־שעהן אין דער פאַרשלאָסנקייט פון זיין איינזאַמען אַרבעט־צימער. אָדער ווי ער שפּאַצירט לאַנגזאַם אַרום אין די פאַרנאַכטיקע שעהן, נאָך די נאָכמיטיקדיקע טעאַטער־פאַרשטע־לונגען, איבער די אָפענע פלעצער, הינטער שטאָטישע פעלדער, אָדער ביי די ברעגן אַרום דער טעמזע. דערמאָנט עס אים ניט מיט בענקשאַפט אָן זיינע שפּאַצירן, אין יענער ווייטער אָבער אַזוי לאָקנדיקער פאַרגאַנ־גענער יוגנט זיינער, איבער די פעלדער פון זיין געליבטן סטראַטפאָרד, און ביי די ברעגן פון דעם איצט אַזוי טייערן עוואָן ? . . . עס גייען זי־בער פאַר אים פאַרביי די אַלע איבערגעלעבטע יאָרן זייט ער איז אַהער־געקומען, אַן אומבאַקאַנטער, גאָרניט באַדייטנדיקער פרעמדער, אָבער מיט יונגן גלויבן און גאָלדענע דערוואַרטונגען. מיט אַ האַרץ פול בענק־שאַפט און לוסט. ווי טויאיק פריש האָט אים דאָ אַלץ אויסגעזען. ווי מאַניענדיק ראָז. וויפיל צוזאָגנדיק גליק האָט געשיינט צו זיין איינגע־שלאָסן אין דער וועלט, צו וועלכער ער האָט זיך אַזוי שטאַרק געריסן — אין טעאַטער. וויפיל אינטערעסאַנטקייט אין די מענטשן, וועלכע דרייען זיך אַרום דער וועלט — אַקטיאָרן, שרייבער, פּאָעטן, קונסט־מע־צענאַטן, הויף־פּאַטראָנען. מיט וואָס פאַר אַ צויבערנדיקן שיין זיינען זיי אַלע געווען אַרומגעהילט. און וויפיל סודותדיק גליק און אינטרי־גירנדיקער כישוף האָט געשיינט צו ליגן באַהאַלטן אין די אַלע פרויען, מיט וועלכע די נייע אַריסטאָקראַטישע הויפישע סביבה איז געווען פול. ווי שאַרף געררייצט האָט אים זייער עלעגאַנץ און האַלטונג. ווי שטאַרק געצויגן צו זיך זייער פיינע גייסטרייכקייט, זייער פרייער געלעכטער און פרויענלעכער שאַרם. איצט קען ער זיי אַלע. די מענער ווי די פרויען. דאָס לעבן האָט אים צוזאַמענגעפירט מיט יעדן פון זיי. זיין דורכדרינ־גענדיקער בליק און פאַרשטענדיק האַרץ האָבן זיי אויספּרובירט פון דער נאָענט, אונטער די פאַרשיידנסטע באַדינגונגען און אומשטענדן.. איצט איז ער באַרימט און געשעצט. דער ערשטער טעאַטער־פּאָעט אין עלי־זאַבעטישן ענגלאַנד. דער וויכטיקסטער סצענישער מייסטער אין דער בריטישער מעטראָפּאָליע. אָבער פאַרוואָס איז זיין האַרץ אַזוי פינצ־טער ? האָט זיך דאָס אַלץ געלוינט ? וואָס איז גרויסקייט, און וואָס איז גליק ? האָבן זיך באַרעכטיקט זיינע חלומות וועגן דער גרויסער שטאָט ?

פון די ערשטע יאָרן אָן אין לאָנדאָן האָט דער צווייפל אין זיין האַרץ געלעבט. שוין אַפילו אין איינער פון זיינע ליכטיקע קאָמעדיעס, אין „ווי אייך געפעלט״, ווען זיין פרייד האָט נאָך געפלאַקערט ; איידער

דער שווער טרויעריגער וואָלקן האָט זיך איבער זיין לעבן אַראָפּגעלאָזט, הערט זיך שוין דאָס שטרעבן איבערצולאָזן דעם זינלאָזן רויש פון דער שטאָט מיט איר פאַלשקייט און שווינדלערישן לעבנס־אַרט. עס הערט זיך שוין דאָרט אַזוי בולט זיין טיפע בענקשאַפט נאָכן לאַנד; זיין אי־דילישע ליבע צו דער נאַטור, וואָס איז געווען כאַראַקטעריסטיש פאַר זיין גאַנץ לעבן. איז ניט אפשר דאָ אַ סך מער צופרידנקייט און האַרץ־רו דאָרט אין יענעם פרידלעכן, אַזוי קליינטשיקן היים־שטעטל, מיט די אַרומיקע שמעקנדיקע פעלדער, שאָטנדיקע וועלדער און פריילעך לויפנ־דיקן טייך? איז ניט דאָ אַ סך מער האַרציקער אינטערעס אין יענע פשוטע, נאַאיווע אָבער אַזוי אוממיטלבאַרע שטעטל־מענטשן מיט זייע־רע קליינע עסקים און נאָך קלענערע פאַרלאַנגען? האָט ער דאָך אַזוינע ליבע, פריש־שמעקנדיקע יונגע יאָרן צווישן זיי פאַרבראַכט. יאָרן פול מיט לוסטיקע שטיפערייען און אומשולדיקע הוליאַנקעס.

אומשולדיקע? . . .

זיין באַשווערט האַרץ ווערט נאָך שווערער. אָ, ווען מען זאָל נאָר קאָנען איבערהיפּן און נישט האָבן דורכגעלעבט געוויסע זאַכן, געוויסע פאַרפאַלן פון יענע יונגע טעג. אין די פיינלעך באַנגע לעבנס־שעהן ווייזט זיך אים אויס, אַז אַ סך פון זיינע איצטיקע שווערע איבערלעבענישן האָט ער צו פאַרדאַנקען די טעותן, וואָס ער האָט אין יענע פריע יאָרן גע־מאַכט . . . האָט ער חרטה? יאָ. נישט איינמאָל גראָבט זי טיף אין זיין נשמה, די ביטערע געוויסנביסע. פונקט ווי ער האָט פריער אויסגע־נוצט צו שילדערן זיין חרטה פאַר געפינען זיך אין שלעכטער געזעל־שאַפט פון נישט־פאַסיקע חברים אין זיין „הענרי דער 5טער", ווען דער געליבטער פאַלקס־העלד זוכט מיט גרויסע אויפטוען אויסצוקויפן זיין חברן זיך אין דער יוגנט מיט גנבים, בייטל־שניידער און ביר־טרינקער; פונקט ווי ער לאָזט זיין „ריטשאַרד דער 2טער" אָפּקומען און מאַטערן זיך פאַר זיינע יוגנט־זינד, וועלכע ער איז באַגאַנגען צוליב זיין שלעכ־טער דערציאונג און ניט־פּאַסיקער געזעלשאַפט, אַזוי מוז שעקספּיר באַ־פרייען זיין האַרץ פון אַנדערע עוולות, וואָס ער איז באַגאַנגען, דורך דעם וואָס ער לאָזט געוויסע פּערזאָנען אין זיינע פּיעסן אַרויסווייזן זייער חרטה פאַר די פעלערן, וואָס זיינען מכלומרשט זייערע. ער לאָזט שפּע־טער דעם שעפער אין „ווינטער־מעשהלע" זאָגן: „הלוואי וואָלט ניט עקזיסטירט די עלטער צווישן צען און דריי און צוואַנציק, אָדער די יוגנט זאָל זי פאַרשלאָפן. ווייל ס'איז קיין זאַך ניטאָ אין דער צווישנצייט אַ חוץ טראָגנדיק מאַכן מיידן, ברענגען שלעכטס אויף עלטערן, גנבענען און שלאָגן זיך". ער האָט חרטה אויף זיין נאָכגעבן זיינע תאוות און

פאַרבינדן זיין לעבן מיט אַ פרוי, וואָס איז עלטער פון אים. אין דער „צוועלפטער נאַכט" עצהט דער דיוק אָרסינאָ דער איבערגעטוענער וויאָ־לאַן:

„די פרוי דאַרף שטענדיק נעמען
אַן עלטערן פון זיך. אַזוי האָט ער זי גערן,
אַזוי אַ וויגט זי זיך אין האַרץ פון איר מאַן.
ווייל, יינגל, ווי מיר לויבן זיך אַליין,
איז אונדזער פאַרשטעלונג צעשוואומען און אומזיכער,
מער בענקשאַפטלעך און וואַקלדיק, ווערט גיכער
מיד און פאַרמאַטערט, ווי דער פרויס פאַנטאַזיע.
וויאָלאַ: איך מיין אַזוי, מיין האַר.
דיוק: דאַן לאָז דיין ליבע יונגער זיין ווי דו,
ווייל אַנדערש קאָן דיין ליבע דאָס ניט אויסהאַלטן:
ווי רויזן זיינען פרויען, ווי פרישע נעלקען,
באַוויזן נאָר, צעפאַלן זיי און וועלקן".

פונקט ווי ער וועט שפּעטער, אין זיין שוואַנען־געזאַנג, אין „שטור־רעם", אָפן פאַרדאַמען דאָס באַזיצן די פרוי איידער מען איז מיט איר פאַרבונדן דורכן געזעץ. פּראָספּעראָס עצה צו די פאַרליבטע, פערדינאַנד און מיראַנדאַן איז, אַז באַציאונגען פאַר דער חתונה:

„אויב דו צערייסט איר קנופּ פון אומשולד איידער
די אַלע צערעמאָניעס הייליקע
באַדינען דיך אין פולסטער הייליקייט,
וועט קיין באַגיטיקונג פון הימל דיר ניט פאַלן,
דיין אייניקייט זאָל וואַקסן: בלויזער האָס,
פאַראַכטונג זויער־אויגיקע, און קריג
בלויז, וועלן אויף דיין חופּה־בעט זיך שפּרייטן,
ווי אַ פאַרהאַסטע קראָפּיווע, וואָס איר
וועט ביידע פיינט האָבן: דערפאַר גיב אַכט,
דאָס ליכט פון חתונה זאָל דיך באַלייכטן".

נישט אויס היפּאָקריטישער ענגהאַרציקייט זאָגט שעקספּיר דאָס אַלץ. ער האָט עס אַליין דורכגעליטן און טייער דערפאַר באַצאָלט.

אָבער — צי איז ניט פאַר יעדן פרייז צייט זיך אומצוקערן אַהיים?

ס'איז זיכער, אַז ער האָט גאַנץ באַוואוסטזיניק און סיסטעמאַטיש זיך געגרייט אויסצופירן דעם פאַרלאַנג, וואָס האָט אַזאַ צייט געטליעט

אין זיין האַרץ. ווייל מיר זעען, ווי אַלע זיינע גרויסע טעאַטער־הכנסות, זוכט ער צו פאַרווענדן כדי ער זאָל זיך וואָס מער באַפעסטיקן אין זיין באַליבטער היים־שטאָט. צווישן 1599 און 1611 האָט ער, וואוינענדיק כסדר אין לאָנדאָן, זיך איינגעשאַפט גרויסע לאַנד־נחלאות. נאָכן „ניי־אָרט" האָט ער, דעם 1טן מאַי 1602, אָפּגעקויפט פאַר 320 פונט 107 אַקער תבואה־ערד לעבן שטאָט. דעם 28טן סעפּטעמבער פון זעלבן יאָר האָט ער אָפּגעקויפט פון איינעם אַ וואַלטער געטלעי נאָך אַ הויז מיט אַ שטיקל לאַנד, וואָס האָט זיך געפונען לעבן זיין „ניי־אָרט". שפּעטער האָט ער נאָך צוגעקויפט 20 אַקער לאַנד לעבן די 107, וואָס ער האָט גע־האַט געקויפט פון דזשאָן קאָמב. דעם 24טן יולי 1605 קויפט ער פון ראלף הובארדן פאַר 440 פונט אַ טייל פון די „מעשר־פעלדער" פון סטראַטפאָרד, אויף וועלכע ס׳האָבן זיך געפונען הייזער און שטיבלעך, וואָס זיינען געווען אַ טייל פון די קאָנפיסקירטע קירכלעכע גיטער פון דער הויכשולע. ער קומט אַזוי אַרום אין באַריר מיט די היימישע רייכע לאַנד־אייגנטימער, און הייבט זיך אָן איינצוקויפן אין דעם יחוס, נאָך וועלכן ער האָט אַזוי געגאַרט בשעת זיין פאַרלאָזן סטראַטפאָרד, אַן אָרע־מער, שלעכט־פאַרשמטער קצב־יונג און וואָל־אַרבעטער.

ווען מיר קומען באַטראַכטן שעקספּירס געלטלעכע ענינים קאָן גאַנץ לייכט אויסגערעכנט ווערן, אַז ער האָט — לויט דעם ווערט פון געלט אין יענער צייט — געהאַט גאַנץ גרויסע הכנסות. און ווען מען האָט אינזינען, אַז ביי זיין גאַנצער געניאַליטעט און פלאַטערדיק אומרואיק האַרץ איז שעקספּיר פאָרט תמיד געווען באַהערשט פון אַ שטאַרקן שכל־הישר און פעסטן ווילן צו פירן אַ נאָרמאַל און באַלאַנסירט לעבן, איז גאָר קיין חידוש ניט, וואָס ער האָט געקאָנט אין אַזאַ פאַרהעלטנישמעסיק קורצער צייט אי העלפן זיין פאָטער זיך צוריקשטעלן אויף די פיס, אי אַליין זיך באַזאָרגן, אַז שפּעטער, ווען ער וועט זיך צוריקציען פון טעאַ־טער, זאָל ער קאָנען די לעצטע יאָרן פון זיין לעבן — לויט ווי דזשאָן וואָרד, דער וויקאַר פון סטראַטפאָרד אין 17טן י.ה. האָט שפּעטער דער־ציילט — לעבן בהרחבה און אויסגעבן ביז טויזנט פונט אַ יאָר. שעקס־פּיר איז זינט דעם אָנהייב פון זיין קאַריערע געווען, אויב ניט קיין ערשט־קלאַסיקער אַקטיאָר, אַן ערשט־ראַנגיקער דערפאָלגרייכער שריי־בער. טאַנטיעמע פאַר אַ פּיעסע פלעגט מען דעמאָלט צאָלן פון 6 ביז 11 ענגלישע פונט. אויב דאָס שטיק איז געווען שטאַרק דערפאָלגרייך פלעגט מען צאָלן עטלעכע שילינג איבער דער סומע. אַ חוץ דעם פלעגט נאָך

זיין דער מנהג, אַז אַ דערפאָלגרייכער פּראָפעסער האָט פון דער טרופּע געקראָגן די איינגאַמע פון דער צווייטער אָדער דריטער פאָרשטעלונג אַלס בענעפיט. דאָס פלעגט זיך רופן „דעם פּאָעטס טאָג". פאַר אי־בערמאַכן אַ שטיק פלעגט דער פּרייז זיין 4 פונט. פאַרן שפּילן אַלס אַקטיאָר פלעגט שעקספּיר פאַרדינען ניט ווייניקער ווי הונדערט פונט אַ יאָר. דאָס שפּילן אין די הויף־פאָרשטעלונגען און דאָס דערשיינען אַלס קעניגלעכער קאָמערדינער האָבן אויך אַריינגעבראַכט פיינע הכנסות. און נאָך גרעסערע הכנסות פלעגן אַריינברענגען זיינע אַקציעס, וואָס ער האָט געהאַט אַלס שותף צו דעם „גלאָוב" און שפּעטער צו דעם „בלעקפריי־ער"־טעאַטערס, וועלכע האָבן תמיד געמאַכט גוטע געשעפטן. אַזוי, אַרום און אַרום, האָט ער אין די שפּעטערדיקע יאָרן, ווען זיין נאָמען איז שוין גע־ווען באַרימט, פאַרדינט ניט ווייניקער פון 700 פונט אַ יאָר. צו דעם דאַרף מען נאָך צורעכענען די הכנסות און מתנות, וואָס ער האָט געקראָגן פון זיין פּאַטראָן, דעם אירל פון סאַוטעמפּטאָן. אין איין פאַל איז באַ־קאַנט, אַז ער האָט פון סאַוטעמפּטאָנען געקראָגן אַ מתנה פון טויזנט פונט „כדי צו העלפן אים קויפן עפּעס וואָס ער האָט אינזינען געהאַט". שעק־ספּיר האָט אויך אַכטונג געגעבן, אַז די געקויפטע פעלדער און הייזער זאָלן זיך באַצאָלן און נאָך ברענגען דעם נויטיקן יערלעכן רווח. פון דער זייט זיינען זיינע געשעפטן געווען גאַנץ גוט באַזאָרגט.

ווייל דאָס איז געווען איינע פון די פּאַראַדאָקסאַלע דערשיינונגען אין זיין נאַטור, וואָס דער גרויסער דיכטער, וועלכער האָט געלעבט מיט אַזאַ אינטענסיוו נשמהדיק לעבן; דער צאַרטער, פיינפילנדיקער פּאָעט, וואָס איז געווען אַזוי מעדעטירנדיק און צעגערנדיק ווען ס'האָט זיך געהאַנדלט אין פראַגן פון גייסט און נשמה, ער איז געווען אַזוי שכל־הישרדיק ניכטער און פעסט אַנטשלאָסן, ווען עס האָט זיך געהאַנדלט אין פּריוואַטע טאָג־טעגלעכע געלט־ענינים.

און נישט נאָר איז שעקספּיר געווען באַוואָרנט אין דעם אופן ווי אַזוי ער האָט פאַרווענדט זיין געלט כדי ס'זאָל אַריינברענגען גרעסערע רווחים. ער איז ניט ווייניקער געווען אָפּגעהיט צו זען, אַז דער קרן זאָל פון אים ניט אַוועקגענומען ווערן אויף אַ נישט־ערלעכן וועג. אָדער — אויב ער האָט אימיצן עפּעס געבאָרגט — עס זאָל אים פּינקטלעך געצאָלט ווערן צו דער צייט. צוליב דעם איז אים ניט איינמאָל אויסגע־קומען זיך צו משפטן מיט זיינע נאָענטסטע לאַנדסלייט. אָבער ס'ווייזט אויס, אַז שעקספּירן איז דאָס משפטן זיך ניט געווען דערווידער. פאַר־קערט — לויט ווי ער איז געווען אָפּגעהיט אין דעם, איז דאָ אַ גרונט צו טראַכטן, אַז ער האָט געשעפּט דערפון אַ געוויסע הנאה. אַזוי ווי ער

האָט ליב געהאַט סדר און אָרדענונג אין זיין גאַנצן לעבן און שאַפן, אַזוי האָט ער מיט אַלע מיטלען געזוכט אָט־די אָרדענונג דורכצופירן אויך אין געלטלעכע ענינים. ער האָט זיך ניט אָפּגעזאָגט צו באָרגן געלט אַ באַדערפטיקן שטעטלישן שכן. ער האָט אָבער דורכאויס געפאָדערט יענער זאָל זיין פּינקטלעך אין זיינע צאָלונגען. הפּנים אַז ער האָט די טבע פון גערן זיך משפּטן איבערגענומען פון דעם פאָטער זיינעם. דזשאָן שעקספּיר האָט זיך אויך זיין גאַנץ לעבן גערן געמשפּט אין געריכט. אַזוי גיך ווי ער האָט, מיטן זונס הילף, ווידער זיך געשטעלט אויף די פיס נאָך זיין לאַנגיאָריקער ירידה, האָט ער אָנגעהויבן צוריק צו מאָנען די אַלע שטיקער לאַנד, וואָס זיין ווייב האָט אים אַמאָל מיטגעבראַכט אַלס נדן, און וועלכע ער האָט געמוזט פאַרמשכונען, ווען ס׳האָט אים גענומען גיין שלעכט. נאָוועמבער 1597, זעקס חדשים נאָכדעם ווי זיין זון האָט אָפּ־געקויפט דאָס „ניי־אָרט״, פאַרפירט דער אַלטער דזשאָן שעקספּיר אַ פּראָצעס קעגן דזשאָן לאַמבערט, דעם ווייבס אַ קרוב, צוריק אָפּצונעמען ביי אים איר גוט אין ווילמקאָט, וואָס ער האָט ביי יענעם פאַרמשכונט. פּונקט אַזוי געפינען מיר, אַז אין מערץ 1600 קלאָגט וויליאַם שעקס־פּיר איינעם אַ דזשאָן קלייטן, אַ קליינעם לאַנד־באַזיצער פון בעדפאָרד־שיר, פאַר אַ חוב פון 7 פונט. אין 1604 קלאָגט ער פאַר אַ חוב פיליפּ ראָדזשערס, דעם אַפּטייקער פון סטראַטפאָרד. אין פעברואַר 1609 קלאָגט ער דזשאָן אַדענבראָק פון סטראַטפאָרד פאַר אַ חוב פון 6 פונט, אַחוץ ער געווינט נאָך דערצו אַ פונט און זעקס־פּעניס קאָסטן. און ווען דער פאַרשפּילער פאַרלאָזט די שטאָט ניט האָבנדיק נאָך באַצאָלט דאָס געלט, קלאָגט שעקספּיר פאַרן זעלבן חוב טאָמאַס האָרנביינען, דעם שטאָט־שמיד, וועלכער איז געוועזן דער ערב פאַר דעם אַנטלאָפענעם.

און אַזוי דערנענטערט זיך דער טאָג ווען וויליאַם שעקספּיר מאַכט דעם גרויסן אַנטשיידנדיקן טריט. ווען ער רייסט ענדלעך איבער זיין לעבן אין דער גרויסער שטאָט, וואָס האָט אים געגעבן רום, רייכקייט און כבוד, און ציט זיך ענדלעך אין 1611 צוריק אין זיין אַלט־געליבטן סטראַטפאָרד. מיר האָבן געזען, אַז אָט־דער פאַרלאַנג האָט שוין לאַנג זיך געצייטיקט אין זיין האַרץ, און האָט אָנגענומען פאַרשיידענע פאָרמען אין זיינע אָפטע רייזעס אהיים צו זען זיין פאַמיליע און איינצואָרדענען זיינע פאַרשיידענע געשעפטן דאָרט. איצט אָבער נעמט ער אָן אַ גאַנץ בולטן און אומצווייפלהאַפטן אויסדרוק — ער פאַרענדיקט זיין טעטיקייט אין טעאַטער און קערט זיך אינגאַנצן אום אַהיים, וואו מענטשן קאָנען

לעבן אין שטילקייט און אין צופרידנקייט, אין קרייז פון דער אייגענער פאַמיליע, אָדער נאָענטע קליינשטעטלדיקע שכנים.

ס׳איז ניט באַוואוסט וועלכע געשעעניש האָט שעקספּירן געגעבן דעם לעצטן שטויס צו מאַכן דעם אַנטשיידנדיקן טריט, צי וועלכע ס׳איז קראַנקהייט, אָדער ענדלעכער נערוועזער צוזאַמענברוך נאָך די אַלע שווערע איבערלעבונגען פון די לעצטע יאָרן אין לאָנדאָן. מעגלעך, אַז ער האָט סוף־כל־סוף זיך באַפרייט פון זיין טונקעלער דאַמע, נאָכדעם ווי ער איז מער ניט אימשטאַנד געווען איבערצוטראָגן די אייביקע שפּיל פון צעקריגן און איבערבעטן זיך, פון פאַרראַטן און מוחל זיין. אָט־די שפּיל, וואָס האָט אים פאַרשאַפט אַזאַ טיף־גיהנומדיקע פּיין, און אין דער זעלבער צייט אַזוי פיל הויך־הימלישע פרייד. די שפּיל וואָס האָט אים געטריבן דורך אַלע דערפאַרונגען פון מענטשלעכע ליידן און האַ־פּענונגען. אָבער דאָס איז זיכער — אַ גרויסע ענדערונג איז אַריינגע־טרעטן אין זיין געמיט. אַ געוואַלדיקע איבערקערעניש איז פאָרגעקומען אין זיין האַרץ. ס׳איז ווי דער שטאַרקער ווילן צום לעבן וואָלט געוואר־נען די אויבערהאַנט. ווי דער גרויסער גייסטיקער פאַרלאַנג ניט אונ־טערצוגיין וואָלט ענדלעך מנצח געווען. ער הייבט אָן ווי געזונט צו ווערן נאָך אַ לאַנגער, אויסמאַטערנדיקער קראַנקהייט. דער חושכדיקער נעפּל, וואָס האָט געהאַלטן איינגעהילט זיין נשמה הייבט אָן זיך אויס־צעלייטערן.

יאָ. די לעצטע יאָרן זיינען געווען טראַגישע. זיין נשמה איז גע־פּייניקט געוואָרן, זיין גוף איז אָפּגעשוואַכט געוואָרן. דאָס לאָנדאָנער לעבן האָט אים אויסגעזויגן אי פיזיש, אי גייסטיק. ער האָט פאַרצערט זיין געניאַלן טאַלאַנט כדי צו פאַרקערפּערן זיינע אַלע ליידן און די טי־פע פּראָבלעמען, וואָס האָבן געעגבערט אין זיין מוח, דורך די גרויסע ווערק, וואָס ער האָט אין די יאָרן געשאַפן. ער איז געווען מיד און אויס־געשעפּט. אָבער פּונקט דעמאָלט האָבן זיך גענומען צעשפּילן אין אים די שענסטע באַהאַלטענע כוחות, וואָס ער האָט רעזערווירט אין זיין, אין תוך, געזונטער נאַטור. עס צעהעלן זיך די אַלע מאָראַלע אייגנשאַפטן, וואָס זיינען געווען אַזאַ טיפער טייל פון זיין, בעצם, גאַנצער נשמה. עס שטאַרקט זיך אין אים דאָס באַוואוסטזיין, וואָס איז אין אים קיינמאָל לחלוטין ניט אויסגעלאָשן געוואָרן, אַז ניט אַלץ איז דורכאויס שלעכט אין מענטשן. דאָס באַוואוסטזיין וועגן דעם העכערן זין פון לעבן. און אַ גרויסע רו קומט אויף אים. אַזאַ פיינער, אַלץ פאַרשטייענדיקער שמייכל הייבט זיך אָן צו צעלייגן איבער זיין אויסגעמאַטערט פּנים, וואָס איז לעצטנס געווען אַזוי אָנגעכמורעט פון די טראַגישע איבערלעבונ־

גען. ער הייבט אָן דערזען דאָס לעבן אין אַ נייער, העלערער ליכט. אַזאַ שטילע דערלייכטערנדיקע גליקזעליקייט גייט אויף אין זיין נשמה. צו וואָס נעמען אַלץ אַזוי שווער און טראַגיש? צו וואָס לאָזן דאָס האַרץ זיך נאָכגעבן אין דער אייגענער צעריסנקייט? איז דען דאָס לעבן, סוף־כל־סוף, ניט צוציענדיק שיין? איז דען ניטאָ אַזוי פיל פאַר־וואָס דאַנקבאַר צו זיין? ער הייבט אָן צו קוקן מיט רחמנות און פאַר־געבונג אויף מענטשן. ער האָט רחמנות אויף זייערע שוואַכקייטן און חסרונות, פאַר וועלכע זיי ליידן אַליין און מאַכן אַנדערע ליידן אַזוי שווער. און ער האָט דעם פאַרלאַנג דורך גרויסער גוטסקייט זיי מוחל זיין די אַלע שווערע פּיינען, וואָס זיי פאַרשאַפן די אָרומיקע. זיין איי־גענע נשמה איז צו ריין זי זאָל ווערן פאַרביטערט און פאַרסמט אויף שטענדיק. ער וויל זיך בלויז דערווייטערן פון אַלעם, וואָס ער האָט גע־ליטן. ער וויל בלויז זיין רואיק און צוריקגעצויגן, ווייט פון דעם אָרט פון זיינע שווערע דערפאַרונגען. אַוועק פון לאָנדאָן.

העלפט פון זיין לעבן האָט ער דער שטאָט אַוועקגעגעבן. ביי דריי־סיק מייסטערווערק האָט ער דאָרט ביז דאַן געשאַפן. זיין אומשטערב־לעכקייט איז דורך זיי פאַרזיכערט אויף אַלע צוקונפטיקע דורות. כאָטש ער אַליין ווייסט ניט דערפון. ער גיט זיך אַפילו ניט אָפּ אַכטונג צו געבן זיי זאָלן צו דער מענטשהייט אָנקומען אין דער געהעריקער פאָרם ווי ער האָט זיי געשריבן. זיינע סאָנעטן, איז ער זיכער, וועלן איבערבלייבן „אַזוי לאַנג ווי מענטשן וועלן אָטעמען קאָנען, אָדער אויגן זען", אָבער בנוגע זיינע דראַמאַטישע ווערק האַלט ער זיך פאַר אַ שרייבער פאַרן טעאַטער, פאַר דער בינע, וואָס האָט צו טאָן בלויז מיטן היינט, נאָר מיטן איצטיקן מאָמענט. ער ווייסט ניט, אַז אַ דאַנק זיין געניאַליטעט אַלס דראַמאַטיקער וועלן די מענטשלעכע פּראָבלעמען, וואָס ער באַרירט, און די מענטשלעכע כאַראַקטערס, וואָס ער האָט אַרויסגעפירט, ווערן די פּראָבלעמען פון דער גרויסער מענטשהייט, און די פאַרקערפּערונגען פון די, וואָס לעבן, דענקען, ליידן און האָפן. ער האָט קיין אַנונג ניט, אַז אין הונדערטער יאָרן שפּעטער וועלן דווקא זיינע בינע־פיגורן, זיין האַמ־לעט, ליר, אָטעלאָ און מאַקבעט, עקזיסטירן אין מענטשלעכן באַוואוסט־זיין, נישט ווי העלדן פון דראַמען, וואָס זיינען געבוירן געוואָרן בלויז אין אַ דיכטערישער פאַנטאַזיע. זיי וועלן פאַרנעמען אַן אָרט אין דער קינסטלערישער קולטור וויווירקלעכע מענטשן פון בלוט און פלייש, וואָס האָבן געלעבט און געליטן, און זיינען געווען אַזוי אמתדיק און רע־אַל, ווי די אַלע באַרימטע העלדן פון דער וועלט־געשיכטע. אָבער איי־דער ער ציט זיך צוריק וויל ער זיך נאָך געזעגענען. ער דאַרף נאָך שריי־

בען זיין שוואַנען־ליד. ער וויל ניט אָוועקגיין ווען עס קלינגען נאָך די שטרענגע, טרויעריקע אַקאָרדן פון זיין „טימאָן פון אַטען״. פון זיין „קאָריאָלאַנוס״. ער וויל ניט זיין פאַרביטערט. און ער שרייבט די לעצטע דריי פּיעסן זיינע. „צימבעלין״, דאָס „ווינטער־מעשהלע״ און דעם „שטורעם״. די וואָס שטעלן צונויף דעם לעצטן פּעריאָד אין שעקספּירס שאַפן — דעם פּעריאָד פון די ראָמאַנסן.

ס׳איז אָנגענומען איינצוטיילן שעקספּירס שאַפן אין פיר פּעריאָדן. דער ערשטער — די אַזוי־גערופענע לערן־צייט — ביז אַרום 1594 — ווען ער פילט זיך נאָך ניט רייף גענוג. ווען ער גיט זיך נאָך אָפּ מיט אימיטירן זיינע מער־דערפאַרענע קאָלעגן, און אין דער זעלבער צייט מאַכן פאַרשיידענע אייגענע עקספּערימענטן, וואָס פאַרמאָגן אַזוי פיל אייגנאַרטיקן חן. דער פּעריאָד ווען ער האָט געשריבן די אומגעצוימטע קאָמעדיעס און ערשטע היסטאָריעס. דער צווייטער פּעריאָד — ביז אַרום 1600 — ווען ער האָט מיט אַזוי פיל מייסטערשאַפט און פרייד־פולן ענטוזיאַזם געשריבן די גליקזעליקע, זוניקע קאָמעדיעס, און די פאַרבנרייכע, רייפע קראָניקל־שפּילן. דער דריטער פּעריאָד — ביז אַרום 1609 — ווען ער האָט זיך אָנגעהויבן צו פאַרנעמען מיט די טראַגישע רעטענישן פון דער מענטשלעכער נשמה, און פון זיין האַרץ האָבן זיך אַרויסגעריסן די פיינלעכע גרויסע טראַגעדיעס און שמערצלעכע קאָמע־דיעס. און דער פערטער, לעצטער פּעריאָד — ביז אַרום 1612 — ווען ער שאַפט זיינע טראַגי־קאָמעדיעס און די צאַרט־פּאָעטישע, לויטערע ראָמאַנסן.

ס׳איז ניט לחלוטין זיכער, גאַנץ מעגלעך, אַז שעקספּיר האָט די טרילאָגיע זיינע — אַזוי איז געוויינלעך אָנגענומען צו פאַררעכענען די לעצטע דריי, כאָטש גאַנץ אומאָפּהענגיקע פּיעסן — „צימבעלין״, „ווינ־טער־מעשהלע״ און „שטורעם״ — אָנגעשריבן ערב זיין צוריקציען זיך אינגאַנצן פון לאָנדאָן. מער וואַרשיינלעך איז, אַז ער האָט זיי געשריבן שוין זייענדיק אין סטראַטפאָרד, וואוהין ער איז ענדלעך געקומען זיך אויסצורוען פון זיין אָנגעשטרענגט לעבן. אָבער דאָס איז באַשטימט, אַז זיי זיינען געווען זיינע לעצטע געזעגענונגס־פּיעסן, מיט וועלכע ער האָט געוואָלט נעמען אָפּשייד פון זיין לעבנס־באַרוף, פון טעאַטער. און כאָטש „צימבעלין״ האָט נאָך אין זיך אַ געמיש פון דעם טראַגי־קאָמישן, וואָס דערמאָנט נאָך אַזוי פיל אין די שווערע פּיעסן פון די נאַר־וואָס געענדיקטע טראַגישע יאָרן, באַלאַנגט זי אָבער פאַרט, צוליב איר פּאָעטי־שער ראָמאַנטישקייט, און דעם טאָן פון פאַרגעבונג, וואָס אירע העלדן שטרייכן אַזוי אונטער, צו דער ריי פון ראָמאַנסן, וועלכע באַצייכענען

דעם סוף פון שעקספּירס שאַפן. ס׳איז דאָ אַזוי פיל שיינקייט אין דעם ווי די אומשולדיק־ליידנדיקע אימאָגען איז מוחל איר פאַרפירטן מאַן פּאָסטאַמוס, און דער לעצטער פון זיין זייט, איז מוחל דעם שוואַרץ־האַרציקן דזשאַקימאָן פאַר זיינע ביטערע אינטריגעס, וואָס האָבן אַלע־מען געבערענגט אַזוי פיל שווערע איבערלעבונגען:

„קני ניט פאַר מיר;
די מאַכט וואָס איך האָב איבער דיר, איז דיך צו שוינען;
דיין בייזוויליקייט דיר מוחל צו זיין; לעב
און האַנדל מיט די אַנדערע בעסער”.

אויך הערמיאָן (אין „ווינטער־מעשהלע”) איז מוחל איר מאַן לעאָנ־טעס פאַר זיין אומזיסטן חשד אויף איר, און פאַר זיין אַוועקרויבן דאָס קינד פון איר. און אין „שטורעם” איז דער באַוווּלהטער פּראָספּעראָ סוף־כל־סוף מוחל זיין שלעכטן ברודער אַנטאָניאָן, וואָס האָט זיך קעגן אים פאַרשוואוירן און פון זיין לאַנד אים פאַרטריבן.

אייגנטלעך האָט שעקספּיר אין „צימבעלין”, ווי אין „ווינטער־מעשהלע”, ווידער ניט געשאַפן קיין נייעם, נאָר ווי תמיד, זיך גענומען פאַרפולקאָמען דעם זשאַנר, וואָס האָט זיך שוין פריער געהאַט געוויזן אויף דער עליזאַבעטישער בינע אין אַ שוואַכער פאָרם. דעם זשאַנר פון טראַגי־קאָמעדיע, אָדער ראָמאַנס־קאָמעדיע, וואָס האָט זיך צו יענער צייט אבער שוין אנגעהויבן אײנצופעסטיקן דורך די צוויי שותּפים־שרייבער פרענציס באָומאָנט און דזשאָן פלעטשער. די צוויי יונגע געבילדעטע פּיעסן־שרייבערס האָבן זינט 1607 אין משך פון עטלעכע יאָר געשריבן צוזאַמען פאַרן „גלאָוב”־טעאַטער, וואו שעקספּיר איז געווען דער הויפּט־דראַמאַטיקער. זייערע טראַגי־קאָמעדיעס „די געטרייע שע־פערין”, „פילאַסטער” און „יאָ אַ קעניג, נישט אַ קעניג” זיינען דע־מאָלט געווען אַ גרויסער דערפאָלג. און אָט לויט דער פּאַרטיקער פאָרם האָט עס שעקספּיר, אין דער גאַנצער רייפקייט פון זיין זשעני, געשאַפן זיינע „צימבעלין” און „ווינטער־מעשהלע”, וואָס ווערן גערעכנט פאַר די בעסטע מוסטערן פון טראַגי־קאָמעדיע אין דער ענגלישער ליטעראַ־טור. און ס׳איז אויך כדאַי צו באַמערקן דעם כאַראַקטעריסטישן שטריך, אַז צום סוף פון זיין טעטיקייט האָט שעקספּיר אָפּגעצאָלט ראָבערט גרין, דעם וואָס האָט אים אַטאַקירט אין אָנהייב פון זיין טעאַטער־קאַ־ריערע, דערמיט וואָס ער האָט פאַר דעם „ווינטער־מעשהלע” זיך באַ־נוצט מיט אַ סוזשעט פון גרינס ערשטע ווערק, מיט דעם פּראָזע־ראָ־מאַנס „פּאַנדאָסטאָ”, וואָס איז געהאַט דערשינען מיט 22 יאָר צוריק.

די עפּאָגייע פון זיין שיינקייט דערגרייכט אָבער שעקספּיר אין דער, וואָס מען האַלט בכלל פאַר זיין לעצטער, אַליין־געשריבענער פּיע־סע — אין „שטורעם". דאָ דערהייבט זיך דער פיל־געפּרוואווטער קינסטלער צו אַזאַ הויכקייט, וואָס פאַרדינט מיט רעכט צו זיין דער קרוינענדיקער טורעם־שפּיץ פון דער קאָלאָסאַלער געביידע, וועלכע רופט זיך שעקספּירס שאַפן. אין „שטורעם" דערהערט זיך ווידער די האַרץ־פאַרכאַפּנדיקע פּאָעטישקייט פון שעקספּירן, דעם „זיסן זינגער" פון די ערשטע יאָרן אין לאָנדאָן. שעקספּיר האָט אנגעהויבן ווי אַ פּאָעט. אין זיינע ערשטע פּיעסן איז די דראַמאַטישע געשפּאַנטקייט גאַנץ אָפט אונ־טערגעוואָרפן דעם דיכטערישן שוואונג. ער האָט זיך פאַרשיכורט מיט ווערטער, קלאַנגען און מעטאַפאָרן, וואָס האָבן אפשר צו דעם עצם דראַמאַטישן אינהאַלט קיין שייכות ניט געהאַט. ביסלעכווייז, צוזאַמען מיט זיין רייף־ווערנדיקער מייסטערשאַפט, האָט דאָס דראַמאַטישע און טעאַטראַלישע געקראָגן די אויבערהאַנט אין זיינע טראַגעדיעס. איצט אָבער, ביים סוף פון זיין שאַפן, ווערט זיין מוזע צוריק זינגענדיק. זי קריגט צוריק איר לופטיקע שוועבנדיקייט און פּאָעטישע געפליגלדיקייט. אָבער אין דער זעלבער צייט שלאָגט שעקספּיר אין „שטורעם" אָן אַזאַ צאַרטן טאָן פון דערהויבענער פּאָעטישקייט, וואָס גיט דעם שטיק צו אַ באַזונדערע, אייגנאַרטיקע באַדייטונג. גלייך ווי ער וואָלט אָפּן גע־נומען אָפּשייד פון זיין ביז־איצטיקער סביבה, אונטערגעפירט אַ גע־וויסן סך־הכל, און זיך געזעגנט מיט זיין שאַפן. ס'איז דאָ אַ סך אויי־טאָביאָגראַפישעס אין דעם פיל־געליטענעם פּראָספּעראָ, דעם קרבן פון מענטשלעכער אומדאַנקבאַרקייט, וואָס — ווען ער פאַלט אונטער די קלעפּ פון אַרומיקן לעבן, געפינט ער אַ רעטונג און באַהעלטעניש אין זיין איינזאַמקייט ; דערהייבט ער זיך ווידער צוריק מיט דער הילף פון זיין גרויסער צויבער־קונסט, דורך וועלכער ער שאַפט וואונדער. שעקספּיר איז אַליין אָט־דער גרויסער מכשף. דער מייסטער, וואָס קאָן גאַנצע וועלטן אויסצויבערן מיט דער הילף פון זיין אימאַזשינאַציע. ער קאָן אָפּענטפערן אויף אַלע באַליידיקונגען און עוולות מיט דעם צויבער פון זיין קונסט.

דער דוכוס פון מילאַן, פּראָספּעראָ, גיט צייטווייליק איבער די רע־גירונג זיין ברודער אַנטאָניאָן, כדי ער אַליין זאָל זיך קאָנען פאַרנעמען מיט זיינע ביכער און שטודיום. יענער מאַכט קעגן אים אַ פאַרשווע־רונג צוזאַמען מיט אַלאָנזאָן, דעם קעניג פון נעאפּאָל. די איינזאַמע שיף, אויף וועלכער מען האָט דעם פאַרטריבענעם פּראָספּעראָן מיט זיין דריי־יאָריקער טאָכטער, מיראַנדאַ, אַרויסגעשיקט אויפן ים, ווערט פאַר־

טראָגן צו אַן אומבאַקאַנטן, ניט־באַוואוינטן אינדזל, אויף וועלכן עס געפינט זיך נאָר דער איינאיינציקער קאַליבאַן, אַ מין פּרימיטיווער, האַלב־ווילדער ערד־מענטש. אַלץ וואָס פּראָספּעראָ האט אפּגעראַטעוועט פון זיין קעניגלעכן באַזיץ, איז זיין צויבער־בוך און זיין צויבער־שטעקן. און מיט דעם כּישוף זיינעם איז ער מנצח קאַליבאַנען און צווינגט אים צו זיין זיין קנעכט. ער האָט אויך צו זיין דינסט אַריעלן, אַ גוטן גייסט, וועמען ער באַפרייט פון דער ממשלה פון אַן אַלטער מכשפה, צו וועל־כער יענער איז געווען פאַרשקלאַפּט פאַר אַ סך יאָרן. פּראָספּעראָ פאַר־נעמט זיך איצט בלויז מיט זיין אייגענעם נאָכטראַכטן איבער וועלט און לעבן, און מיט דער דערציאונג פון זיין טאָכטער מיראַנדאַן, וואָס אַנט־וויקלט זיך אין אַן אנטציקנדיקער, ליבער יונגער מיידל. מיט יאָרן שפּעטער, ווען זיין ברודער אַנטאָניאָ צוזאַמען מיט אַלאַנזאָן און זייע־רע סוויטעס געפינען זיך אויפן ים, שאַפט פּראָספּעראָ מיט דער הילף פון זיין כּישוף אַזאַ שטורעם, אַז זייער שיף ווערט צעבראָכן, און אויך זיי ווערן פאַרוואָרפן אויף דעם זעלבן אינדזל. עס קומען פאָר פאַר־שיידענע סצענעס, און נאָך אַ לאַנגער ריי פון צוזאַמענשטויסן און פאַר־שווערונגען איז זיי פּראָספּעראָ מוחל זייערע זינד קעגן אים, און אַלץ ענדיקט זיך גוט, ווען דעם קעניגס זון פערנאַנדאָ האָט חתונה מיט מי־ראַנדאַן, וועמען ער האָט דערווייל ליב געקראָגן. און ווען פּראָספּעראָ דערגרייכט שוין דאס העכסטע, וואס ער האט געוואלט; ווען ער זעט זיין קינד אין די אָרעמס פון דעם, וואָס זי האָט ליב; ווען דער וואונ־דערלעכער שמייכל פון פאַרגעבונג איז ווידער איבער זיין קלוג, דורכ־געליטן פּנים, געזעגנט ער זיך. עס איז צייט אָפּצוטאָן דעם כּישוף פון זיין אייגענעם און אויך אַרומיקן לעבן. אָבער טאָן וויל ער עס מיט זיין ליכטיק אויסגעלייטערטן אָפּטימיזם, און מיט דעם טיפן גלויבן אין דער שיינקייט פון לעבן. זיין לעצטע רעדע צו פערדינאַנדן איז:

„זעסט אויס, מיין זון, ווייזט אויס באַוועגט,
גלייך וואָלסט געווען אַנטוישט: זיי פריילעך, מענטש:
די שפּילערייען זיינען שוין געענדיקט: די אַקטיאָרן,
ווי כ'האָב דיר פריער געזאָגט, זיי זיינען אַלע
געווען גייסטער, און צעגאַנגען אין דער לופט:
און פּונקט ווי דאָס געוועב פון אָט־דעם חלום,
די טורעמס מיט די שניי־קעפּ, פּראַכט־פּאַלאַצן,
די פייערלעכע טעמפּלען, און די גרויסע וועלט אַליין,
יאָ, אַלץ וואָס זי פאַרמאָגט, זאָל אויפגיין

און זאָל, ווי יענע קערפערלאָזע פאָרשטעלונג פאַרבלייכט,
נישט לאָזן הינטער זיך קיין וואָלקנדל.
מיר זיינען אַזאַ שטאָף, ווי דער פון וועלכן
ס׳ווערן חלומות געמאַכט. און דאָס קליינע
לעבן אונדזערס ווערט פאַרענדיקט מיט אַ שלאָף״.

ער בענקט ניט נאָך קיין גרויסקייט מער. ער דערוואַרט ניט מער קיין שאַפערישע אויפטועך. ער געזעגנט זיך מיט זיין מוזע. ער וועט צו איר כישוף ניט דאַרפן מער אָנקומען. ער וועט מער ניט שרייבן:

„אָבער פון אָט־דעם כישוף שטרענגן
פאַרשווער איך זיך דאָ. און אויב כ׳האָב זיך באַנוצט
מיט מוזיק הימלישער — וואָס כ׳טו נאָך אויך איצט —
מיין זיג איבער זיי צו האָבן, וואָס דערצו דינט ער
דער כישוף לופטיקער — וועל איך מיין צויבער־שטאָק
צעברעכן,
וועל אים אַ צאָל איילן אין דער ערד באַגראָבן,
און טיפער נאָך ווי ס׳האָט ווען אַ בליי־געוויכט געזונקען
וועל איך מיין בוך דערטרינקען״.

און ס׳קלינגט ווי אַ שיינער נאָך־אַקאָרד דעם פּאָעט קעמפּבעלס באַמערקונג, אַז „דער צויבער־שטעקן איז קיינמאָל ניט און וועט קיינמאָל ניט געפונען ווערן מער״. שעקספּיר־פּראָספּערא איז באַוואוסטזיניק וועגן דעם, אַז ער וויל זיך צוריקציען אין דער רואיקער שטילקייט פון זיינע לעצטע יאָרן. ער זאָגט עס אין דעם האַרציק־פּאָעטישן טאָן:

„און פון דאָרט לאָז מיך צוריקציען אין מיין מילאַן,
וואו יעדער דריטער געדאַנק זאָל מיין קבר זיין״ . . .

אַן אינטערעסאַנטער שטריך, וואָס גייט אגב דורך שעקספּירס גאַנצע שאַפן — זיין נאָענטקייט צו דער נאַטור, און זיין באַנוצן זיך מיט דעם אמת פון לעבן נישט געקוקט אויף דער רייכקייט פון זיין אימאַזשינאַציע — איז דאָס, וואָס כדי צו מאָלן דעם אויספאַנטאַזירטן פאַרכישופטן אינדזל, וואו פּראָספּעראָ באַוויזט זיינע איבערוואונדערלעכע צויבערייען, האָט שעקספּיר זיך באַנוצט מיט אמתע פּאַסירונגען, וואָס האָבן אָנגעהויבן באַקאַנט צו ווערן אין זיין צייטיקן ענגלאַנד. ס׳האָבן זיך אין יענער צייט אַרומגעטראָגן מאָדנע ידיעות וועגן נייע לענדער, וואָס זיינען אַנטדעקט געוואָרן אויף סכנותדיקע רייזעס. אין 1610 איז

גאַנץ לאָנדאָן געווען פול מיט דעם אויפרודער, וואָס ס׳האָבן אַרויס־גערופן די גרופּע מאַטראָזן, וועלכע זיינען צוריקגעקומען פון זייער נסיעה, וואו זיי האָבן געליטן שיפסברוך אַרום די נאָך דעמאָלט אומ־באַקאַנטע בערמודאַ־אינדזלען. אין 1609 האָט מען געהאַט אַרויסגע־שיקט אַ פלאָטע שיפן קיין ווירדזשיניא מיטן ציל צו שאַפן אַ קאָלאָניע אין דזשיימסטאַון. אַ שרעקלעכער שטורעם איז געהאַט אויסגעבראָכן, און דער אַדמיראַל דזשאָרדזש סאָמערס מיט זיין הויפּט־שיף און דער לויטענאַנט־גאָווערנאָר פון ווירדזשיניא זיינען דורך די כוואַליעס פאַר־טראָגן געוואָרן צו דעם פעלדז פון די בערמיודאָס. ערשט אין מאַי 1610 האָבן זיי זיך דערשלאָגן קיין ווירדזשיניא. שפּעטער איז די גאַנצע פּאַסירונג באַשריבן געוואָרן אין „אַן אַנטדעקונג פון די בערמיודאָס, אַנ־דערש גערופן דער אינדזל פון טייוול״. און לויט ווי די געראַטעוועטע מאַטראָזן האָבן דערציילט, זיינען זיי בשעת זייער זיין אויף דעם אינדזל כסדר געשראָקן געוואָרן פון עפּעס געהיימע קולות און זאָנדערבאַרע קלאַנגען. דאָס האָט זיי געמאַכט גלויבן, אַז דער אינדזל איז אַ פאַר־כישופטער, און איז באַזעצט פון שדים און רוחות. שעקספּיר האָט דעם באַשריבענעם אינדזל אויסגענוצט אַלס מאָדעל פאַר דעם האַנדלונגס־אָרט פון זיין „שטורעם״. אָבער ער האָט דעם אומבאַקאַנטן אינדזל צו־געגעבן אַזוי פיל פאַנטאַסטישקייט און צויבער, אַז דער נאָמען „פּראָס־פּעראָס אינדזל״ איז פון דעמאָלט אָן געוואָרן דער אויסדרוק פון אויס־געחלומטער שיינקייט און אַן אָרט, וואָס איז ווייט אַוועק פון אַלעם, וועלכעס האָט צו טאָן מיט דער אַלטעגלעכקייט און הבל־הבלימדיקייט פון אונדזער לעבן.

שעקספּיר האָט אַצינד, ביים שלוס פון זיין שאַפן, ווידער אַמאָל זיין אימאַזשינאַציע געלאָזט אָנקומען צו די איבערנאַטירלעכע, גייסטערהאַפ־טע באַשעפענישן, צו די שדים און פעריעס, פּונקט ווי ער האָט עס גע־טאָן אין דער בלי־צייט פון זיין לעבן, אין דעם „מיטזומער־נאַכט־חלום״, ווען אַלץ אין אים איז נאָך געווען פול מיט טרוים, פאַנטאַזיע און האָפע־נונג. האָט ער אַצינד געטראַכט וועגן זיי, וועגן די זאָרגלאָזע פעריעס פון זיינע יונגערע יאָרן? האָט ער איצטער, נאָך זיינע אַלע איבערלע־בענישן, זיך דערמאָנט אָן יענע וואַלד־גייסטער פון „מיטזומער־נאַכט־חלום״, וואָס זיינען געווען אָנגעשטעקט מיט ליבעס־לוסט, און פאַר־שיכורט מיט דעם צאַרטן אַראָמאַט פון די שמעקנדיקע בלומען און זיל־בערנע לבנה־שטראַלן? ס׳איז קיין שום ספק ניט, אַז פאַר אים האָבן אויפגעטויכט זכרונות פון יענע ליבע שטימונגען, ווען אַלץ אין דעם

יונגן לעבן איז געווען אויסגעמישט — טרוים און וואָר, פאַנטאַזיע און ווירקלעכקייט. אָבער איצט זיינען זיינע פאַנטאַסטישע געשטאַלטן גע־הילט אין אַזאַ פיינעם, צאַרטן טרויער. ער ווייזט זיי קעגן אַ טיף־דורכ־געטראַכטן פילאָזאָפישן הינטערגרונט. אריעל אין „שטורעם", שעקס־פּירס סימבאָל פון פיינעם שוועבנדיקן געדאַנק, איז אַ סך געזעצטער און מילדער ווי דער שטיפערישער, אַביסל הפקרדיקער לצל פּוק פון „מיטזומער־נאַכט־חלום". אָבער מיט וואָס פאַר אַ מייסטערשאַפט זיינע איבערנאַטירלעכע, גייסטערהאַפטע פּערזאָנאַזשן זיינען געשילדערט. פּונקט ווי אין אַלע איבעריקע געביטן אַזוי האָט אויך דאָ שעקספּירס זשעני איבערגעשטיגן אַלע אַנדערע שרייבערס, וועלכע האָבן פריער פאַר אים פּרובירט אַרויסצופירן אויף דער בינע באַשעפענישן פון דער פאַנ־טאַסטישער וועלט. אים איז געווען נאָענט און באַקאַנט סיי די איבער־נאַטירלעכע, סיי די נאַטירלעכע וועלט. מיטן זעלבן שוואונג און טיפן איינבליק האָט ער זיך געקאָנט איינלעבן אין ביידן. און ווי עס דריקט זיך אויס ווילליאַם האזליט, איינער פון די בעסטע שעקספּיר־קאָמענטאַ־טאָרן, אַז ס'איז אָן ספק — ווען ס'וואָלט מעגלעך געווען, אַז שעקס־פּירס פאַנטאַסטישע געשטאַלטן זאָלן באמת קומען צום לעבן, וואָלטן זיי זיכער געווען געפילט, גערעדט און געהאַנדלט ווי ער האָט זיי אויספאַנ־טאַזירט.

נאָך מער חידושדיק ווי די סימבאָלישע גייסטער־פיגורן אין זיין לעצט ווערק, איז הערלעך פאַרכאַפּנדיק דער נייער טיפּ פרויען־פיגורן, וואָס שעקספּיר האָט אַרויסגעפירט אין זיינע לעצטע עטלעכע ראָמאַנסן. שעקספּירס ווייבלעכע טיפּן רעכענען זיך בכלל פאַר דער צירונג פון פרויען־שילדערונג אין דער גאַנצער וועלט־ליטעראַטור. עס האָט קיי־נער ניט געקענט דאָס אינסטינקט־לעבן פון דער פרוי בעסער פון אים. ער האָט אין זיינע העלדינס געגעבן די העכסטע פאַרקערפּערונג פון פרויענהאַפטיקייט מיט זייער עלעגאַנץ, רייץ, קלוגשאַפט, געטרייהייט, שפּילעוודיקייט, קאַפּריציעזקייט, מילדקייט און אפילו אכזריות. זיי זיי־נען תמיד די ליכטיקסטע פּונקטן פון זיינע פּיעסן. שעקספּירס פרויען זיינען זיכער ניט אַזוי קאָמפּליצירט ווי זיינע מענער. זיי זיינען אָבער דערפאַר קאָנצענטרירטער, גאַנצער. זיי וואַקלען זיך ניט אין זייערע געפילן, און זיינען אַנטשלאָסענער ווי די מענער. זיי האָבן ליב און זוכן תמיד צו געווינען זייער געליבטן, נישט געקוקט אויף די ביטערסטע דערפאַרונגען, וואָס זיי דאַרפן צוליב דעם דורכצומאַכן. זיי זיינען אי־נערלעך מער דיסציפּלינירט. זיי האָבן שטענדיק אַ געוויסן ציל אין

לעבן, וועלכן זיי פירן דורך אַפילו אונטער די שווערסטע באַדינגונגען, און דורך די פאַרפּלאָנטערטסטע נסיונות. שעקספּיר שטעלט זיי אַוועק אין די אומגלויבלעכסטע סיטואַציעס. אַ סך מאָל דאַרפן זיי פאַרברענגען צווישן מענער זייענדיק אַליין פאַרקליידט אַלס מענער. אָבער זיי פאַרלירן קיין מאָל ניט זייערע קעפּ, פּונקט ווי זיי פאַרלירן ניט דעם גלויבן אין דעם ענדלעך גוטן סוף. און אָט־די אינערלעכע שטאַרקייט פירט זיי תמיד צום טריאומף איבער אַלע שוועריקייטן.

אָבער איין שטריך, וואָס איז כאַראַקטעריסטיש פאַר אַלע שעקספּירס פרויען איז, וואָס זיי פירן קיינמאָל ניט קיין לעבן פאַר זיך אַליין. זיי שטעלן דאָס שענסטע אין זיך תמיד צום דינסט פון די, וועמען זיי האָבן ליב, און וועמענס אַמביציעס זיי העלפן צו פאַרווירקלעכן. טראָץ אַלע חשדים, באַליידיקונגען און אפילו טויט־געפאַרן, וואָס זייערע לייכטגלויביקע מענער ברענגען אויף זיי, זיינען זיי פאַרט גרייט זיך מקריב צו זיין פאַר די, וועלכע האָבן איינמאָל געוואונען זייערע הערצער. אין דעם ליכט ווייזט זיי שעקספּיר סיי אין אָנהייב פון זיין טעטיקייט, אין די עמאָציאָנעלע און שטאַרק פאַרליבטע, סיי אין די אינטעלעקטועלע און זייער וועלטלעכע, און סיי אין זיינע טראַגישע און טיף־געטרייע העלדינס. אָבער נאָך צאַרטער און ליבלעכער ברענגט ער זיי אַרויס,ביים סוף פון זיין שאַפן, אין די רירענדיק־אומשולדיקע און ליידנדיק־געטרייע פיגורן פון אימאָגען, פּערדיטאַ, און מיראַנדאַ, וועלכע ער דערהויבט ביז צו דער פאַרקערפּערונג פון אידעאַלער שיינקייט. אַזוי אַז ביי געאָרג בראַנדעסן, ריידנדיק וועגן שעקספּירן אין דעם פּעריאָד, רייסט זיך אַרויס די פראַגע: „איז ער געווען פאַרליבט ?״

ס׳איז אָן ספק, אַז ער איז געווען פאַרליבט איצטער. אָבער ווי ווייט אַנדערש אין איר כאַראַקטער איז געווען שעקספּירס איצטיקע ליבע פון דער, וואָס ער האָט דורכגעמאַכט אין זיינע פריערדיקע אומרויִקע טעג; יענע ליבע וואָס האָט אים געפירט אַרויסצוברענגען די שטאַרקסטע און ליידנשאַפטלעכסטע פון זיינע פרויען־טיפּן — די דזשוליאַס, פּאָרשיאַס, אָפעליאַס, קאָרדעליאַס, דעזדעמאָנאַס און די ליידי מאַקבעטס, קלעאָפּאַטראַס און קרעסידאַס. פּונקט ווי ס׳זיינען געווען אַנדערש אין זייערע כאַראַקטערס די, וואָס האָבן אים איצט געדינט אַלס שאַפונג־מאָדעל, פון יענער, וואָס האָט פאַרצערט דאָס בלוט פון זיין האַרץ אין די פּיינלעכע טעג פון זיינע שטורמישע איבערלעבונגען. ווייזט אויס, אַז די לעצטע יאָרן, זייט ער האָט אָנגעהויבן אָפּטער צו פאָרן אַהיים, האָט ער געפונען אַ פרישן קוואַל פון טרייסט און באַגייסטערונג

אין די אונטערגעוואַקסענע אָבער נאָך אַלץ יונגע טעכטער זיינע, אין דזשודיט און אויך סוסאנאַ. זיי זיינען אָפּנים אויך שטאַרק צוגעבונדן געוואָרן צו אים. און אָט־די יונגע טעכטער זיינע וועקן אין אים וואָס אַמאָל אַלץ גרעסערן וואונדער. דזשודיט איז איצט, ביים שרייבן די לעצטע ראָמאַנסן זיינע, פול מיט יוגנטלעכער איבערגעגעבנקייט, גוטס־קייט און אומשולד. גלייך ווי ס׳איז עס אין אַ געוויסער מאָס איר על־טערע, איצט שוין פאַרהייראַטע שוועסטער סוסאנאַ. די טעכטער ווערן פאַר אים אַן אידעאַל. זיי נעמען אָן פאַר אים די באַדייטונג פון אַ סימ־באַל. און ער פירט זיי אַרויס אין די צאַרטע פיגורן פון פערדיטאַן אין „ווינטער־מעשהלע״ און מיראַנדאַן אין „שטורעם״, מיראַנדאַ וואָס פאַר־ערט און פאַרגעטערט איר פאָטער און פילט אָן זיין איינזאַם לעבן מיט אַזוי פיל צאַרטער זאָרג און ליבער איבערגעגעבנקייט. ווי ווייט אַוועק, וויל ער איצט זיין פון די רייפע, דורכגעטריבענע און פאַרפירערישע פרויען, צו וועלכע ער איז אַזוי פאַטאַל געווען צוגעבונדן. איצט, ווען ער קלייבט זיך צו פאַרברענגען די רעשט פון זיין לעבן אין שטילער צו־ריקגעצויגנקייט, וועט ער געפינען מער פרייד און פאָטערלעך גליק אין די שטילע, באַשיידענע, אָבער איבערגעבענע טעכטער זיינע.

יאָ, וואַרעמע איבערגעבנקייט און צאַרטע נאָענטקייט זיינען אַלץ, אין וואָס ער נויטיקט זיך איצט. ער האָט ניט מער קיין אַמביציעס. ער זוכט ניט קיין נייע קינסטלערישע אָדער פערזענלעכע דעראָבערונגען. ער וויל אַפילו ניט נערן מער אין זיין האַרץ דעם אַמאָליקן באַגער זיך אָפּצורעכענען מיט די, וואָס האָבן אים שלעכטס געטאָן. דאָס לעבן האָט דאָך אַזוי פיל אינטערעסאַנטערע אויפגאַבן:

„די שענערע האַנדלונג איז
אין מעלות טובות ווי אין נקמה״ . . .

ווידער אַמאָל יענער גרויסער עטישער כוח, וואָס איז ווי אַ רויטער פאָדים תמיד דורכגעגאַנגען אַלע זיינע ווערק. ווידער אַמאָל דער גרוי־סער גלויבן אין דער מאָראַלער שטאַרקייט פון דער מענטשלעכער נאַ־טור. אָבער איצט, ביי דער פאַרענדיקונג פון זיין טעטיקייט, נעמט אָט־דער גלויבן אָן אַזאַ געוואַלדיקע מעכטיקייט; ער צעשפּילט זיך אין אַזאַ קאָלאָסאַלן אויפפלאַם, וואָס וואַרפט אַ העלן אָפּשיין אויף זיין גאַנצן פריערדיקן שאַפן, און וואָס גיט צו אַ כישופדיקע ליכטיקייט זיין גאַנצן פאַרגאַנגענעם, אומרואיק־שטורעמדיקן לעבן.

דער „שטורעם״ און דאָס „ווינטער־מעשהלע״ האָבן געהאַט אַ גרויסן דערפאָלג ביים פּובליקום אין טעאַטער פּונקט ווי ביי די אויפפי־רונגען אין דזשיימס׳ קעניגלעכן הויף, וואו זיי זיינען געשפּילט געוואָרן ביי אַ סך פייערלעכע געלעגנהייטן. אַזוי געפינען מיר, אַז ביי די חתונה־פייערונגען פון דזשיימס׳ טאָכטער, די פּרינצעסין עליזאַבעט, פעברואַר 1612, זיינען דער „שטורעם״ און דאָס „ווינטער־מעשהלע״ אויפגעפירט געוואָרן צוזאַמען מיט די אַנדערע שעקספּירס פּיעסן, „הענרי דער 4־טער״, „אַ סך טומל איבער גאָרנישט״, „אָטעלאָ״ און „דזשוליוס צע־זאַר״. אָבער שעקספּיר אַליין האָט שוין דעם דערפאָלג פון זיינע פּיעסן ניט בייגעוואוינט. פון 1611, ווי מיר האָבן געזען, האָט ער זיך צוריק־געקערט צו ווערן אַ שטענדיקער איינוואוינער פון זיין היים־שטאָט סטראַטפאָרד, וואו ער וועט שוין בלייבן ביז זיין טויט אין פינף יאָר שפּעטער. דריטהאַלבן צענדליק יאָר איז ער געווען אַוועק פון דאַנען. אָבער וואָס פאַר אַ גרויסער אונטערשייד דאָס איז צווישן יענעם יונגן, שלאַנקן, אומבאַקאַנטן וואַל־ און פעל־אויסאַרבעטער, וואָס האָט אין אפשר אַ גרויען פרימאָרגן געמוזט אַנטלויפן פון דאַנען, ביז דעם פריי־צייטיק פאַרעלטערטן, פעטלעכן, דערפאַר אָבער באַרימטן און רייכן פּאָעט און טעאַטער־שרייבער, וואָס איז איצט אַהיימגעקומען צו פאַרנעמען זיין אָרט צווישן די פיינסטע און אָנגעזעענסטע הויז־ און לאַנד־באַזיצער פון דער אַלט־ענגלישער געמיינדע. יענער האָט געהאַט דעם גאַרנדיקן, דער־וואַרטנדיקן פייער־בליק אין זיינע יונגע אויגן. די גרויסע שטאָט און די אומבאַקאַנטע צוקונפט זיינען געלעגן פאַראויס פאַר אים, איינגעהילט אין לאָקנדיקע, טויזנט־פאַרביקע שלייערן. ביי דעם שפּילט דער מעלאַנכאָלישער, ווייכער און אַזוי פיל וויסנדיקער שמייכל אַרום דעם פיינעם מויל. דער בליק איז האַלב באַטריבט. דאָס לעבן און דאָס טעאַטער, וואָס ליגן הינטער אים, זיינען פול מיט אַזוי פיל טיף־פריידי־קע, און באַגלייך אויך שטאַרק־דערשיטערנדיקע איבערלעבונגען, וועל־כע האָבן אים שיעור ניט זיין האַרץ פאַרסמט און זיין נשמה צעריסן. דערפאַר אָבער — זיינען ניט די שענסטע און וויכטיקסטע שטעטל־לייט אים אַנטקעגן געגאַנגען, און מיט די שמייכלהאַפטסטע ווערטער אים אַרויסגעוויזן, וואָס פאַר אַ גרויסער כבוד ס׳איז פאַר זיי צוריקצוהאָבן מיט זיך זייער חשובן לאַנדסמאַן, זייער וויליאַם שעקספּירן? האָבן ניט געוואַרט אויף אים זיינע צוויי געליבטע טעכטער, סוסאַנאַ און דזשודיט, אין זיין רייכער באַקוועמער היים, אין דעם „ניי אָרט״, וואָס שמעקט איצט מיט אַזאַ אינטימער, איינלאַדנדיקער אייגנקייט?

און זיין אַנגע, זיין ווייב, וועמען ער האָט אָוועקגעשענקט זיין ערשטע יוגנטלעכע ליבע? זי איז שוין איצט אַלט און שווייגנדיק. אפשר מער אַ געדולדיקע, מוחל־זייענדיקע מוטער. אויב זיין האַרץ איז ווען עס איז געווען פאַרביטערט קעגן איר, האָבן עס די צייט און די אַזוי־פאַרשיידנאַרטיקע איבערלעבונגען איינגעשטילט. ער קען דאָך שוין אַזוי גוט דאָס לעבן. ער זוכט דאָך שוין ניט קיין אויפטרייסלענדיקע דערפאַרונגען. אַ סך אַ טיפערן ווערט האָבן דאָך איצט פאַר אים אַ צערטלעכער בליק און זאָרגפעלטיקע באַקוועמלעכקייט. פון איצט אָן וועט ער נעמען דאָס לעבן גאַנץ לייכט. ס'איז דאָך דאָ אַזוי פיל גליק אין רואיקייט. יאָ, ס'איז אַ פרייד צו זיין צוריק אין דער היים.

כאָטש אינגאַנצן זיך פאַרטאָן אין דער פרייד און צופרידנקייט פון היימישער צוריקגעצויגנקייט איז אים נאָך ניט באַשערט. זיינע לאָנדאָנער טעאַטער־קאָלעגן לאָזן אים נאָך אינגאַנצן ניט צורו. דער לאָנדאָנער טעאַטער־עולם וויל נאָך אַזוי גיך זייער באַליבטן דראַמען־שרייבער ניט פאַרגעסן. מען קומט נאָך צו אים און מען פאָדערט, ער זאָל נאָך ווידער אַמאָל שרייבן און באַזאָרגן רעפערטואַר פאַר דעם „גלאָוב" אָדער „בלעקפרייערס" טעאַטערס, צו וועלכע ער איז נאָך אַלץ אַ שותף, און וואָס דאַרפן אים נאָך אַריינברענגען היפשע יערלעכע רווחים. אָבער ער האָט שוין זיין צויבער־שטעקן צעבראָכן. ער נעמט זיך מער ניט אונטער צו שרייבן. אַלץ וואָס ער קאָן טאָן איז אפשר אָנצייכענען פלענער פאַר געוויסע פיעסן, און לאָזן אַנדערע זאָלן זיי אָנשרייבן. העכסטענס קאָן ער נאָך מיטאַרבעטן מיט אימיצן פון די נייע צוגעקומענע טעאַטער־שרייבערס. אַזוי איז באַקאַנט, אַז שעקספיר האָט מיטגעאַרבעט מיט דעם דעמאָלט־דערפאָלגרייכן פלעטשער אויף זיין פיעסע „הענרי דער 8טער", און לויט ווי אַ סך רעכענען, אויך אויף צוויי אַנדערע פיעסן — „קאַרדעניאָ" און „די צוויי נאָבעלע קרובים". ס'איז פאַרשפאָרט צו זאָגן, אַז אין זיין מיטאַרבעטן מיט אימיצן פון די יונגערע שרייבערס איז קיין שום אויסערגעוויינלעכעס ניט געווען. פון די ערשטע טעג אָן איז עס געווען אַן אָנגענומענער איינפיר אויף דער ענגלישער בינע, אַז פיעסן זיינען געשריבן געוואָרן פון מער ווי איין פאַרפאַסער. סיי „גאָרבאָדוק", סיי „טאַנקרעד" און „אַרטורס אומגליקן" האָבן געהאַט צו צוויי מיטאַרבעטער. אַ סך שפעטערדיקע פיעסן האָבן אַפילו געהאַט ביז זיבן מיטאַרבעטער. ס'איז געווען גאָרניט אויסערגעוויינלעך ווען פינף שרייבערס האָבן געאַרבעט אויף איין פיעסע. אין פראָלאָג צו זיין „וואָלפאָנע" באַרימט זיך בען דזשאָנסאָן, אַז די פיעסע

איז געשריבן געוואָרן אין 5 וואָכן צייט פון זיין אייגענער האַנט, אָן אַ מיטאַרבעטער.

אָבער אַלץ דרייט זיך שוין אַרום דעם סוף פון שעקספּירס טעאַטער־קאַריערע. זיין מיטאַרבעט איבער „הענרי דער 8ער" איז שוין אויך פאַרבונדן מיט אַ פאַל, וואָס איז ווי סימבאָליש פאַר זיין פולשטענדיקן איבעררייס מיט דער בינע, מיט וועלכער ס'איז געווען צונויפגעקניפּט זיין גאַנץ שעפעריש לעבן. דעם 29טן יולי 1613, בשעת אַ פאָרשטעלונג פון דעם נייעם שטיק, איז דאָס „גלאָוב"־טעאַטער פאַרברענט געוואָרן. אָנגעהויבן האָט זיך די שריפה דערפון, וואָס מען האָט — לויט דער פאָדערונג פון דער פּיעסע — אויסגעשאָסן אויף דער בינע פון אַ קאַנאָן כדי צו באַגריסן הענריס אויפטריט. פון דעם שאָס האָבן זיך אָנגעצונדן דער שטרויענער דאַך און געוויסע פוירהענגלעך איבער דער בינע. פון דאָרט האָט דאָס פייער אַרומגעכאַפּט די גאַנצע הילצערנע געביידע, וואָס איז אין משך פון איין שעה צייט אָפּגעברענט געוואָרן ביזן גרונט. ס'איז געווען אַ גליק, וואָס קיינער פון די שוישפּילער אָדער פון פּובליקום איז ניט געשעדיקט געוואָרן. אין דעם פייער זיינען אָבער, ווי מען רעכנט, פאַרברענט געוואָרן אַלע שעקספּירס אָריגינעלע קאָפּיעס פון די פּיעסן, וואָס ער האָט געהאַט געשריבן פאַר דעם טעאַטער. ס'איז געווען עפּעס פאַטאַלעס אין דעם, וואָס דאָס אַוועקגיין פון טעאַטער פון דעם גרעסטן בינע־דיכטער פון דער עליזאַבעטישער צייט, איז צוזאַמענגעפאַלן מיטן פאַרברענט ווערן פונעם וויכטיקסטן טעאַטער־בנין, דעם „גלאָוב", וואָס איז געווען דאָס שפּיל־פּלאַץ פאַר אַזוי פיל גרויסע בינע־ווערק, און איז געווען פאַרבונדן מיט אַזוי פיל הערלעכע טעאַטער־געשעענישן אין יענעם גאָלדענעם, גלאָררייכן פּעריאָד. שעקספּיר האָט זיכער מיט אַ סך טרויער אויפגענומען די לעצטע געשעעניש. וויפיל גליקלעכע און טרויעריקע דעראינערונגען זיינען אין אים אַרויסגערופן געוואָרן טראַכטנדיק בלויז וועגן יענער געביידע . . . ס'איז זיכער געווע אַ געשעעניש, וואָס האָט נאָך צום לעצטן מאָל אין אים פאַרזיגלט דאָס באַוואוסטזיין און דעם באַשלוס, אַז זיין שאַפונגס־צייט איז פאַרביי. זיין לעבנס־אַרבעט איז געענדיקט . . .

ס׳רופט אַרויס אַ געפיל פון גרויסער דאַנקבאַרקייט דאָס, וואָס מיר קאָנען דאָ, אין זיין היים־שטאָט סטראַטפאָרד, נאָכפאָלגן דעם גאָניאַלן דיכטער איבער זיין וועג צו זיין אומשטערבלעכקייט. אין דער וואונדערבאַרער שעקספּיר־ביבליאָטעק און בילדער־גאַלעריע ניט ווייט פון דעם „מעמאָריאַל טעאַטער", אין וועלכער עס געפינט זיך איינע פון די זעלטנסטע קאָלעקציע, וואָס האָבן צו טאָן מיטן שאַפן פון דעם „באַרד פון עוואָן". די ביבליאָטעק אַנטהאַלט צענדליקע טויזנטער בענדער פון שעקספּירס ווערק איבערגעזעצט אין עטלעכע און דרייסיק שפּראַכן.*)
עס געפינען זיך דאָ די וויכטיקסטע אָפּהאַנדלונגען איבער שעקספּירס שאַפן, וואָס זיינען דערשינען אין דער וועלט־ליטעראַטור, און אויך זעלטענע עקזעמפּליאַרן פון די ערשטע שעקספּיר־אויסגאַבן, פון די קוואַרטאָס און פאָליאָס, וואָס ווערן געשאַצט אין אומגעהייערע סומען.

ס׳איז אַ פאַקט — שעקספּיר האָט זיך לחלוטין ניט אָפּגעגעבן מיט דער אויסגאַבע פון זיינע טעאַטער־ווערק. דאָס אָפּדרוקן פּיעסן וואָס זיינען געווען באַשטימט געשפּילט צו ווערן אויף דער בינע, איז בכלל דעמאָלט געווען אַ פאַרנאַכלעסיקטער געביט. ניט נאָר דערפאַר וואָס, ווי ס׳איז שוין פריער דערמאָנט געוואָרן, פּיעסן פאַרן טעאַטער האָבן זיך דורך זייערע מחברים גערעכנט פאַר מינדערווערטיקע שאַפונגען, וועלכע דאַרפן ניט האָבן די זכיה געדרוקט און אויפבאַהאַלטן צו ווערן פאַר די קומענדיקע דורות. די טעאַטער־מענטשן אַליין, די דירעקטאָרן אָדער די שוישפּילער, זיינען געווען שטאַרק פאַראינטערעסירט, אַז אַ געשפּילטע

*) ביי מיין באַזוך אין דער ביבליאָטעק האָט מיר דער ביבליאָטעקאַר געוויזן דעם נאָר־וואָס דערהאַלטענעם עקזעמפּליאַר פון „קאָריאָלאַנוס" אין דוד פרישמאַנס העברייאישער איבערזעצונג, וואָס איז אַרויס אין תל־אביב, אַ חוץ אַנדערע יידישע און העברייאישע איבערזעצונג־אויסגאַבן. און ס׳איז ביי דער געלעגנהייט אינטערעסאַנט אָנצואווייזן, אַז אין דער באַרימטער „פאָלדזשער" שעקספּיר־ביבליאָטעק אין וואַשינגטאָן, להיפוך, האָב איך קיין איין יידישע אָדער העברייאישע איבערזעצונג ניט געקאָנט אָפּזוכן. אָבער ווי דר. יעקב שאַצקי גיט מיר איבער האָט ער אויף זיין לעצטן באַזוך אין דער פאָלדזשער־ביבליאָטעק שוין געפונען אַ גאַנץ פיינע קאָלעקציע פון יידישע שעקספּיר־איבערזעצונגען.

פּיעסע זאָל ניט דערשיינען אין דרוק. ווען אַ פּיעסע איז דורכן מחבר פאַרקויפט געוואָרן צו אַ טעאַטער־טרופּע, איז זי געוואָרן דאָס אייגנטום פון דעם באַטרעפנדיקן טעאַטער. דער שרייבער האָט מער קיין רעכט אויף איר ניט געהאַט. און די שוישפּילער זיינען געווען שטאַרק באַזאָרגט, אַז אַ קאָפּיע פון דער פּיעסע זאָל ניט אַריינפאַלן אין פרעמדע הענט, מען זאָל זי ניט אָפּדרוקן, כדי דאָס זאָל ניט קאַליע מאַכן די געשעפטן אין טעאַטער, אָדער אַנדערע טרופּעס זאָלן זי ניט קאָנען שפּילן. אין 1599 האָט דער טעאַטער־דירעקטאָר פיליפּ הענסלאָו פּרובירט אונטערקויפן אַ פאַרלעגער מיט 2 ענגלישע פונט, ער זאָל ניט אַרויסגעבן די קאָמעדיע „די געדולדיקע גרוזעל" פון דעקער, טשעטל און האוטאָן, פון וועלכער יענער האָט בגנבה געקראָגן אַ קאָפּיע. אין דער טעאַטער־פּראַפּעסיע האָט זיך עס דעמאָלט גערעכנט פאַר זייער ניט אָנשטענדיק, ווען אַ מחבר האָט פּרובירט פאַרקויפן זיינס אַ פּיעסע אין טעאַטער און אין דער זעלבער צייט צום אָפּדרוקן. קיין געזעץ וואָס זאָל שיצן דאָס רעכט פון אַ מחבר אויף זיין ווערק, אָדער דאָס אייגנטום־רעכט פון אַ טרופּע אויף דעם געקויפטן שטיק, האָט אין יענער צייט ניט עקזיסטירט. דער „סטיישאָנערס רעגיסטער", וואָס ווערט שפּעטער דערמאָנט, האָט געשיצט בלויז די אינטערעסן פון איין פאַרלעגער קעגן די איבעריקע. און די פּיעסן זיינען צייטנווייז געווען דאָס הויפּט־פאַרמעגן פון אַ טרופּע. ס'פלעגט אָפט טרעפן, אַז ווען אַ טרופּע איז געווען אין נויט צוליב שלעכטע געשעפטן, אָדער ווען זי האָט זיך באַדאַרפט פאַנאַנדערפאַלן, האָבן זיך די שוישפּילער אַרויסגעהאָלפן מיט דעם, וואָס זיי האָבן פאַרקויפט אַ טייל פון זייער רעפּערטואַר, די מער דערפאָלגרייכע פּיעסן, צו אַן אַנדער, רייכערער טרופּע.

אָבער אינגאַנצן אויסהיטן, אַז פּיעסן זאָלן ניט געגנבעט ווערן איז, פאַרשטייט זיך, געווען אוממעגלעך. ס'האָבן זיך תמיד געפונען כיטרע פאַרלעגער, וואָס האָבן מיט די ניט־כשרסטע מיטלען געזוכט צו קריגן קאָפּיעס פון דערפאָלגרייכע פּיעסן, ווייל זיי זיינען געווען זיכער, אַז דאָס פּובליקום וועט זיין להוט זיי צו וועלן לייענען אין געדרוקטער פאָרם. אַזעלכע פּיראַטישע פאַרלעגער פלעגן אָדער אונטערקויפן איינעם פון די מינדערוויכטיקע אַקטיאָרן, וואָס האָט געשפּילט צו עטלעכע ראָלן אין דער פאַרלאַנגער פּיעסע, און האָט די מערסטע שטעלן אין איר געדענקט אויף אויסנווייניק. אַזוי איז פעסטגעשטעלט געוואָרן, אַז דער גנב פון פּיעסן אין שעקספּירס טרופּע איז געווען אַ געוויסער אַקטיאָר, וואָס האָט, אין „האַמלעט" למשל, געשפּילט מאַרצעליוס, איינעם פון די

וואַנדערנדיקע שוישפּילער, פּאַרטינבראַס׳ אַ סאָלדאַט, דעם צווייטן קברות־מאַן, און איינעם פון די אַמבאַסאַדאָרן פון ענגלאַנד. אַזוי אַרום האָט ער געהאַט אַ געלעגנהייט צו זיין אויף דער בינע און פאַרגעדענקען די אַנדערע ראָלן אין די סצענעס. זיינען טאָקע די שטעלן אין דער פּיראַטישער „האַמלעט״־אויסגאַבע איבערגעגעבן מער ווייניק ריכטיק. די איבעריקע סצענעס האָט ער ניט געדענקט, און זיי זיינען אַרויסגעקומען שרעקלעך פאַרקריפּלט. אין 1608 האָבן די באַלעבאַטים פון דעם „ווייט־פרייערס״־טעאַטער אַרויפגעלייגט אַ שטראָף פון 40 פונט אויף אַזעלכע אַקטיאָרן, וואָס וועלן זיך לאָזן איבעררייידן פון אַ פאַרלעגער אים צוצושטעלן קאָפּיעס פון פּיעסן. אַ חוץ דעם האָבן אַזעלכע אַקטיאָרן נאָך פאַרלוירן דאָס רעכט צו בלייבן אין טעאַטער. אָן אַנדער וועג פאַר אַ פאַרלעגער צו קריגן אַ פּיעסע איז געווען אונטערצושיקן ספּעציעלע איבערשרייבערס, וואָס פלעגן גיין אין טעאַטער אַריין און זען אַ פאַרשטעלונג עטלעכע מאָל, און פון געהער זי אַראָפּכאַפּן און איבערשרייבן.

ס׳איז איבעריק צו זאָגן, אַז תמיד זיינען אַזעלכע פּיראַטישע אויסגאַבן געווען שרעקלעך פאַרקריפּלט, און האָבן ניט געקאָנט פּרעטענדירן צו זיין פּינקטלעכע קאָפּיעס פון די פּיעסן, ווי זיי זיינען דורך זייער מחבר געשריבן געוואָרן. און אַממייסטן האָט פון אַזעלכע גנבישע פאַרלעגער געליטן וויליאַם שעקספּיר. ווייל זיינע פּיעסן זיינען געווען שטאַרק פּאָפּולער און באַליבט ביים טעאַטער־עולם, האָבן זיך געפונען פערטיקע בעלנים, אויף די פאַרשיידנסטע אופנים צו קריגן קאָפּיעס פון זיי און זיי פאַרעפנטלעכן. אַזוי אַרום זיינען נאָך ביי זיין לעבן, אָן זיין צושטימונג און אָן זיין וויסן, אָפּגעדרוקט געוואָרן די פאַרשיידענע באַזונדערע אויסגאַבן פון איינצלנע פּיעסן אין קוואַרטאָ־פאָרמאַט. אָבער די מערסטע פון זיי זיינען געווען שרעקלעך פאַרקריפּלט. אַזוי, למשל, האָבן די פאַרלעגער ניקאָלאַס לענג און דזשאָן טרונדעל אין 1603 אָפּגעדרוקט די ערשטע קוואַרטאָ פון „די טראַגישע געשיכטע פון האַמלעט פּרינץ פון דענמאַרק״, וואָס האָט אַנטהאַלטן בלויז אַ העלפט פון דער אָרגינינעלער פּיעסע, און אַ חוץ דעם זיינען אין איר געווען אַריינגעשטעלט עטלעכע פרעמדע סצענעס. אַ פּאָר פון די האַנדלענדיקע פּערזאָנען האָבן פיגורירט גאָר אונטער אַנדערע נעמען: פּאָלאָניוס האָט געהייסן קאָראַמביס. דער באַרימטער מאָנאָלאָג „זיין אָדער ניט זיין״ האָט זיך געפונען ניט אויף דעם ריכטיקן אָרט וואו ער האָט געהערט אין דער פּיעסע. אין 1608 האָט נאָטאַניעל באַטער אַרויסגעגעבן אַ זייער שלעכטע און פאַרגרייזטע אויסגאַבע פון „וויליאַם שעקספּיר: זיין

אמתע כראָניק־געשיכטע וועגן דעם לעבן און טויט פון קעניג ליר און זיינע דריי טעכטער. מיט דעם אומגליקלעכן לעבן פון עדגאַר, דער זון צום אירל פון גלאָסטער, און זיין טרויעריקן און געוואַגטן הומאָר פון טאָם פון בעדלאַם". אין 1600 איז אין קוואַרטאָ־פאָרמאַט, ווי שוין דער־מאָנט, דערשינען „די אויסגעצייכנטע געשיכטע פון דעם סוחר פון ווע־נעדיק מיט דער עקסטרימער אכזריות פון שיילאָק דעם יידן קעגן דעם פיינעם סוחר ביי ווען ער וויל אויסשניידן אַ פונט פון זיין פלייש. און דאָס דערוועלבן פון פאָרשיאַן דורכן אויסוואַל פון דריי קעסטעלעך".

ס'איז, ווי שוין אָנגעוויזן, קיין שום ספק ניט אַז שעקספּיר האָט ניט געהאַט קיין האַנט אין דעם זייער ניט־סימפּאַטישן טיטול־אויפ־שריפט. פונקט ווי ער האָט ניט געהאַט קיין דעה איבער אַלע איבערי־קע פאַרקריפּלטע אויסגאַבן. פונקט ווי ער האָט ניט געקאָנט זיך מעכ־טיקן ווען געוויסע אומערלעכע פאַרלעגער האָבן צוליב זיין רעפּוטאַציע, אַרויפגעשטעלט זיין נאָמען אויף פרעמדע פּיעסן, אין וועלכע ער האָט ניט געהאַט קיין שום חלק. אַזוי זיינען אַרום 1600 דערשינען דריי פּיעסן, וואָס האָבן געטראָגן זיין פולן נאָמען: „ערשטער טייל פון לעבן פון סער דזשאָן אָלדקאַסטל", „דער לאָנדאָנער הולטיי" און „די יאָרק־שיר טראַגעדיע". אַ סך אַנדערע פּיעסן זיינען דערשינען מיט די בלויזע איניציאַלן וו. ש. כדי צו מאַכן גלויבן דעם עולם, אַז זייער מחבר איז וויליאַם שעקספּיר.

עס איז ניט באַקאַנט קיין פאַל ווען שעקספּיר זאָל האָבן אָנגענו־מען מיטלען קעגן די פּיראַטישע אויסגאַבן פון זיינע אייגענע ווערק, אָדער קעגן די פאַרלעגער, וואָס האָבן אים צוגעשריבן פרעמדע, אומ־וויכטיקע פּיעסן. ער האָט אויך ניט פּראָטעסטירט ווען געוויסע פאַר־לעגער האָבן אַרויסגעגעבן פאַרשיידענע פּאָעטישע זאַמלונגען מיט זיין נאָמען, און וואָס האָבן אין דער אמתן געהאַט אַ קנאַפּן שייכות מיט אים. אין 1601 האָט עדוואַרד בלאָונט אַרויסגעגעבן „אַ פּאָעטישע עסיי אי־בער דעם פעניקס און שילדקרעט פון וויליאַם שעקספּיר". געווען איז עס גאָר אַ באַנד לידער פון אַ געוויסן ראָבערט טשעסטער. טשעסטער, אַן אומבאַקאַנטער שרייבער, איז געווען אַ לערער ביי דעם רייכן פּראָ־ווינצער גוטבאַזיצער דזשאָן סאַליסבורי. שפּעטער, ווען סאַליסבורי איז געקומען קיין לאָנדאָן און געקראָגן דעם טיטול סער, איז ער געוואָרן דער פּאַטראָן פון אַ סך שרייבערס, צווישן זיי אויך טשעפּמען, דזשאָנסאָן און שעקספּיר. סאַליסבורי האָט פונדעסטוועגן ניט אויפגעהערט צו שטיצן זיין פּראָווינצער לאַנדסמאַן־פּאָעט. טשעסטער האָט עס דעמאָלט אַרויס־

געגעבן זיינעם אַ באַנד לידער, און צום סוף באַנד האָבן זיך געפונען עט־לעכע לויב־לידער פון דזשאָרדזש טשעפּמען, דזשאָן מאַרסטאָן און בען דזשאָנסאָן לכבוד זייער פּאַטראָן און פריינט דזשאָן סאַליסבורי. צווישן זיי האָט זיך אויך געפונען אַ צופעליק, מינדערוויכטיק ליד — „דער פעניקס און דער שילדקרעט", וואָס שעקספּיר האָט אפשר פריער מיט אַ צייט געהאַט אָנגעשריבן אויפן טויט פון אַ פּאָר געטרייע געליבטע, זיינע פריינט.

דאָס איינציקע מאָל ווען מען האָט געהערט, אַז שעקספּיר איז גע־ווען אויפגעבראַכט קעגן אַזעלכע האַנדלונגען, איז געווען אין דעם פאַל פון דער פּאָעטישער אַנטאָלאָגיע „דער ליידנשאַפטלעכער פּילגרים" (אָדער געליבטער, ווי דאָס וואָרט פלעגט דעמאָלט געטייטש ווערן). אָבער אויך אין דעם פאַל איז דער פּראָטעסט געקומען ניט פון אים אַליין, נאָר פון דעם שרייבער־שוישפּילער טאָמאַס העיוואוד. אין 1599 האָט וויליאַם דזשאַגאַרד אַרויסגעגעבן אַ זאַמלונג פון 20 לירישע געדיכטן פון וויליאַם שעקספּיר אונטער דעם דערמאָנטן נאָמען. אין דער אמתן זיינען דאָרט געווען בלויז 5 לידער, וואָס וואָלטן געקאָנט צוגעשריבן ווערן צו זייער אָנגעגעבענעם מחבר, די איבעריגע זיינען געווען פון גאַנץ אומוויכטיקע פּאָעטן. העיוואוד האָט דעמאָלט פּראָטעסטירט קעגן דער אויסגאָבע, ווייל אין דער זאַמלונג זיינען אויך אַריין צוויי פון זיי־נע פּאָעמען, אָנגעגעבן אויף שעקספּירס נאָמען. אין זיין „אַפּאָלאָגיע פאַר שוישפּילער" (1612) שרייבט ער: „אָבער אַזוי ווי איך מוז אָנער־קענען אַז מיינע שורות זיינען ניט ווערט זיין (שעקספּירס) פּאַטראָנאַזש, אונטער וועלכן ער (דזשאַגאַרד) האָט זיי אַרויסגעגעבן, אַזוי איז דער אויטאָר (שעקספּיר) ווי איך ווייס, שטאַרק באַליידיקט דורך מר. דזשאַ־גאַרד, וואָס לחלוטין אָן זיין וויסן האָט ער זיך גענומען די דרייסטקייט אַזוי אויסצונוצן זיין נאָמען".

אָבער דער פאַל באַווייזט נאָר אַן איבעריק מאָל, אַז שעקספּיר האָט געהאַט אַ גאַנץ אַנדערע באַציאונג צו זיינע ריין־פּאָעטישע שאַפונגען ווי צו די, וואָס ער האָט געשריבן פאַרן טעאַטער. אין דער צייט וואָס ער האָט מיט גרויס מי זיך אָפּגעגעבן צו קאָרעגירן און אַכטונג געבן אויף די אויסגאַבן פון זיין „ווענוס און אַדאָניס" און זיין „לוקרעציא", האָט ער ניט אַרויסגעוויזן קיין שום פאַרדראָס ווען די קוואַרטאָ־אויסגאַבן פון זיינע פּיעסן זיינען אַרויסגעקומען פאַרגרייזט און פעלערהאַפט, און אַ סך מאָל מיט צעפלאָנטערטע, איבערגעדרייטע זייטלעך. כאָטש די אויס־גאַבן פון זיינע דראַמאַטישע ווערק האָבן ביים פּובליקום געהאַט ניט

קיין קלענערן דערפאָלג ווי זיינע פּאָעמען. „ריטשאַרד דער 3טער", ערשטער טייל פון „הענרי דער 4טער", „ריטשאַרד דער 2טער" זיינען אַרויס צווישן 1597 און 1615 אין פינף אויסגאַבן יעדע. „האַמלעט" און „ראָמעאָ" צווישן 1557 און 1609 אין פיר אויסגאַבן. „טיטוס אַנ־דראָניקוס", „פּעריקלעס" צו דריי אויסגאַבן צווישן 1594 און 1611. „הענרי דער 5טער" און „טראָאילוס און קרעסידאַ" צו צוויי אויסגאַבן צווישן 1600 און 1609. אַ חוץ דעם זיינען דערשינען אויסגאַבן פון „פאַרלוירענע ליבעס מי" (1598), „מיטזומער־נאַכט־חלום" (1600), „שיילאָק" (1600), צווייטער טייל „הענרי דער 4טער" (1600), „אַ סך טומל צוליב גאָרנישט" (1600), „די לוסטיקע ווייבער פון ווינדזאָר" (1602), „קעניג ליר" (1608). עס זיינען אָבער אויך באַקאַנט פאַלן ווען די „טשעמבערליין מענער"־טרופּע האָט ניט געקאָנט מער איבער־טראָגן די חוצפּה פון די פּיראַטישע פאַרלעגערס, און זיי האָבן זיך גע־איילט אַרויסצוגעבן אַן אייגענע אויסגאַבע פון אַ שטיק, אַנשטאָט דער פאַרקריפּלטער, וואָס האָט בלויז פאַרשאַפט האַרצווייטיק און שאַנדע סיי דער טרופּע, סיי דעם שרייבער. אַזוי, למשל, זיינען די טעקסטן פון „פאַרלוירענע ליבעס־מי" און „ראָמעאָ און דזשוליעט" אין דער דזשאָן דאַנטער אויסגאַבע געווען אַזוי צעדרייט און צעהרגעט, אַז די טרופּע האָט אין 1598 און אין 1599 אַרויסגעגעבן אייגענע אויסגאַבעס פון די פּיעסן. אויך אין פאַל פון דער געגנבעטער און פאַרקריפּלטער „האַמ־לעט" קוואַרטאָ־אויסגאַבע האָט די טרופּע אין 1604 אַרויסגעגעבן די רע־ווידירטע קוואַרטאָ, וועלכע איז געווען „ניי געדרוקט און פאַרגרעסערט כמעט נאָך אַזוי פיל ווי געווען, לויט דער אמתער און פּערפעקטער קאָ־פּיע".

אַרום און אַרום זיינען ביי שעקספּירס לעבן אָפּגעדרוקט געוואָרן 16 פון זיינע עטלעכע און דרייסיק פּיעסן, אַלע אין קוואַרטאָ־פאָרמאַט. מערסטנס פון די קוואַרטאָס שטימען ניט צווישן די ערשטע און שפּע־טערדיקע אויסגאַבן פון דער זעלבער פּיעסע. אין „הענרי דער 5טער", למשל, זיינען אין אַ טייל קוואַרטאָס אויסגעלאָזן געוואָרן די שענסטע פּאָעטישע פּאַסוסן. אַנדערע ווידער זיינען געדרוקט פון אַזעלכע קאָ־פּיעס, אין וועלכע עס פעלט פּשוט די נויטיקע פאָרם פון אַ טעאַטער־שטיק. און ס'איז אויך קיין חידוש ניט. ווען טעקסטן זיינען צוזאַ־מענגעשטעלט געוואָרן לויט דעם ווי זיי זיינען געוואָרן אַראָפּגעכאַפּט בשעתן שפּילן, האָט גאַנץ גוט געקאָנט טרעפן, אַז איין „אַראָפּכאַפּער" האָט בעסער געדענקט איין אָרט, און דער צווייטער אַן אַנדער אָרט. פון

דער צווייטער זייט קאָן עס אפשר אויך צוגעשריבן ווערן צו דעם פאַקט, וואָס ס׳פלעגט זיין אַ גרויסער חילוק אין אַ פּיעסע ווען זי איז געשפּילט געוואָרן צום ערשטן מאָל, ווי ווען זי איז געשפּילט געוואָרן מיט עטלעכע טעג, אָדער עטלעכע חדשים שפּעטער. זי איז קיינמאָל ניט געווען די זעלבע. אַ פּיעסע פלעגט וואַקסן מיטן שפּילן. זי איז קיינמאָל ניט געווען קיין פאַרטיקע זאַך. איבערהויפּט פלעגט שעקספּיר אַ סך אַרבעטן איבער זיינע פּיעסן אַפילו ווען זיי זיינען שוין געהאַט געשפּילט געוואָרן אויף דער בינע. זיין געניאַלער טעאַטער־חוש האָט אים שטענדיק געפירט צו נייע דערפינדונגען. ער האָט זיך תמיד אָנגעשטויסן אָן נייע איינפאַלן. זיין קאָפּ איז געווען פול מיט פאַנטאַסטישע אידייען, בליצנדיקע מעטאַפאָרן, און איבערראַשנדיקע אַנאַלאָגיעס. און זיי האָבן זיך געבעטן איינגעפלאָכטן צו ווערן אין דעם געשפּילטן שטיק, וואָס האָט תמיד געהאַט פּלאַץ פאַר אויסבעסערונגען, איבעראַרבעטונגען און באַנייאונגען. געוויסע סצענעס האָבן בשעתן שפּילן — ווי עס טרעפט תמיד אין טעאַטער — אַרויסגעוויזן זייער שוואַכקייט, און מען האָט זיי אָדער געדאַרפט פאַרשטאַרקן, אָדער אינגאַנצן באַזייטיקן. אַנדערע סצענעס ווידער זיינען דורכן פּובליקום אויפגענומען געוואָרן מיט אַזוי פיל ענטוזיאַזם, אַז מען האָט זיי געמוזט פאַרגרעסערן. אַ סך מאָל פלעגט אַ פּיעסע אויסגעבעסערט ווערן ווייל געוויסע טאָג־פראַגן האָבן עס נויטיק געמאַכט. יעדנפאַלס האָבן די פאַרשיידענע קוואַרטאָ־אויסגאַבעס פון שעקספּירס ווערק, פאַרשאַפט אַ סך פרייד און אינטערעס פאַר די וויכטיקסטע טעאַטער־פאָרשער, וואָס האָבן אין דעם גאַנצן ים פון פאַלסיפיקאַציעס און פאַרגרייזונגען פאָרט פּרובירט אויסצוגעפינען די וועגן און טעכניק פון שעקספּירס דראַמאַטישן שאַפן.

קיין פולשטענדיקע זאַמלונג פון שעקספּירס טעאַטער־ווערק איז ביי זיין לעבן ניט דערשינען. אַ סך פון זיינע פּיעסן זיינען ניט אַרויס אַפילו אין קיין באַזונדערע אויסגאַבן. ערשט 7 יאָר נאָך זיין טויט האָבן זיינע צוויי אינטימע פריינט און טעאַטער־קאָלעגן, די שוישפּילערס דזשאָן העמינדזש און הענרי קאָנדעל באַשאָנקען די וועלט מיט דער ערשטער אויסגאַבע פון שעקספּירס געזאַמלטע דראַמאַטישע שאַפונגען, און אַזוי אַרום אָפּגעראַטעוועט פון פאַרלוירן גיין 20 פון די שענסטע מייסטערווערק, וואָס די טעאַטער־ליטעראַטור פאַרמאָגט. העמינדזש און קאָנדעל האָבן געשאַפן אַ קליינעם סינדיקאַט פון עטלעכע פאַרלעגערס מיט דעם דרוקער און בוכהענדלער וויליאַם דזשאַגאַרד און זיין זון איסאַק בראַש, און אין 1623 האָבן זיי אָפּגעדרוקט די ערשטע „פאָליאָ״־אויס־

גאַבע, אין וועלכער עס זיינען אַריין 36 פון שעקספּירס פּיעסן. חוץ „פּעריקלעס״, וואָס איז אויסגעלאָזן געוואָרן. אפשר דערפאַר, וואָס מען האָט נאָך ניט געקאָנט קריגן דאָס רעכט צו דרוקן דאָס שטיק, ווייל עס האָט נאָך געהערט צו אַן אַנדער פאַרלעגער לויט די געזעצן פון דעם סטיישאָנער־רעגיסטער. „פּעריקלעס״ איז אַריינגענומען געוואָרן ערשט אין דער דריטער פאָליאָ־אויסגאַבע. אויפן שער־בלאַט פון דער ערשטער פאָליאָ פאַרזיכערן די צוויי שוישפּילער, אַז אַלע פּיעסן זיינען געדרוקט געוואָרן פון ריכטיקע אָריגינעלע קאָפּיעס, אַלס באַלוינונג פאַרן פּוב־ליקום, וואָס איז אַזוי פיל מאָל גענאַרט געוואָרן מיט צעקאַליעטשעטע און צעדרייטע קאָפּיעס. די „פאָליאָ״ האָט אויף זיך די ווידמונג צו די צוויי באַרימטע הויף־מענער, די ברידער וויליאַם הערבערט, 3טער אוירל פון פּעמבראָק, אויף וועמען ס׳איז אַ סברה, אַז ער איז עס געווען דער העלד פון שעקספּירס סאָנעטן, און פיליפּ הערבערט, אוירל פון מאָנט־גאָמערי. דזשאָן העמינדזש און הענרי קאָנדעל זיינען אונטערגעשריבן אונטער דער ווידמונג, וואָס לייענט זיך: „צו דער נאָבלסטער און אומ־פאַרגלייכלעכער ברידער־פּאָר, צו פּעמבראָק און מאָנטגאָמערי פאַר זייער חסד, וואָס זיי האָבן תמיד אַרויסגעוויזן די פּיעסן און זייער שרייבער ווען ער האָט געלעבט — — — — ווייל אַזוי שטאַרק האָבן אייערע לאָרדשיפּס ליב געהאַט די געוויסע טיילן ווען זיי זיינען געשפּילט גע־וואָרן, אַז שוין נאָך איידער זיי זיינען געדרוקט געוואָרן האָט דער באַנד זיך געבעטן צו זיין אייערער . . . אין דעם נאָמען, אַלזאָ, ווידמענען מיר אונטערטעניקסט אייער הויכלויכט אָט־די איבערבלייבענישן פון אייער דינער שעקספּיר. העמינדזש און קאָנדעל״. די אונטערגעצייכנ־טע פאַרפעלן אויך ניט צו פאַרזיכערן, אַז זיי האָבן אונטערגענומען די אויסגאַבע פון די געזאַמלטע ווערק ניט חלילה צוליב וועלכער ס׳איז באַ־לוינונג פאַר זיך אַליין, נאָר בלויז „צו האַלטן לעבעדיק דעם זכרון פון אַזאַ חשובן פריינט און קאָלעגע, ווי ס׳איז געווען אונזער שעקספּיר״. זיי פאַרגעסן אויך ניט צו דערמאָנען, אַז זיי וואָלטן שטאַרק געוואונטשן דער מחבר אַליין זאָל לעבן און אימשטאַנד זיין אַליין איבערצוקוקן זיינע אייגענע שאַפונגען.

ס׳איז אַ סברה, אַז בען דזשאָנסאָן האָט אויף אַ געוויסן אופן זיך באַטייליקט אין דעם צוזאַמענשטעלן פון דער „פאָליאָ״. יעדנפאַלס אויף דער קעגנאיבערדיקער זייט פון דעם גראַווירטן שעקספּיר־פּאָרטרעט, וואָס איז בייגעלייגט צו דער אויסגאַבע, איז אָפּגעדרוקט אַ קורצע באַ־שטעטיקונג וועגן דער לעבנס־ענלעכקייט פון דעם בילד, אונטערגעציי־

בענט מיט די איניציאַלן ב. דזשעי. (בען דזשאָנסאָן). איינגעטיילט זיינען די פּיעסן אין דער ערשטער „פּאָליאָ" אין דריי אָפּטיילן: קאָמעדיעס היסטאָריעס און טראַגעדיעס. קיין כראָנאָלאָגישער סדר איז אין דער איינטיילונג ניט אָפּגעהיטן געוואָרן. אַזוי, למשל, הייבט זיך אָן דער קאָמעדיע־טייל מיט דעם „שטורעם" און ענדיקט זיך מיט דעם „ווינטער־מעשהלע". די היסטאָריעס הייבן זיך אָן מיט „קעניג דזשאָן" און ענדיקן זיך מיט „הענרי דער 8טער". ווייזט אויס, אַז אין די קראָניקל־שפּילן האָבן די צוזאַמענשטעלער אינזינען געהאַט אָפּצוהיטן ווייניקסטענס דעם היסטאָריש־כראָנאָלאָגישן סדר. די טראַגעדיעס הייבן זיך אָן מיט „טראָאילוס און קרעסידא" און ענדיקן זיך מיט „צימבעלין". דערביי זיינען אין דער „פּאָליאָ" אויך אָנגעגעבן די נעמען פון די שויש־פּילער אין שעקספּירס טרופּע, וואָס האָבן אָנטייל גענומען אין די אַלע פּיעסן:

ווילימאַם שעקספּיר
ריטשאַרד באַרבעדזש
דזשאָן העמינדזש
אויגוסטין פיליפּס
ווילימאַם קעמפּ
טאָמאַס פּאָופּ
דזשאָרדזש ברייען
הענרי קאָנדעל
ווילימאַם סלאַי
ריטשאַרד קאָולעי
דזשאָן לאָווין
סעמיועל גאָס
אַלען קוק
סעמיועל גילבאָרן
ראָבערט אַרמין
ווילימאַם אָסטלער
נאָטן פילד
דזשאָן אָנדערוואָוד
ניקאָלאָס טולעי
ווילימאַם עקלעסטאָן
דזשאָזעף טיילאָר
ראָבערט בענפילד
ראָבערט קאָנגהעי
ריטשאַרד ראָבינסאָן
דזשאָ שאַנק
דזשאָן רייס

אינטערעסאַנט פאַר דעם שטודירן דעם אופן ווי אַזוי שעקספּיר האָט געאַרבעט און געשאַפן איז אויך דאָס, וואָס העמינדזש און קאָנדעל דערמאָנען אין זייער פאָרוואָרט צו דער „פּאָליאָ", אַז דאָס זיינען די פּיעסן, וואָס שעקספּיר האָט געשריבן „מיט אַזאַ לייכטקייט, אַז מיר האָבן אים קיינמאָל ניט געזען אויסמעקן קיין איין שורה". אויף וואָס בען דזשאָנסאָן האָט מיט זיין שטענדיקער שטעכיקייט שפּעטער באַמערקט „הלוואי וואָלט ער געווען אויסגעמעקט כאָטש אַ טויזנט".

מען קאָן ניט זאָגן, אַז די ערשטע „פּאָליאָ", וואָס איז צוזאַמענגע־

שטעלט געוואָרן שוין אונטער דער אויפזיכט פון שעקספּירס נאָענטסטע פריינט, טעאַטער־מענטשן, וועלכע האָבן וואַרשיינלעך גוט געקענט די געשפּילטע פּיעסן, איז געווען אַן אידעאַלע אויסגאַבע. עס פעלן אין איר אויך ניט קיין משונהדיקע גרייזן. אַ גאַנצע ריי וויכטיקע שטעלן פון די „קוואַרטאָס" פעלן אין דער „פאָליאָ". דאָך אָבער רעכנט זיך דאָס דער־שיינען צום ערשטן מאָל אין איין זאַמלונג פון שעקספּירס אַלע ווערק פאַר אַ זייער וויכטיקער און באַדייטנדיקער געשעעניש אין דער גאַנצער וועלט־ליטעראַטור. ס'איז אָן ספק דער וויכטיקסטער ליטעראַטור־באַנד אין דער ענגלישער שפּראַך חוץ דער ביבל. און ס'איז גאַנץ באַרעכ־טיקט די וואַרעמע אָנערקענונג, וואָס מר. דזשיימס לאָועל דריקט אויס ווען ער שרייבט:

„איך צווייפל אויב די קומענדיקע דורות זיינען שולדיק אַ גרע־סערן חוב צו וועלכע צוויי מענטשן, וואָס האָבן געלעבט אין 1623, ווי צו די צוויי אומבאַקאַנטע אַקטיאָרן, וועלכע האָבן אין יענעם יאָר אַרויסגעגעבן די ערשטע פאָליאָ־אויסגאַבע פון שעקספּירס פּיעסן. ווען נישט זיי, קאָן מער ווי מעגלעך זיין, אַז די פון זיינע פּיעסן וואָס זיינען געהאַט געבליבן ביז צו יענער צייט אומגעדרוקט וואָלטן געווען פאַרלוירן געגאַנגען מען זאָל זיי מער ניט קאָנען אָפּגעפינען, און צווישן זיי זיינען געווען „דזשוליוס צעזאַר", „שטור־רעם" און „מאַקבעט"."

אין 1632 איז דורך טאָמאַס קאָט פאַר אַ סינדיקאַט פון פינף אַרויסגעבערס דערשינען די צווייטע „פאָליאָ". די דריטע פאָליאָ איז דערשינען אין 1663 און אין 1685 איז אָפּגעדרוקט געוואָרן די פערטע פאָליאָ־אויסגאַבע. דערביי האָבן אויך ניט געפעלט קיין קוריאָזן, וואָס זאָגן עדות אויף דעם אַרויסגעבער־צושטאַנד פון יענער צייט. צו דער איבערגעדרוקטער אויסגאַבע פון דער דריטער פאָליאָ, וואָס ער האָט אַרויסגעגעבן אין אַ יאָר אַרום (1664) האָט דער פאַרלעגער פיליפּ טשעטווינד צוגעגעבן זיבן פּיעסן, וואָס זעקס פון זיי האָבן לחלוטין קיין שייכות ניט געהאַט מיט שעקספּירן. די 7טע איז געווען „פּעריקלעס", וואָס מען האַלט, אַז זי איז געשריבן געוואָרן פון אַן אומבאַקאַנטן שריי־בער, אפשר דזשאָרדזש ווילקינס, און שעקספּיר האָט זי בלויז אַרומגעפּוצט. די ערשטע זעקס זיינען געווען: „דער פּרינץ פון טייר", „דער לאָנדאָנער הולטיי", „די געשיכטע פון טאָמאַס קראָמוועל", „סער דזשאָן אָלדקאַסטעל", „די פּוריטאַנישע אלמנה", „אַ יאָרקשיר טראַגעדיע" און

„די טראַגעדיע פֿון לאָקרין". אַלע פּיעסן, װעלכע די שװינדלערישע אַרױסגעבער האָבן אַמאָל געהאַט אָפּגעדרוקט אונטער שעקספּירס נאָמען. ס'האָבן אין דער צײַט פֿון דער דערשײַנונג פֿון די פֿאַרשײדענע „פֿאָליאָס" אױך ניט געפֿעלט קײן באַזונדערע „קװאַרטאָ"-אױסגאַבן פֿון אײנצלנע שעקספּירס פּיעסן, װאָס זײַנען פֿריער בײַ זײַן לעבן ניט געהאַט דערשינען. זײ האָבן נאָך מער געהאָלפֿן דער צעמישעניש, און שװערקײט פֿעסטצושטעלן די אױטענטישקײט פֿון שעקספּירס טעקסטן. אַזױ אַז ס'איז באמת געװען אַן אַרבעט פֿון דורות פֿאַר די באַרימטסטע ליטעראַטור-פֿאַרשער קלאָר צו מאַכן די גאַנצע טונקלקײט, אין װעלכער ס'איז געװען אַרומגעהילט אַ גרױסער טײל פֿון שעקספּירס שאַפֿן, און אײנצושטעלן אַ פֿעסטן סדר אין דער כראָנאָלאָגיע פֿון זײַנע װערק.

אין דער כראָנאָלאָגיע-פֿאָרשונג פֿון שעקספּירס פּיעסן האָבן, נאַטירלעך, געמוזט אָנגעװענדט װערן די מעטאָדן פֿון „אױסערלעכע באַװײַזן" און פֿון „אינערלעכע באַװײַזן". די אױסערלעכע באַװײַזן האָבן ס'רוב זיך סומך געװען אױף די דאַטן, װאָס זײַנען אָנגעגעבן אױף די ערשטע קװאַרטאָ-אױסגאַבעס, אָדער פֿאַרצײכענונגען װען עס זײַנען אַרײַנגעטראָגן געװאָרן די מעלדונגען אין דעם „סטײשאָנערס רעגיסטער", אַז אַזאָ און אַזאָ פּיעסע װערט צוגעגרײט צום אַרױסגעבן. דער סטײשאָנערס רעגיסטער איז געװען דער רעקאָרד, װאָס די קאָרפּאָראַציע פֿון דרוקערס און אַרױסגעבערס האָבן געהאַלטן, און װאָס האָט, אױף אַ געװיסן אופֿן, באַדאַרפֿט באַשיצן די רעכט פֿון די מיטגלידער, אױב מען האָט דאָרט פֿאַררעגיסטרירט, אַז אַ בוך װערט אַרױסגעגעבן. אױסערלעכע באַװײַזן האָבן אױך געליפֿערט געװיסע שרײַבערס פֿון טאָג-ביכער, װאָס האָבן געלעבט אין יענער צײַט און באַזוכט דאָס שעקספּירישע טעאַטער. אַ גרױסע ראָלע האָט אין דעם געשפּילט דער שױן אײנמאָל ציטירטער פּרעגנציס מערעס, װאָס האָט אין זײַן „פּאַלאַדיס טאַמיאַ", פֿאַרעפֿנטלעכט אין 1598, געזוכט צו געבן אַן אָפּשאַצונג פֿון שעקספּירס אָרט אין דער ענגלישער ליטעראַטור. ער רעכנט דאָרט אױס אַ רײ פֿון זײַנע פּיעסן, און ס'װערט אַזױ אַרום קלאָר, אַז די אַלע דערמאָנטע שטיקער זײַנען געשריבן געװאָרן פֿאַר 1598. אױך פֿיליפּ הענסלאָוס טאָגבוך איז געװען אַ װיכטיקער מאַטעריאַל, מיט װעלכן מען האָט זיך באַנוצט בײַם זוכן די אױסערלעכע באַװײַזן פֿאַר דער באַשטימונג פֿון דעם כראָנאָלאָגישן סדר פֿון שעקספּירס װערק.

די אינערלעכע באַװײַזן שטיצן זיך קודם-כל אױף געװיסע אָנדײַטונגען אין די פּיעסן גופֿא אױף אַ רײ געשעענישן, װאָס מען װײסט באַ-

שטימט ווען זיי זיינען פאָרגעקומען. אַזוי, למשל, זאָגט די אַלטע אַם אין „ראָמעאָ און דזשוליעט״: „ס׳איז נאָך דער ערד־ציטערניש איצט שוין עלף יאָר״. די פראַזע האָט זיכער אַ שייכות צו דער באַרימטער ערד־ציטערניש, וואָס איז פאָרגעקומען אין 1580. אַזוי אַז מען נעמט אָן, אַז „ראָמעאָ״ איז אויפגעפירט געוואָרן אַרום 1591. אין פראָלאָג צום לעצטן אַקט פון „הענרי דער 5טער״ גיט שעקספיר אַ זייער אָפענע אָנדייטונג אויף דער ענטוזיאַסטישער אויפנאַמע, וואָס דערוואַרט דעם אוירל פון עסעקס, ווען ער וועט זיגרייך צוריקקומען נאָכדעם ווי ער וועט האָבן אונטערדריקט דעם אויפשטאַנד אין איירלאַנד. עסעקס׳ אומגעלונגענע עקספעדיציע, וואָס האָט געפירט צו זיין אונטערגאַנג, איז פאָרגעקומען אָנהייב 1599, אַזוי אַז ס׳איז זיכער, אַז די פיעסע איז אויפגעפירט געוואָרן אַרום יענער צייט. אין פראָלאָג צו דער דערמאָנטער פיעסע וועקט שעקספיר די אימאַזשינאַציע פונעם פובליקום און בעט זיי זאָלן זיך פאָרשטעלן, אַז די גרויסע געשעענישן, וואָס ווערן דאָ פאָרגעשטעלט אין די גרעניצן פון „אָט דעם הילצערנעם (0)״ שפּילן זיך טאַקע אָפּ אויף די פעלדער פון ענגלאַנד און פראַנקרייך. דאָס איז אָן ספק אַן אָנדייט אויף דער בינע פון דעם אין 1599 אויסגעבויטן נייעם „גלאָוב״־טעאַטער, וואָס איז געווען געפאָרעמט ווי אַ קיילעכדיקער 0. אין „קעניג ליר״ ווערט דערמאָנט די זעלטענע געשעעניש פון דער טאָפּלטער לקוי־חמה און לבנה, וואָס איז פאָרגעקומען אין 1605. די אינערלעכע באַווייזן זיינען זיך אויך סומך אויף געוויסע ציטאַטן אין די פיעסן אויס ביכער, וואָס זיינען אַרום יענער צייט דערשינען. אין „ווי אייך געפעלט״ ציטירט שעקספיר אַ שורה פון מאַרלאָוס „הערא און לעאַנדער״, וואָס איז געדרוקט געוואָרן אין 1598, אַזוי אַז ס׳קאָן קיין ספק ניט זיין, אַז די פיעסע איז ערשט געשפּילט געוואָרן נאָך דעם דערמאָנטן דאַטום. דאָס זעלבע איז ווידער מיט „קעניג ליר״, וואו שעקספיר גיט אָנדייטונגען אויף פלאָריאָס איבערזעצונג פון מאָנטיינס עסייען, וואָס איז דערשינען אין 1603.

אָבער אַ סך וויכטיקער ווי די דערמאָנטע אָנדייטונגען זיינען אַלס אינערלעכע באַווייזן געווען די פאָרשונגען, וואָס האָבן געהאַט צו טאָן מיט די ענדערונגען אין סטיל, וועלכע שעקספיר האָט דורכגעמאַכט אין געוויסע פעריאָדן פון זיין לעבן. די ענדערונגען, וואָס האָבן געהאַט צו טאָן מיט דעם אַלץ פרייערן און געשיקטערן באַנוצן זיך מיט זיין שפּראַך־מאַטעריאַל אין דעם אויסהאַמערן פון זיינע געניאַלע ווערק. ווייל וואָס רייכער עס זיינען געוואָרן זיינע דערפאַרונגען; וואָס טיפער עס זיי־

נען געוואָרן זיינע איבערלעבונגען; וואָס שאַרפער עס איז געוואָרן זיין אַריינבליק אין די תהומות פון דער מענטשלעכער נשמה, אַלץ ברייטער איז געוואָרן שעקספּירס פּאָרמעסט אַרומצונעמען וואָס מער פּראָבלעמען פון מענטשלעכן לעבן און מענטשלעכן שיקזאַל. זיינע טעמעס זיינען געוואָרן געוויכטיקער און שווערער. און דאָס האָט אומבאַדינגט געמוזט ברענגען מיט זיך אַ פרייערע באַהערשונג פון דער פאָרם, אין וועלכער זיינע ווערק זיינען אויסגעגאָסן געוואָרן. ווען דער קינסטלערישער געוויכט האָט געמוזט געלייגט ווערן אויף דער אינערלעכער דראַמאַטישקייט און דעם נשמהדיקן פּאָרגאַנג פון אַ כאַראַקטער, איז געווען ניט מער ווי נאַטירלעך, אַז וויניקער אָנשטרענגונג זאָל אָנגעווענדט ווערן אויף דער אויסערלעכער געצאַצקעטקייט און שפּילעוודיקייט פון דער שפּראַך, וואָס איז באַנוצט געוואָרן דעם כאַראַקטער לעבעדיק צו מאַכן. שפּראַך האָט געמוזט אויפהערן צו זיין אַ ציל פאַר זיך אַליין. זי האָט געמוזט ווערן קאָנצענטרירט און אָנגעלאָדן מיט דעם דינאַמישן כוח, וועלכער איז אומבאַדינגט נויטיק אַרויסצוברענגען אַ געשפּאַנטע סיטואַציע אָדער דראַמאַטישן קאָנפליקט. איז טאַקע קלאָר, אַז בשעת אין די פּיעסן פון זיינע פריע שאַפונגס־יאָרן באַנוצט זיך שעקספּיר מיט אַן אָרנאַמענטירטער שפּראַך; אַ שפּראַך וואָס איז פול מיט אימאַזשן, מיט קלאַסישע אָנדייטונגען, מיט שאַרפזיניקע ווערטלעך און וויציקע שפּרוכן, וועלכע פאַרדעקן צייטנווייז די דינקייט פון דעם אינהאַלט, ווערט זיין שפּראַך אין די פּיעסן פון די שפּעטערדיקע יאָרן געלייטערט און געשטאַרקט. זי באַפרייט זיך פון אַלע איבערפליסיקע עלעמענטן, און ווערט אָנגעווענדט נאָר כדי קלאָרער און בולטער אויסצודריקן דעם נויטיקן געדאַנק און שאַרפע דראַמאַטישקייט.

ווייל אויב אין זיינע ערשטע פּיעסן גיט שעקספּיר בלויז אָנגעוואָרפענע סקיצן פון מענטשלעכע כאַראַקטערס; ער טרויט זיך נאָך ניט אַרונטערצולאָזן אין די טיפע, געפערלעכע אָפּגרונטן, וואו עס שטורעמען און שפּילן די טונקעלע כוחות פון מענטשלעכע ליידנשאַפטן; הייבט ער אָבער אין זיינע ווייטערדיקע פּיעסן אָן אַלץ שאַרפער צו געבן פולבלוטיקע, אויסגעוואַקסענע פּאָרטרעטן פון כאַראַקטערס אין זייער מענטשלעכער קאָמפּליצירטקייט. כאַראַקטערס וואָס זיינען פול סיי מיט די שאַרפסטע ווידערשפּרוכן, און סיי מיט די איידלסטע, צאַרטסטע שאָטן־שפּילן. און צוזאַמען מיט דעם מוז אויך רייכער און רייפער ווערן דער קינסטלערישער מאַטעריאַל, פון וועלכע אָט־די פּאָרטרעטן ווערן אויסגעוועבט. אויב אין די פריערדיקע דראַמעס, אָדער קאָמעדיעס, פליסן

זיינע פּערזאָן מיט אַ געוויסער מאָנאָטאָנקייט, ווערן זיי שפּעטער אַזוי עלאַסטיש, אַזוי בויגיק, אַז זיי קאָנען אויפן דינסטן אופן איבערגעבן אַלע אינטימסטע און שטאַרקסטע איבערלעבונגען פון דער מענטשלעכער נשמה. אין די פריערע פּיעסן באַנוצט שעקספּיר זיך כמעט דורכאויס מיט פּערזן. ער קומט קיינמאָל ניט אָן צו פּראָזע. אַפילו די פּשוטע דינערס ריידן אין ריימען. וואָס אַמאָל אָבער באַפרייט ער זיך פון דער צוגעבונדנקייט צו דעם מאַניער. ער זאָגט זיך ביסלעכווייז אָפּ פון גע־ריימטער פּאָעזיע, און הייבט אָן אַריינצופירן דעם פרייערן און מער בויגיקן בלאַנקן פּערז. און ווען די דראַמאַטישע אָדער קאָמישע סיטואַציעס פאָדערן עס בעסער באַנוצט ער זיך גאָר מיט דער שלאַנקער, פריי־פליסנדיקער פּראָזע, וועלכע ער האָט דערהויבן צו אַזאַ מייסטערשאַפט. אַזוי אַז אין געוויסע פּיעסן, וואו ער באַנוצט זיך, צוליב אַפּוועקסלונג, מיט דעם געמיש פון פּאָעזיע און פּראָזע, דערגרייכט ער אַן אומגעהייערע שיינקייט.

און אַ חוץ דעם — אין די ערשטע פּיעסן האָט שעקספּיר שטאַרק אַכטונג געגעבן אויף דער אַפּגעהיטנקייט פון זיין מעטער אין די גע־ריימטע פּערזן. פונקט אַזוי האָט ער אין די בלאַנקע, אומגעריימטע פּערזן אָפּגעהיט די איינגעשטעלטע נאָרמע פון יאַמבישן פּענטאַמעטער — ווען יעדע שורה מוז באַשטיין פון פינף צוויי־זילביקע „פיס", וואו די כסדרדיקע איבערחזרונג פון די אַקצענטירטע זילבן, וואָס פאָלגן נאָך די ניט־אַקצענטירטע, העלפן שאַפן דעם שטייגנדיקן ריטם. יעדע שורה האָט, אין דער ערשטער צייט, אומבאַדינגט זיך געמוזט ענדיקן מיט אַ פּויזע. דער געדאַנק פון אַ זאַץ האָט גאַנץ אָפט געמוזט אַרויסקומען גע־פּענטעט, ווייל ער האָט זיך געמוזט אַריינפּאַסן אין דער נויטיקער שורה אַריין. מיט דער אַלץ וואַקסנדיקער רייפקייט זיינער הייבט שעקספּיר אָן, אין די שפּעטערדיקע פּיעסן, צו וואַריאירן זיינע פּויזן. דער געדאַנק פון אַ זאַץ ווערט גאַנץ אָפט איבערגעטראָגן אין דער צווייטער שורה אַריין, מיט דער נויטיקער פּויזע וואו זי קומט אויס, אַפילו אין מיטן דער שורה. אַ סך מאָל נוצט ער אויך דעם מאַניער, וואָס איין פּערזאָן רעדט נאָר אַ האַלבע שורה, און דער סוף פון דער שורה ווערט געענדיקט דורך אַ צווייטער פּערזאָן. אַזוי אַז עס באַקומט זיך אַן אומגעהייערע פרייקייט און שוואונגפולקייט, מיט וועלכע עס פליסן געדאַנק נאָך געדאַנק, אַנ־שטאָט דער פריערדיקער אָפּגעהיטענער געפּענטעטקייט.

אָט־די נייע איינפירונג האָט שוין נאַטירלעכערווייז געבראַנגט מיט זיך אַ נייע דערשיינונג. פריער, ווען יעדער געריימטער אָדער ניט־

גערייממטער פערז האָט אַנטהאַלטן אין זיך אַ געשלאָסענעם געדאַנק, האָט זיך יעדע שורה אומבאַדינגט געמוזט ענדיקן מיט אַ שטאַרקער, אַקצענ־טירטער זילבע, מיט עפּעס אַ וויכטיק וואָרט. שפּעטער אָבער, ווען דער געדאַנק האָט זיך פריי אַריבערגעטראָגן פון שורה צו שורה, האָט לייכט געקאָנט טרעפן, אַז אַ בלאַנקער פערז זאָל זיך ענדיקן מיט עפּעס אַ גאַנץ צופעליק בינד־ אָדער פאַר־וואָרט. אַזוי אַרום האָבן זיך אַנשטאָט די פריערדיקע „שטאַרקע", באַקומען די שפּעטערדיקע „שוואַכע" סופן אין אַ סך שורות. פּונקט אַזוי ווי — כדי נאָך פרייער צו באַמייסטערן זיין סטיל — ער הייבט אָן צו נוצן די אַזוי־גערופענע „טאָפּל" אָדער „ווייב־לעכע" סוף־שורות, ווען דער לעצטער „פוס" האָט מער ווי די געוויינלעכע צאָל זילבן. און אָט־די סטיל־פאָרשונגען, דאָס אַנאַליזירן דעם שפּראַכ־לעכן און פאָרמעלן אינהאַלט פון זיינע פּיעסן, האָבן עס געגעבן די שעקספּיר־געלערנטע דעם אַזוי נויטיקן שליסל פאַר דער פעסטשטעלונג פון דער כראָנאָלאָגישער אָרדענונג פון זיינע ווערק. כאָטש אויך דאָ האָט מען געמוזט אָנווענדן אַ סך פאָרזיכט און געוואָרנטקייט. ווייל, ווי ביי יעדן כלל, זיינען אויך ביי שעקספּירן געווען ניט ווייניק אויס־נאָמען. אַזוי האָט מען אין אַ סך פריערדיקע ווערק זיינע געקאָנט גע־פינען געוויסע שטעלן, וואָס זיינען שוין געווען אַ בולטער אָנזאָג פון שפּעטערע, רייפערע שטריכן. פּונקט ווי אין געוויסע שפּעטערדיקע ווערק האָבן זיך אַריינגעכאַפּט גאַנצע שטיקער, וואָס האָבן געהאַט די כאַראַקטעריסטישע אייגנשאַפטן פון זיינע פריערדיקע ווערק.

צווישן די ערשטע, וואָס האָבן אָנגעהויבן אָנצואווענדן די אַזוי־גע־רופענע „קוואַנטיטאַטיווע" קריטיק, וועלכע גיט זיך אָפּ מיט די כאַראַק־טעריסטישע אייגנאַרטיקייטן פון שעקספּירס פערז, נאָך וועלכע ס'זאָל מעגלעך זיין צו באַשטימען די צייט ווען געוויסע פּיעסן זיינען געשריבן געוואָרן, רעכענען זיך הויפּטזאַכלעך טשאַרלס באַטראָסט, וואָס האָט אין 1857 אָנגעוויזן אויף די ענדערונגען אין שעקספּירס פערזן לויט ווי זיי האָבן זיך אַנטוויקלט אין זיין קאַריערע. שפּעטער האָט פּראָפעסאָר י. ק. אינגראַם זיך אָפּגעשטעלט אויף די זעלבע אייגנשאַפטן. און צום סוף האָבן רעוו. פ. ג. פליאיי אין ענגלאַנד און פּראָפ. הערצבערגער אין דייטשלאַנד סיסטעמאַטיש אָנגעהויבן אָנצואווענדן דעם מעטאָד פון קוואַנטיטאַטיווער קריטיק, לויט וועלכער ס'איז שפּעטער איינגעשטעלט געוואָרן די מער־ווייניק זיכערע כראָנאָלאָגיע פון שעקספּירס פּיעסן. ביי דער איצטיקער צייט איז עס כמעט אַן אָנגענומענער פאַקט, אַז דער סדר פון די פּיעסן גייט — לויט ווי עדמאָנט ק. טשעמבערס גיט אים אָן:

| | |
|---|---|
| „הענרי דער 6טער" (צווייטער און דריטער טייל) | 1590‑1 |
| „הענרי דער 6טער (ערשטער טייל) | 1591‑2 |
| „ריטשאַרד דער 3טער", „טעות־קאָמעדיע" | 1592‑3 |
| „טיטוס אַנדראָניקוס", „צוימונג פון דער מרשעת" | 1593‑4 |
| „צוויי דזשענטלמענער פון ווער‌אָנאַ", „די פאַרלוירענע ליבעס־מי", „ראָמעאָ און דזשוליעט", „ריטשאַרד דער 2טער", מיטזומער־נאַכט חלום | 1595‑6 |
| „קעניג דזשאָן", „סוחר פון ווענעדיק" | 1596‑7 |
| „הענרי דער 4טער" (ערשטער און צווייטער טייל) | 1597‑8 |
| „אַ סך טומל איבער גאָרניט", „הענרי דער 5טער" | 1598‑9 |
| „דזשוליוס צעזאַר", „ווי אייך געפעלט", „צוועלפטע נאַכט" | 1599‑0 |
| „האַמלעט", „לוסטיקע ווייבער פון ווינדזאָר" | 1600‑1 |
| „טראָאילוס און קרעסידאַ" | 1601‑2 |
| „אַלץ איז גוט וואָס ענדיקט זיך גוט" | 1602‑3 |
| „מאָס פאַר מאָס", „אָטעלאָ" | 1604‑5 |
| „קעניג ליר", „מאַקבעט" | 1605‑6 |
| „אַנטאָני און קלעאָפּאַטראַ" | 1606‑7 |
| „קאָריאָלאַנוס", „טימאָן פון אַטען" | 1607‑8 |
| „פּעריקלעס" | 1608‑9 |
| „צימבעלין" | 1609‑10 |
| „ווינטער־מעשהלע" | 1610‑11 |
| „שטורעם" | 1611‑12 |
| „הענרי דער 8ער", „צוויי נאָבעלע קרובים" | 1612‑13 |

אַנדערע פאָרשער שטעלן פעסט דעם כראָנאָלאָגישן סדר אויף דעם אופן:

| | |
|---|---|
| „טעות־קאָמעדיע" | 1588 |
| „פאַרלוירענע ליבעס־מי" | 1590 |
| „צוויי דזשענטלמענער פון ווער‌אָנאַ" | 1591 |
| „הענרי דער 6טער" (צווייטער און דריטער טייל) | 1592 |
| „טיטוס אַנדראָניקוס" | 1593‑4 |
| „ריטשאַרד דער 3טער", „מיטזומער־נאַכט חלום" | 1594 |
| „ריטשאַרד דער 2טער", „ראָמעאָ און דזשוליעט" | 1595 |
| „קעניג דזשאָן" | 1595‑6 |

| | |
|---|---|
| „סוחר פון װענעדיק״, „צוימונג פון מרשעת״ | 1596 |
| „הענרי דער 4טער״ (ערשטער טייל) | 1597 |
| „הענרי דער 4טער״ (צווייטער טייל) | 1598 |
| „הענרי דער 5טער״, „הענרי דער 6טער״ (ערשטער טייל) | |
| „דזשוליוס צעזאַר״ | 1599 |
| „לוסטיקע װייבער פון װינדזאָר״ | 1599-1600 |
| „אַ סך טומל איבער גאָרניט״ | 1600 |
| „װי איך געפעלט״ | 1600 |
| „צוועלפטע נאַכט״, „האַמלעט״ | 1601 |
| „טראָאילוס און קרעסידא״ | 1602 |
| „מאָס פאַר מאָס״ | 1603 |
| „אַלץ איז גוט װאָס ענדיקט זיך גוט״, „אָטעלאָ״ | 1604 |
| „קעניג ליר״ | 1605 |
| „מאַקבעט״ | 1606 |
| „טימאָן פון אַטען״, „אַנטאָני און קלעאָפּאַטראַ״ | 1607 |
| „פּעריקלעס״ | 1608 |
| „קאָריאָלאַנוס״ | 1609 |
| „צימבעלין״ | 1610 |
| „װינטער־מעשהלע״ | 1610-11 |
| „שטורעם״ | 1611 |
| „הענרי דער 8טער״ | 1613 |

און פון די ריין־פּאָעטישע שאַפונגען זיינען „װענוס און אַדאָניס״ געשאַפן געװאָרן אין 1592, „לוקרעציאַ״ אין 1593. און די סאָנעטן זיינען געשאַפן געװאָרן אין משך פון די יאָרן 1594-1600.

אַ זייער אינטערעסאַנט אָרט פאַרנעמט אין דער מוזעאום־ביבליאָטעק די גרויסע בילדער־קאָלעקציע פון אַלע װיכטיקסטע ענגלישע שױשפּילער, װאָס האָבן װען עס איז זיך אויסגעצייכנט אין דער אויספירונג פון שעקספּירס טראַגישע אָדער קאָמישע העלדן־ראָלן. עס הענגען די בילדער פון קעמבל, גאַריק, עדװין בוט, פאָרבערטס ראָבערטסאָן, הענרי אירװינג, אין ראָלן פון שיילאָק, מאַקבעט און האַמלעט. די אַלע, װאָס האָבן די אָנרעגונג און דעם מאַטעריאַל פאַר זייערע גרויסע שױשפּילע־

רישע טאַלאַנטן געפונען אין דער גענויאַלער שאַפונג פון דעם טעאַטער־מייסטער, פּאָעט און שוישפּילער. אינטערעסאַנט איז, וואָס פון שעקספּירן אַליין זיינען דאָ אין דעם מוזעאום — ווי בכלל אין אַלע מוזעאומס, וואָס זיינען אים געווידמעט — ניט פאַראַן קיין בילדער, וואו ער זאָל פאַרגעשטעלט ווערן אין וועלכער ס׳איז טעאַטער־ראָלע. אַלע שעקספּיר־פּאָרטרעטן, וואָס זיינען פאַרבליבן, סיי דער פלאוער־פּאָרטרעט אין מע־מאָריאַל־מוזעאום (לויטן נאָמען פון דעם, וואָס האָט אים געפונען און געשאָנקען) ; דער אויל־פּאָרטרעט, פון וועלכן מאַרטין דרוסהאָוט האָט געצייכנט דאָס בילד, וואָס איז בייגעלייגט צו דער ערשטער „פּאָליאָ״. סיי דער עליי־האָוז־פּאָרטרעט, וואָס געפינט זיך איצט אין „געבוירן־הויז״ (לויטן נאָמען פון בישאָף עליי, צו וועמען ער האָט אַמאָל געהערט). סיי דער טשאַנדאָס־פּאָרטרעט (איצט אין דער לאָנדאָנער נאַציאָנאַל־פּאָרטרעטן־גאַלעריע) וואָס איז לויט דער טראַדיציע געמאָלן געוואָרן פון ריטשאַרד באַרבעדזשן, וועלכער איז אַ חוץ אַקטיאָר געווען אויך זייער אַ פיינער מאָלער, — אַלע שטעלן זיי פאָר דעם פּאָעט אין פּריוואַטן לעבן, אַלס פיינעם, צאַרט־אויסזעענדיקן דזשענטלמאַן.

לעצטנס איז נאָך אויך אַנטדעקט געוואָרן דער פּאָרטרעט, וואָס גע־פינט זיך איצט אין רשות פון פראַנק דע העימאַן דזשוניאָר אין ניו־יאָרק. דער פּאָרטרעט זאָל האָבן געמאָלן געוואָרן אין 1603 דורך דעם האָלענדישן מאָלער קאַרעל וואַן מאַנדער. ער שטעלט פאָר שעקספּירן ווי ער שפּילט אַ שאַך־פּאַרטיע מיט בען דזשאָנסאָנען. עס זאָל הייסן, אַז די שפּיל זאָל סימבאָליזירן די באַרימטע „מלחמה פון די טעאַטערס״. זיין צאַרטקייט און גייסטיקייט זעען זיך אויך בולט אויף דער אַזוי־גע־רופענער שעקספּירס־טויטן־מאַסקע, וואָס העגגט צוזאַמען מיט עטלעכע קאָפּיעס אין „געבוירן־הויז״. מיט דער מאַסקע, איז פאַרבונדן אַ טשי־קאַווע געשיכטע. די „קעסלשטאַטער טויטנמאַסקע״, ווי מען רופט זי, זאָל אין 1849 האָבן אַנטדעקט געוואָרן דורך דר. לודוויג בעקער, דער ביבליאָטעקאַר פון גראַפישן פּאַלאַץ אין דאַרמשטאַט, דייטשלאַנד. גע־פונען האָט ער זי זיך וואַלגערן אין אַ געוועלב פון אַלטע שמאַטעס. זי זאָל האָבן אַמאָל געהערט צו דער פאַמיליע פון גראַף פראַנציס פאָן קעסלשטאַט אין מאַינץ. דר. בעקער האָט די מאַסקע גלייך אַוועקגעפירט קיין ענגלאַנד, וואו זי איז איבערגעגעבן געוואָרן אין דעם „געבוירן־הויז־מוזעאום״. אַ סך פאָרשער איילן זיך פונדעסטוועגן ניט צו באַשטעטיקן איר אויטענטישקייט. אָבער, ווי געזאָגט, די אַלע בילדער שטעלן פאָר שעקספּירן אין פּריוואַטן לעבן, נישט אין קיין שוישפּילערישער פאַרמאַס־

קירונג. און דאָס ברענגט צום געדאַנק די פראַגע וועגן שעקספּירן אַלס אַקטיאָר.

ס'זיינען ליידער ניט פאַרבליבן קיין סך מאַטעריאַלן וועגן שעקספּירס שוישפּילערישער קאַריערע. ס'איז שווער פעסטצושטעלן וואָס פאַר אַ פּלאַץ ער האָט פאַרנומען אין דער לאָרד־טשעמבערליין־טרופּע אַלס שוישפּילער. און נאָך מער — וואָס פאַר אַ פּלאַץ וואָלט ער פאַרנומען אַלס אַקטיאָר, ווען ער זאָל אין דער זעלבער צייט ניט געווען זיין דער ערשטער און וויכטיקסטער דראַמען־שרייבער פון זיין צייט. אָבער כמעט אַלע פאָרשער קומען צו דער איבערצייגונג, אַז ער איז געווען ניט מער ווי אַ צווייט־ראַנגיקער שוישפּילער, וואָס האָט זיך אויסגעצייכנט מערסטנס אין צוריקגעהאַלטענע, בכבודיקע כאַראַקטער־ראָלן. אויף די אויפבאַהאַלטענע שפּיל־צעטלען און מעלדונגען וועגן די הויף־פאָרשטעלונגען, שטייט שעקספּירס נאָמען תמיד אָדער דער ערשטער, אָדער דער צווייטער פון טעאַטער־פערסאָנאַל. אָבער דאָס איז זיכער געטאָן געוואָרן מער צוליב זיין וויכטיקייט אַלס שרייבער ווי אַלס אַקטיאָר. דער פאַקט וואָס ער האָט זיינע שטאַרק־ליידנשאַפטלעכע טראַגישע העלדן־ראָלן געשריבן כמעט אויסשליסלעך פאַר ריטשאַרד באַרבעדזשן, איינער פון די צוויי טראַגישע אַקטיאָרן פון זיין צייט, און דאָס וואָס שעקספּיר אַליין האָט זיך קיינמאָל ניט אונטערגענומען צו שפּילן קיין מאַקבעט, למשל, אָדער ריטשאַרד דעם דריטן, באַווייזט, אַז ער איז ניט געווען קיין עמאָציאָנעלער שוישפּילער. מעגלעך אַז ער האָט ניט געהאַט קיין גענוג גרויסע שטימע, אָדער די גוטיקע פיגור פאַר אַזעלכע ראָלן. ער האָט געמוזט שפּילן „אינטעליגענטע" ראָלן, אַזעלכע וואָס האָבן געפאָדערט ווירדיקע האַלטונג און געמאָסטענע באַנעמונגען. אַזוי איז באַוואוסט, אַז ער האָט געשפּילט דעם גייסט אין „האַמלעט", געוויסע ראָלן פון קעניגן, און אַלטע לייט. שעקספּירס אַ יונגערער ברודער, דזשילבערט, וואָס האָט אים איבערגעלעבט אַ שטיק צייט, און פלעגט שפּעטער ליב האָבן צו קומען צווישן אַקטיאָרן, האָט תמיד געפלעגט באַכדערציילן, ווי ער האָט אַמאָל געהאַט געזען וויליאַמען שפּילן אַן אַלטן דינער, וואָס האָט זיך קוים געקאָנט האַלטן אויף די פיס (אין „ווי אייך געפעלט"). אָבער וואָסערע ראָלן ער זאָל ניט האָבן געשפּילט, האָט ער זיכער געמוזט זיין אַ פיינער, געוויסנהאַפטער שוישפּילער, וועלכער האָט זיין אַרבעט גענומען ערנסט. די טעאַטער־מענטשן האָבן זיכער געהאַט אַ געהויבענע מיינונג וועגן זיין שפּילן. אַזוי האָבן מיר געזען ווי דער שוין־דערמאָנטער הענרי טשעטל האָט זיך אויסגעדריקט, אַז שעקספּיר איז געווען

„אויסגעצייכנט אין זיין שפּילן". אַ סך שפּעטער האָט דער אַלטער אַק־טיאָר וויליאַם ביסטאָן געפּלעגט נאָכדערציילן, אַז שעקספּיר האָט גע־שפּילט „אויסערגעוויינלעך גוט".

ס׳איז אָבער קיין שום ספק ניט, אַז זיין אַקטיאָרישער כוח איז באַ־שטאַנען מער אין לערנען אַנדערע ווי צו שפּילן אײדער אַליין צו שפּילן. אין דזשאָן דאָונס׳ היסטאָרישן איבערבליק איבער דער ענגלישער בינע צווישן די יאָרן 1660 און 1706 „ראָסציוס אַנגליקאַנוס", ווערט שעקס־פּיר פאַרגעשטעלט מער ווי אַ קענער מיט אַקטיאָרן, ווי אַליין אַן אַק־טיאָר. און אַז מען האָט זיך זייער שטאַרק גערעכנט מיט זיין טאַלאַנט אַלס רעזשיסער באַווייזט דער פאַקט, אַז די טראַדיציע אָפּצוהיטן די איינצלהייטן פון שעקספּירס רעזשי האָט נאָך אָנגעהאַלטן אַ לאַנגע צייט. ווען טאָמאַס בעטערטאָן האָט אין דער רעסטאַווראַציע־צייט זיך אונטער־גענומען צו שפּילן האַמלעט, האָט די ראָלע מיט אים איינגעשטודירט דער דראַמאַטיקער און טעאַטער־דירעקטאָר דאַווענאַנט, וועלכער האָט די ראָ־לע געזען שפּילן דעם אַקטיאָר טיילאָר, וואָס האָט זי געשפּילט באַלד נאָך באַרבעדזשן, אַזוי ווי שעקספּיר האָט זי מיט אים געהאַט איינשטו־דירט. אויך די ראָלע פון „העינרי דער 8טער" האָט דאַווענאַנט איינשטו־דירט מיט בעטערטאָנען לויט ווי לאָווין האָט זי געהאַט געשפּילט לויט שעקספּירס פּערזענלעכע רעזשי. און ווי דער דערמאָנטער דזשאָן דאָונס האָט דערציילט האָבן טאַקע די וועטעראַנען דזשאָן לאָווין און דזשאָזעף טיילאָר, צוויי אַקטיאָרן, וואָס זיינען געווען שעקספּירס קאָלעגן און נאָך געלעבט אין דער צייט פון דער רעסטאַווראַציע, איבערגעגעבן דעם נייעם דור אַלע פּינקטלעכע רעזשי־אָנווייזונגען, ווי שעקספּיר אַליין האָט זיי איינגעשטעלט אין פאַרשיידענע פּיעסן. לויט דזשיימס ווריִיט, דעם אוי־טאָר פון „היסטאָריא היסטריאָניקא" (1699) איז שעקספּיר געווען „אַ סך אַ בעסערער פּאָעט ווי אַ שפּילער". און לויט ווי דזשעראַרד לאַנג־בעין דריקט זיך אויס: „ער איז געווען ביידע, אַן אַקטיאָר און פּאָעט — אָבער דער גרעסטער פּאָעט, וואָס האָט ווען באַטרעטן אַ בינע". איז דען נויטיק נאָך צוצוגעבן, אַז פאַר די קומענדיקע דורות איז דאָס געווען אַ סך וויכטיקער ווי ווען מען זאָל געווען קאָנען זאָגן, אַז „ער איז געווען דער גרעסטער שוישפּילער, וואָס האָט ווען געשריבן פּאָעזיע"? . . .

אַ זייער פיינער בייטראָג זיינען אין דעם ביבליאָטעק־מוזעאום די 13 בילדער פון שעקספּירס לעבן, געמאָלן דורך טשאַרלס קאָטערמאָל לויט די צייכענונגען פון וויליאַם רייִלאַנד, וואָס שטעלן פאַר ווי דער יונגער וויליאַם זעט צום ערשטן מאָל וואַנדערנדיקע אַקטיאָרן; ווי ער צייכנט

זיך אויס אין די מאַי־טאָג־ספּאָרטן; ווי ער פּאַרלאָזט סטראַטפאָרד; בען דזשאָנסאָנס באַזוך ביי שעקספּירן אין זיין צימער אין לאָנדאָן; ווי שעקספּיר לייענט זיין פּיעסע „די לוסטיקע ווייבער פון ווינדזאָר" פאַר דער קעניגין עליזאַבעט אויף אַ שיפל אויף דער טעמזע, און נאָך אַנדערע סצענעס. דאָס לעצט־דערמאָנטע בילד ווייזט זיכער, וואָס פאַר אַן אַנגעזעענער מענטש שעקספּיר איז געווען אין עליזאַבעטס, ווי שפּעטער אין דזשיימס׳ קעניגלעכן הויף, און דערמאָנט אַזוי שטאַרק אַן בען דזשאָנסאָנס עלאָגיע איבער שעקספּירס טויט:

„דו זיסער שוואַן פון עוואָן, אַ ווי שיין
ס׳וואָלט זיין אין אונדזער טייך דיך ווידער זען,
זאָלסט ווידער פליען אויפן ברעג פון טעמז,
וואָס פלעגט דערפרייען עליזאַבעט און דזשיימז".

שעקספּירס איינאָרדענען זיך און פאַרברענגען די לעצטע יאָרן אין זיין באַליבטן און היימישן סטראַטפאָרד, צייכענען זיך ניט אויס מיט קיין שום וויכטיקע געשעענישן. אמת, זיין אהיים קומען רייך און באַרימט האָט אַרויסגערופן אַ גרויסן אויפרודער, און איז געווען אַ וויכטיקע פאַסירונג אין שטעטל. אַלע האָבן זיך געגרויסט מיט אים. אָבער די פאַסירונג איז מסתמא גיך וואָכעדיק געוואָרן. זיין וואוינען צווישן זיינע פשוטע קליינשטעטלדיקע לאַנדסלייט איז זיכער גאַנץ שנעל געוואָרן אַ נאַטירלעכע זאַך. ניט מער ווי אַ טייל פון דעם אַלגעמיינעם פּראָווינצער לעבן. און ער פון זיין זייט — ער האָט זיך מסתמא געזוכט וואָס גיכער איינצובירגערן און ווערן אַ געוויינלעכער טייל פון אָט־דעם לעבן. ער אינטערעסירט זיך שטאַרק מיט די באַדערפענישן פון זיין געמיינדע און פון זיינע אייגענע. אָבער ער זוכט ניט קיין אָפיציעלן אַמט ווי זיין פאָטער האָט עס געטאָן. ער לעבט קליינשטעטלדיק און געמיטלעך. ווי אַזוי אָבער נעמט שעקספּיר גייסטיק אויף אָט־דאָס נייע לעבן? וואָס פאַר אַ ווירקונג האָט דער איבערגאַנג אויף זיין אינערלעך געמיט? טאַקע אמת, אַז ער איז געווען מיד פון דער גרויסער שטאָט. ער האָט געבענקט נאָך דער היימישער, רואיקער צוריקגעצויגנקייט. אָבער פאָרט — ערגעץ וואו אין אים האָט דאָך, ניט־ווילנדיק, צייטנווייז געמוזט אַרויסגערופן ווערן דער פאַרגלייך צווישן דעם איצטיקן מאָנאָטאָנעם סטראַטפאָרדער לעבן, מיט די רוישיקע פאַסירונגען און איבערלעבונגען

אין לאָנדאָן. דער פאַרגלייך צווישן דעם שטילן לעבן אין דער אייגע־נער היים, מיט דעם קאָפּ־שווינדלדיקן לעבן אין טעאַטער. ס׳איז פּונקט ווי דער פאַרגלייך צווישן די דריבנע, פרידלעכע פּאַלעלעך פון היימישן עוואָן־טייך, מיט די שטורמישע, זיך־ענדערנדיקע כוואַליעס פון די וואַ־סערן אַרום די ברעגן פון ענגלישן אינדזל.

נישט געקוקט וואָס שעקספּיר אַליין האָט שוין געהאַט אַזוי פיל אי־בערגעלעבט, תהומות גאַנצע פון גליק און אומגליק, סיי אין זיין פּער־זענלעכן לעבן, און סיי אין זיין גייסטיקן שאַפן, אָבער דאָס לעבן אין סטראַטפאָרד האָט ער געפונען כמעט ווי ער האָט עס איבערגעלאָזט. גאָרניט האָט זיך געביטן. קיין זאַך איז כמעט ניט פאָרגעקומען, חוץ היימישע, טאָג־טעגלעכע זאַכן. פאַרקערט, דאָס לעבן איז נאָך דאָ געוועזן אפשר מער צוריקגעשטאַנען ווי אַמאָל. ס׳איז געוואָרן פרומער, פּורי־טאַנישער, און ענגער. אויב דער פּוריטאַנישער קאַמף קעגן טעאַטער האָט אין שעקספּירס יונגע יאָרן געהאַט געפונען בלויז אַ שוואַכן אָפּ־קלאַנג אין דעם פּראָווינציעלן סטראַטפאָרד, האָט ער אַצינד, ביי זיין אהיימקום, געהאַט זיך צעשפּילט מיט דער גאַנצער קליינשטעטלדיקער שטאַרקייט. אַ שטרענגער פאַרבאָט איז דורך די שטאָט־טאַטעס אַרויפ־געלייגט געוואָרן אויף טעאַטער, און אַ שווערע שטראָף איז באַשטימט געוואָרן פאַר די, וואָס וועלן העלפן איינאָרדענען טעאַטער־פאָרשטעלונ־גען. אין 1611 איז די שטראָף פאַרגרעסערט געוואָרן ביז 10 ענגלישע פונט. אַן אומגעהייערע סומע פאַר יענער צייט. און אין שעקספּירס אייגענער היים? — אין דעם „גרויסן הויז״? זיינע אייגענע האָבן קיין אמתע אַנונג ניט וועגן זיין גרויסקייט. זיי האָבן קיין איינע פון זיינע פּיעסן ניט געזען און זיכער ניט געלייענט. סיי זיין ווייב און סיי זיין יונגערע טאָכטער דזשודיט האָבן אַפילו ניט געקאָנט זייערע נעמען אונ־טערשרייבן. די איינציקע, וואָס האָט זיך שוין אויסגעצייכנט, אַז זי האָט געקאָנט אַביסל שרייבן און לעזן איז געווען די עלטערע טאָכטער סוסאַ־נאַ. און סוסאַנאַס מאַן, דער דאָקטאָר דזשאָן האָל, מיט וועמען זי האָט חתונה געהאַט נאָך דעם 5טן יוני, 1607, איז ביי זיין גאַנצער געלערנט־קייט געווען אַ פאַרביסענער פּוריטאַנער.

וואָס פאַר אַ שטאַרקן מאָראַלן כוח, אייזערנעם ווילן און אינערלעכע דיסציפּלין האָט מען באַדאַרפט באַזיצן כדי זיך אַליין איינצוהאַמעווען און אָנהייבן דאָס לעבן אויפסניי. גלייך ווי אינצווישן וואָלטן ניט גע־לעגן די גרויסע וועלט, די ריזיקע דערגרייכונגען, און די כישופדיקע ווי־זיעס פון איינעם פון די געניאַלסטע מוחות. מאָראַלע באַוואוסטזיניקייט

און אינערלעכע דיסציפלין, דאָס זיינען אפשר געווען די שענסטע נשמה־אייגנשאַפטן שעקספּירס, וועמענס האַרץ און גייסט זיינען געווען אַן אייביקער פלאַם פון אומרואיקע זוכענישן און בענקשאַפטן. ווייל נאָר אַ מאָראַלישׁ געזונטער מענטש האָט געקאָנט שאַפן אַזעלכע פערפעקטע ווערק, וואָס זיינען אַ מוסטער פון קינסטלערישער און אינטעלעקטועלער גאַנצקייט. און די באַוואונדערונג פאַר אים ווערט נאָך גרעסער ווען מען דערמאָנט זיך אַן זיין שטורמישער, ליידנשאַפטלעכער נאַטור. זיין האַרץ איז דאָך געווען אָפן פאַר אַלעם, וואָס איז נאָר געווען מענטשלעך. ער האָט געבענקט און געליטן. ער האָט געליבט און אַנטוישט געוואָרן. אַלעס זינלעכע, ערדישע איז אים ניט געווען פרעמד. ער איז געווען טעמפּעראַמענטפול און באַגערנדיק. און דערצו נאָך האָט ער געהאַט אויסערגעוויינלעכע געלעגנהייטן צוליב זיין באַרימטקייט און שטעלונג אין די העכסטע קרייזן. אָבער ווי שיין איז זיין לעבן ווען מען פּרובירט עס פאַרגלייכן מיט דעם פון מאַרלאָו, גרין און אַנדערע פון זיין סביבה.

ס׳איז אויך אַן שום צווייפל, אַז איינע פון די געבענטשטע מעלות, וואָס האָבן סיי זיין לעבן, סיי זיינע ווערק געשטעלט אַזוי פיל העכער פון די פון זיינע מיטצייטלער, איז געווען שעקספּירס געוואַלדיקער חוש פאַר הומאָר. דער הומאָר וואָס האָט זיינע שאַפונגען צוגעגעבן יענע געטלעכע האַרמאָנישקייט, מיט וועלכער עס צייכענען זיך אויס בלויז געניאַלע ווערק. און זיכער איז עס געווען אָט־דער טיפער זין פאַר הומאָר, וואָס האָט אים איצט געהאָלפן געפינען די אינערלעכע גלייכגעוויכט און די זעלישע רואיקייט, ווען זיין גאַנצער לעבנס־שטייגער האָט זיך באַדאַרפט איבערענדערן; ווען ער האָט זיך באַדאַרפט צופּאַסן צו נייע פּירונגען און נייער צייט־איינטיילונג. מיט זיין גוטמוטיקן הומאָר האָט ער מסתמא זיך באַמיט צו געפינען די גרעסטע מאָס פאַראינטערעסירטקייט אין די גאַנץ געוויינלעכע פאַרגעניגנס פון דער היים און פאַמיליע. פאַרגעניגנס און אויך ליידן אָדער אַנטוישונגען. ס׳איז געווען אַ פאַרגעניגן צו פאַרברענגען אין דעם דערנעבנדיקן הויז, וואו ס׳האָבן געוואוינט זיין טאָכטער סוסאַנאַ מיט איר מאַן, וואָס איז געווען באַרימט אין דער גאַנצער געגנט אַלס אויסגעצייכנטער דאָקטאָר, און זייער פיר־יאָריק טעכטערל עליזאַבעט. נאָך אַזוי פיל יאָרן זיין אָפּגעריסן פון דער פאַמיליע האָט דאָס ערשטע אייניקל זיכער אים געמוזט פאַרשאַפן אַ סך פרייד. סוסאַנאַ איז געווען זייער אַ קלוגע, גוטמוטיקע, און שטאַרק געראָטן אין פאָטער. ניט ווייט, אפשר אַ פאַר מינוט גאַנג בלויז, אינעם געבוירן־הויז אויף הענלעי־גאַס, האָט געוואוינט די שוועסטער דזשאָאַן מיט איר

מאַן און דריי זין, וויליאַם, טאָמאַס און מייקל. און ס'איז באַוואוסט, אַז אויך מיט זיי האָט שעקספּיר זיך שטאַרק אינטערעסירט און אָפּט מסתמא מיט זיי פאַרבראַכט.

אָבער דעם גרעסטן פאַרגעניגן און שטאַרקסטן אינטערעס האָט שעקספּיר זיכער געפונען אין אָפּגעבן זיך און אכטונג געבן אויף זיין איי־גענער רייכער היים, דאָס „גרויסע הויז". דאָ איז געווען דער ריזיקער איבערגעטיילטער גאָרטן, מיט דעם גאַנצן שלל פון די פאַרשיידנסטע און קאָלירפולסטע בלומען. דאָ זיינען געווען די מעגלעכסטע קאָמבינאַ־ציעס פון בייטן, שטעגן און וועגן, וועלכע האָבן געשאַפן אייגנאַרטיקע צייכענונגען, ווי אויף אַ בונט־פאַרביקן, לעבעדיקן טעפּיך. דאָ האָט מען געקאָנט אַריינלייגן אַזוי פיל ליבע און דערפינדערישקייט. דאָ האָט מען אויף אַ געוויסן אופן געקאָנט זיך אויסלעבן און אַפילו שאַפן. ווייל שעק־ספּירס ליבע צו בלומען, ביימער און גערטנער איז געווען אַ טיפע און נאַטירלעכע. זיין באַציאונג צו זיי איז תמיד געווען פון איינעם, וואָס האָט געלעבט און געאָטעמט אין נאָענטער צוגעבונדנקייט צו פעלד און וואַלד. אַפילו אין זיינע שרייבן, אין זיין דערמאָנען די פאַרשיידענע מינים בלומען, פלאַנצן און ביימער, איז געווען אַזאַ שטאַרקע פאַרוואָרצלטקייט און קרובהשאַפט מיט זיי. צענדליקע סצענעס פון זיינע פּיעסן האָט ער געלאָזט זיך אָפּשפּילן אין גערטנער און אין וועלדער. ער האָט מיט אַזאַ נאָענטער קענטשאַפט און ליבער צאַרטקייט אויסגערעכנט די אַלע פּיאָל־קעס, מאַרגאַריטקעס, גאָלדבלומען, שליסלבלומען, קלעי־פלאַנצן, לאַווענ־דער און די פאַרשיידנסטע מינים רויזן, מיט וועלכע ער האָט די גערט־נער באַצירט. ער האָט מיט אַזאַ פרייקייט באַבוימערט זיינע וועלדער מיט די פאַרשיידענע דעמבעס, סאָסנעס און ווערבעס, גלייך ווי ער וואָלט דאָס גאַנצע לעבן אָפּגעלעבט צווישן זיי. מען קאָן זיך פאָרשטעלן, אַז אין דער „גרויסער וועלט", האָט ער גוט געקענט און ליב געהאַט די באַ־רימטע גערטנער פון זיין צייט. דעם גאָרטן פון סט. דזשאָנס־אוניווער־זיטעט אין אָקספאָרד. דעם גאָרטן פון אינער־טעמפּל אין לאָנדאָן. און דעם באַרימטן ווילטאָן־גאָרטן, וואָס ט'באַלאַנגט צום אוירל פון פּעמבראָק. ער האָט זיך זיכער ניט איינמאָל אָן זיי מתקנא געווען. און איצט האָט ער געוואָלט שאַפן עפּעס ענלעכס ביי זיך אַליין, אין זיין אייגן „גרויס הויז".

זיינען טאָקע שעקספּירס גערטנער אַרום דעם „ניי אָרט" געווען באַ־וואונדערט און באַרימט. ער האָט זיך שטאַרק פאַרנומען מיט זיי. אײ־בערהויפּט האָט ער זיך אָפּגעגעבן מיטן האָדעווען זיין באַליבטן, טונקל־

פאַרביקן מוילבעער־בוים, מיט וועלכן עס זיינען געבליבן פאַרבונדן אַזוי פיל שיינע זכרונות. ער האָט ליב געהאַט אַ סך צייט צו פאַרברענגען אין פּשוטער רו, און אין נאָכטראַכטונגען אונטער זיין געדיכטן שאָטן. ס'איז אָן ספק, אַז ער לייענט נאָך אַלץ גענוג און אינטערעסירט זיך מיט אַלעם, וואָס קומט פאָר אין דער גרויסער שטאָט. אָבער שוין זיכער אויף אַ פּאַסיוון אופן. שוין ניט מער כדי אָנגערעגט צו ווערן פאַר נייע שאַפונגען, אָדער כדי צו נעמען אַ דירעקטן אָנטייל אין פּאַסירונגען. בלויז אויס אַלטער געוואוינהייט. בלויז כדי צו לאָזן שפּילן אויף זיין מידן פּנים דעם קלוגן, רעזיגנירטן שמייכל פון נאָכטראַכטן איבער דער הבל־הבלימדיקייט פון דעם גאַנצן שטורעם און דראַנג־לעבן. האָט ער דאָך אַליין אויסגעקליבן פאַר זיך די איינפאַכע, געמיטלעכע עקזיסטענץ פון אַ „קליינשטעטלדיקן דזשענטלמאַן". איז דאָך דאָ צו געפינען אַזויפיל פּשוטן אינטערעס אין באַקענען זיך און פריינטלען זיך מיט די קליינשטעטלדיקע שכנים, אָדער רייכע בכבודיקע דזשענטלמענער ווי ער אַליין איז.

שעקספּיר איז בכלל ניט געווען קיין מיזאַנטראָפּ. ער האָט אין די מערסטע צייטן פון זיין לעבן, געהאַט אַ שטאַרקע בייגעריקייט צו באַגעגענען, שטודירן און קענען מענטשן. און אָט־דער חוש פאַר געזעלשאַפטלעכקייט האָט אים אַצינד, אין זיין צוריקגעצויגנקייט אויך ניט פאַרלאָזט. האָט ער טאַקע אָנגעהאַלטן געזעלשאַפטלעכע באַציאונגען מיט זיין יוגנטפריינט, דעם רייכן סוחר־שכן האַמנעט סאַדלער און זיין פרוי דזשודיט. אויך דזשוליוס שאָו, זיין שכן, דער רייכער וואָל־הענדלער, אַלדערמאַן און ביילי‌ף, איז געווען זיין אינטימער פריינט. די ביידע זיינען שפּעטער געווען עדות ביים שרייבן זיין צוואה. ער איז אויך געווען באַפריינדעט מיט דער גרויסער משפּחה ווילי‌אַם, טאָמאַס און דזשאָן קאָמב, די אַריסטאָקראַטישע רייכע פּריצים פון וואָרוויקשיר, וואָס האָבן געצויגן זייער יחוס נאָך פון הענרי דעם 8טנס צייטן, ווען זייערע עלטערן האָבן באַקומען טיילן פון דער קאָנפיסקירטער קירכע־ערד. ביי זיי האָט עס שעקספּיר געהאַט אָפּגעקויפט זיין ערשטן טייל לאַנד אין 1602. די קאָמבס האָבן אַ סך מער ווי די געוויינלעכע שטעטל־לייט געקאָנט אָפּשאַצן זייער לאַנדסמאַן, ענגלאַנדס גרעסטן פּאָעט און קעניגלעכן קאָמערדינער. אויך סער הענרי און ליידי ריינספאָרד, די פּאַטראָנען פון דעם וואָרוויקשירער פּאָעט מייקל דרעיטאָן, וועלכע האָבן געוואוינט אַרום סטראַטפאָרד, האָבן זיכער געזוכט זיין באַקאַנטשאַפט און אים געלאַדן צו זיך אַהיים. אָבער די צייט פון שערן זיך אין גרויסן יחוס כדי

אַריינצוקומען אין הויכער געזעלשאַפט איז שוין פאַר שעקספּירן געהאַט אַוועק. אַנשטאַט צו פאַרברענגען צו אַפט מיט די פּריצישע גוטבאַזיצער, האָט שעקספיר ליבער געהאַט צו פאַרברענגען מיט זיינע פשוטע שכנים, מיט וועמען מען האָט ביינאַכט געקאַנט זיצן אין דעם אָרטיקן וויין־שענק, און געמיטלעך שמועסן ביי אַ גלעזל וויין אָדער ביר.

און שמועסן איז געווען וועגן וואָס. מעגלעך אַז אין זיין גוטמוטיקער קלוגשאַפט האָט ער איצט אין שפּאָס ליב געהאַט צו דערמאָנען די אומשולדיקע צייט, ווען ער פלעגט מיט דער אַמאָליקער יונגער חברה ביר־טרינקער זיך אַוועקלאָזן אויף די באַקאַנטע געוועטן מיט די ביר־טרינקער פון די אַרומיקע געגענטן. און אַ חוץ דעם — אין טאָג־טעגלעכן שטעטל־לעבן קומען פאָר זאַכן און פאַסירונגען, פאַר וועלכע מען קומט אָן צו אים נאָך הילף אָדער נאָך אַן עצה. און ער זאָגט זיך קיינמאָל ניט אָפּ אָנטייל צו נעמען אין די שטעטלשע אינטערעסן. מיר געפינען זיין נאָמען אויף די פאַרשיידענע צדקה־ליסטעס, ווען מען האָט, למשל, געקליבן אַ פאָנד כדי אויסצופועלן אין לאָנדאָן אַ גינסטיקן געזעץ פאַר פאַריכטן די וועגן אַרום סטראַטפאָרד. אָדער ווען מען האָט באַדאַרפט, ווי דער מנהג איז דעמאָלט געווען, אַרויסשיקן שליחים כדי צו קלייבן געלט, נאָכדעם ווי אַ טייל פון סטראַטפאָרד איז אין זומער 1614 געהאַט אָפּגעברענט געוואָרן דורך אַ שריפה.

אַ סך פאַרגעניגן האָט שעקספיר זיכער געמוזט שעפּן פון די לאַנגע שפּאַצירן אויף זיינע אַמאָליקע יינגלשע וועגן ביי דעם עוואָן־טייך, און איבער די פעלדער און לאָנקעס אַרום זיין באַליבטן סטראַטפאָרד. דער גלעטנדיקער ווינט און די שמעקנדיקע פעלדער האָבן זיכער אַרויסגערופן אַזוי פיל ליבע יוגנט־זכרונות. און נישט־ווילנדיק איז זיין געדאַנק, אָן ספק, צוריקגעפירט געוואָרן צו זיינע שאַפונגען פאַרן טעאַטער. די דערינערונג פון אָט־די אַלע ליבע ערטער, איבער וועלכע ער שפּאַצירט, האָבן דאָך אים אַזוי טיף אינספּירירט ווען ער האָט זיי אָנצאָליקע מאָל גענוצט אין זיינע פּיעסן אַלס הינטערגרונט פאַר זיינע העלדן.

די העלדן פון זיינע פּיעסן . . . זיינען זיי ניט צוריקגעקומען צו אים איצט, אין דער איינזאַמקייט פון זיינע פרימאָרגנדיקע, אָדער אָוונטיקע שפּאַצירן? האָבן זיי זיך ניט אומגעקערט אים צו באַגריסן, אָט־די אַלע מוח־קינדער זיינע? אַזוי פיל פריידיקע און האַרץ־דריקנדיקע איבערלעבונגען זיינען דאָך פאַרבונדן מיט זיי, מיט זיינע ראָמעאָס, האַמלעטס, מאַקבעטס, פראָספעראָס, פאַלסטאַפס, זשאַקס און הענריס. מיט די פּאָרשיאַס, דזשוליאַס, דעזדעמאָנאַס, אָליוויאַס און קלעאָפּאַטראַס.

קלעאָפּאַטרא ? — — — זיכער גיט ערגעץ טיף אין האַרצן אַ ציטער. פאַרן געדאַנק הייבט אָן אויפצוטויכן אַ גייסטערהאַפט געשטאַלט מיט אַ בלייך, ליידנשאַפטלעך פּנים, מיט טונקל מאַניענדיקע אויגן און בלוט־רויטע, זינלעך גיריקע ליפּן. אַ טעמפּער ווייטיק וועקט זיך אין דער ברוסט . . . ער פאַרהאַלט זיך ניט לאַנג אויף דעם געשטאַלט. ער זוכט עס צו פאַרטרייבן פון זיין אינערלעכן בליק. צו וואָס אויפוועקן שוין פאַרהיילטע, אָבער דאָך נאָך אַלץ עמפּינדלעכע וואונדן ? ער וועט בעסער טראַכטן וועגן טעאַטער. און וועגן דעם קאָן ער טראַכטן מיט אַ סך ליבע. ווייל כאָטש ער האָט מיט אַלע כוחות זיך באַמיט צו באַפרייען פון טעאַטער־לעבן, אָבער טיף אינערלעך האָט ער דאָס טעאַטער שטאַרק ליב געהאַט און הויך געשעצט. ער ווייסט דעם ווערט פון טעאַטער. ס׳איז אַוועק די צייט ווען ער האָט זיך געשעמט מיט זיין באַרוף. ער קאָן איצט מיט אַ סך דאַנקבאַרקייט צוריקקוקן אויף די פאַרגאַנגענע טעג. דאָס טעאַטער האָט אים אַ סך פרייד געגעבן, און גרויסע מעגלעכקייטן. אַ דאַנק דעם טעאַטער איז ער איצט באַזאָרגט, געאַכט, און קאָן אין געמיטלעכן לוקסוס אויסלעבן די רעשט פון זיינע יאָרן. נייַן, נאָך אַלעמען איז עס גאָרנישט אַזאַ שאַנדהאַפטער באַרוף, וואָס גיט כאָטש אַ טייל פון זיינע מיטגלידער די מעגלעכקייט זיך צוריקצוציען ביי אַ פאַרהעלטנישמעסיק פריען עלטער, און לעבן אין עושר און אין כבוד. ער איז ניט דער איינציקער, וואָס האָט עס געקאָנט באַווייזן. עדוואַרד עלעין, דער באַרימטער אַקטיאָר, וואָס האָט געשפּילט די הויפּט־ראָלן אין מאַרלאָוס „טאַמבערלעין״ און „פאַוסטוס״ און אין קידס „שפּאַנישער טראַגעדיע״, דער איידעם פון דעם טעאַטער־דירעקטאָר פיליפּ העגסלאָו, האָט זיך אויך צוריקגעצויגן פון דער בינע צו 39 יאָר. ער האָט אָנגעזאַמלט אַ פאַרמעגן, אַזוי אַז ער האָט פאַר זיין געלט געגרינדעט דעם „קאָלעדזש פון גאָטס מתנה״ אויף זיינע דוליטש־גיטער, און אויך די באַרימטע דוליטש־בילדער־גאַלעריע, אַ חוץ וואָס ער האָט נאָך געשטיצט אַ סך אַנדערע צדקה־הייזער. אויגוסטין פיליפּס, דער לאַנג־יאָריקער מיטגליד פון שעקספּירס טרופּע, האָט געהאַט געקויפט אַ גרויסן מאַיאָנטעק אין מאָרטלייק, אין סאַררי. אויך ריטשאַרד באַרבעדזש האָט זיך שפּעטער יונג צוריקגעצויגן און געלעבט אויף זיין רייכן יערלעכן איינקונפט, וואָס זיינע גרויסע שטיקער לאַנד האָבן אים אַריינגעבראַכט.

ריטשאַרד באַרבעדזש, וואָס איז געווען שעקספּירס לעבנסלאַנגער פריינט, איז אים פאַרבליבן געטריי אויך אין די יאָרן פון זיין צוריקגעצויגנקייט. צוזאַמען מיט די אַנדערע נאָענטע פאַך־קאָלעגן זיינע, הענרי

קאַנדעל און דזשאַן העמינדזש, וועלכע זיינען געווען די הויפּט־שותּפים און געשעפט־פירערס פון דעם „גלאָוב"־טעאַטער, פלעגט ער אָפט באַזוכן דעם פּאָעט אין דעם קליינעם שטעטל, אין סטראַטפאָרד. זיי פלעגן קומען צו אים סיי צוליב רייך־פערזענלעכע באַזוכן, סיי ווען זיי האָבן געזוכט זיין עצה אין שייכות מיט דער פירונג פוןביידע טעאַטערס, צו וועלכע ער איז נאָך אַלץ געווען אַ שותּף. אַ סך מאָל פלעגט צו זיי צושטיין אויך בען דזשאָנסאָן אָדער דער פּאָעט מייקל דרעיטאָן, וואָס פלעגט צוליב זיין שטענדיקער בענקעניש נאָך זיין געבוירן־אָרט וואַרוויקשיר, אָפט זיין אַ וואָכן־לאַנגער גאַסט פון לאָרד און לידי רײנספאָרד אין שכנות פון סטראַטפאָרד. מ׳קאָן זיך פאָרשטעלן, אַז די גרופּע האָט פאַרבראַכט גאַנץ לוסטיקע שעהן צוזאַמען, זיצנדיק אין שעקספּירס גאָרטען, אָדער אין שענק ביי אַ גלעזל וויין, און דערמאָנענדיק זיך די „גוטע, אַלטע טעג". מיט באַרבעדזשן האָבן שעקספּירן פאַרבונדן נישט נאָר די טעג פון ערנסטער, אָנגעשטרענגטער קינסטלערישער אַרבעט. טעג אין וועלכע „האַמלעט", „קעניג ליר" און „מאַקבעט" האָבן געבראַכט שטורעמדיקע טריאומפן סיי פאַר דעם דראַמאַטיקער, און סיי פאַר דעם אויספירער פון די טיטול־ראָלן. דאָס לעבן אין טעאַטער האָט אויך געהאַט זיין לייכטערע, שפּאַסיקערע זייט, מיט זיינע וויציקע אַוואַנטיורעס און לייכטזיניקע פּאַסירונגען, אין וועלכע די ביידע זיינען צייטנווייז געווען פאַרוויקלט. און איצט, ביי די לייכטע אונטערהאַלטן איבער אַ גלעזל וויין, ווייט פון טעאַטער, האָבן אָדער שעקספּיר, אָדער באַרבעדזש אַליין זיכער געמוזט נאָכדערציילן דעם שפּאַסיקן עפּיזאָד, וואָס איז נאָך שפּעטער אַ סך יאָרן איבערגעחזרט געוואָרן וועגן זיי: באַרבעדזש האָט אַמאָל, בשעת אַ פאָרשטעלונג, ווען ער האָט געשפּילט „ריטשאַרד דער 3טער", זיך אָפּגערעדט הינטער דער בינע מיט אַ געוויסער דאַמע, אַז ער וועט נאָך דער פאָרשטעלונג זי קומען באַזוכן אין איר הויז. שעקספּיר, וועלכער האָט גראָד געהאַט אונטערגעהערט דעם געשפּרעך, האָט זיך געפּעדערט, און איז אַוועק צו דער דאַמע אַהיים. זי האָט אים גאַנץ פיין אויפגענומען. און שפּעטער, ווען דער דינער האָט געמאָלדן באַרבעדזשס אָנקומען, האָט אים שעקספּיר אַרויסגעשיקט זאָגן, אַז „וויליאַם דער באַזיגער איז געווען פריער פאַר ריטשאַרד דעם דריטן" . . .

ס׳איז אָן ספק, אַז ביי ענלעכע צוזאַמענקומען מיט זיינע טעאַטער־קאָלעגן, אָדער מיט די קאָלעגן־פּאָעטן האָט זיך שעקספּיר אויך פאַרנומען מיט דעם נאַאיוון צייטפאַרטרייב, וואָס איז דעמאָלט געווען שטאַרק

אין דער מאָדע — פאַרפאַסן בשותפות אימפּראָוויזירטע עפּיטאַפן פאַר זיך אַליין אָדער פאַר פריינט. די שפּיל איז באַשטאַנען אין דעם, וואָס איינער האָט פאַרפאַסט איין שורה, און די איבעריקע האָבן דעם אָנגע־הויבענעם געדאַנק פאַרענדיקט אויף אַ קאָמישן אופן. אַזוי איז, למשל, באַקאַנט אַן אַלטער מאַנוסקריפּט אין דער באָדלעיאַנער ביבליאָטעק, וואו עס דערציילט זיך, אַז „אונטערהאַלטנדיק זיך אין אַ קרעטשמע האָט מיס־טער דזשאָנסאָן אָנגעהויבן דאָס צו שרייבן פאַר זיין עפּיטאַף:

„דאָ ליגט בען דזשאָנסאָן,
וואָס'האָט געהאַט שאַנסן,

נאָכדעם האָט ער עס איבערגעגעבן צו מיסטער שעקספּירן ער זאָל דאָס אָנגעהויבענע פאַרענדיקן. יענער האָט גלייך אָנגעשריבן:

ביים לעבן קיין זאָרג אויף אַ האָר נישט,
און איצט ווען ר'איז טויט איז ער גאָרנישט".

אַזוי האָט מען אויך צוגעשריבן שעקספּירן אַ קאָמישן עפּיטאַף, וואָס איז אַ צייט לאַנג געהאַנגען אויף דעם מאָנומענט פון דזשאָן קאָמבּ, אין וועלכן יענער איז אויסגעלאַכט געוואָרן פאַר זיין ליבע צו נעמען פּראָצענטן. אָט־די נאַאיווע פאַרפאַסונגען האָבן זיכער ווייניק וואָס דערמאָנט אָן דעם גרויסן דיכטער, וואָס האָט גאַרניט לאַנג צוריק אין פלאַמיקע פערזן זיך פאַרמאָסטן אויף די קאָסמישע פּראָבלעמען וועגן וועלט און מענטשן. גיכער האָבן זיי דערמאָנט אָן זיינע ערשטע יינג־לערישע שטיפערייען, ווען ער האָט אין שפּאַסיקע קופּלעטן אויסגעלאַכט דעם שטרענגן גוטבאַזיצער סער טאָמאַס לוסי, וועלכער האָט אים אַזוי אכזריותדיק געלאָזט באַשטראָפן פאַר זיינע קליינע, לייכטזיניקע יוגנט־זינד.

דאָס לעצטע מאָל ווען מיר געפינען באַרבעדזשן באַזוכן שעקספּירן אין סטראַטפאָרד, איז עס ווידער צוליב אַ צוזאַמענאַרבעט, אָבער דאָס מאָל ניט קיין טעאַטראַלע, נאָר איבער אַ באַשטעלונג פון דעם רייכן נאָבלמאַן און ליטעראַט, דעם פּאַטראָן פון אַקטיאָרן און שרייבער, פּרענ־ציס מענערס. אין 1612 האָט מענערס געקראָגן דעם טיטול אוירל פון רוטלאַנד. לכבוד דער באַשטימונג האָט ער זיך באַדאַרפט באַטייליקן, צוזאַמען מיט אַנדערע ריטער, אין דעם גרויסן קעניגלעכן טורנאַמענט, וואָס איז איינגעאָרדנט געוואָרן צו פייערן דזשיימס' קרוינונגס־טאָג, דעם 24טן מערץ 1613. ביי דעם טורנאַמענט האָט יעדער ריטער געדאַרפט,

לויטן מנהג, דערשיינען אין דער רייכסטער און איינדרוקספולסטער אויסשטאַטונג. דער הויפּט־טייל פון דעם קאָסטיום איז באַשטאַנען פון דער „אימפּרעזא״ — די פּאַנצער־שילד, אויף וועלכער ס׳איז געווען אויסגעמאָלט אַ סימבאָליש בילד, און אונטער דעם אַ מאָטאָ אין לאַטיין אָדער איטאַליעניש, וואָס האָט באַדאַרפט דערקלערן דעם באַטייט פון בילד. די „אימפּרעזא״ פלעגט באַשטעלט ווערן ביי די חשובסטע פּאָעטן און מאָלער, וואָס האָבן באַנוצט זייער גאַנצע דערפינדערישקייט צו מאַכן זי אַזוי אימפּאָזאַנט ווי מעגלעך. און דאָס האָט דער רייכער אוירל פון רוטלענד באַשטעלט ביי שעקספּירן און באַרבעדזשן זיי זאָלן צוזאַמען שאַפן די אימפּרעזא, וואָס האָט באַדאַרפט באַצירן זיין ערשטן אַרויס־טריט ביי אַזאַ וויכטיקער געלעגנהייט. שעקספּיר האָט באַדאַרפט שאַפן די מאָטאָ, און באַרבעדזש דאָס געמאָלענע בילד. צוליב דער צוזאַמענ־אַרבעט אויף דער אימפּרעזא געפינען מיר שעקספּירן מערץ 1613 ווידער אין לאָנדאָן. זייענדיק אין דער הויפּט־שטאָט האָט שעקספּיר אין איין וועג שוין אויסגענוצט די צייט ווידער דורכצופירן אַ קליין געשעפטל. ער האָט פון אַ געוויסן הענרי וואָקער, אַ מוזיקער, געקויפט פאַר 140 פונט אַ הויז ניט ווייט פון „בלעקפרייערס״־טעאַטער, וואו זיין פריינט באַר־בעדזש האָט פאַרמאָגט אַ סך לאַנד. דאָס הויז האָט ער געקויפט ניט פאַר זיך צום וואוינען. ער האָט עס גלייך פאַרדונגען צו איינעם אַ דזשאָן ראָבינסאָן. אָבער דאָס כאַראַקטעריסטישע אין דער קניה איז געווען, וואָס אין דעם קויף־צעטל פאַר דעם הויז האָט שעקספּיר אַריינגעשריבן די נעמען פון דריי נאָמינעלע שותפים, וואָס האָבן כלומרשט געזאָלט האָבן אַ חלק אין דעם הויז גלייך מיט אים. ווי אַ סך ווילן עס אויס־טייטשן, זאָל ער דאָס טעכנישע דריידל האָבן באַנוצט כדי זיין ווייב זאָל ניט קאָנען פאָדערן איר טייל ירושה פון דעם הויז, אויב זי זאָל אים איבערלעבן. אָבער עס לייגט זיך ניט אויפן שכל ער זאָל האָבן אָפּגע־געבן אַזוי פיל מי, זיך צו באַווארענען אין אַזאַ קליינלעכן ענין.

דאָס קומענדיקע יאָר, נאָוועמבער 1614, איז שעקספּיר ווידער אַמאָל געווען אין לאָנדאָן צוליב געשעפטלעכע ענינים. דאָס מאָל איז עס גע־ווען צוליב אַ זייער פאַרפלאָנטערטן קאַמף, וואָס די סטראַטפאָרדער שטאָט־באַלעבאַטים האָבן געפירט קעגן די רייכע גוטבאַזיצער וויליאַם און טאָמאַס קאָמב — די יונגע זין פון שעקספּירס דערמאָנטן פריינט, דעם לאַנד־אייגנטימער טאָמאַס קאָמב — און אין וועלכן ער אַליין איז אויך געווען פאַרמישט. אָנהייב 1614 האָבן די ברידער וויליאַם און טאָ־מאַס, צו וועמען עס איז געהאַט אַריינגעפאַלן דאָס גאַנצע גרויסע פאַר־מעגן פון זייער פעטער, דעם אַלטן בחור און פּראָצענטניק דזשאָן קאָמב,

געטאָן עפּעס, וואָס האָט די סטראַטפּאָרדער איינוואוינער פאַרשאַפט אַ סך אַנגסט און קאָפּדרייעניש. זיי האָבן געלאָזט וויסן, אַז זיי ווילן ארומ־צוימען די שטיקער לאַנד הינטער דער שטאָט, וואָס זיינען זיי אַריינגעפאַלן בירושה. די קאָרפּאָראַציע, די שטאָט־פירער, האָבן אָבער געהאַט געוויסע חזקות אויף עטלעכע פון יענע לאַנד־טיילן, פון וועלכע ס׳איז זיי, לויט דער טראַדיציע, געקומען מעשר. אַזעלכע לאַנד־קריגערייען זיינען אין יענער צייט אין ענגלאַנד קיין בייעס ניט געווען. אין אַ סך ערטער פלעגט ביי אַזעלכע צוזאַמענשטויסן קומען צו בלוטיקע געשלעגן, און אַפילו צו אויפשטאַנדן קעגן די רויבערישע אַפּעטיטן פון די רייכע לאַנד־באַזיצער. די סטראַטפּאָרדער האָבן באַשלאָסן אויך ביי זיך ארויס־צואווייזן אַ ביטערן ווידערשטאַנד. עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ לאַנגע און פאַרפלאָנטערטע לאַדעניש, אין וועלכערביידע צדדים, סיי די קאָמבס און סיי די שטאָט־קאָרפּאָראַציע, האָבן געזוכט לעגאַלע און פּאָליטישע פּראָ־טעקציע ביי דער קרוין אין לאָנדאָן. אין דער זעלבער צייט האָבן די צדדים אויך געזוכט שעקספּירס אונטערשטיצונג און איינפלוס.

שעקספּיר איז אַפילו אַליין געווען פאַראינטערעסירט אין דעם סכסוך, ווייל זיין חלק לאַנד פון די מעשר־פעלדער, וואָס ער האָט גע־האָט געקויפט, האָט זיך געפונען פונקט אויף דעם אָרט, איבער וועלכן דער קריג איז אָנגעגאַנגען. אָבער אויך דאָ האָט ער ארויסגעוויזן זיין פּראַקטישן שכל הישר. ער האָט געזוכט אויסצומיידן אַרויסצוזאָגן זיך לטובת וועלכן פון די צדדים. אַ חוץ דעם האָבן ביידע, סיי די קאָמבס, סיי די שטאָט־קאָרפּאָראַציע, אים פּרובירט פאַרזיכערן, אַז וואָס דער פועל־יוצא פונעם קריג זאָל ניט זיין, וועט זיין טייל ניט באַרירט ווערן. און אָט צוליב דעם פאַרפלאָנטערטן משפט איז דאָס שעקספּיר געווען אין לאָנדאָן נאָוועמבער 1614, צוזאַמען מיט דעם שטאָט־שרייבער טאָמאַס גרין, וועלכער האָט אויך געהאַט אַ חלק אין די מעשר־פעלדער. אין סטראַטפּאָרד איז דער קאַמף דערווייל געוואָרן וואָס אַמאָל פאַרביטער־טער. און ווען וויליאַם קאָמב, וואָס איז געווען דער אַגרעסיווערער פון די צוויי ברידער, האָט אַרויסגעשיקט אַרבעטער זיי זאָלן אָנהייבן גראָבן גריבער אויף די ערטער, וואו די אַרומצוימונג האָט באַדאַרפט געשטעלט ווערן, האָט אויסגעבראָכן אַ בלוטיקער געשלעג מיט די שטאָט־לייט, וואָס האָבן בשום־אופן דאָס ניט געוואָלט דערלאָזן. די רעגירונג האָט זיך גע־מוזט אריינמישן און אָפּשטעלן די געשלעגן, ביז דאָס געריכט וועט פּסק־נען איבער דער זאַך. די שטאָט האָט זיך נאָך עטלעכע מאָל געווענדט צו שעקספּירן, ער זאָל זיי העלפן באַקעמפן די גיריקע גוטבאַזיצער, די קאָמבס. אָבער ער האָט תמיד געפונען אַ וועג צו בלייבן אויף דער ניי־

טראַלער זייט. דער פּסק דין אין דעם פאַרשלעפּטן משפּט איז דורך דער קרוין אַרויסגעגעבן געוואָרן ערשט נאָכדעם ווי שעקספּיר איז שוין געווען צוויי יאָר טויט. די קאָמבס האָבן דעם פּראָצעס פאַרשפּילט. עס האָט זיך געלוינט לענגער אָפּצושטעלן אויף דעם לעצטן עפּיזאָד, ווייל ער איז אַזוי כאַראַקטעריסטיש פאַר שעקספּירן, וואָס איז אין זיין איינגעבוירע־נער פּראַקטישקייט געבליבן געטריי צו זיך אַליין ביזן סוף פון זיין לעבן.

די דערמאָנטע רייזעס די לעצטע יאָרן זיינען זיכער ניט געווען די איינציקע. ער איז מסתמא ביי אַ געלעגנהייט אויך געפאָרן זען אַ נייע אויפפירונג פון פלעטשערן, וואָס האָט שוין אָנשטאָט מיט זיין ערשטן מיטאַרבעטער, באָומאָנט, איצט געשריבן בשותפות מיט פיליפּ מעסינ־דזשערן. דורך דער צייט, פאַר די עטלעכע יאָר נאָך עליזאַבעטס טויט, און נאָך שעקספּירס צוריקציען זיך, איז שוין געהאַט פאָרגעקומען אַ גאַנץ אָנגעזעענע ענדערונג אין דעם געשמאַק פון פּובליקום. דאָס גאַנצע גע־זעלשאַפטלעכע לעבן פון לאָנדאָן האָט אָנגעהויבן אַרויסצואווייזן בולטע סימנים פון דעקאַדענץ, נאָכדעם ווי עס האָט געהאַט דערגרייכט אַזאַ מערקווירדיקע הויך אונטער דער הערשאַפט פון דער ענערגישער „בתולה־קעניגין". און די נייע פּיעסן, וואָס האָבן אַפּעלירט צום עולם, האָבן אָפּגעשפּיגלט די נייע מאָראַלע איינשטעלונגען פון דער צייט. זיי זיינען געוואָרן פלאַכער, און געזוכט צו פאַראינטערעסירן מיט אַ סך לייכטע אונטערהאַלטונגען. מ'האָט זיך ניט אָפּגעגעבן אַזוי פיל מיט דער גריב־לעניש און אַנאַליזירונג פון דער מענטשלעכער נשמה, ווי אין די צייטן ווען שעקספּיר האָט געהערשט אויף דער בינע. אָנשטאָט דעם האָט פלעטשער, וועלכער איז געווען דער בעסטער אויסדריקער פון דעם נייעם טעאַטער־זשאַנר, געגעבן מענטשן מיט אַרטיפיציעלע עמאָציעס, און סענ־טימענטאַלע איבערלעבונגען. פלעטשער האָט פּאָפּולאַריזירט דעם זשאַנר פון טראַגי־קאָמעדיע, וואו די ראָמאַנטישע ליבע־טעמע, כאָטש זי אַנט־וויקלט זיך אויף אַ טראַגישער ליניע, ענדיקט זי זיך אָבער מיט אַ גליק־לעכן סוף. דעם זשאַנר, וועלכן ער אַליין האָט געהאַט אַרויפגעבראַכט אויף דער בינע, און וועלכן שעקספּיר האָט מיט אַזוי פיל מייסטערשאַפט אַנטוויקלט. פלעטשער אַליין האָט אָבער שטאַרק אַראָפּגעדריקט דעם ני־וואָ פון אַט־דעם זשאַנר. ער האָט בכלל געהאַט אַ סך אַ לייכטזיניקערן קוק אויף דעם ענין טראַגי־קאָמעדיע ווי זיין גרויסער פאָרגייער. „אַ טראַגי־קאָמעדיע — שרייבט פלעטשער אין דער הקדמה צו זיין פּיעסע „די געטרייע שעפערין" — ווערט ניט אָנגערופן אַזוי צוליב דעם, ווייל זי האָט אין זיך פריילעכקייט און מאָרד, נאָר ווייל אין איר זיינען קיין טויטן נישטאָ, וואָס דאָס איז גענוג זי צו מאַכן פאַר אויס טראַגעדיע.

דאָך אָבער ברענגט זי זיי (די טויטן) גאַנץ נאָענט צו זיך, וואָס איז גע־בוג צו מאַכן זי פֿאַר אויס קאָמעדיע". וואָס שעקספּיר האָט געהאַט צו זאָגן איבער אַזאַ אויפֿפֿאַסונג, ווי בכלל זיין מיינונג איבער די פּיעסן, וואָס האָבן אַצינד פֿאַרנומען די בינע, איז ניט באַקאַנט. ער איז ניט גע־ווען קיין טעאָרעטיקער, און האָט זיין גאַנץ לעבן פּיינט געהאַט צו פֿאַ־לעמיזירן.

אין פֿאַרבינדונג מיט זיינע אָפטע רייזעס קיין לאָנדאָן אין יענע יאָרן, ווערט שטאַרק דערמאָנט שעקספּירס שייכות מיט אָקספֿאָרד און מיט דער פֿאַמיליע פֿון דזשאָן דאַווענאַנט, דעם רייכן קרעטשמע־האַלטער פֿון יענער באַרימטער אוניווערזיטעט־שטאָט. נאָך פֿון פֿריער שוין, אין די צייטן ווען ער פֿלעגט מאַכן זיינע יערלעכע וויזיטן אין זיין היימישן סטראַטפֿאָרד, פֿלעגט ער אויפֿן וועג זיך אָפּשטעלן אין אָקספֿאָרד, אין דער „קרוין", דאָס איינפֿאָר־הויז, וואָס האָט באַלאַנגט צו דאַווענאַנטן, וועלכער איז געווען אַ באַוואונדערער פֿון אַקטיאָרן און טעאַטער־מענטשן. באַזונדערס פֿריינטלעך האָט זיך שעקספּיר געהאַלטן מיט דאַווענאַנטס שיינער און ליבלעכער פֿרוי דזשין. זיין פֿאַרבינדונג מיט דער פֿאַמיליע איז געווען אַזאַ נאָענטע, אַז אין מערץ 1606 איז שעקספּיר אַפֿילו גע־ווען דער טויף־פֿאָטער פֿון דאַווענאַנטס ניי־געבוירענעם זון ווילִיאַם. און אַ שטאַרקע רכילות איז אַנגעגאַנגען, אַז ער איז אַפֿילו געווען מער ווי בלויז טויף־פֿאָטער. ווילִיאַם דאַווענאַנט איז שפּעטער אויסגעוואַקסן אַ באַרימטער פּאָעט און דראַמאַטיקער, און איז באַלויבט געוואָרן מיטן טי־טול סער. ער האָט זיך שטאַרק געגרויסט מיט זיין שייכות צו ענגלאַנדס גרעסטן דיכטער, און האָט ניט געמאַכט קיין סוד דערפֿון, אַז ער איז צו־פֿרידן פֿון די קלאַנגען וועגן דעם ווער זיין אמתער פֿאָטער איז געווען. ער האָט אַפֿילו געענדערט דעם אויסלייג פֿון זיין נאָמען אויף ד׳עוואַ־נאַנט, ער זאָל טראָגן אַן אָנצוהערעניש אויף דעם עוואָן־טייך. דזשאָן אָוברעי, דער אָקספֿאָרדער זאַמלער, געבוירן אין 1626, וואָס האָט פֿון יינגלוויז אָן ליב געהאַט זיך צוצוהערן צו די מעשׂות און דערציילונגען, וועלכע זקנים פֿלעגן זיך נאָכדערציילן אין די קרעטשמעס וועגן די גרוי־סע מענטשן פֿון זייער צייט, און האָט נאָכדעם ערנסט זיך אָפּגעגעבן מיט קלייבן זכרונות פֿון זיין דור, און זיי אַרום 1650 אַרויסגעגעבן אין זיינע „קורצע לעבנס־באַשרייבונגען פֿון מיינע מיטצייטלער", שרייבט: „סער ווילִיאַם אַליין פֿלעגט צייטנווייז, ווען ער איז געווען בגילופֿין צוזאַמען מיט זיינע אינטימע פֿריינט, זאָגן, אַז עס דאַכט זיך אים ער שרייבט מיטן זעלבן גייסט, וואָס שעקספּיר האָט געשריבן, און איז געווען שטאַרק צופֿרידן געהאַלטן צו ווערן פֿאַר זיין זון".

ביי דער געלעגנהייט איז זיכער אינטערעסאַנט צו ברענגען דעם פּאַקט, וואָס אייניקע פאַרשער זיינען מיט דער מיינונג, אַז אַט־די דזשין דאַווענאַנט, די שיינע פרוי פון דעם אָקספאָרדער קרעטשמע־האַלטער, זאָל עס האָבן געווען זיין די אַזוי־באַזונגענע „טונקעלע דאַמע” פון שעקספּירס סאָנעטן. דער פלאַנטער צווישן איר, שעקספּירן, און דעם אוירל פון סאָוטעמפּטאָן זאָל האָבן אַנטשטאַנען אין דער צייט, ווען זיי האָבן זיך צוזאַמענגעטראָפן בשעת סאָוטעמפּטאָן איז געווען אין אָקספאָרד באַגלייטנדיק אַהין די קעניגין עליזאַבעט אין 1593, און שעקספּיר איז געווען אין דער אוניווערזיטעט־שטאָט צוזאַמען מיט זיין טרופּע אויף איינער פון זייערע יערלעכע רייזעס. אָבער אין דער השערה איז זיכער דאָ אַזוי פיל אמת ווי אין דער, אַז די „טונקעלע דאַמע” איז גאָר געווען זשאַקלין פילד, די פרוי פון דעם דרוקער ריטשאַרד פילד, שעקספּירס לאָנדאָנער פריינט, אין וועמענס דרוקעריי סאָוטעמפּטאָן פלעגט זיין אַן אָפטער אַריינגייער. יעדנפאַלס האָט עס פאַר שעקספּירן געמוזט זיין אַ זייער דערלייכטערנדיקער פאַקט, וואָס ער האָט געקאָנט זיין פריינטשאַפט און נאָענטקייט מיט דער פאַמיליע דאַווענאַנט אָנהאַלטן ביז אין די לעצטע יאָרן פון זיין לעבן.

די יאָרן פון צוריקציען זיך אין סטראַטפאָרד זיינען פאַר שעקספּירן געווען ניט בלויז יאָרן פון פרידלעכן אויסלעבן זיך און פאַרברענגען אין שמועסן מיט שכנים. זיי האָבן אויך געהאַט זייערע פאַרדריסלעכע, און אָפט אַפילו טרויעריקע איבערלעבונגען. זיין יונגערער ברודער ריטשאַרד איז געשטאָרבן דעם 4טן פעברואַר 1613, אַלט זייענדיק 39 יאָר. אָבער שעקספּיר איז אין יענער צייט שוין געוואוינט געווען צו טויט־פאַלן אין זיין משפחה, האָבנדיק שוין איבערגעלעבט דעם טויט פון זיין פאָטער, מוטער און דעם ברודער עדמאָנט, דעם לאָנדאָנער שוישפּילער, שוין ניט צו ריידן וועגן דעם טויט פון זיין איינציקן זון האַמנעט. עפּעס וואָס האָט אים זיכער פאַרשאַפט אַ סך פאַרדרוס און האַרצווייטיק איז געווען דער קליינשטעטלדיקער סקאַנדאַל, אין וועלכן זיין באַליבטע טאָכטער סוסאַנאַ איז פאַרפּלאָנטערט געוואָרן. אַרום מיטן זומער פון 1613 האָט אַ יונגער שאַרלאַטאַן, דזשאָן לעי, פאַרשפּרייט אַ רכילות וועגן איר, אַז זי האָט זיך ניט אָרנטלעך אויפגעפירט מיט איינעם אַ ראַלף סמיט. סוסאַנאַ האָל האָט דעם רכילות־טרייבער גלייך פאַרקלאָגט פאַרן קירכע־געריכט, וועלכער האָט געהאַט די אויפזיכט איבער אַזעלכע ענינים. לעי האָט זיך אַפילו ניט באַוויזן צום משפּט, וואָס איז אָפּגעהאַלטן געוואָרן אין דער אָרטיקער קאַטעדראַלע, און דער בישאָף האָט סוסאַנאַן פולשטענדיק ריינ־

געוואַשן. דער רכילות־פאַרשפּרייטער איז פאַר זיין פאַרברעך אַריינגע־לייגט געוואָרן אין חרם.

אָבער נאָך אַ גרעסערע פאַרפלאָנטערניש און זיכער אַ סך מער שאַנד האָט שעקספּיר אין אַ צייט שפּעטער געהאַט פון זיין יינגערער טאָכטער דזשודיט. דזשודיט איז פאַר אים די לעצטע יאָרן בכלל געווען אַ גע־וואַלדיקע אַנטוישונג. אַלע זיינע האָפענונגען, וואָס ער האָט געהאַט גע־לייגט אויף דער יינגערער געליבטער טאָכטער האָבן זיך אויסגעלאָזט אַ סך ערגער ווי ער האָט געהאַט דערוואַרט. דזשודיט, ווען ער פלעגט אַזוי באַוואונדערן אין די ערשטע יאָרן פון זיינע וויזיטן קיין סטראַט־פאָרד, האָט זיך ניט אַנטוויקלט גייסטיק. זי איז פאַרבליבן לחלוטין אומגעבילדעט. אַפילו פיזיש איז זי אויסגעוואַקסן נישט אַנציענד, און איז לאַנגע יאָרן געווען אַ פאַרזעסענע מויד. דעם 10טן פעברואַר 1616 האָט זי פלוצים, אָן דעם פאָטערס וויסן, חתונה געהאַט מיט טאָמאַס קווינעי, דעם זון פון שעקספּירס אַמאָליקן פריינט ריטשאַרד קווינעי, וועלכער איז געשטאָרבן אין 1601. נישט געקוקט וואָס דער פאָטער זיי־בער איז געווען אַ זייער פיינער מאַן און גאַנץ פאַרמעגלעך, האָט אָבער דער זון, טאָמאַס, ניט געהאַט אַזאַ גוטן נאָמען, און שעקספּיר איז מיט דעם שידוך ניט געווען גאַנץ גליקלעך, כאָטש די כלה איז שוין געווען אי־בער די דרייסיקער. אַ חוץ דעם איז מיט דער חתונה געווען פאַרבונדן נאָך אַן אַנדערע ניט אַנגענעמע שוועריקייט. די צערעמאָניע איז אויס־געפאַלן אין אַ צייט פון יאָר ווען מען דאַרף דערצו האָבן אַ ספּעציעלע קירכלעכע דערלויבעניש. חתן־כלה האָבן זיך מיט אַזעלכער ניט באַ־זאָרגט. מען האָט זיי צוויי מאָל גערופן צום בישאָף, און ווייל זיי האָבן זיך ניט וויסנדיק געמאַכט וועגן דעם און ניט געגאַנגען, האָט מען זיי אַריינגעלייגט אין חרם. ס׳איז אַפילו געווען אַ געפאַר, אַז זייער חתונה זאָל דערקלערט ווערן פאַר אומגילטיק. און מיר קאָנען זיך מאַכן אַ קליי־נעם באַגריף וועגן שעקספּירס איבערלעבענישן און זיין קרענקונג צוליב דער געשעעניש, ווען מיר זעען, אַז ער האָט דזשודיטן באַשטראָפט, ווען ס׳איז געקומען אָפּצושרייבן איר אין זיין צוואה איר חלק ירושה.

קיין סך צו ליידן איז שעקספּירן שוין ניט באַשערט געווען. זיין לעבן, ווי מען דריקט זיך אויס, האָט זיך שוין דערנעענטערט צום סוף. אַרום ענדע מערץ 1616 איז ער ערנסט קראַנק געוואָרן. ווייזט אויס, אַז אינגאַנצן געזונט איז ער שוין די לעצטע צייטן ניט געווען. נאָך אין יאַנואַר חודש פון זעלבן יאָר האָט ער אָפּנים ניט גוט געפילט, און זיין שטענדיקע אויסגערעכנטע פּראַקטישקייט האָט אים דיקטירט ער זאָל לאָזן שרייבן זיין צוואה. ער האָט דעמאָלט געלאָזט רופן דעם חשובן

אַדוואָקאַט פּרענסיס קאָלינס, וואָס פּלעגט פירן די לעגאַלע געשעפטן פון דעם רייכערן קלאַס אין און אַרום סטראַטפאָרד, ער זאָל פאַרפאַרטיקן דעם ווילכטיקן דאָקומענט. די צוואה איז דעמאָלט, דעם 25טן יאַנואַר, אונטערגעשריבן געוואָרן מיט אַ פעסטער האַנט: „דורך מיר וויליאַם שעקספּיר". אָבער ווייזט אויס, אַז אים איז בעסער געוואָרן און ער האָט אָפּגעלייגט די דורכפירונג פון די לעצטע נויטיקע פאָרמאַליטעטן צו מאַכן זי לעגאַל. אין מערץ אָבער איז זיין צושטאַנד געוואָרן ערנסט. וואָס די קראַנקהייט איז געווען, וואָס האָט געפירט צו זיין טויט, איז נישט באַקאַנט. אַנגענומען איז, אַז שעקספּיר איז געשטאָרבן פון טיפוס. דאָס איז גאַנץ מעגלעך ווען מען נעמט אין אַנבאַטראַכט די אָפּטע שלאָפּקייטן, וואָס פלעגן דעמאָלט אויסברעכן אין די ענגלישע שטעטלעך, וועלכע האָבן זיך נישט שטאַרק געקאָנט באַרימען מיט זייער סאַניטאַרן צושטאַנד. לויט אַן אַנדער טראַדיציע אָבער איז שעקספּיר קראַנק געוואָרן נאָך אַן אַטאַקע, וואָס ער האָט געקראָגן, צוליב זיין איבערטרינקען זיך ביי איינער פון די הוליאַנקעס מיט די קאָלעגן־פּאָעטן. דזשאָן וואַרד, דער וויקאַר פון סטראַטפאָרד, וועמענס דערציילונגען וועגן שעקספּירן האָבן אַ סך געהאָלפן ביים צוזאַמענשטעלן זיין ערשטע ביאָגראַפיע, גיט איבער, אַז „שעקספּיר, דרעיטאָן און בען דזשאָנסאָן האָבן געהאַט אַ פרייי־לעכן צוזאַמענטרעף, און שעקספּיר האָט אַפּנים געטרונקען צופיל, ווייל ער איז געשטאָרבן פון אַ פיבער, וואָס ער האָט דעמאָלט געקראָגן". גיכער איז צו גלויבן, אַז דער מעגלעכער אונטערהאַלט מיט דרעיטאָן און דזשאָנסאָנען האָט פשוט פאַרשאַרפט די קראַנקהייט, אויף וועלכער ער האָט שוין געליטן פון פריער.

ווייזט אויס, אַז שעקספּיר האָט געפילט אַז דער סוף איז באַענט, ווייל דעם 25טן מערץ איז פרענסיס קאָלינס גערופן געוואָרן צו מאַכן עטלעכע וויכטיקע ענדערונגען אין דער פריערדיקער צוואה. איינגאַנצן איבערשרייבן דעם דאָקומענט אויפסניי איז מסתמא שוין קיין צייט נים געווען. די קראַנקהייט איז געווען אַ שווערע און דער חולה האָט זיך געאיילט. אַזוי אַז דער אַדוואָקאַט קאָלינס האָט בלויז איבערגעשריבן די ערשטע פון דער דריי־זייטיקער צוואה, און די איבעריקע צוויי זייטן זיינען געבליבן די אָריגינעלע, אויף וועלכע מען האָט נאָר דאָ און דאָרט אַריבערגעשריבן די געענדערטע שטעלן. די ערשטע אַריבערגעשריבענע זייט, זעט אויס, איז פאַר שעקספּירן געווען שטאַרק וויכטיק, ווייל זי האָט געהאַט צו טאָן מיט זיין יונגערער טאָכטער דזשודיט. ער האָט זי מסתמא אין דער אָריגינעלער צוואה געהאַט גוט באַזאָרגט, ווייל זי איז נאָך דעמאָלט געווען אומפאַרהייראַט. איר חתונה האָבן קעגן זיין ווילן

און אויף אַזאַ ניט־בכבודיקן אופן האָט אַ סך געביטן זיין באַציאונג צו איר. ער האָט איר אָריגינעל געהאַט פאַרשריבן אַלע זילבערנע טייערע כלים, אָבער דער פּאַראַגראַף איז אויסגעמעקט, און דאָס זילבערוואַרג שענקט ער צו זיין אייניקל עליזאַבעט, סוסאַנאַס טעכטערל. דזשודיט האָט בלויז געקראָגן 150 פונט מזומן. אָבער אויך דאָ זעט מען ווי די וואונד פון איר ניט־פּאַסיקן שידוך איז ביי אים נאָך ניט פאַרהיילט. די סומע איז געווען פאַרשריבן „פאַר מיין איידעם". ער האָט די פראַזע געהייסן אויסמעקן און איבערשרייבן „פאַר מיין טאָכטער דזשודיט". אַ חוץ דעם האָט ער פאַר דזשודיטן פאַרשריבן נאָך 150 פונט, אויב אירס אַ קינד וועט נאָך לעבן צום סוף פון דריי יאָר. דאַקעגן פאַר סוסאַנאַן און איר מאַן, דר. האָל, האָט ער אָפּגעשריבן דאָס גרויסע הויז, „ניי־אָרט", וואוהין זיי האָבן זיך באַדאַרפט אַריבערקלייבן באַלד נאָך זיין טויט. אויסער דעם האָט ער איר פאַרשריבן זיין גאַנץ פאַרמעגן, סיי די פעלדער, סיי די הייזער און אַלע געלט־געשעפטן, אויך זיינע אַקציעס, וואָס ער האָט געהאַט אין די „גלאָוב"־ און „בלעקפרייערס" טעאַטערס. ער האָט אויך ניט פאַרגעסן זיינע טעאַטער־קאָלעגן. ביז דער לעצטער מינוט האָט ער אַלץ אַרויסגעוויזן זיין צוגעבונדנקייט צו דער אינסטיטוציע, וואו ער האָט פאַרבראַכט די שענסטע און וויכטיקסטע צייט פון זיין לעבן. די שוישפּילער דזשאָן העמינדזש, ריטשאַרד באַרבעדזש און הענרי קאָנדעל לאָזט ער איבער צו 26 שילינג און 8 פּענעס יעדן, זיך צו קויפן מעמאָריאַל־רינגען, ווי דער מנהג איז דעמאָלט געווען. געלט פאַר מעמאָריאַל־רינגען לאָזט ער אויך איבער אַלע פינף עדות — דער אַדוואָקאַט פרענסיס קאָלינס, דזשאָן ראָבינסאָן, דזשוליוס שאָו, דער הויפּט־מאַגיסטראַט, דער שכן האמענט סעדלער און דער פאַרמער ראָ־בערט וואטקאָט — וואָס זיינען אונטערגעשריבן אויף דער צוואה. דער שוועסטער דזשאָן האַרט שענקט ער דאָס רעכט פאַרן גאַנצן לעבן צו וואוינען אין געבוירן־הויז אויף דער הענלעי־גאַס, און 20 פונט מזומן. יעדן פון אירע דריי זין שענקט ער צו פינף פונט. אַ חוץ דעם שענקט ער נאָך פאַרשיידענע קליינע סומען פאַר די אָרעמעלייט פון סטראַטפאָרד.

די אינטערעסאַנטסטע אויסבעסערונג אין דער נייער צוואה, אָדער ריכ־טיקער געזאָגט דער אינטערעסאַנטסטער צוזאַץ, ווייל אין דעם אָריגינעלן דאָקומענט איז ער לחלוטין ניט דערמאָנט, איז דער פּאַראַגראַף: „איך שענק מיין ווייב מיין צווייט־בעסטע בעט מיט דעם מעבל". דער פּאַ־ראַגראַף, וואָס האָט אַרויסגערופן אַזוי פיל ספּעקולאַציעס ביי פאַרשיי־דענע ביאָגראַפן שעקספּירס, און פון וועלכן מען האָט געוואָלט אַרויס־דרינגען וועגן זיינע באַציאונגען, אַפילו ביים סוף פון לעבן, צו דער וואָס

איז געווען זיין ערשטע ליבע און די מוטער פון זיינע קינדער. אַ סך האָבן אין דעם פּאַקט, וואָס ער האָט ביים צווייטן נוסח פון זיין צוואה קוים זיך דערמאָנט איר אָפּצושרייבן דאָס צווייט־בעסטע בעט, געזען אַ באַווייז, אַז זיין שווער הארץ קעגן איר איז נאָך אַפילו איצט ניט געווען געשטילט. ער האָט נאָך אַלץ ניט געקאָנט שלום מאַכן מיטן געדאַנק, אַז זי איז געווען זיין ווייב; אַז איר האָט ער געשענקט זיינע ערשטע חלומות וועגן גליק. אַלעמען אין לעבן האָט ער געקאָנט מוחל זיין, נאָר ניט איר. אירע קרובים זיינען אַפילו קיין איינמאָל ניט דערמאָנט געוואָרן אין דער צוואה. ער האָט קיינעם פון זיי גאָרנישט איבערגעלאָזט. ער האָט מסתמא קיין מגא־ומשא ניט געהאַט מיט זיי נאָך זיין צוריקקומען אַהיים. אַנדערע ביאָגראַפן אָבער זעען, פאַרקערט, אין דעם איבערלאָזן דעם ווייב דאָס צווייט־בעסטע בעט אַ סימן פון אויפמערקזאַמקייט און זאָרג. דאָס בעסטע בעט פלעגט אין יענער צייט זיך רעכענען בלויז פאַר אַ צירונג־מעבל־שטיק, אין וועלכן עס זיינען געשלאָפן געסט. דאָס צווייטע־בעסטע בעט איז געווען דאָס באַקוועמע, היימישע מעבלשטיק פאַר די אייגענע. אַזוי אַז עס איז לחלוטין ניט געווען קיין באַליידיקונג. בכלל איז אין יענער צייט ניט געווען קיין אויסערגעוויינלעכע זאַך, ניט צו דערמאָנען די אַלמנה אין אַ צוואה, ווייל איר איז סייווי־סיי געקומען אַ דריטל פון פאַרמעגן לויט דעם ירושה־רעכט. און אַ חוץ דעם, ען שעקספּיר איז שוין דעמאָלט געווען אַ זקנה פון 62 יאָר. זי האָט קוים געקאָנט גיין. ער האָט גוט געוואוסט ווי שטאַרק ליב די עלטסטע טאָכטער האָט זי געהאַט. שעקספּיר האָט זי זיכער באַזאָרגט עס זאָל איר גאָרניט פעלן, ווען סוסאַנאַ און דר. האָל האָבן זיך באַדאַרפט אַריבערציען אין „גרויסן הויז" אַריין. ער האָט געוואוסט, אַז זיי וועלן אויף איר אויפפּאַסן. און ס'איז טאַקע באַקאַנט, אַז די קינדער האָבן זי שטאַרק בכבוד געהאַלטן ביז אין איר טויט, 7 יאָר נאָך איר מאַן. וואָס אָנבאַלאַנגט איר אַליין, האָט ען שטאַרק געשעצט און מסתמא ליב געהאט איר וויליאַמען, כאָטש זי האָט קיין אַנונג ניט געהאַט וועגן זיין ווירקלעכער גרויסקייט. זי האָט אַלע שפּעטערע יאָרן געבעטן מען זאָל זי באַגראָבן מיט שעקספּירן אין איין קבר.

אַלע דריי זייטן פון דער צוואה זיינען באַזונדער געחתמעט מיט שעקספּירס שוין שוואַכער האַנט. זיין קראַנקהייט איז ערגער געוואָרן, און דעם 23טן אַפּריל — אין זעלבן דאַטום, וואָס ער איז געבוירן געוואָרן — איז ער געשטאָרבן אין „ניי־אָרט", אַרומגערינגלט מסתמא פון אַלע מיטגלידער פון זיין משפחה, איינגעשלאָסן זיין איידעם, דר. האָל, וועלכער האָט אים זיכער קורירט די גאַנצע צייט פון זיין קראַנקהייט.

ס'איז ניט באַקאַנט, ס'האָט קײנער ניט פֿאַרצײכנט, און ס'איז ניט איבערגעגעבן געוואָרן צו די קומענדיקע דורות, ווי עס האָט זיך באַצויגן צו זײַן קראַנקהײט, און ווי אַזוי עס איז אויסגעגאַנגען דער שענסטער באַזינגער פֿון מענטשלעכן לעבן. ווי אַזוי האָט ער באַגעגנט זײַן טויט, דעם „פֿעסטלעכן און אומנאַטירלעכן שלאָף", און וואָס זײַנען געוועזן זײַנע לעצטע ווערטער. עס איז ניט איבערגעלאָזט געוואָרן דער באַוואונדערנדיקער מענטשהײט אַפֿילו אַזאַ קורצער אָבער אַזוי פֿיל אַנטהאַלטנדיקער אויסרוף, מיט וועלכן ס'האָט שפּעטער פֿאַרזיגלט זײַנע לעצטע מינוטן אַ צווייטער גײַסטיקער ריז: „מער ליכט!". ס'איז נאָר באַוואוסט, דער טרוקענער פֿאַקט, אַז דעם 25טן מערץ 1616 איז ווילִיאַם שעקספּיר באַגראָבן געוואָרן אין דער אָרטיקער קירך, אויבן אָן ביים אַלטאַר. ס'האָט זיך גערעכנט פֿאַר אַ גרויסן כּבוד באַגראָבן צו ווערן, ניט אויפֿן קלויסטער־הויף, נאָר אינעווייניק. און אַלס אײנער וואָס האָט געהאַט אַ חלק אין די מעשׂר־פֿעלדער, און דערצו נאָך דעם פֿײַנעם נאָמען אַלס בכבודיקער בירגער און גרעסטער פּאָעט פֿון לאַנד, איז שעקספּיר זיכער געוועזן באַרעכטיקט צו דער אויסצײכענונג.

מיט אַ מאָדנער באַנגקײט טרעטסטו אַריבער דעם שוועל ביי דעם בידעריקן טירל, וואָס פֿירט אַרײַן אין שעקספּירס גערטנער פֿון דעם „גרויסן הויז", אָדער „ניי־אָרט", וואו דער פּאָעט האָט פֿאַרבראַכט די לעצטע יאָרן פֿון זײַן לעבן . . . און כאָטש דריי הונדערט יאָר טיילן אונדז אָפּ פֿון דער צייט זינט דער מיטליאַריקער, פּשוט־אויסזעענדיקער, קלײנשטעטלדיקער דזשענטלמאַן, וואָס האָט פֿאַרמאָגט דאָס צאַרטסטע האַרץ און די אײַנדרוקפֿולסטע נשמה, האָט איבער די קלײנע, חנעוודיקע שטעגלעך געטרעטן, טראָגן זיך נאָך דאָ די אומגעהערטע טריט זײַנע; שוועבט נאָך דאָ אַרום דער אַראָמאַט פֿון זײַן צויבערלעכער פּערזענלעכקייט, וואָס ער האָט אויסגעשטראַלט צווישן די קאָלירנדיקע און פֿיינדופֿטנדיקע בלומען. ס'איז ניט באַקאַנט צי האָבן די גערטנער אויפֿבאַהאַלטן זייער אָריגינעלן אויסזען; צי זײַנען זייערע אַראַבעסק־אַרטיקע צייכענונגען פֿון די פֿאַרשיידנפֿאַרביקע פֿלאַנצן פֿאַרבליבן אין דער זעלבער פֿאָרם ווי ס'האָט זיי אויספּאַנטאַזירט זייער ערשטער שאַפֿער. זייער גייסט אָבער, דער גייסט פֿון פֿיין־פֿאַרטראַכטער, קינסטלעריש־געשאַפֿענער, גוט־געפּלעגטער אַלט־ענגלישער געמיטלעכקייט; דער גייסט פֿון עלעגאַנטער באַקוועמלעכקייט, צווישן וועלכער עס קאָנען אָפּרוען דאָס האַרץ און די נשמה נאָך יאָרן פֿון אויפֿגערעגטן לעבן און שווערע דער־

פּאַרונגען — אַט־דער גייסט איז נאָך דאָ אַזוי פריש און לעבעדיק, ווי אין די טעג ווען שעקספּיר אַליין האָט מיט דער גרעסטער ליבע געזאָרגט וועגן זיי. „ניי־אָרט" כישופט נאָך איצט מיט אַן אומדערקלערלעכן רייץ, כאָטש נאָר די גערטנער זיינען געבליבן. דאָס „גרויסע הויז" עקזיסטירט שוין ניט מער. געבליבן איז בלויז דער פונדאַמענט. פרעמדע הענט האָבן עס צעשטערט. ווייזט אויס, אַז שעקספּירס זאָרג, וואָס האָט נישט איינמאָל זיכער געפרעסט זיין האַרץ אין די שעהן פון נאָכטראַכטונגען צווישן די גאָרטן־בלומען און ביימער; די זאָרג, אַז אפשר וועט מיט אים זיך ענדיקן זיין שטאַם, איז ניט געווען אומזיסט.

שעקספּיר האָט זייער געשטרעבט איבערצולאָזן נאָך זיך אַ דור. זיין צוואה לאָזט עס שטאַרק פילן. ער חזרט עס איבער, אַז זיין ירושה זאָל איבערגיין צו זיין טאָכטער סוסאנאס זין. ער אַליין האָט ניט איבערגע־לאָזט קיין זין, וואָס זאָלן ווייטער טראָגן דעם נאָמען, וועלכן ער האָט אַזוי באַרימט געמאַכט. זיין שטרעבונג איז אָבער ניט דערפילט גע־וואָרן. זיין ירושה איז בלויז נאָך אַ קורצער צייט איבערגעגאַנגען צו פרעמדע. סוסאנא און דאָקטאָר דזשאָן האָל האָבן, אַ חוץ עליזאַבעטן, קיין קינדער מער ניט געהאַט. דעם 22טן אַפּריל 1626 האָט עליזאַבעט חתונה געהאַט מיט טאָמאַס נעש, אַ זון פון אַ רייכן לאַנד־אייגנטימער פון דער געגנט, אַנטאַני נעש. דאָס יונגע פּאָרפאָלק האָט זיך באַזעצט אין דעם שכנותדיקן הויז פון „ניי־אָרט". נאָך טאָמאַס נעשס טויט אין אַפּריל 1647 האָט עליזאַבעט נאָכאַמאָל חתונה געהאַט דעם 5טן יוני 1649 מיט אַ געוויסן דזשאָן בערנאַרד. שעקספּירס יינגערע טאָכטער דזשודיט האָט מיט איר מאַן טאָמאַס קווינעי געהאַט דריי זין, אָבער אַלע דריי זיינען געשטאָרבן יונג, נאָך איידער זיי האָבן געקאָנט ברענגען אַ דור אויף דער וועלט. אַזוי אַז די דירעקטע שטאַם־ליניע שעקספּירס איז גיך איבערגעריסן געוואָרן. ען שעקספּיר האָט נאָך איבערגעלעבט איר מאַן גאַנצע זיבן יאָר. נאָך אַ שטיל בכבודיק לעבן אין דעם רחבותדיקן „גרויסן הויז" ביי איר טאָכטער סוסאַנאַן און איר באַליבטן איידעם, איז זי געשטאָרבן דעם 6טן אויגוסט 1623 אין עלטער פון 67 יאָר. איר וואונטש צו ליגן אין זעלבן קבר פון איר מאַן, איז ניט דערפילט געוואָרן. זי איז אָבער באַגראָבן געוואָרן אין דער קירך ביי זיין זייט, אין פראָנט פון דעם אַלטאַר. סוסאַנאַ האָט אַרויסגעוויזן איר גרויסן טרויער אויף דער מוטערס טויט אין אַ לאַטייניש קלאָג־ליד, וואָס איז זיכער געשריבן געוואָרן דורך איר מאַן, און איז אויסגעקריצט געוואָרן אויף אַ בראָנזע־נעם טאָוול איבער דעם קבר.

„נײ־אָרט״ איז נאָך געװען אין די הענט פֿון שעקספּירס דירעקטע יורשים אַ שטיקל צײט. דר. האָל איז געשטאָרבן דעם 25טן נאָװעמבער 1635, און סוסאַנאַ — דעם 11טן יולי 1649. די ייִנגערע טאָכטער שעקספּירס, דזשודיט קװינעי, איז געשטאָרבן צו 77 יאָר, דעם 9טן פֿעברואַר 1662. נאָך לאַנגע גילגולים, איבערגײענדיק צו אַ סך זײטיקע יורשים, איז דאָס „גרױסע הױז״, װאָס שעקספּיר האָט מיט אַזױ פֿיל שטאָלץ דערװאָרבן און אָפּגעהיטן, אַרײַנגעפֿאַלן אין פֿרעמדע הענט. אין 1753 װערט דאָס הױז מיט די אַרומיקע גערטנער פֿאַרקױפֿט אַלס זומער־װאױנונג צו פּרענסיס גאַסטרעל, דעם װיקאַר פֿון פֿראָדזשעם, אין דער טשעשיר־געגנט. מיט דעם לעצטן איבערגאַנג האָט זיך אױך געענדיקט דאָס לעבן און די עקזיסטענץ פֿון שעקספּירס „נײ־אָרט״. פּרענסיס גאַסטרעל איז געװען אַ זײער שלעכטער מענטש מיט אַ קריגערישער נאַטור. ער האָט ניט געקאָנט אַריבערטראָגן די פֿאַרערונג און די אױפֿמערקזאַמקײט, װאָס סטראַטפֿאָרד האָט אַרױסגעװיזן צו דער ירושה פֿון איר גרױסן דיכטער. ער האָט ניט געװאָלט לײדן, װאָס אַזױ פֿיל מענטשן קומען כאָטש פֿון װײַטנס אָנקוקן דאָס פּלאַץ. און אין 1758 האָט ער להכעיס דער שטאָט, אונטערגעשניטן דעם באַרימטן מױלבעער־בױם, װאָס איז געװען אַזױ ענג פֿאַרבונדן מיט שעקספּירס נאָמען. די סטראַטפֿאָרדער אײַנװאױנער זײַנען שטאַרק אױפֿגעבראַכט געװאָרן פֿאַר דעם פֿאַרברעך. זײ האָבן דעם װיקאַר אַלע פֿענצטער אױסגעשלאָגן. די באַציאונגען צװישן גאַסטרעלן און דער שטאָט זײַנען נאָכדעם געװאָרן אַזױ אָנגעשטרענגט, אַז אין 1759 האָט ער געלאָזט דאָס גאַנצע הױז אַרונטעררײַסן. ער האָט אָבער גלײַך געמוזט אַנטלױפֿן פֿון סטראַטפֿאָרד כדי אױסצומײַדן דעם שטורעם פֿון האַס, װאָס האָט זיך אױפֿגעהױבן קעגן אים. לאַנגע יאָרן איז דאָס אָרט װוּ שעקספּיר האָט אַמאָל געװאױנט געװען פּוסט און פֿאַרלאָזן, ביז ס׳האָט זיך אָנגעהױבן די באַװעגונג אָפּצוראַטעװען די פֿאַרהײליקטע ערטער, װוּ ס׳האָט געלעבט ענגלאַנדס גרעסטער פּאָעט. און זײַט 1891 איז דאָס פּלאַץ פֿון „גרױסן הױז״ צוזאַמען מיט דעם שכנותדיקן הױז, װוּ ס׳האָט געװאױנט טאָמאַס נעש, געװאָרן דאָס אײגנטום פֿון דעם „געבױרן־אָרט טראָסט־פֿאָנד״, װעלכער פֿאַרװאַלטעט מיט אַלע שעקספּיר־מעמאָריאַל־געבײדעס. די גרױסע גערטנער פֿון „נײ־אָרט״ זײַנען פֿאַראײַניקט געװאָרן מיטן גאָרטן פֿון טאָמאַס נעש אין אײן נאַציאָנאַלן אָנדענק־אָרט. דאָס אָריגינעלע נעשס הױז, װאָס איז פֿאַרבליבן װי עס איז געװען, איז פֿאַרװאַנדלט געװאָרן אין אַ שעקספּיר־מוזעאום.

אין אַזאַ שטילער געמיטלעכקײט שפּאַצירט זיך עס איצט אין די

גערטנער, אָדער ריכטיקער, אין דעם ריזיקן גאָרטן פון „ניי־אָרט", וואָס איז איבערגעטיילט דורך געפלאָכטענע, דורכזיכטיקע ווענט, אַזוי אַז ער בילדעט עטלעכע באַזונדערע גערטנער. יעדער פון זיי איז פאַרשיידן פון אַנדערן לויט דער אויסלייגעכץ פון די בלומען־בייטן, אָדער לויט די פאַרשיידענע בלומען אוןביימער, וואָס וואַקסן אין אים. אין ערשטן פאָדערשטן גאָרטן, וואו דאָס הויז איז געשטאַנען, געפינט זיך נאָך דאָס אַלטע וואַסער־פּלומפּל, און דער קוים זיך נאָך האַלטנדיקער איינגעשרומפּענער מוילבעער־בוים, אונטערגעשפּאַרט מיט צוויי אייזערנע שטאַנגען. אַן אָפּשטאַם פון דעם אָריגינעלן שעקספּירישן בוים, וואָס דער בייזער גלח גאַסטרעל האָט אָרונטערגעשניטן. דער מיט זון פאַרגאָסענער גאָרטן איז כמעט ליידיק. קיין זאַך שטערט ניט די פאַרטראַכטע שטילקייט, וואָס הויערט דאָ אונטער דעם בלויען קלאָרן הימל. פון אַרום זעען זיך די קליינע ציגל־דעכלעך פון די שכנותדיקע הייזער. אין צווייטן גאָרטן, צווישן די שאָטנדיקע ביימער, רוען עטלעכע עלטערע פּרויען, וואָס שמועסן צווישן זיך שטילערהייט.

אין דעם זייער אינטערעסאַנטן קליינעם מוזעאום פון „ניי־אָרט" געפינען זיך רייכע קאָלעקציעס, וואָס האָבן אַ שייכות צו שעקספּירס לעבן און שאַפן. עס הענגען די אָריגינעלע אייל־בילדער פון דזשאָן לאָוויק, ריטשאַרד באַרבעדזש, דזשאָזעף טיילאָר, נייטאָן פילד — קאָלעגן־שוי־שפּילער, וואָס האָבן צוזאַמען מיט אים געשפּילט אין דער טשעמבערליין־טרופּע. די בילדער פון דזשאָן פלעטשער, פרענסיס בימאָנט, טאָמאַס סאַקוועל — דראַמען־שרייבער פון זיין צייט. ביז גאָר וויכטיק איז די גרויסע זאַמלונג, וואו ס'זיינען אויסגעשטעלט אַלע מכשירים און אָקסע־סואַרן, וואָס ווערן נאָר דערמאָנט אין שעקספּירס פּיעסן. שעקספּיר האָט געהאַט אַ טיפן אינטערעס און פאַרשטענדעניש נישט בלויז פאַר מענטשלעכע געפילן און איבערלעבונגען, נאָר ווי אַלע גרויסע טאַלאַנטן האָט ער פאַרמאָגט די באַגאַבונג צו באַמערקן און געדענקען לעבנס־אָרטן און לעבנס־שטייגער. אים זיינען געווען באַקאַנט הונדערטער כלים, מעבל־שטיקער, געצייגן, געוואַנטן, געשפּאַנען און וואָפן, וועלכע מען האָט באַנוצט סיי אין טעגלעכן לעבנס־אומגאַנג, סיי ביי דער אַרבעט, סיי ביי שפּילערייען, און סיי ביי דער יאַגד אָדער מלחמה. די אַלע זאַכן האָט ער צענדליקער מאָל דערמאָנט אין זיינע טעאַטער־שטיקער, אָנ־רופנדיק זיי ביים ריכטיקן און פּינקטלעכן נאָמען. און אָט־די אַלע גע־צאַצקעטע לייכטערס, טרינק־פּלעשלעך מיט שמאָלע, לאַנגע מיילער, גע־צירטע פערד־זאָטלען, אויסגעקרימטע פען־מעסערס און טונקל־פאַרביקע

הערב־פענער ברענגען אויף אַזאַ לוסטיקן אופן צוריק צום זכרון די אַלטע דראַמעס, קאָמעדיעס און טראַגעדיעס פון דעם גרויסן דראַמאַטיקער, וועלכע זיינען פול מיט אַזאַ טומלענדיק, רוישיק און מיטרייסנדיק לעבן. אין די אַנדערע צימערן, אין אויבערשטן שטאָק פון מוזעאום, זיינען אויסגעשטעלט פאַרשיידענע זאַכן, וואָס האָבן אַ שייכות צו דער טראַ־דיציע פון שפּעטערדיקע שעקספּירישע אויפפירונגען, אָדער מיט דעם אופן ווי אַזוי פאַרשיידענע גרויסע אַקטיאָרן האָבן געשפּילט זיינע הויפּט־ראָלן. צווישן זיי פאַרנעמען אַן אָנגעזעען אָרט סיי דייוויד געריקס, סיי הענרי אירווינגס — די צוויי באַרימטע ענגלישע טראַגיקער — טעאַ־טער־קאָסטיומען, רעקוויזיטן, שמינק־קעסטלעך און פּאַרוקן פון האַמלעט, שיילאָק, ליר, מאַקבעט און אַנדערע.

די אַלט־ענגלישע „הייליקע דריי־איי־ניקייט־קירכע".

פונקט ווי אין דעם שעקספּיר „געבוירן־הויז", קומט מען דאָ אויך אַריין מיט איינגעהאַלטענע טריט און אומרואיק האַרץ. ס'איז דאָס באַ־גרעבעניש־פּלאַץ פון דעם גרויסן דיכטער. ס'איז דאָס פאַרהייליקטע אָרט, וואו עס רוט דאָס געביין פון דעם, וואָס איז געוואָרן די פרייד און די באַוואונדערונג פון דער ברייטער מענטשהייט. וואָס פאַר אַ באַשיידן מקום־מנוחה פאַר איינעם, וואָס האָט באַשיינט און באַיום־טובט די לע־בענס פון דורות און מיליאָנען. וואָס האָט מיט זיין פּאָעטישער קראַפט געהאַלטן פאַר זיי דעם צויבערלעכן נאַטור־שפּיגל, אין וועלכן די לעבנס פון קעניג און בעטלער, קריגער און פּאַסטוך, טרוימער און ציניקער, פיי־לאָזאָף און קלאָון, צדיק און רשע האָבן זיך אָפּגעשפּיגלט מיט די פּראַכ־טיקסטע קאָלירן. זי איז באַשיידן און איינפאַך, אָט־די גאָטיש־געוועלב־טע קירך, מיט די שווערע אַכט־קאַנטיקע זיילן, מיט די פאַרביקע הויכע גלאָז־פענצטער, מיט די צוויי רייען פּשוטע שטענדערס פאַר די דאַווע־נערס, און מיט דעם הויכן געשניצטן פּולפּיט. ס'איז די קירך, אַרום וועלכער עס האָט זיך צענטראַליזירט דאָס לעבן און די געשעענישן פון אַלטן סטראַטפאָרד פאַר הונדערטער און הונדערטער יאָרן. איינע פון פון די אומצייליקע קירכעס אין די אַלט־ענגלישע שטעט. אָבער אויף יענער זייט גלעזערנער טיר, וואָס טיילט אָפּ דעם הויפּט־דורכגאַנג פון דער אינערלעכער קאַפּעליע, פאַר דעם פּשוטן אַלטאַר, געפינט זיך דער מאַרמאָרנער קבר פון וויליאַם שעקספּיר.

ס׳הערשט דאָ אַזאַ שטילקייט, וואָס אפשר זי אַליין נאָר איז אימ־שטאַנד אויסצודריקן די גאַנצע הייליקייט פון דעם אָרט. אַ שטילקייט, וואָס היט זייט הונדערטער יאָרן די פרידלעכקייט און רו, נאָך וועלכער דער פּאָעט האָט אַזוי געבענקטביים סוף פון זיין לעבן. ער האָט גע־מוזט זיין זייער מיד און באַזאָרגט איידער ער האָט זיך אָפּגעשיידט פון דער וועלט, וועלכע איז תמיד געווען פאַר אים אַ קוואַל פון אַנטציקונג און חידוש. מיד נאָך דעם טיף־דורכגעפילטן, נסיונות־פולן, שאַפערישן לעבן. באַזאָרגט ניט געשטערט צו ווערן אין דער לעצטער רו; אין דעם טיפן שלאָף, וועלכער דאַרף באַפרייען פון די אַלע קוואַלן און צווייפ־לען פון אונדזער דאָ זיין. אַ חוץ אין זיינע פּיעסן, וואו ער לאָזט זיינע גריבלענדיקע העלדן מעדעטירן וועגן יענעם אַנדערן לעבן, נאָכדעם ווי מיר טרעטן אַריבער די גרענעץ פון אונדזער ערדישן זיין, איז ניט באַ־קאַנט, אַז שעקספּיר זאָל אויף וועלכן ס׳איז אָרט, פאַרן טויט, האָבן אַרויסגעוויזן זיין מורא אָדער זאָרג פאַר זיין נשמה. ער האָט אָבער אויף אַ זייער קאָנקרעטן אופן אַרויסגעוויזן זיין שרעק און שוידער בנוגע דעם, וואָס עס וועט ווערן פון זיין ערדישן געביין; פון דעם פיזיש־קערפּערלעכן, וואָס די צייט וועט סיי־ווי־סיי פאַרוואַנדלען אין ערד און אין אַש. זיין פאַרלאַנג איז געווען באַגראָבן צו ווערן אין דער הויפּט־קאַפּעליע פון דער קירך. ס׳איז געווען אַ כבוד און אַ פּאַרדינסט. אָבער דאָס איז אויך געווען פאַרבונדן מיט אַ סכנה, וואָס האָט אים אַ סך יאָרן פריער נאָך געשראָקן.

אַזוי ווי דאָס ערד־אָרט פאַרן אַלטאַר איז אויפסנייַ בויטיק געווען יעדעס מאָל פאַר אַ געשטאָרבענעם וויכטיקן שטאָט־איינוואוינער, פלעגט זיין דער מנהג, נאָך עטלעכע יאָר אויסצוגראָבן די ביינער פון דעם מת, וועלכער האָט פאַרנומען דאָס בכבודיקע אָרט, און זיי אַריינוואַרפן אין דעם ביינער־הויז, וואָס איז געשטאַנען אין דרויסן אויפן בית־עולם, און איז געווען פאַרבונדן מיט דער קירכע דורך אַ טיר. דאָס אייגענע האָט מען געטאָן מיט די טויטע, וואָס זיינען באַגראָבן געוואָרן איבדרויסן אויפן בית־עולם, ווען מען האָט נאָך עטלעכע יאָר באַדאַרפט האָבן די קברים פאַר נייע מתים. שעקספּיר האָט דאָס ביינער־הויז גוט געקענט. עס איז געווען פול מיט די ביינער און שאַרבנס פון די בעסטע סטראַט־פאָרדער איינוואוינער, און איז זיכער געווען די שרעק פון זיינע יינגלשע יאָרן. נישט איינמאָל האָט ער, באַזוכנדיק דאָס בית־עולם, זיכער צוגעזען די שוידערלעכע סצענעס, ווי די קירכע־שמתים האָבן אַרויסגע־וואָרפן סקעלעטן פון טויטע אויס די קברים אין דעם ביינער־הויז אַריין.

דער שוידער פון אויסגראָבן דאָס געביין פון אַ מענטש, וואָס האָט גע־לעבט און געהאָפט; וואָס איז געווען פול מיט די שענסטע בענקשאַפטן און פאַנטאַזיעס, און אים אַרויסוואַרפן אין ביינער־הויז אַריין איז אים נאָכגעגאַנגען אין פאַרשיידענע צייטן פון זיין לעבן. ער ווייזט אַרויס די שרעק ווען דזשוליעט אין „ראָמעאָ און דזשוליעט" דריקט אויס פאַרן מאָנאַך איר מורא פאַר

„פאַרשפאַרן מיך נאַכטלעך אין דעם ביינער־הויז,
אָנגעפילט אינגאַנצן מיט טויטע מענטשנס קנאַקנדיקע ביינער,
מיט פאַרדומפּטע שינביינער און געלע נאַקעטע שאַרבנס".

און נאָך שטאַרקער אין „האַמלעט" אין דער שוידערלעך־גראָטעסקער סצענע מיט די טויטנגרעבער:

האַמלעט: אָט־דער דאָזיקער שאַרבן האָט אַמאָל אַ צונג געהאַט, און האָט זינגען געקאָנט — און דער טויגעניכטס וואַרפט אים צו דער ערד ווי ער וואָלט זיין קינס, דעם ערשטן מערדערס שאַרבן. פאַרוואָס דערלויבט ער זיך איצט, דער ווילדער אויס־וואורף, צו שלאָגן אים איבערן שיידל מיט אַ שמוציקן רידל? ווי מיינסטו, האָט אַלעקסאַנדער דער גרויסער אויך אַזוי אויסגעזען אין דער ערד? און האָט דעם אייגענעם געשטאַנק געהאַט? פוי!

און די איינציקע זאַך, דורך וועלכער שעקספּיר פּרובירט זיך צו באַ־וואָרענען נישט צו טיילן דעם גורל פון די אַנדערע סטראַטפאָרדער איינ־וואוינער, און נישט דורכמאַכן די אָפּשטויסנדיקע פּראָצעדורע, זיינע ביינער זאָלן אַרויסגעוואָרפן ווערן אין דעם עקלהאַפטן שאַרבן־הויז, איז געווען דער עפּיטאַף, וואָס ער האָט אַליין צוגעקלערט פאַר זיין קבר:

„גוטער פריינט, טו עס נישט, ווי יעזוס איז דיר ליב.
גראָב ניט אויס דעם שטויב, וואָס ליגט דאָ אין דעם גרוב.
געבענטשט דער מענטש, וואָס שוינען וועט דעם שטיין.
פאַרשאָלטן ווער — ס'וועט רירן מיין געביין".

ער האָט זיך ניט באַגנוגנט בלויז צו אַפּעלירן צו די געפילן פון זיי־נע לאַנדסלייט מיט געבעט אין יעזוס' נאָמען. ער האָט אויך פּרובירט צו וועקן זייער אַבערגלויבן דורך דעם אָנשרעקן זיי מיט דער קללה פון אַ טויטן. און מען מעג זיכער זאָגן, אַז שעקספּיר האָט געקענט זיינע

לאַנדסלייט. אַט־די פּשוט־געשריבענע, פיר־שורהדיקע אויפשריפט האָט געהאַט די נויטיקע ווירקונג. זיין קבר איז דורך די אַלע יאָרן ניט באַ־רירט און ניט באַלעסטיקט געוואָרן. דזשאָן דאָודאַל, וואָס האָט אין 1693 באַזוכט וואַרוויקשיר דערציילט אין זיינע נאָטיצן, אַז מ׳האָט עס שעקס־פּיר נישט באַגראָבן אין זעלבן קבר פון איר מאַן, אַזוי ווי זי האָט תמיד פאַרלאַנגט, ווייל מען האָט מורא געהאַט צו עפענען דעם קבר. דאָס באַ־גרעבעניש־אָרט איז ניט גערירט געוואָרן אַפילו דורך די יאָרן, ווען זיין רום איז געוועזן פאַרטונקלט, און דער נאָמען וויליאַם שעקספּיר אויף זיין קבר האָט ניט פאַרגעשטעלט מיט זיך קיין שום באַזונדערע וויכטיקייט. די קללה האָט געשראָקן און אָפּגעהאַלטן. האַליוועל פיליפּס דערציילט, אַז אין אַ געוויסער צייט האָט אַ קליינע גרופּע, מיט לאַמטערנס און ריד־לען, זיך גענומען אין אַ פינצטערער נאַכט אויסגראָבן דעם טויטן טראַץ דער פייערלעכער קללה. אָבער זיי האָבן זיך באַלד דערשראָקן און אין פּאַניק אַנטלאָפן, צורו־לאָזנדיק דעם מאַרמאָרנעם קבר.

אויף דער וואַנט איבערן קבר געפינט זיך דער „שעקספּיר־מאָנו־מענט" — אַ פירקאַנטיקער טאַבלעט, אויף וועלכן עס געפינט זיך דעם פּאָעטס האַלבער ביוסט אין אַ נישע, צווישן צוויי קאָרינטישע זיילן. אָנ־געטאָן איז די שעקספּיר־פיגור אין דעם באַקאַנטן אַלט־ענגלישן קאָסטיום מיט די ווייסע איבערגעלייגטע קאָלנער און מאַנזשעטן. איבער דעם טאַבלעט געפינען זיך די אָפּצייכענונגען פון שעקספּירס הערב־שילד באַ־צירט מיט אַ טויטן־קאָפּ. דער מאָנומענט איז באַשטעלט געוואָרן קורץ נאָך שעקספּירס טויט, און איז געמאַכט געוואָרן דורך די שטיין־קריצער גאַררעט און ניקאָלאַס דזשאָנסען פון לאָנדאָן, די זין פון דעם באַרימטן אַמסטערדאַמער מצבה־קריצער גאַררעט דזשאָנסאָן. די דזשאָנסאָנס האָבן געהאַט זייער שטיין־האַקעריי ניט ווייט פון דעם „גלאָוב"־טעאַ־טער, און האָבן שעקספּירן פּערזענלעך גוט געקענט. אַזוי אַז מען קאָן אָננעמען פאַר זיכער, אַז די ענלעכקייט פון פּנים מיט די מילדע אויגן, צאַרטן שטערן און די קליינע פיינע באָרד איז אַ פּינקטלעכע. אָריגינעל איז דער ביוסט געוועזן באַמאָלן אין די ריכטיקע לעבנס־קאָלירן, ווי ס׳איז געווען דער שטייגער אין יענער צייט. שפּעטער איז די פיגור באַדעקט געוואָרן מיט ווייסער פאַרב, וואָס גיט איר צו אַ מאָדנעם אויסזען. אונ־טער דעם ביוסט איז אויף דעם טאַבלעט אויסגעקריצט דער עפּיטאַף, אין וועלכן די ערשטע פיר שורות זיינען אין לאַטיין:

„אַ חכם ווי נעסטאָר, אַ זשעני ווי סאָקראַט,
אַ קינסטלער ווי ווירגיל, די ערד באַמאַנטלט אים,

אַ פּאַלק באַטרויערט אים, מלאכים הויערן איבער אים.
פאַרבייגייער! וואָס איילסטו דיך אַזוי? אויב דו קאָנסט,
שטעל זיך אָפּ און לייען
וועמען דער ניידישער טויט האָט באַהאַלטן דאָ,
אונטער דעם שטיין.
שעקספּיר, זיין נאָמען אַ צירונג פאַר דעם שטיין.
די לעבעדיקע נאַטור איז געשטאָרבן מיט אים אַליין.
אַ סך טייערער פון אוצרות איז אַלץ, וואָס ער האָט געשריבן.
אַ ירושה פון אייביקער קונסט זיינען די בלעטער געבליבן".

באַלד לעבן שעקספּירס קבר פאַרן אַלטאַר געפינט זיך דער קבר פון זיין ווייב, ען, מיט דעם אויפשריפט: „דאָ ליגט באַגראָבן דער קערפּער פון ען, ווייב פון מר. ווילִיאַם שעקספּיר, וואָס האָט פאַרלאָזט דאָס לעבן דעם 6טן טאָג פון אויגוסט 1623 זייענדיק 67 יאָר אַלט". און אונטער דעם דער עפּיטאַף אין לאַטייניש:

„צערטלעכקייט, לעבן האָסטו מיר געגעבן.
און פאַר די מתנות דיין, ווי מיר! גיב איך דיר אַ שטיין.
מעג אַ גוטער מלאך, דאָס איז מיין באַגער,
דיר דעם שטיין ניט מאַכן שווער.
און ווי יעזוס האָבן די זכיה
דיין גוף באַלדיקער עליה
זאָל ניט זיין אומזיסט מיין תפילה
גיך גיך, דערלייזער, ברענג די גאולה,
פון ענגן קבר, וואָס דיך טוט באַדעקן,
זאָלסטו, מוטער, זיך דערוועקן
און מיט דעם באַפרייער גלייך
זיין אין הימל־רייך".

לעבן דעם געפינען זיך די קברים פון טאָמאַס נעש, דער מאַן פון שעקספּירס אייניקל עליזאַבעט; דר. האָל, דער מאַן פון שעקספּירס עלטסטער טאָכטער. און גאָר אין עק איז דער קבר פון סוסאַנאַן, דעם פּאָעטס געליבטע קינד. איר קבר איז אויך באַצירט מיט דעם אויפשריפט: „דאָ ליגט דער קערפּער פון סוסאַנאַן, דאָס ווייב פון דזשאָן האָל, דזשענטלמאַן, די טאָכטער פון ווילִיאַם שעקספּיר, דזשענטלמאַן, געשטאָרבן דעם 11טן טאָג פון יולי 1649, אין עלטער פון 66 יאָר.

„די קלוגסטע פון איר מין געוועזן איז פרוי האַל.
פרום און גוט, אין מעלות פול בכלל.
געראָטן אינגאַנצן אין שעקספּיר,
וואָס טיילט דעם גן־עדן איצט מיט איר.
פאַרבייגייער! קאָנסטו ניט פאַרגיסן אַ טרער
אויף דער וואָס האָט געוויינט מיט יעדנס לייד?
געוויינט און זיך מקריב געווען גאַנץ
צו ברענגען די נויטבאַדערפטיקע טרייסט און הילף און פרייד.
איר ליבע וועט לעבן, איר גענאָד וועט זיין פאַרשפּרייט,
כאָטש אַ טרער פאַרגיסן ביזטו פאַרבייגייער ניט גרייט".

דאָס באַגרעבעניש־אָרט פאַרן אַלטאַר איז אָפּגעטיילט מיט אַ מע־שענער, נידעריקער פאַרצוימונג, וועלכע דערלאָזט ניט צו נאָענט צוצו־טרעטן צו די קברים. אָבער אָן דער פאַרצוימונג אַפילו פאַרהאַלט מען זיך אין טיפער ערפורכט אויף אַ געוויסער ווייטקייט פון דעם אָפּגעהיי־טענעם קבר. ערגעץ אין דיר רעגט זיך:

„טו אויס די שיך פון דיינע פיס, ווייל הייליק איז דאָס אָרט".

בלויז אין שטומער נאָכטראַכטונג שטייסטו אין דעם שטילן קירכן־ווינקל, וואו עס ליגט דאָס צוריקגעבליבענע ערדישע שטויב פון דעם, וואָס האָט געטראָגן אין זיך אַזוי פיל הימלישע פאַנטאַזיעס און וועלטן אומפאַסנדיקע וויזיעס; דאָס אָרעמע פיזישע איבערבלייבעכץ פון דעם, וואָס האָט מיט אַזאַ אימאַזשינאַציע געוואַנדערט אין די טונקעלע לאַבי־רינטן פון מענטשלעכע עמאָציעס און געפילן. דאָס קירכן־ווינקל מיט דעם קבר פון וויליאַם שעקספּיר, דעם באַרד פון עוואָן.

אומבאַמערקטערהייט ווערט די שטילקייט איבערגעריסן. פון ער־געץ וואו אין דער פאָדערשטער קירכן־טייל דערטראָגן זיך צאַרטע טענער פון קינדערישן געזאַנג. גייסט צוריק. אין דער וועסטרי, אַ זייטיקע גלחים־קאַפּעלע, שטייען די ייִנגלעך־משוררים, און שטודירן איין זייערע לאַטיינישע געבעט־כאָרן. קוקסט זיך איין אין די ערנסטע ענגלישע קינ־דער־פּנימער. זיי לערנען זייער געזאַנג מיט אַזאַ איבערגעבנקייט, לייענענדיק פון די אַלטע נאָטן־ביכער. ס'קומט דיר אויפן געדאַנק: אפשר איז דאָ אין דער זעלבער וועסטרי, מיט אַזוי פיל יאָרן צוריק, גע־שטאַנען אויך דער קליינער ווילי, און פונקט מיט אַזוי פיל ערנסטקייט אויפן יונגן פּנים, און התפּעלותדיקן פינקל אין די מילדע אויגן מיטגעזונ־

גען אין דעם קינדער־כאָר, וואָס האָט אײַנשטודירט דאָס געזאַנג פאַר די קירכלעכע תפילות.

אין דער זעלבער ווײמוטיקער שטילקײט פאַרלאָזט די „הײליקע דרײַאײניקײט־קירכע", וואו ניט ווײַט פון אַרויסגאַנג שטײט נאָך דער אַלטער ברונעם־בעקן, אין וועלכן שעקספּיר איז באַפּטיזירט געוואָרן, און אין אַ גלעזערן שויבן־שענקל ווערט אָפּגעהיטן דער פאַרצײַטיקער רע־גיסטריר־בוך, אין וועלכן עס איז פאַרצײַכנט די געבורט און דער טויט פון דעם סטראַטפאָרדער פּאָעט.

אין דרויסן פון דער קירך, אויף דעם אַלטן בית־עולם, הערשט אַזאַ טיפע פרידלעכקײט און רו. אין טיפן גרינס בויגן זיך די הונדערט־יאָריקע האַלב־אָפּגעריבענע מצבות מיט די נעמען פון מענטשן, וואָס האָבן דאָ אַרום געלעבט. די שפּעט־זומערדיקע זון וואָס רײַסט זיך דורך די הויכע, פאַרצווײַגטע דעמבעס, האַלט בײַם זעצן זיך. די בוימער וואַרפן אַזעלכע רואיקע שאָטנס איבער דעם געל־זאַמדיקן וועג אַרום דעם בית־עולם. שטיל שלענגלט זיך דאָ פאַרבײַ דער געמיטלעכער עוואָן־טײַך לעבן דעם פרידהויף־ברעג. פון דער זײַט זעען זיך די הײמישע דעכלעך פון סטראַטפאָרד. פון צווײטן ברעג עוואָן זעען זיך די פעלדער און לאָנקעס פון וואַרוויקשיר. אָבער אײן שטילקײט הילט אַלץ אַרום. ס'איז די זעלבע שפּעט־זומערדיקע שטילקײט איבער דעם עוואָן־טײַך, איבער די פעלדער אַרום, און איבער די בוימער און מצבות אויפן אײביקן קלײנעם בית־עולם. דו זיצסט בײַם עוואָן־ברעג נאָך אַלץ אונטערן שטילן כּישוף פון דעם סטראַטפאָרדער זינגער. דו טראַכסט — — — ס'איז בלויז צען מינוטן גאַנג דורך די קלײנע, שמאָלע געסלעך פונעם „געבורינג־הויז" ביז צו דער קירך, וואו ער רוט זײַן אײביקן שלאָף. אָבער וואָס פאַר אַ הערלעך גרויס לעבן ליגט צווישן דעם קלײנעם מהלך. וואָס פאַראַ שוואונגפולע אימאַזשן, וואָס פאַראַ פלאַמענדיקע זעאונגען. וואָס פאַראַ וואונדערלעכע וועלטן פול מיט לײדנשאַפט און דראַמאַטישקײט. און נישט־ווילנדיק קומט עס צוריק צו דיר, דאָ אויף דעם קלײנעם בית־עולם, און גײט דיר פאַרבײַ, אַט־דאָס רײַכע, פילפאַרביקע און פאַר־כּאַפּנדיקע שאַפונגס־לעבן. און ס'קומען אויפן געדאַנק סווינסבאָרנס ווערטער: „ס'איז ניט נאָר די געקרוינטע גלאָריע פון ענגלאַנד, נאָר די געקרוינטע גלאָריע פון דער מענטשהײט, אַז עס זאָל אַמאָל האָבן געבוירן געוואָרן אַזאַ מאַן ווי שעקספּיר". און אויך קאַרלײַלס: „שעקס־

פיר איז די גרעסטע זאַך, וואָס דאָס ענגלישע פאָלק האָט ביז איצט גע־שאַפן. מיר קאָנען אין אַ געוויסן טאָג פאַרלירן די אינדישע אימפּע־ריע, אָבער מיר וועלן קיינמאָל ניט פאַרלירן שעקספּירן".

ס'איז פרידלעך אויפן בית־עולם־ברעג פון עוואָן־טייך. אַ מילד ווינטל שפּילט זיך צווישן די שווייגנדיקע ווערבעס און לייכט־רווישנדי־קע בוימער־צווייגן אַרום. אַ ווינטל וואָס ברענגט קוים באַמערקבאַר צו־ריק אָפּקלאַנגען פון טריט, לאַנג שוין פאַרגאַנגענע און פאַרווישטע. זיי־נען עס ניט זיינע טריט? האָט ער דען דאָ ניט אַרומגעטרעטן אין די פאַרשיידנסטע צייטן פון זיין קורץ, שטראָמיק לעבן? אַלס יינגל, וואַנ־דערנדיק דאָ ביים ברעג פון עוואָן, פול מיט בענקשאַפטן און פאַנטאַזיעס. אַלס דערוואַקסענער, רייך שוין אין איבערלעבונגען און דערפאַרונגען, ביים באַגלייטן אַהער די באַזונדערע מיטגלידער פון זיין קליינער משפּחה — זיין יונגן זון האמנעט, זיין איבערגעגעבענעם פאָטער, און די באַ־ליבטע מוטער. זיכער האָט ער דאָ ניט איין מאָל זיך פאַרהאַלטן ביים ברעג פון עוואָן, באַטראַכטנדיק וועגן די מיסטעריעס פון לעבן, וועגן דעם זין פון זיין, פאַרבלייבנדיק אפשר נאָך לאַנג זיצן פאַרזונקען אין געדאַנקען, אַרומגעהילט דורך דער בלייך־גאָלדיקער דעמערונג פון דעם אוונט, וואָס איז, אַזוי ווי איצט, צוגעפאַלן פרידלעך און לייכט . . .

פרידלעך און מילד לאָזט זיך אַראָפּ דער אָוונט איבערן סטראַטפאָרדער „מעמאָריאַל־פּלאַץ״, וואו דער עוואָן ברייט אַביסל אויס זיינע שטילע וואַסערן, ביי וועלכע עס געפינען זיך פון איין זייט דער „גראָוער״ שעקספּיר־מאָנומענט, און פון דער צווייטער זייט די העכסט־מאָדערנע געביידע פון דעם „מעמאָריאַל־טעאַטער״. די קאָלירטע שיפלעך, וואָס וויגן זיך לאַנגזאַם מיט זייערע העל־געקליידטע פּאָרער, לאָזן נאָך מער פילן די פאַרטראַכטע בענקשאַפט, וואָס דער זומער־פאַרנאַכט שפּרייט מיט זיך אַרום. די ווייסע שוואַנען, וואָס גליטשן זיך צאַרט ביים ברעג, פירן, דוכט זיך, אַזאַ פיינעם שטומען שמועס מיט די שווייגנדיקע מענטשען, וועלכע זיצן געמיטלעך אַרום טייך. אַנטקעגן איבער, אין די גרויסע פענצטער פון „מעמאָריאַל־טעאַטער״ הייבן זיך איינציקווייז אָן אָנצוצינדן ליכטער, וואָס שפּיגלען זיך שוואַך אָפּ אין דעם נאָך אַלץ נישט־פינצטערן פאַרנאַכטיקן עוואָן. איינצלנע און גרופּעס מענטשן, יום־טובדיק געקליידט הייבן זיך אָן צו ווייזן פאַר די טעאַטער־טירן. ביי די זייטן הייבן זיך שוין אָן אויסשטעלן און אויסזעצן אין רייען די, וועלכע וואַרטן — ווי דער ענגלישער טעאַטער־מנהג איז נאָך ביז היינט — צו קריגן די ביליקערע גאַלעריע־פּלעצער פאַר דער אָוונט־פאָרשטעלונג. עס הייבט אָן ווייען מיט עפּעס אַ שטילער יום־טובדיקייט. די יום־טובדיקייט, וואָס שפּרייט זיך שטענדיק איבער סטראַטפאָרד אין די טעג און אָוונטן פון די שעקספּיר־פעסטיוואַלן, ווען טויזנטער און טויזנטער באַזוכער פון אַלע וועלט־טיילן קומען אַהער עולה־רגל זיין סיי צו דעם געבוירן־אָרט און קבר פון דעם גרויסן פּאָעט, און סיי כדי צו ערן זיין נאָמען, אייבערנדיק זיך אין זיינע אומשטערבלעכע ווערק ביי די אויפפירונגען אין „מעמאָריאַל־טעאַטער״. די שטראָמען פון פאַרערער און פאַרהייליקער ציען זיך יעדעס יאָר אַהער אין דעם קליינעם וואַרוויקשירער שטעטל שוין זינט 1769, ווען דער גרויסער ענגלישער שוישפּילער דייוויד גאַריק האָט אָנגעהויבן ווידער אַמאָל צו וועקן דעם אינטערעס פון דער קינסטלער־וועלט צו דעם אָנדענק פון דעם סטראַטפאָרדער פּאָעט און טעאַטער־גאון, און האָט דאָ אָנגעהויבן איינצואָרדענען די באַרימטע יובליי־פייערונגען לכבוד וויליאַם שעקספּיר.

אויך ביז יענער צייט איז סטראַטפאָרד געווען אַ פאַרהייליקט אָרט,

וואוהין פּילגרימען פּלעגן וואַנדערן אָפּצוצאָלן זייער רעספּעקט פאַר זייער באַליבטן דיכטער. אָבער דאָס זיינען אַלץ געווען איינצלנע, געציילטע און אויסדערוויילטע. ערשט שפּעטער האָבן זיך די וואַנדערונגען פאַר־וואַנדלט אין אַ מאַסן־באַוועגונג, וואָס האָט אַרומגעכאַפּט אַלץ ברייטערע שיכטן אין אַלע לענדער, און האָבן דערגרייכט זייער איצטיקן פאַרנעם, ווען צענדליקער טויזנטער מענטשן פון די ווייטסטע ווינקלען אין דער וועלט קומען זיך צוזאַמען יעדן זומער צו די פעסטיוואַל־פאָרשטעלונגען.

דער קולט פאַר וויליאַם שעקספּירן איז כמעט תמיד געבליבן לעבע־דיק, זייט דער צייט ווען ער האָט אַ באַרימטער און אָנערקענטער פאַר־לאָזט דאָס ענגלישע טעאַטער אַלס דער וויכטיקסטער בינע־דיכטער פון זיין צייט, ביז אויפן היינטיקן טאָג, ווען ער איז פון אַלע זייטן דער־קלערט אַלס דער גרעסטער טעאַטער־פּאָעט, וואָס האָט ווען געלעבט. כאָטש — ווי עס טרעפט מיט דעם רום פון גאונים — אָט־דער קולט האָט דורכגעמאַכט פאַרשיידענע עטאַפּן, און איז דורכגעגאַנגען פאַרשיידענע מדרגות פון אויפשוואונג און אויפגלאַנץ.

שעקספּיר איז קיינמאָל ניט פאַרשוואונדן פון דער ענגלישער בינע. בשעת דער רעסטאַווראַציע, אין דער צייט פון טשאַרלס דעם 2טן, ווען מען האָט צוריק דערלויבט צו שפּילן ענגליש טעאַטער — נאָכדעם ווי דער פּוריטאַנישער פאַרלאַמענט האָט אין 1642 סוף־כל־סוף אָנגענומען דאָס געזעץ צו פאַרבאָטן יעדן סאָרט בינע־פאָרשטעלונגען, און אַלע טעאַטערס זיינען פאַרמאַכט, אָדער אַרונטערגעריסן געוואָרן — האָט מען ווידער אַמאָל אָנגעהויבן אויפצופירן שעקספּירס פּיעסן. דאָס ערשטע שטיק, וואָס איז געשפּילט געוואָרן איז געווען „פּעריקלעס". נאָכדעם האָבן נאָכגעפאָלגט „האַמלעט", „דזשוליוס צעזאַר", „אָטעלאָ", „קעניג ליר" און אַנדערע. די טרופּע, וואָס האָט די פּיעסן אויפגעלעבט, איז באַ־שטאַנען פון יונגע אַקטיאָרן, צווישן וועלכע עס איז אויך געווען דער שפּעטער־באַרימטער טראַגישער שוישפּילער טאָמאַס בעטערטאָן. די טרופּע איז געפירט געוואָרן דורך דזשאָן רהאָדעס, אַ בוכהאַלטער, וועל־כער איז אַמאָל געהאַט געווען אַ גאַרדעראָב־האַלטער אין „בלעקפרייערס" טעאַטער. עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ שטאַרקע טעאַטער־אויפלעבונג, און עס האָבן געפעלט אַקטיאָרן און טעאַטער־געביידעס. איינער אַ דזשאַרדזש דזשאָלי האָט געקראָגן דאָס רעכט צו עפענען אַ שולע פאַר יונגע שוישפּי־לער, און דער פּאָעט־דראַמאַטיקער וויליאַם דאַווענאַנט צוזאַמען מיט דעם אַקטיאָר טאָמאַס קיליגריו האָמן געקראָגן דאָס רעכט צו גרינדן צוויי טרו־פּעס און אויסבויען צוויי טעאַטערס. פאַרשטייט זיך, אַז שעקספּיר האָט

פאַרנומען אַ חשובן אָרט אין זייער רעפּערטואַר. און דערביי האָט עס קיליגריו געמאַכט דעם נייעם איינפּיר אַרויפצובריינגען פרויען־שוישפּי־לערינס אויף דער ענגלישער בינע. דעם 8טן דעצעמבער 1660 האָט ער אויפגעפירט „אָטעלאָ" מיט פרוי מאַרגאַרעט יוז אַלס דעזדעמאָנאַ און פרוי רוטער אַלס עמיליאַ. דער איינפּיר איז באַלד אויפגעכאַפּט געוואָרן פון אַנדערע אויפפירער. אינגיכן האָט בעטערטאָנס פרוי, די שוישפּי־לערין סאונדערסאָן אָנגעהויבן צו שפּילן אַלע שעקספּירישע דראַמאַטישע פרויען־ראָלן — ליידי מאַקבעט, אָפעליאַ, דזשוליא און אַנדערע. אָבער אין אַלגעמיין האָט מען זיך שטאַרק באַמיט אָפּצוהיטן די טראַדיציע פון שעקספּירס סטיל און דעם שפּיל־אופן, וואָס ער האָט געהאַט איינגע־שטעלט ביי זיך אין „גלאָוב"־טעאַטער, און וואָס האָט געגאָלטן אַלס קינסטלעריש אומבאַשטרייטבאַר.

ס'איז שוין פריער דערציילט געוואָרן ווי דזשאָן לאָווין און דזש־אָרדזש טיילאָר, שעקספּירס טעאַטער־קאָלעגן, האָבן אין דער רעסטאַוו־ראַציע־צייט איינשטודירט די אויפגעלעבטע פּיעסן פּינקטלעך, ווי זיי האָבן זיי געדענקט פון שעקספּירס רעזשי. ס'איז אויך דערמאָנט גע־וואָרן, אַז דאַווענאַנט האָט איינשטודירט בעטערטאָנען אין „האַמלעט" און אַנדערע פּיעסן, מיט אַלע איינצלהייטן ווי טיילאָר האָט זיי געשפּילט נאָך באַרבעדזשן, לויט שעקספּירס רעזשי. ס'איז כדאַי נאָך צו דערמאָ־נען, אַז שעקספּירס דירעקטער שייכות מיטן טעאַטער איז מיט זיין טויט אינגאַנצן ניט איבערגעריסן געוואָרן. מיר געפינען נאָך דעם המשך אין טשאַרלס האַרט, דעם זון פון וויליאַם האַרט, וועלכער איז געווען דעם פּאָעטס שוועסטער דזשאָאַנס עלטסטער זון. טשאַרלס האַרט איז אין דער רעסטאַווראַציע־צייט געווען איינער פון דער „זיין מאַיעסטעטס דינער"־טרופּע, וואו ער האָט געשפּילט פרויען־ראָלן. ער האָט נאָכדעם, דעם 8־טן אַפּריל 1663, געעפנט דאָס נייע „ראָיאַל־טעאַטער" אין דרורי ליין. ער איז געווען אַ הויכגעשטאַלטיקער, פיינער אַקטיאָר. ס'איז קיין שום ספק ניט, אַז זיין אָנרעג צו דער בינע האָט ער באַקומען דירעקט פון זיין באַרימטן עלטער־פעטער. ווייל ס'פלעגט נאָכדערציילט ווערן, אַז נאָך אַלס קינד פלעגט טשאַרלס זיך פאַרקליידן אין שעקספּירס איבערגעבלי־בענע טעאַטער־קאָסטיומען, וואָס האָבן זיך נאָך זיין טויט געוואַלגערט אויפן בוידעם פון „געבוירן־הויז" אין דער הענעלי־גאַס, און צוזאַמען מיט זיינע יינגלעך־חברים זיך געשפּילט אין פאַרשטעלן זיך אַלס „סקאַ־ראַמוטש". וואָס אַמבאַלאַנגט דעם דערפאָלג פון שעקספּירס פּיעסן אין דער רעסטאַווראַציע־צייט, לוינט זיך צו ברענגען די פאַרצייכענונג פון

דעם סופליאַר און געשעפטס־פירער דזשאָן דאָונס, אַז „קיין טראַגעדיע האָט שוין פאַר אַ סך יאָרן שפּעטער ניט געברענגט קיין גרעסערע רעפּו־טאַציע, אָדער מער געלט פאַר דער טרופּע ווי „האַמלעט".

פון דעמאָלט אָן, וואָס פאַר אַ ענדערונגען עס זיינען ניט פאָרגע־קומען אין פּובליקומס טעאַטער־געשמאַק, האָט אָבער שעקספּיר פאַרנו־מען אַן אָנגעזען אָרט אין שטענדיקן בינע־רעפּערטואַר. ער איז שטענ־דיק געווען דער באַליבטסטער טעאַטער־דראַמאַטיקער, אויף וועמענס ראָלן ס׳האָבן פּרובירט זייערע טאַלאַנטן אַלע וויכטיקסטע בינע־קינסט־לער, אָנהייבנדיק פון ראָבערט ווילקס, דייוויד גאַריק, טשאַרלס מעקלין, וועמען עס געהערט דער פאַרדינסט צו זיין דער ערשטער אויסצוטייטשן די ראָלע פון שיילאָק אויף אַ טראַגישן אופן, אַנשטאָט וואָס ביז אים פלעגן די שוישפּילער טראַקטירן די ראָלע אַלס קאָמישע פּערזאָן. אַבוואָל ניקאָלאַס ראָו, אין דער ערשטער ביאָגראַפיע פון שעקספּירן, דערמאָנט אַז כאָטש ער האָט געזען ווי שיילאָק ווערט געשפּילט אַלס קאָמיקער, קאָן ער אָבער אַנדערש זיך ניט פאָרשטעלן נאָר, אַז שעקספּיר האָט די ראָלע געשאַפן אַלס טראַגישע. פּונקט אזוי ווי ער איז געווען דער באַליבט־סטער דראַמאַטיקער פאַר פיליפּ קעמבל, סאַראַ סידאָן, מרס. דזשאָרדאַן, עדמאָנד קיען, וויליאַם מאַקריידי, עדווין פאָרעסט, דזשוניוס ברוטוס בוטס — צו דערמאָנען בלויז די וויכטיקסטע שוישפּילער פון דער ענג־לישער בינע.

אויף וויפיל ווידער די גרויסע שוישפּילער האָבן, פון זייער זייט, מיט זייער קונסט געהאָלפן שטאַרקער מאַכן און פאַרפעסטיקן שעקספּירס רום אויף דער בינע, איז כדאַי צו ברענגען בלויז די מיינונגען פון אַזעל־כע ליידנשאַפטלעכע שעקספּיר־פאַרערער ווי קאָלרידזש און האַזליט. וועגן עדמאָנט קיען זאָגט קאָלרידזש, אַז צו זען אים שפּילן איז ווי צו „לייע־נען שעקספּירן ביים אויפשיין פון בליצן". וועגן סאַראַ סידאָנס שפּילן ליידי מאַקבעט שרייבט האַזליט: „מיר קאָנען זיך ניט פאָרשטעלן עפּעס גראַנדיעזערעס. ס׳איז געווען עפּעס איבער דער נאַטור. ס׳האָט כמעט אויסגעזען ווי עפּעס אַ וועזן פון אַ דערהויבענער מדרגה וואָלט אַרונטער־געפאַלן פון אַן איבערערדישער ספערע צו באַוויימוטיקן די וועלט מיט דער מאַיעסטעטישקייט פון איר דערשיינונג. קראַפט האָט גערוט אויף איר שטערן, ליידנשאַפט האָט אַרויסגעשטראַלט פון איר ברוסט ווי פון אַ הייליקן אַלטאַר; זי איז געווען די פּערזאָניפיצירונג פון טראַגעדיע". אָבער שעקספּירס רום האָט זיך ניט באַגרענעצט בלויז מיט די ענגלישע אויסטייטשער פון זיינע מעכטיקע כאַראַקטערס. נישט געווען כמעט

קיין איין באַדייטנדיקער אַקטיאָר אָדער אַקטריסע אויף דער וועלט־בינע, וואָס האָט ניט באַקומען זיין אָדער איר באַרימטקייט דורך די פּאָלבלוטיק־דראַמאַטישע, אָדער רעגנבויגן־פאַרביקע קאָמישע ראָלן פון זיין בריטן רעפּערטואַר. שעקספּיר איז געוואָרן דער פּרובירשטיין פאַר אַ סך גרויסע טאַלאַנטן. מען האָט זעלטן געקאָנט דערגרייכן אמתע טעאַטער־באַרימטקייט און וועלט־אָנערקענונג, אויב מען האָט אַקטיאָריש זיך ניט געקאָנט דערהויבן צו דער הויכער שעפערישקייט פון דעם פאַרפאַסער פון „האַמלעט", „שיילאָק", „אָטעלאָ", „ראָמעאָ און דזשוליעט"; צו דעם מייסטער פון פאַלסטאַף, זשאַק, אָדער ליידי מאַקבעט, דעזדעמאָנאַ, אָפעליאַ, פּאָרשיאַ און קלעאָפּאַטראַ. דאָס וועלט־טעאַטער האָט אַ סך וואונדערלעכע קרעאַציעס צו פאַרצייכענען אַ דאַנק דעם, וואָס אין פאַרשיידענע צייטן האָבן באַ־זונדערע שוישפּילער געוואָלט איבערשטייגן איינער דעם צווייטן מיט דער זעלבער דערפינדערישקייט אין דער אויסטייטשונג פון שעקספּירס ראָלן.

ס׳איז ניט איבעריק, כאָטש פאַרבייגייענדיק צו זאָגן, אַז אויך די יידישע בינע איז ניט געבליבן פריי פון דעם שעקספּירישן כישוף. די אָנגעזעענסטע יידישע שוישפּילערס האָבן, אין פאַרשיידענע צייטן, פאַרמאָסטן זייערע כוחות אויף די פּיעסן און ראָלן פון דעם ענגלישן באַרד. אַזוי איז „האַמלעט" געשפּילט געוואָרן דורך רודאָלף זאַסלאַווסקין, יאַזעף קעסלער און באָריס טאָמאַשעווסקין. טאָמאַשעווסקי האָט אויך אויפגעפירט „ראָמעאָ און דזשוליעט" און „דזשוליוס צעזאַר". דער גרויסער דוד קעסלער האָט געשפּילט „ריטשאַרד דער 3טער" און „מאַקבעט". און ס׳איז זעלבסט־פאַרשטענדלעך, אַז שעקספּירס יידישער כאַראַקטער, שיילאָק, זאָל דינען אַלס צוציאונג פאַר אַ סך וויכטיקע יידישע שוישפּילערס. האָבן טאַקע ניט ווייניק פון זיי זיך אויסגעצייכנט אין דעם טראַגישן כאַראַקטער. אַזעלכע אַקטיאָרן ווי מאָריס מאָשקאָוויטש, מאָריס שוואַרץ, אַלעקסאַנדער גראַנאַך, יעקב פּ. אַדלער און רודאָלף שילדקרויט האָבן זיך באַרימט געמאַכט אין דער ראָלע סיי אויף דער יידישער און סיי אויף די בינעס פון די אומות־העולם. אַלעקסאַנדער גראַנאַך און רודאָלף שילדקרויט האָבן די ראָלע פריער געשפּילט אין די בעסטע דייטשע טעאַטערס איידער זיי האָבן אין איר אויפגעטרעטן אויף דער יידישער בינע. מאָריס שוואַרץ און מאָשקאָוויטש האָבן געשפּילט שיילאָק מיט גרויס דערפאָלג אויף דער ענגלישער בינע. יעקב פּ. אַדלער האָט געהאַט די אויסצייכענונג צו שפּילן שיילאָק אויף דער ענגלישער בינע אונטער

באַזונדערע אומשטענדן. ער האָט זיין ראָלע געשפּילט אין יידיש, בשעת דער גאַנצער איבעריקער פערזאָנאַל האָט געשפּילט אין ענגליש.

יעקב זילבערט פלעגט אַרומפאָרן גאַסטראָלירן אין שעקספּירס שיי־לאָק. אויך די „ווילנער טרופּע" האָט אין וואַרשע געגעבן אַן אויפפי־רונג פון שיילאָק מיט אייזיק סאַמבערגן אין דער טיטל־ראָלע.

שיילאָק איז אויך געשפּילט געוואָרן אויף דער יידישער בינע דורך דעם גרויסן דייטש־יידישן שוישפּילער מאָריס מאָריסאָן, וועלכער איז אין זיינע לעצטע יאָרן אַריבערגעגאַנגען צום יידישן טעאַטער. אין זיין קלאַסישן רעפּערטואַר, וואָס ער האָט געבראַכט צו דער יידישער בינע, איז אויך געווען „ריטשאַרד דער 3טער" און „אָטעלאָ". אויך זיגמונד פיינמאַן איז מיט אַ סך דערפאָלג אַרויסגעטרעטן אין „אָטעלאָ".

אַ זייער אינטערעסאַנטע אויפפירונג פון „אָטעלאָ" איז געגעבן גע־וואָרן אין מאָריס שוואַרצס ניו־יאָרקער „יידיש קונסט טעאַטער" מיט דעם באַרימטן רוסיש־יידישן שוישפּילער פּאָול באַראַטאָוו אין דער טי־טל־ראָלע און מאָריס שוואַרצן אַלס יאַגאָ.

אַ פיין קינסטלערישע אויפפירונג פון „שטורעם" איז געגעבן גע־וואָרן אין וואַרשע אין דעם „טעאַטער פאַר יוגנט", אונטער דער אָנפי־רונג פון קלאַראַ סעגאַלאָוויטש. אָבער די העכסטע דערגרייכונג פון אַ שעקספּיר־אויפפירונג אויף דער מאָדערנער יידישער בינע איז אויסגע־פאַלן אויפן גורל פון „יידישן קאַמער־טעאַטער" אין מאָסקווע. „קעניג ליר" מיט די באַרימטע פאַרדינסטפולע שוישפּילער שלמה מיכאָעלס אַלס ליר, און בנימין זוסקין אַלס „נאַר", איז געווען אַ קינסטלערישער טרי־אומף נישט נאָר פאַר דער יידישער בינע. די אויפפירונג איז באַטראַכט געוואָרן אַלס אַ גרויסע דערגרייכונג אַפילו פאַרן טעאַטער אין רוסלאַנד, וואָס איז אַזוי רייך אין טעאַטראַלע אויפטועך.

אינטערעסאַנט איז, אַז צוזאַמען מיט דער גאַנצער פאַרערונג, אַפי־לו כמעט פאַרהייליקונג, וואָס שוישפּילער האָבן תמיד אַרויסגעוויזן פאַר דעם גרויסן דראַמאַטיקער, האָבן זיי זיך אָבער קיינמאָל ניט אָפּגעהאַלטן זיך צו דערלויבן שטאַרקע פרייהייטן אין ענדערן, באַאַרבעטן און אַפילו אויך „אויסבעסערן" שעקספּירס דראַמאַטישע ווערק. שעקספּיר איז, אָן ספק, דער מערסט־באַאַרבעטסטער און אויסגעבעסערטער דראַמען־שריי־בער אין דער געשיכטע פון טעאַטער. אויף קיין דראַמאַטיקער האָבן אַקטיאָרן און רעזשיסאָרן ניט אַרויסגעוויזן אַזאַ אייפער און גרייטקייט צו באַווייזן וואָס זיי קאָנען, ווי אויף די ווערק פון דעם סטראַטפאָרדער פּאָעט. אַזוי אַז אין די לעצטע יאָרן, נאָכדעם ווי מען האָט געמאַכט די

ווייטגרייכנדיקסטע און ווילדסטע עקספּערימענטן בנוגע אויפפירן שעק־ספּירן, האָט זיך אָנגעהויבן ביי געווויסע מאָדערנע רעזשיסאָרן אָדער שוי־שפּילער אַ קולט צו געבן שעקספּירן אַזוי ווי ער איז, ניט פאַרקירצט און ניט פאַרענדערט. און צום גרויסן שבח פון דעם געניאַלן טעאַטער־דיכ־טער מוז געזאָגט ווערן, אַז ער האָט אויסגעהאַלטן אַלע פּרואוון, אַלע צעדרייענישן, מיט וועלכע מען האָט פּרובירט אויסצובעסערן זיינע טעק־סטען. אַלע איבערשטעלענישן, לויט וועלכע מען האָט פּרובירט שפּילן געוויסע סצענעס פון פּיעסן אין אַ פאַרקערטער אָרדענונג ווי זיי זיינען דורך אים אָריגינעל באַשטימט געוואָרן. ער האָט אַפילו אויסגעהאַלטן די נסיונות ווען מען האָט פּרובירט „אויסבעסערן" זיין שפּראַך, זי זאָל קלינגען „פאַרשטענדלעכער" פאַר אונדזער צייט; אָדער ווען מען האָט אַרויסגעפירט די העלדן פון זיינע היסטאָרישע פּיעסן — ווי למשל דעם רוימישן יוליוס צעזאַר, אָדער דעם אַלט־דענישן האַמלעט — אין דער קליידונג, באַנעמונג און סביבה פון אונדזערע טעג. שעקספּיר, דער שטאַרקסטער קענער פון דער מענטשלעכער נשמה, און דער טיפסטער באַגרייפער פון דעם, וואָס איז אייביק אין דער מענטשלעכער נאַטור, איז תמיד געבליבן פאַרשטענדלעך און אייגן יעדן צושויער, צו וואָס פאַר אַ קלאַס ער זאָל ניט געהערן, אָדער וועלכעס לאַנד ער זאָל ניט אָנרופן זיין היים. זיין ליידנשאַפטלעך איינשטעלן זיך פאַר דעם, וואָס איז מאָראַ־ליש און יושרדיק, האָבן זיינע ווערק באַשאָנקען מיט אַ לעבעדיקייט און דויערהאַפטיקייט, וועלכע האָבן זיי געמאַכט רעאַל און באַגרייפלעך פאַר אַלע מענטשן אין אַלע צייטן.

אָנגעהויבן האָט זיך די מאָדע פון אויסבעסערן שעקספּירס פּיעסן גאַנץ פרי. אַזוי שנעל ווי די טעאַטערס האָבן זיך צוריק געעפנט נאָך דער רעסטאַווראַציע, און זיינע דראַמעס און קאָמעדיעס האָבן אָנגעהויבן צו פאַרנעמען דעם אויבנאָן אין דעם רעפּערטואַר, אַזוי באַלד האָבן זייע־רע אויפפירער גענומען צופּאַסן, ווייניקסטנס אַ טייל פון די פּיעסן, צו דעם נייעם געשמאַק פון פּובליקום, און צו די נייע מיטלען, מיט וועלכע דאָס טעאַטער האָט זיך שוין דעמאָלט באַנוצט. אַזאַ שטאַרקער פאַרערער פון שעקספּירס געניאַליטעט ווי סער וויליאַם דאַווענאַנט האָט זיך פּונ־דעסטוועגן דערלויבט אין 1666 אויסצובעסערן „מאַקבעט" און דעם „שטורעם". ער האָט אין זיי אַריינגעשטעלט נייע פּערזאָנען, נייע מאָ־נאָלאָגן. צו „מאַקבעט" האָט ער צוגעשריבן אַ דיווערטיסמענט פון טאַנ־צענדיקע און זינגענדיקע מכשפות. פון „שטורעם" האָט ער געמאַכט אַ קאָמישע אָפּערע. נאָך פריער, אין 1662, האָט ער געהאָט געענדערט

„מאָס פאַר מאָס", אין וועלכער ער האָט אַריינגעפירט געוויסע ראָלן פון „אַ סך טומל צוליב גאָרנישט". ער האָט דאָרט אַריינגעשריבן אַ נייע ראָלע פאַר אַ קליין מיידעלע, וואָס האָט געזונגען און געטאַנצט. און דער־צו נאָך האָט ער דעם שטיק אַ נאָמען געגעבן „דאָס געזעץ קעגן געליב־טע". אַפילו דזשאָן דריידען האָט געהאַט אַ האַנט אין איבערמאַכן שעקספּירן. צוערשט האָט ער געהאַלפן דאַווענאַנטן אין דער באַאַרבע־טונג פון „שטורעם". שפּעטער האָט ער דאָס זעלבע געטאָן מיט „טראָ־אילוס און קרעסידא" און „אַנטאָני און קלעאָפּאַטראַ". אין 1679 האָט טאָמאַס אָטוועי דערלויבט, אַז דזשוליעט זאָל זיך אויפכאַפּן איידער ראָ־מעאָ שטאַרבט, און ביידע זאָלן דורכפירן אַ זייער שטאַרקע ליבע־סצע־נע. דאָס זעלבע האָט אויך איבערגעחזרט דייוויד געריק. דער איינפיר האָט זיך געהאַלטן אויף דער בינע אַ שטיק צייט, ביזן 19טן י. ה. אַן אַנ־דערער אויסבעסערער, האָוואַרד, האָט צוגעשריבן צו „ראָמעאָ און דזשו־ליא" אַ גליקלעכן סוף, וואו ביידע געליבטע בלייבן לעבן. נאָך מער — ער פלעגט דאָס שטיק שפּילן אַמאָל ווי אַ טראַגעדיע און אַמאָל ווי אַ קאָ־מעדיע. אין 1769 האָט דער אַקטיאָר־דראַמאַטיקער קאָלעי ציבבער אויף אַן אומרחמנותדיקן אופן פאַרקריפּלט שעקספּירן, ווען ער האָט אַדאָפּ־טירט זיין „קעניג דזשאָן", און דערביי האָט ער זיך נאָך באַרימט: „כ'האָב זיך באַמיט צו מאַכן פון איר מער פּיעסע ווי כ'האָב זי געפונען ביי שעקספּירן". דייוויד געריק האָט זיך דערלויבט אין „האַמלעט" אַרויס־צוואַרפן די סצענע פון די קברים־גרעבער. ערשט דזשאָן קעמבל, וועל־כער איז געווען שוישפּילער־דירעקטאָר פון „דרורי־ליין"־טעאַטער פון 1780 ביז 1802, האָט זיך אָנגעהויבן באַציען אָפּגעהיטענער צו שעקס־פּירן, און געזוכט צו שפּילן די אויפגעפירטע פּיעסן אַזוי ווי שעקספּיר האָט זיי אָנגעשריבן.

ס'איז שווער צו זאָגן, אָבער עס איז ניט אויסגעשלאָסן, אַז שעקס־פּיר אַליין וואָלט אפשר מסכים געווען צו אַ סך ענדערונגען אָדער נייע איינפירן, וואָס זיינען שפּעטער — איבערהויפּט אין אונדזער צייט — געמאַכט געוואָרן דורך פאַרשיידענע טאַלאַנטפולע טעאַטער־עקספּערי־מענטאַטאָרס. ער, וואָס איז געווען געוואוינט צו באַאַרבעטונגען און אויסבעסערונגען פון פּיעסן — ער האָט דאָך אָנגעהויבן אַלס אויסבעסע־רער פון פרעמדע פּיעסן, און פאַרענדיקט אַלס מיטאַרבעטער איבער אַנ־דערעס ווערק — ער וואָלט אפשר מיט אַ סך פאַראינטערעסירטקייט גע־קוקט אויף דעם, וואָס פאַר אַ נייע געשטאַלטן און באַדייטונגען זיינע מאַרך־קינדער האָבן געקאָנט אָננעמען. פאַר אים אַליין זיינען דאָך זיינע

ווערק געווען לעבעדיקע, זיך־אַנטוויקלענדיקע אָרגאַניזמען. און דער קינסטלער טעאַטער־שאַפער אין אים וואָלט זיך נאָך אפשר געווען באַ־גייסטערט פאַר די נייע טעאַטער־מעגלעכקייטן, וואָס זיינע ווערק האָבן געגעבן. כאָטש דאָס איז מער ווי זיכער אַז פונקט מיט אַזעלכע שאַרפע ווערטער ווי ער האָט געבייטשט די פאַלשע אַקטיאָרן „קוליסן־רייסער" און פאַרקריפּלער פון מענטשלעכע כאַראַקטערס, פונקט מיט אַזעלכע בי־טערע פאַרדאַמונגען וואָלט ער געריסן די אַלע, וואָס האָבן אין פאַרשיי־דענע צייטן פאַרגוואַלטיקט זיינע פּיעסן, און געזוכט אין זיי אַריינצור־לייגן איינהאַלטן און אויסטייטשן, וואָס זיינען לחלוטין פרעמד זייער אי־נערלעכער נאַטור, פונקט ווי זיי זיינען דערווידער אַלץ, וואָס ער אַליין האָט געהאַלטן פאַר אמת און שיין.

נאָך מער ווי אין טעאַטער איז שעקספּירס רום און גרויסקייט וואָס אַמאָל אַלץ מער געוואַקסן אין דער ליטעראַרישער וועלט. וואָס מער עס האָבן זיך פאַרשפּרייט די אויסגאַבן פון די פאַרשיידענע איינצלנע און געזאַמלטע ווערק, אַלץ גרעסער איז געוואָרן דער כאָר פון די, וואָס האָבן אין משך פון די יאָרהונדערטן נאָך זיין טויט, ניט אויפגעהערט צו אים זינגען דעם העכסטן לויב, וואָס וועלכער עס איז איז דיכטער האָט נאָך ווען געקראָגן. די וויכטיקסטע ענגלישע פּאָעטן האָבן אים באַשאָנקען מיט דעם שטאַרקסטן אויסדרוק פון דאַנקבאַרקייט פאַר דער אינספּיראַ־ציע און פרייד, וואָס זיי האָבן געפונען אין זיינע אומפאַרגלייכלעכע פערזן. זיי האָבן מיט די רירנדיקסטע און צאַרטסטע ווערטער באַוואונ־דערט זיין ליבע און פאַרשטענדעניש פון דער מענטשלעכער נאַטור. און מיט דעם העכסטן רעספּעקט האָבן זיי זיך געבויגן פאַר דער פאַנטאַסטי־שער שיינקייט, מיט וועלכער ער האָט באַלויכטן די פאַרבאָרגנסטע ווינק־לען פון דער מענטשלעכער נשמה. אַזוי אַז ראָבערט בראונינג רופט אויס מיט התפעלות, „ווי דעם אויבערשטנס, אַזוי טאָר שעקספּירס נאָמען ניט אַרויסגעזאָגט ווערן אומזיסט" . . .

נאָך אַ גרעסערן אינטערעס און באַגייסטערונג האָט שעקספּיר אַרויסגערופן ביי די אומצאָליקע ליטעראַטור־קריטיקער, ביי וועמען דער שטודיום פון זיינע ווערק, פונקט ווי פון אַלץ וואָס האָט געהאַט דעם מינדסטן שייכות צו זיין לעבן, איז אָפּט פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ לעבנס־אויפגאַבע. זייט בען דזשאָנסאָנס לויב און קלאָג־לידער, וואָס זיינען פאַרעפנטלעכט געוואָרן באַלד נאָך דעם פּאָעטס טויט, איז קיינ־מאָל ניט איבערגעריסן געוואָרן דער שטראָם פון באַגייסטערונג פאַר דעם פענאָמען, וואָס רופט זיך וויליאַם שעקספּיר. די באַגייסטערונג, וואָס

האָט פאַראייניקט די דיכטער און קריטיקער נישט נאָר פון ענגלאַנד, נאָר פון אַלע לענדער און שפּראַכן, אין וועלכע עס געפינען אָרט די אויפגעזאַמלטע אוצרות פון מענטשלעכן קינסטלערישן שאַפן.

מיר האָבן שוין פריער דערמאָנט קאַרלייל און סווינסבאָרנס אָפּשאַצונגען פון שעקספּירן. דאָ וועט געוויס זיין צו ברענגען כאָטש נאָך די פאָלגנדיקע מיינונגען וועגן שעקספּירס זשעני. וויליאַם האַזליט זאָגט: „ער האָט דעם וועלט־קיילעך אַרומגעדרייט צוליב זיין אַמוזירונג, און באַטראַכט די דורות פון מענטשן און אינדיווידואומען ווי זיי זיינען פאַרבייגעגאַנגען, מיט זייערע פאַרשיידענע עסקים, ליידנשאַפטן, משוגעתן, חסרונות, מעלות, האַנדלונגען און מאָטיוון — אַפילו די וואָס זיינען זיי געווען באַוואוסט, אָדער וועלכע זיי האָבן ניט געוואָלט אָנערקענען. די חלומות פון קינדהייט, די אויסברוכן פון פאַרצווייפלונג זיינען געווען די שפּילצייגן פון זיי פאַנטאַזיע. ער איז אין העכסטן זין דער איינציקער טראַגישער פּאָעט אין דער וועלט, וואָס קאָן נאָר פאַרגליכן ווערן מיט דער נאַטור אין איר העכסטער הויך און טיפסטער טיף פון האַנדלונג און ליידן". וויקטאָר הוגאָ האָט געשריבן: „שעקספּיר איז די העכסטע גלאָריע פון ענגלאַנד. ענגלאַנד האָט אין דער פּאָליטיק קראָמוועלן; אין דער פילאָזאָפיע בייקאָנען; אין דער וויסנשאַפט ניוטאָנען — דריי דערהויבענע מענער גאונים. אָבער קראָמוועל איז פאַרפלעקט מיט אַכזריות, און בייקאָן מיט שלעכטסקייט. וואָס שייך ניוטאָנען וואַקלט זיך זיין בנין ביים איצטיקן מאָמענט. שעקספּיר איז ריין ווי קראָמוועל און בייקאָן זיינען עס נישט. און אַ חוץ דעם איז זיין זשעני דערהויבענער. איבער ניוטאָנען זיינען קאָפּערניק און גאַלילײ. איבער בייקאָנען זיינען דעקאַרט און קאַנט. איבער קראָמוועלן זיינען דאַנטאָן און באָנאַפּאַרט. איבער שעקספּירן איז קיינער ניט". געטהע האָט אויסגעדריקט זיין באַוואונדערונג: „שעקספּיר האָט זיך אידענטיפיצירט מיט דעם גייסט פון אוניווערז. ער האָט אים דורכגעדרונגען ווי דער גייסט אַליין טוט עס: פאַרביידן איז קיין זאַך ניט אומאַנטפּלעקט". היפּאָליט טען זאָגט, אַז „שעקספּיר איז מאָדנע און קראַפטפול, רעטזעלהאַפט און אָריגינעל, מער ווי וועלכער ס'איז פּאָעט פון זיין אָדער פון וואָסער אַנדערער צייט. דער אומבאַשיידנסטער פאַרלעצער פון שפּראַך, דער וואונדערלעכסטער פון אַלע שאַפערס פון נשמות, דער אַמווייטסט אָפּגעווענדטער פון דער רעגלמעסיקער לאָגיק און קלאַסישן דענקען, דער איינער וואָס איז אַמפּייאיקסטען אַרויסצורופן אין אונדז אַ וועלט פון פאָרמען און אוועקשטעלן פאַר אונדז לעבעדיקע מענטשן".

אויך אויגוסט שלעגעל, דער וואָס האָט אפשר מער ווי אַ סך אַנדע־רע בייגעטראָגן צו דעם מאָדערנעם שעקספּיר־שטודיום אין דייטשלאַנד, שרייבט אין זיינע „לעקציעס איבער דראַמאַטישער ליטעראַטור": „שעקספּיר בילדעט אַזאַ איינציקאַרטיקע אויסנאַם אין דער גאַנצער קונסט־געשיכטע, אַז מיר זיינען געצוואונגען אים צו באַשטימען אַן אויסנאַמלעך אָרט. ער איז קוים עפּעס שולדיק עמיצן פון זיינע פאָר־גייערס, און ער האָט געהאַט די גרעסטע השפעה אויף זיינע נאָכפאָל־גערס, אָבער קיין מענטש האָט נאָך ביז איצט ניט דערלערנט זיין סוד. פאַר גאַנצע צוויי הונדערט יאָר, דורך וועלכע זיינע לאַנדסלייט האָבן זיך פלייסיק באַשעפטיקט אין דער קולטיווירונג פון יעדער צווייג פון וויסנ־שאַפט און קונסט, איז ער נישט נאָר קיינמאָל נישט איבערגעשטיגן גע־וואָרען, נאָר ער האָט יעדן דראַמאַטישן פּאָעט נאָך איבערגעלאָזט אויף אַ גרויסן שטח הינטער זיך". און ביי אַ צווייטער געלעגנהייט: „ס'איז אפשר קיינמאָל ניט געווען אַזאַ אומפאַסנדיקער טאַלאַנט פאַר דעם צייכענען פון כאַראַקטערס ווי שעקספּירס. — — — זיינע מענטשלעכע כאַ־ראַקטערס האָבן ניט נאָר אַזאַ טיפקייט און פּינקטלעכקייט, אַז זיי קאָנען ניט אַראַנזשירט ווערן אין קלאַסן, און זיינען אומאויסשעפּלעך אַפילו אין פאַרטראַכטן, ניין, דער פּראָמעטעאוס פאַרמירט ניט בלויז קיין מענטשן, ער עפנט אויף די טויערן פון דער מאַגישער וועלט פון גייסטער; רופט אַרויס דעם מיטנאַכטיקן געשפּענסט; שטעלט פאַר אונדז אויס זיינע מכשפות אין דער מיט פון זייערע אומהייליקע מיסטעריעס; באַזעצט די לופט מיט קונדסישע פעריעס און סילפן . . . מיט איין וואָרט, פּונקט ווי ער טראָגט אַריבער די פּרוכטבאַרסטע און געוואַגטסטע פאַנטאַזיע אין דעם קעניגרייך פון דער נאַטור, טראָגט ער, פון דער צווייטער זייט, אַריבער די נאַטור אין די רעגיאָנען פון פאַנטאַזיע, וואָס ליגן אויף יע־נע זייט פון די ווירקלעכקייט־גרענעצן. מיר פאַרלירן זיך אין דער פאַר־ווירונג צו זען דאָס אויסערגעוויינלעכע, דאָס וואונדערלעכע און אומדער־הערטע אין אַזאַ אינטימער נאָענטקייט".

נישט וויניקער געהאָלפן וועקן דעם אינטערעס צו דעם שעקספּיר־שטודיום האָט אויך לעסינג. אין זיין „האַמבורגער דראַמאַטורגיע" זינגט ער די העכסטע לויב־געזאַנגען פאַר שעקספּירס גרויסקייט. דר. ג. גערווי־נוס, דער באַרימטער דייטשער ליטעראַטור־קריטיקער, דערקלערט: האָבנ־דיק פאַר אַ מוסטער שעקספּירן בשעת זיין שרייבן די געשיכטע פון דער דייטשער פּאָעזיע איז געווען גאַנץ נאַטירלעך ער זאָל בלייבן אומצופרידן אַפילו מיט די העכסטע דערגרייכונגען פון די היימישע גרעסטע פּאָעטן,

אַריינגערעכנט געטהע און שילער. ער מיינט וועגן שעקספירן, אַז „קיין דור, קיין נאַציע וואָלט אין קיין שום צווייג פון וויסן ניט געקאָנט אַרויס־שטעלן אַן אַנדערן מאַן, אין וועמען די רייכקייט פון זשעני, נאַטירלעכע באַשאָנקנהייט, אָריגינעלער טאַלאַנט און פאַרשיידנאַרטיקייט פון כוחות זיינען געווען אַזוי גרויס ווי אין אים. — — — ער האָט זיינע איבער־בליקן איבער מאָראַליטעט אַזוי רייך געשעפּט פון זיינע אָבסערוואַציעס פון דער אויסערלעכער וועלט, און ער האָט זיי אַזוי פאַרפיינט דורך אַ ריין אינערלעך לעבן, אַז ער פאַרדינט אפשר מער ווי וועלכער אַנדערער שרייבער צו זיין פאַרטרויענסווערדיק אויסגעקליבן אַלס אַ וועגווייזער אין אונדזער דורכגאַנג איבער דער וועלט". אַפילו אַזאַ שטאַרקער אי־קאָנאָקלאַסט ווי אונדזער היינטצייטיקער בערנאַרד שאָו זאָגט וועגן זיין גרויסן לאַנדסמאַן: „שעקספּיר איז געווען אַ גוטער מעשה־דערציילער, אויב אימיצער האָט אים באַזאָרגט מיט אַ מעשה . . . איך באַדויער יעדן, וואָס קאָן ניט הנאה האָבן פון שעקספּירן, אַ פּאָעט וועלכער האָט איבער־געלעבט אַ סך פיינע דענקער, און וועט נאָך איבערלעבן אַ טויזנט".

פונדעסטוועגן האָבן זיך אין דער מעכטיקער סימפאָניע פון אַלגע־מיינעם לויב און פאַרערונג פאַר שעקספירן ניט איינמאָל אַריינגעריסן אויך פאַלשע, גרילצנדיקע טענער פון שפּאָט און פאַרדאַמונג. טאָמאַס ריימער (אגב גערופן „דער ערגסטער קריטיקער וואָס האָט אַמאָל גע־לעבט) האָט אין זיין „אַ קורצער איבערבליק איבער טראַגעדיע", 1693, אַרונטערגעריסן שעקספּירן אויף אַ זייער נאַרישן אופן. ער שרייבט: „ס'איז דאָ מער באַטייט אין דעם הירזשען פון אַ פערד, אָדער אין דעם וואָרטשען פון אַ קייט־הונט, ווי אין שעקספּירס טראַגישע אויסברוכן"... דער הויפּט־מאָטיוו פאַר ריימערס אַרונטעררייסן שעקספירן, פונקט ווי אין דעם פאַל פון די אַנדערע שעקספּירישע קריטיקירער, ווי דר. דזשאָנ־סאָן אין ענגלאַנד, און יאָהאַן קריסטאָפאָר גאָטשעלד אין דייטשלאַנד, איז געווען זיין, שעקספּירס, שוין דערמאָנטע זינדיקן קעגן די קלאַסישע פאַר־מולעס און געזעצן וועגן דער דריי־איינהייט אין דער טראַגעדיע. צום גליק מוז געזאָגט ווערן, אַז אַזעלכע מיינונגען זיינען געהערט געוואָרן זייער זעלטן. און ס'דאַרף נאָר מיט באַדויערן באַצייכנט ווערן אַז רייי־מער האָט געפונען מיטפאַרלייקענער פון שעקספּירס קינסטלערישער גרויסקייט אין ניט קיין קלענערע פערזענלעכקייטן ווי דעם פראַנצויז וואָלטער, און אין אונדזערע טעג, אין דעם ריז פון דער רוסישער ליטע־ראַטור לעוו ניקאָלאַיעוויטש טאָלסטאָי.

וואָלטער איז לכתחילה געווען שעקספּירס אַ שטאַרקער פאַרערער,

ער האָט אָבער שפּעטער ניט געקאָנט גובר־זיין זיין אייפערזוכט און מורא ניט פאַרטונקלט צו ווערן דורך דעם ענגלישן גאון, און האָט אים פּרובירט צו כאַראַקטעריזירן אויפן פאָלגנדיקן אופן: „די נאַטור האָט אין שעקספּירן צוזאַמענגעמישט אַלץ וואָס איז גרויס און דערהויבן, מיט די נידעריקסטע קוואַליטעטן וואָס זיינען אייגן אַ ווילדן. „האַמלעט״ איז אַ רויע פּיעסע, וואָס וואָלט ניט טאָלערירט געוואָרן אַפילו דורך די נידעריקסטע מאַסן אין פראַנקרייך אָדער איטאַליע״. דעם אינהאַלט פון „האַמלעט״ גיט וואָלטער איבער אויף אַזאַ חוזקדיקן אופן: „האַמלעט איז משוגע אין צווייטן אַקט, און זיין געליבטע איז עס אין דריטן. דער פּרינץ, היטנדיק זיך צו טויטן אַ מויז, דערמאָרדעט דעם פאָטער פון זיין געליבטער, און די העלדין וואַרפט זיך אין טייך אַריין. מען באַגראָבט זי אויף דער בינע, די באַגרעבער זינגען לידער וואָס פּאַסן פאַר זיי, האַלטנדיק שאַרבנס אין די הענט. פּרינץ האַמלעט ענטפערט אויף זייערע אָפּשטויסנדיקע שטותים מיט אַ גראָבקייט, וואָס איז ניט ווייניקער אָפּשטויסנדיק. דורך דער צייט נעמט דערוויייל איינער פון די אַקטיאָרן איין גאַנץ פּוילן. האַמלעט, זיין מוטער און זיין שטיף־פאָטער טרינקען צוזאַמען אויף דער בינע. זיי זינגען ביים טיש, זיי קריגן זיך, שלאָגן זיך און דערהרגענען״.

מיט ניט־ווייניקער חוזק גיט טאָלסטאָי — אין זיין אָפּשאַצונג פון שעקספּירן — איבער דעם אינהאַלט פון „קעניג ליר״ כדי צו ווייזן די מכלומרשטע אומגעלומפּערטקייט פון דער טראַגעדיע. דאָס דערמאָנט שטאַרק אָן ריימערס מיינונג וועגן „אָטעלאָ״, אַז ס׳איז „אַ בלוטיקער פאַרס, אָן טעם און אָן ריח״. וואָס וואַרפט דער יאַסנאַ־פּאָליאַנער גאון ניט פאָר זיין פאָרגייער, דעם פּאָעט פון סטראַטפאָרד. ער באַשולדיקט אים אין ניט־ערנסטקייט, אין אַליין ניט גלויבן אין וואָס ער שרייבט. טאָלסטאָי איז עמפּערט און אָפּגעשטויסן פון שעקספּירס „וואולגאַרער״, געקינצלטער שפּראַך; פון זיינע פאַרפלאָנטערטע, בלוטיקע סוזשעטן. ער האַלט כסדר אין פאָרוואַרפן: ווען ליר, למשל, זאָל זיינע געפילן, אַז ער האָט קיין מורא ניט פאַרן שטורעם אין וואַלד, ווייל דער שטורעם איז אין אים אַליין, צוליב דער אומדאַנקבאַרקייט פון זיינע קינדער — ווען ער זאָל דאָס אַרויסזאָגן מיט פּשוטע, „נאַטירלעכע״ ווערטער, וואָלט דאָס מער איינדרוק געמאַכט. צום באַדויערן רעכנט זיך טאָלסטאָי לגמרי ניט סיי מיטן עליזאַבעטישן סטיל און מאַניר, סיי מיט דער ליבע און געוואוינהייט פון עליזאַבעטישן פּובליקום צו בלוטיקע, שפּאַנענדיקע סצענעס.

טאָלסטאָי פאַרפעלט אויך ניט צו באַשולדיקן שעקספּיר אין אַנאַכראָניזמען, אין כראָנאָלאָגישע טעותים. עדגאַר (אין „קעניג ליר"), למשל, זאָגט דעם אַלבאַנישן פּרינץ, אַז אויב ער וועט זיגן זאָל ער שאַלן מיט אַ טראָמפּייט, און ס׳וועט זיך באַווייזן אַ „ריטער" (800 יאָר פאַר קריסטוסן). אויף וואָס האַזליט האָט שוין געהאַט געענטפערט פריער, ווען מען האָט אויפגעוואָרפן שעקספּירן, אַז אין „ווינטער־מעשהלע", וואו די האַנדלונג קומט פאָר אין באָהעמיען, מאַכט ער אַ טעות און לאָזט זיינע העלדן דערציילן, אַז זיי האָבן זיך געראַטעוועט פון אַ שיף־ברוך, אין דער צייט ווען הונדערטער מיילן אַרום איז קיין ים נישטאָ. האַזליט זאָגט וועגן דעם אַז שעקספּיר האָט אפשר געזינדיקט קעגן דער געאָגראַפיע אָדער געשיכטע, אָבער אויף קיין פאַל ניט קעגן דער פּאָעזיע . . . אינטערעסאַנט איז אויך, וואָס טאָלסטאָי וואַרפט פאָר שעקספּירן, אַז זיינע דראַמען האָבן ניט אין זיך קיין שפּור פון רעליגיאָזיטעט. ס׳איז נאָך גוט, וואָס צוזאַמען מיט שעקספּירן רייסט טאָלסטאָי צוליב דעם זעלבן טעם אויך אַרונטער די דראַמען סיי פון געטהען, שילער, הוגאָ, פּושקין, און סיי אָסטראָווסקין.

ס׳איז גאַנץ פאַרשטענדלעך, אַז צוזאַמען מיטן וואַקסן פון שעקספּירס באַרימטקייט איז אויך געוואַקסן דער אינטערעס פון דער קינסטלערישער און ליטעראַרישער וועלט צו זיין היים־שטאָט סטראַטפאָרד. גלייך נאָך שעקספּירס טויט האָט זיך אָנגעהויבן אַ באַוועגונג אין דעם ליטעראַרישן לאָנדאָן, אַז מען זאָל איבערפירן זיין געביין פון דער „הייליקער דריי־אייניקייט קירכע" כדי אים צו באַגראָבן אין דער באַרימטער לאָנדאָנער „וועסטמינסטער עבעי", וואו עס ליגן די גרעסטע נאַציאָנאַלע גייסטער פון ענגלאַנד. דאָס באַזונדערע ווינקל פאַר וויכטיקע פּאָעטן איז געהאַט אָפּגעטיילט געוואָרן ווען דזשעאָפרעי שאָוסער, דער שאַפער פון די באַרימטע „קענטערבערי־מעשות", איז דאָרט באַגראָבן געוואָרן אין אָקטאָבער 1400. אין 1551 האָט מען אים דאָרט געשטעלט אַ מאָנומענט אַלס דעם פאָטער פון דער ענגלישער פּאָעזיע. דעם 16טן יאַנואַר 1589 איז אין „וועסטמינסטער עבעי" באַגראָבן געוואָרן עדמונד ספּענסער. זיין לוויה איז באַגלייט געוואָרן דורך אַלע גרעסטע ענגלישע פּאָעטן, וואָס האָבן אין זיין קבר אַריינגעוואָרפן זייערע קלאָג־לידער אויף זיין טויט, צוזאַמען מיט די פּעדערס, מיט וועלכע זיי זיינען געשריבן געוואָרן. און די פאָדערונג אַריבערצוברענגען אַהין שעקספּירס קבר איז געווען אַן אַלגעמיינע. אָבער דער שעקספּיר־מאָנומענט אין דער „הייליקער דריי־אייניקייט־קירך" איז שוין געווען אויפגעשטעלט, און די לאָנ־

דאָנער ליטעראַטן האָבן נאָכגעגעבן דעם פאַרלאַנג פון די סטראַטפאָרדער איינוואוינער, וואָס האָבן אָנגעוויזן אויף שעקספּירס ליבע פאַר זיין היים־שטאָט, און זיין טיפן וואונטש, אַז זיין געביין זאָל ניט גערירט ווערן פון דאָרט. שעקספּירס אָרט איז פונדעסטוועגן ניט פאַרמינערט געוואָרן אין „ווינקל פון פּאָעטן" אין דער „וועסטמינסטער עבעי". אין 1741 איז דאָרט, דורך עפנטלעכע בייטראַגן, אויפגעשטעלט געוואָרן אַ גרויסער מאָנומענט, וועלכער שטעלט פאָר דעם דיכטער אין אַ שטייענדיקער פּאָזע, אָנגעשפּאַרט איבער זיינע מאַנוסקריפּטן און ביכער. די אַרבעט פון דעם סקולפּטאָר פּעטער שימייקערס, לויט אַ צייכענונג פון וויליאַם קענט.

סטראַטפאָרד האָט נאָך אָנגעהויבן צו וועקן מער אינטערעס צו זיך, ווען מען האָט אָנגעהויבן זיך צו פאַרנעמען מיטן אויספאָרשן און פעסט־שטעלן די פאַקטן פון שעקספּירס יוגנט־לעבן אין זיין געבוירן־שטאָט, כדי צונויפצושטעלן מאַטעריאַלן פאַר זיין ביאָגראַפיע. אין 1662 האָט דזשאָן וואָרד, דער וויקאַר פון סטראַטפאָרד, אָנגעהויבן זאַמלען אינפאָר־מאַציע צווישן די אַלטע איינוואוינער, וואָס האָבן נאָך אַליין געדענקט זייער חשובן תושב, אָדער געהערט וועגן אים. אין זיין טאָגבוך פאַר־צייכנט אויך דער וויקאַר: „פאַרגעס ניט דורכצוקוקן שעקספּירס פּיעסן און זיין גוט באַהאַוונט אין זיי, כדי איך זאָל ניט זיין איגנאָראַנט אין דעם ענין". אין 1693 האָט דער שוין־דערמאָנטער דזשאָן דאָודאַל אויף זיין וויזיט קיין סטראַטפאָרד פאַרשריבן אַ סך פאַסירונגען, וואָס עס האָט אים דערציילט דער 80־יעריקער סעקסטאָן פון דער אָרטיקער קירכע. אָבער אויף אַן ערנסטן אופן צונויפצוקלייבן מאַטעריאַלן וועגן שעקס־פּירס לעבן האָט אָנגעהויבן דער אַקטיאָר פון דער רעסטאַווראַציע־צייט טאָמאַס בעטערטאָן, וועלכער איז ספּעציעל צוליב דעם געפאָרן קיין סטראַטפאָרד. בעטערטאָן האָט זיך אויך באַנוצט מיט דער קאָלעקציע ידיעות, וואָס אים האָט געהאַט איבערגעגעבן סער וויליאַם דעוואַנאַנט. פון די מאַטעריאַלן איז עס צוזאַמענגעשטעלט געוואָרן די ערשטע שעקס־פּיר־ביאָגראַפיע, וואָס ניקאָלאַס ראָו האָט אין 1709 פאַרעפנטלעכט צו־זאַמען מיט אַ נייער אויסגאַבע פון דעם פּאָעטס ווערק. ראָו איז געווען דער פּאָעט־לאָורעאַט פון זיין צייט, און האָט זיך אויך אָפּגעגעבן מיט טעאַטער. ער האָט דער ערשטער איינגעטיילט אין אַקטן און סצענעס אַ סך שעקספּיר־פּיעסן, וואָס האָבן עס ניט געהאַט אין דער ערשטער „פאָליאָ"־אויסגאַבע, און אויסגעשטעלט די צעטלען פון די דראַמאַטישע פּערזאָנען אין זיי. ער האָט אין זיין אויסגאַבע אויך אויסגעבעסערט די טעקסטן לויטן פאַרגלייך צווישן די פאַרשיידענע „קוואַרטאָס" און „פאָ־

ליאַס". אויך דער אַקטיאָר וויליאַם ביסטאָן, וועמענס פֿאָטער קריסטאָ־פֿער איז געווען אַ מיטגליד פֿון דער „לאָרד טשעמבערליין־מענער"־טרו־פּע, האָט איבערגעגעבן אַ סך זכרונות וועגן שעקספּירן צו דזשאָן אָוב־רעין, דעם אָקספֿאָרדער זאַמלער און ביאָגראַפֿער.

נאָך בעטערטאָנען האָט דייוויד געריק איבערגענומען די טראַדיציע פֿון פֿאַרהערלעכן סטראַטפֿאָרד אַלס נאַציאָנאַלן קולט. אין מאַי 1769 האָט די סטראַטפֿאָרדער קאָרפּאָראַציע אים אָנגעטאָן דעם כבוד און אים געמאַכט פֿאַרן ערשטן פֿרייען בירגער פֿון דער שטאָט ביי דער געלעגנ־הייט ווען ער האָט באַדאַרפֿט עפֿענען דאָס ניי־אויסגעבויטע ראָטהויז. פֿאַר דעם כבוד האָט געריק אָפּגעצאָלט מיט דעם, וואָס ער האָט אויף דער פֿאַסאַדע פֿונעם ראָטהויז געלאָזט אַוועקשטעלן שעקספּירס ביוסט. גע־ריק האָט זיך מיטן גאַנצן האַרצן אַריינגעוואָרפֿן אין דער אַרבעט צוצו־גרייטן דעם זעלבן יאָר די סטראַטפֿאָרדער פֿייערונגען, וואָס האָבן באַ־דאַרפֿט פֿאָרקומען פֿון 6טן ביזן 9טן סעפּטעמבער. צוליב אומפֿאַרשטענד־לעכע טעמים האָט מען זיי גערופֿן „שעקספּירס יובליי־פֿייערונגען". ס'איז געווען צוגעגרייט אַ גרויסע פּראָצעסיע, אין וועלכער אַלע שעקס־פּירס כאַראַקטערס האָבן באַדאַרפֿט מאַרשירן איבער די סטראַטפֿאָרדער גאַסן. אָבער צוליב דעם שלעכטן וועטער האָט די פּראָצעסיע געמוזט גע־האַלטן ווערן ערשט אין אַ יאָר אַרום אַזש אין לאָנדאָן. אין סטראַט־פֿאָרד זיינען בלויז געגעבן געוואָרן קאָנצערטן און פֿאַרווײַלונגען, וואו ס'זיינען פֿאָרגעטראָגן געוואָרן פֿאַרשיידענע ליבע־לידער לכבוד שעקס־פּירן.

אָבער געריקס אויפֿטו איז ניט געבליבן אָן ווידערקלאַנג. די סטראַט־פֿאָרדער פֿייערונגען האָבן זיך שפּעטער איבערגעחזרט אַ סך יאָרן. ס'זיי־נען פֿאָרגעקומען פֿאַרשיידענע געבוירן־טאָג־פֿעסטיוואַלן. דער דריי־הונדערט־יאָריקער יובליי־פֿעסטיוואַל, וואָס איז געפֿייערט געוואָרן פֿון דעם 23טן אַפּריל ביז דעם 4טן מאַי 1864 איז פֿאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ נאַציאָנאַלן יום־טוב. שפּעטער האָט זיך אָנגעהויבן אַ באַוועגונג, אַז סטראַטפֿאָרד זאָל ניט זיין בלויז אַ מוזעאום־אָרט, וואו ס'ווערן אָפּגע־היטן די שעקספּירישע רעליקוויעס, נאָר אַ צענטער וואו ס'זאָל אויפֿבאַ־האַלטן ווערן דער לעבעדיקער גייסט פֿון ענגלאַנדס גרעסטן דראַמאַטישן דיכטער. עס איז פּראָיעקטירט געוואָרן אַ טעאַטער, וואו שעקספּירס העלדן זאָלן קומען צום לעבן אויף דער לעבעדיקער בינע, און זיך קאָנען ווייזן אין זייער גאַנצער גראַנדיעזער פּראַכט פֿאַר אַ פּובליקום, וואָס זאָל זיך צוזאַמענקומען פֿון אַלע עקן וועלט. און אין 1879 איז מיט גרויס

פאַראַד און פייערלעכקייט געעפנט געוואָרן דאָס ערשטע „מעמאָריאַל־טעאַטער" צוזאַמען מיט דער בילדער־גאַלעריע און שעקספּיר־ביבליאָטעק. דאָס איז געווען דער אָנהייב פון די שטענדיקע יערלעכע פעסטיוואַלן, וואָס ציען זיך פון דעם 23טן אַפּריל, דעם טאָג פון שעקספּירס געבוירן, אין משך פון גאַנצן זומער, ווען עס ווערן יעדע נאַכט דורך די פיינסטע אַקטיאָרן פון ענגלאַנד געגעבן אויפפירונגען פון אַלע זיינע פּיעסן.

די פעסטיוואַלן הייבן זיך שטענדיק אָן מיט דער צערעמאָניע, ווען איבער דער הויפּט־גאַס ווערן פאַנאַנדערגעוויקלט ריזיקע נאַציאָנאַלע פענער פון אַלע לענדער אין דער וועלט — אַ סימבאָל פון שעקספּירס געהערן צו דער גאַנצער מענטשהייט. די אָנגעקומענע שעקספּיר־פאַרערער לאָזן זיך דעמאָלט אַוועק אין אַ פייערלעכער פּראָצעסיע צום „געבוירן־אָרט" און פון דאָרט צו דער „הייליקער דריי־אייניקייט־קירכע", וואו עס ווערן געלייגט בלומען־קראַנצן אויפן פּאָעטס קבר. אין משך פון פעסטיוואַל־סעזאָן ווערן אויך ביים טעאַטער איינגעאָרדנט טעגלעכע קורסן און לעקציעס וועגן שעקספּירס שאַפן, וועגן די מעטאָדן פון אויפפירן זייַנע פּיעסן א.אז.וו. אין 1888 איז צו די מאַניפעסטירונגען, וואָס באַצוועקן צו ערן שעקספּירס אָנדענק אין זיין היים־שטאָט, צוגעקומען נאָך איינע. אויף דעם מעמאָריאַל גאָרטן־פּלאַץ איז דורך לאָרד גאָוער אויפגעשטעלט געוואָרן דער גרויסער מאָנומענט, וואָס טראָגט זיין נאָמען. ער שטעלט פאָר דעם פּאָעט זיצנדיק אויף אַ הויכן פּיעדעסטאַל, אַרומגערינגלט מיט די באַליבטסטע כאַראַקטערס פון זיינע ווערק: ליידי מאַקבעט, האַמלעט, פּרינץ האַל און סער דזשאָן פאַלסטאַף.

דער אָריגינעלער „מעמאָריאַל־טעאַטער" עקזיסטירט איצט ניט מער. אין 1926 איז ער צעשטערט געוואָרן דורך אַ פייער. די איצטיקע אימפּאָזאַנטע געביידע איז אויסגעבויט געוואָרן פון ביישטייערונגען, וואָס זיינען אַריינגעקומען פון דער גאַנצער וועלט. דאָס ביַיע „מעמאָריאַל־טעאַטער" איז געעפנט געוואָרן צו די שעקספּיר־פייערונגען פון 1932. עס איז איינס פון די פיינסטע שפּיל־הייזער, וואָס מען קאָן זיך נאָר פאָרשטעלן, און שאַפט אַ זייער ווירדיקן, קינסטלערישן אויסקוק צווישן די געדיכטע ביימער ביים ברעג פון עוואָן־טייך אין הויפּט־טייל פון סטראַטפאָרד. און נאָך שענער און אינטערעסאַנטער זעט עס אויס איצט אין דער צוגעפאַלענער נאַכט, אויסטיילנדיק זיך מיט די באַלויכטענע פענצטער און פאַסאַדן אין דער אַרומיקער זומערדיקער טונקלקייט.

צום ערשטן מאָל זייט דעם פאַרברענגען אין סטראַטפאָרד פילסטו אַ פאַרדריסלעכע אַנטוישונג. אַן אַנטוישונג, וואָס וואַקסט ביי יעדער איינער פון דער ריי שעקספּיר־אויפפירונגען, וואָס דיר קומט אויס דאָ צו זען. די מעמאָריאַל־געביידע מעג טאַקע זיין שטאַרק מאָדערן. די גרויסע פאָיעס, אַנטראַקט־זאַלן, און די טיף־ווייכע זיץ־פלעצער אויסער־געוויינלעך באַקוועם. אָבער די שטימונג און דער גאַנצער געמיט, וואָס עס הערשט אין טעאַטער, סיי אויף דער בינע און סיי צווישן פּובליקום — צו דיסטינגירט און קאַלט. עפּעס וואָס איז אַזוי ווייט פון דעם עכט־שעקספּירישן גייסט . . . עפּעס ווי די גאַנצע פייערלעכע ערנסטקייט, מיט וועלכע מען האָט זיך אַרומגעטראָגן דעם גאַנצן טאָג, בשעת מען האָט באַזוכט די פאַרשיידענע אָנדענק־פלעצער פון דעם טראַגישן דיכ־טער, וואָלט איצט מיטגעקומען אין טעאַטער אַריין. מענטשן זיצן דאָ מיט אַזעלכע ערנסט־פאַרפרוירענע פּנימער, וואָס קאָן ניט אַנדערש ווי זיין אַ סימן פון קאַלטע, פאַרשלאָסענע הערצער. גלייך ווי מען וואָלט געפילט, אַז מען גרייט זיך צו זען אַ פאָרשטעלונג, וואָס וועט זיין זייער דיסטינגירט, זייער אַרטיק.

און דער אמת איז טאַקע, אַז די געזעענע פאָרשטעלונגען אין „מע־מאָריאַל־טעאַטער" זיינען אַזוי ערנסט־שטייף, אַזוי אָנגעצויגן אַרטיק, אַז יעדער טראָפּן שעקספּירישע בלוט איז פון זיי אויסגעצאַפּט געוואָרן. ס'הייבט אָן ווערן פיינלעך צו גלויבן, אַז די פאָרשטעלונגען ווערן געגעבן אין דעם דיכטערס היים־שטאָט, וואו אויף טריט און שריט הערשט נאָך און לעבט זיין גייסט. איז דאָס אַ מעמאָריאַל פאַר דעם ריזיקן טעאַ־טער־פּאָעט, מיט דעם פייערדיקן טעמפּעראַמענט און שווינדלענדיקער פאַנטאַזיע? אידען פעינס אויפפירונגען — דעם רעזשיסאָר און אָנפי־רער פון די פעסטיוואַל־פאָרשטעלונגען פאַר די לעצטע עטלעכע יאָר — זיינען פלאַך, סטאַטיש און אָן שום סימן פון דערפינדערישקייט; אָן שום פאַרשטענדעניש פאַר דער לעבעדיקייט און דינאַמישקייט, וואָס האָט געהייסן שעקספּיריש טעאַטער. די זייער פיינע לאָנדאָנער אַקטיאָרן, פון וועלכע די טרופּע איז צוזאַמענגעשטעלט, טראָגן טאַקע זייער קלאָר פאָר פון דער בינע אַראָפּ שעקספּירס פּאָעטישע פּראָזע און זיינע גע־פליגלטע פערזן, אָבער זיי טוען דאָס אָן שוואונג און אָן דער פלאַמיקער

